# די געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאַטען

פון הלל ראָגאָף.

## די ערשטע זעקס פרעזידענטען
(פון 1783 ביז 1830)

ניו יאָרק, 1926.

# אינהאַלטס-פאַרצייכנונג.

קאַפּיטעל — זייט

| קאַפּיטעל | | זייט |
|---|---|---|

קאפיטעל 1.

# די „קריטישע יאָרען” נאָך דער רעוואָלוציע.

אין 1783 איז גוטגעהייסען געוואָרען דער פרידענס־אָפּמאַך מיט ענגלאנד, וועלכע האָט אנערקענט די אונאפּהענגיגקייט פון די דרייצען אמעריקאנער קאָלאָניעס. די דרייצען קאָלאָניעס זיינען איצט געוואָרען דרייצען זעלבסטשטענדיגע שטאטען. עס זיינען אָבער אריבער נאָך פינף יאָר, ביז 1788, איידער די באזונדערע שטאטען האָבען זיך פארבונדען אין איין נאציע, אונטער איין פעס־טער רעגירונג. אין די דאָזיגע פינף יאָר האָט דאָס לאנד געשטורמט מיט אינערליכע קאמפען, מיט בלוטיגע אויפשטאנדען. דאָס זיי־נען געווען די געבורטס־וויהען פון דער אמעריקאנער נאציע, פון די פאראייניגטע שטאטען. און אזוי שרעקליך זיינען די וויהען געווען, אזוי פארצווייפעלט האָט די לאגע אויסגעזען, אז היסטאָ־ריקער באצייכענען יענע פינף יאָר אלס די „קריטישע צייט” אין דער געשיכטע פון לאנד.

פאַר דער רעוואָלוציע האָבען די קאָלאָניעס כמעט ניט גע־האָט קיין פּאָליטישע פארבינדונג צווישען זיך. די עקאָנאָמישע און האנדעלס־באציהונגען צווישען זיי זיינען אויך געווען שוואכע. יעדע קאָלאָניע האָט געהאט אייגענע געזעצען, אירע אייגענע אינ־סטיטוציעס, אירע ספּעציעלע אינטערעסען, און אָפט זיינען די אינ־טערעסען פון איין קאָלאָניע געקומען אין צוזאמענשטויס מיט די אינטערעסען פון די אנדערע קאָלאָניעס. יעדער פארזוך צו פאר־אייניגען, צו פארבינדען זיי פאר בשותפות'ע צילען, האָט זיך גע־ענדיגט מיט א דורכפאל.

אָבער די רעוואָלוציע האָט זיי פאראייניגט. אין 1775 איז

צוזאמענגערופען געווארען א קאנגרעס, אויף וועלכען אלע קאלא־ניעס זיינען געווען פארטראטען. דעם קאנגרעס איז איבערגעגע־בען געווארען די ארבייט צו פירען די רעוואלוציע. אביסעל שפע־טער האט דער קאנגרעס באשטימט א קאמיטע אויסצוארבייטען סטאטוטען וועגען זיינע רעכט און זיינע אויפגאבען נים בלויז אין פארבינדונג מיט דער רעוואלוציע, נאר אלס א רעגירענדע קערפערשאפט אין אלגעמיין. די קאמיטע האט אריינגעבראכט איהר באריכט אין מערץ, 1777. עס האט אבער געדויערט פיר יאר איידער אלע שטאטען האבען די סטאטוטען גוטגעהייסען. די סטאטוטען האבען זיך גערופען די „ארטיקלס אוו קאנפעדעריי־שאן", און די רעגירונג וואס די „ארטיקלס" האבען פאקטיש גע־גרינדעט, האט געטראגען דעם נאמען „די קאנפעדעריישאן".

די רעגירונג איז באשטאנען טאקע פון דעם קאנגרעס. די מאכט וואס זי האט געקראגען איז געווען א באגרענעצטע. זי האט געהאט די אויפגאבע צו באשטימען פראגען וואס זיינען שייך צו קריג און פרידען, צו שליסען אפמאכען מיט פרעמדע לענדער, צו גרינדען און רעגולירען די פאסט; זי האט אויך געדארפט רעגולירען דעם געלט־וועזען פון לאנד, און האט געהאט א דעה איבער נאך אייניגע אלגעמיינע ענינים.

די געזעצען וואס דער קאנגרעס האט אנגענומען האט ער אויף די שטאטען ניט געקאנט ארויפצווינגען. יעדער שטאט האט געהאט די ברירה צו פאלגען אדער ניט. אויב א בירגער האט איבערגעטראטען די פעדעראלע געזעצען, האט דער קאנגרעס ניט געהאט די מעגליכקייט אים צו משפט'ן און באשטראפען, ווייל די רעגירונג וואס דער קאנגרעס האט מיט זיך פארגעשטעלט איז געווען א רעגירונג אן א געריכט און אן א פאליציי.

די „קאנפעדעריישאן" רעגירונג איז געווען א קאפ אן הענט. זי האט געקענט ריידען, אבער ניט טאן. די צוויי הענט וואס יעדע רעגירונג מוז האבען כדי צו קענען ווירקען זיינען: פון איין זייט די עקזעקוטיווע, פון דער אנדערער זייט — די געריכט־ליכע האנט. אבערביידע האבען געפעלט דער „קאנפעדעריישאן"־רעגירונג.

דער קאָנגרעס איז באשטאנען פון פאָרשטייער פון די דרייצען שטאַטען. די פאָרשטייער זיינען ערוויילט געוואָרען ניט דורכ'ן פאָלק, נאָר דורך די געזעצגעבערישע קערפערשאַפטען, אָדער די „לעדזשיסלייטשורס" פון די שטאַטען, אויף אַ טערמין פון איין יאָר. יעדער שטאַט האָט געהאַט דאָס רעכט צו שיקען פון צוויי ביז זיבען פארטרעטער אין קאָנגרעס. די צאָל האָט ניט אויסגע־מאכט, ווייל סיי־ווי־סיי האָט יעדער שטאַט געהאַט איין שטימע. אין וויכטיגע פראַגען, ווי, צום ביישפיל, ערקלערען קריג, באָרגען געלט האָט זיך געפאָדערט אַ מאַיאָריטעט פון צוויי־דריטעל. כדי צו מאכען אַן ענדערונג אין די סטאַטוטען פון דער „קאָנפעד־דערייישאָן" האָט זיך געפאָדערט די איינשטימיגקייט פון אַלע דרייצען שטאַטען.

די „קאָנפעדערייישאָן" אָדער דער קאָנגרעס (זיי זיינען געווען איינס און דאָסזעלבע) האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו זאמלען שטייערען. שטייערען איז פאַר אַ רעגירונג אַזוי ווי לופט פאַר אַ לעבעדיגען ווען. וואָס קען אַ רעגירונג טאָן אָן געלט? פלעגט דער קאָנגרעס מוזען אָנקומען צו די שטאַט־רעגירונגען, זיי זאָלען אים באַזאָרגען מיט די נויטיגע פאָנדען. דער קאָנגרעס פלעגט באשטימען אַ בודזשעט פאַר זיינע פארשיידענע אונטער־נעמונגען, און דאַן בעטען ביי יעדען שטאַט אַ באשטימטען טייל פון דער סומע. די שטאַטען זיינען געווען פארפליכטעט די געלט צוצושטעלען. אָבער צווינגען זיי דאָס צו טאָן האָט דער קאָנגרעס ניט געקענט. די ברירה איז געווען אין גאנצען ביי די שטאַט־רעגירונגען אליין, און זיי האָבען געוויינליך אויסגעקליבען דעם גרינגערען וועג — צו געבען וואָס ווייניגער. זעלטען ווען האָט אַ שטאַט־רעגירונג באַצאָלט איר פולען חלק פון די שטייערען.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז דער פרעסטיזש פון דעם קאָנגרעס געזונקען פון יאָר צו יאָר, פון מאָנאַט צו מאָנאַט. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אָנגעזעענע מענשען האָבען זיך אָנטזאָגט צו דינען אַלס מיטגלידער אין דער קערפערשאַפט. אַ גרויסע צאָל פון די מיטגלידער פלעגט צו די קאָנגרעס־זיצונגען איבגאנצען ניט קומען. זייער אָפט האָט מען געמוזט אַ זיצונג

אפליינגען, ווייל עס האט געפעלט א „קווארום”. ביסלעכווייז האט מען אנגעהויבען באטראכטען דעם קאנגרעס אלס אן איבעריגע זאך, אן אנשיקעניש. אט איז א שילדערונג וואס דער היסטאריקער מעקמעסטער גיט פון דעם קאנגרעס, ווי ער האט אויסגעזעען אין דעם יאר 1784, נאכדעם ווי דער פרידען מיט ענגלאנד איז שוין געווען געשלאסען:

„יעדער שטאט באשיצט זיינע רעכט געגען דער צענטראלער רעגירונג (דעם קאנגרעס). יעדער שטאט האט פאר זיך באהאלטען דאס רעכט ארויסצוגעבען געלט, ארויפצולייגען שטייערען, צו ארגאניזירען אן ארמיי, צו באשטימען וועלכע סחורות מען זאל אין זיינע האפענס מעגען אריינפירען פריי, אן טאריף, און וועלכע זאלען זיין אונטערווארפען אן אפצאל. די באציהונג פון די שטאטען צום קאנגרעס איז אזוי ווי צו א פרעמדער מאכט. יעדע זאך וואס דער קאנגרעס טוט, ווערט פארזיכטיג אונטערזוכט פון די שטאטען. די שטאטען ציטערען טאמער וועט די מאכט אדער די רעכט פון קאנגרעס אויף א האר פארגרעסערט ווערען. די פארשטייער אין קאנגרעס באטראכטען זיך ווי אמבאסאדארען, געשיקט פון זייערע שטאט־רעגירונגען צו א פרעמדער רעגירונג. זיצענדיג אין קאנגרעס האבען זיי אין זינען בלויז די מיינונגען און דעם ווילען פון די „לעדזשיסלייטשורס” ביי זיך אין דער היים. פאר דעם קאנגרעסמאן זיינען די אומוויכטיגסטע אינטערעסען פון זיין אייגענעם שטאט פיל וויכטיגער ווי די סאמע העכסטע אינטערעסען פון דעם קאנגרעס, וועלכער איז א פאראייניגונג פון אלע שטאטען.”

ביי דער זיצונג פון קאנגרעס, וועלכע האט געדארפט גוט־הייסען דעם פרידענס־אפמאך מיט ענגלאנד, זיינען אנוועזענד געווען בלויז 23 מיטגלידער, וועלכע האבען פארטראטען 11 שטאטען. מען קען זאגען, אז נאך דער רעוואלוציע איז פאקטיש קיין פאראייניגטע רעגירונג איבער די דרייצען שטאטען נים געווען. עס האט עקזיסטירט א שאטען פון אזא רעגירונג. די דרייצען שטאטען זיינען געווען דרייצען באזונדערע רעגירונגען. יעדער שטאט האט געהאט אין זינען זיינע אייגענע אינטערעסען

און האָט געקוקט מיט חשד און מיט קנאה אויף זיינע ארומיגע שכנים. אָפט זיינען פאַרגעקומען ערנסטע קאָנפליקטען צווישען די שטאַטען, אייניגע זיינען אפילו געגאנגען ביז בלוט.

אָט דאָס איז געווען דער אויסערליכער אויסזען פון דער לאַגע. ווען מען האָט אָבער אריינגעקוקט טיפער, האָט מען אנט־דעקט אַן אַנדער צושטאַנד. מען האָט געפונען אַז אין אַלע דרייצען שטאַטען זיינען דאָ גלייכע קלאַסען, וואָס האָבען דיזעלבע אינטערעסען. די אינטערעסען פון די סוחרים זיינען געווען דיזעלבע אין די פאַרשיידענע שטאַטען, און די בשותפות'ע אינטערעסען האָבען זיי פאַרבונדען און זיי געשטויסען צום זעלבען ציל. דאָסזעלבע איז אויך געווען מיט'ן פאַרמער־קלאַס, מיט די ארבייטער־גרופּען, מיט די אַדוואָקאַטען. די געמיינשאפטליכע אינטערעסען פון די קלאַסען און די קאָנפליקטען צווישען די קלאַסען, האָבען געווירקט א סך מער צוזאמענצוציען די קאָלאָניעס איידער דער אויסערליכער געבוי, די טראַדיציעס און די גע־ירשנ'טע פאָראורטיילען אין די קאָלאָניעס האָבען געווירקט זיי אָפּצושטויסען איינע פון די אַנדערע. אָט די טיפערע אומשטענדען האָבען עס פאַראורזאכט די קריטישע יאָרען. זיי האָבען אויך געווירקט מיטצובערענגען דעם גרויסען רעזולטאַט פון אָט דעם קריזיס — די פאַרבינדונג פון די שטאַטען אין איין פעסטער נאַציאָנאַלער רעגירונג, אונטער דער קאָנסטיטוציע פון די פאַר־אייניגטע שטאַטען.

ווי איז געווען דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון לאַנד נאָך דער רעוואָלוציע?

די מלחמה האָט צושטערט דעם האַנדעל מיט אויסלאַנד. ענגלישע שיפען האָבען פאַרבלאָקירט דעם אמעריקאנישען ברעג און עס איז כמעט אוממעגליך געוואָרען אריינצופירען אָדער ארויסצופירען סחורה. געריכט האָט מען זיך אַז אַזוי שנעל ווי דער פרידען וועט געשלאָסען ווערען, וועט דער האַנדעל אויפלעבען נאָך מיט מער ענערגיע ווי פאַר דער רעוואָלוציע. אָבער אין דער דאָזיגער האָפנונג זיינען די היגע סוחרים ביטער אנטוישט

געוואָרען. די לאַגע איז ניט געוואָרען בעסער. אין געוויסע פּרטים איז זי נאָך געוואָרען ערגער.

מיט דעם אָנקומען פון פרידען האָט זיך א הויב געטאָן דער אימפּאָרט פון ענגלאַנד. אין די אכט מלחמה יאָרען האָט זיך די היגע באַפעלקערונג אויסגעהונגערט נאָך פאַבריצירטע סחורות. מען האָט דאָ געפּראוווט גרינדען פאַבריקען און אַנטוויקלען די אייזען־אינדוסטריע, גאַרבעריי און וועבעריי. ביז א געוויסען גראַד האָט זיך דאָס איינגעגעבען, אָבער אזוי שנעל ווי די אַמעריקאַנישע האַפענס האָבען זיך געעפענט, האָט ענגלאַנד גענומען שיקען אַהער שיפען מיט „אַל־דאָס־גוטס“. די היגע פאַבריקאַנטען האָבען זיך געגען דער ענגלישער קאָנקורענץ ניט געקענט שטעלען. אין ענגלאַנד איז אַלץ געמאַכט געוואָרען אי בעסער, אי ביליגער.

אַמעריקע איז פאַרפלייצט געוואָרען מיט ענגלישע סחורות. די פראַגע איז איצט געווען: מיט וואָס צאָלט מען פאַר זיי? א געזונטער עקאָנאָמישער צושטאַנד פאָדערט, אז פאַר אריינגע־פירטע סחורה זאָל באַצאָלט ווערען מיט ארויסגעפירטע סחורה; אז דער אימפּאָרט און דער עקספּאָרט זאָלען זיין מעהר אָדער וויינינער גלייך, זאָלען זיך באַלאַנסירען. אַמעריקע האָט אָבער איצטער געקענט זייער ווייניג סחורה שיקען קיין ענגלאַנד און אין אויסלאַנד אין אַלגעמיין. דער אימפּאָרט איז געווען אָן א שיעור גרעסער ווי דער עקספּאָרט.

וואָס פאַר א סחורות האָט אַמעריקע געהאַט צו פאַרקויפען אין אויסלאַנד? פיש, טאַבאַק, ווייץ, מעל און רייז. די פיש פלעגען די איינוואוינער פון ניו־ענגלאַנד פאַנגען ביי זייערע ברעגען און ביי די ברעגען פון קענעדע. די ענגלישע בלאָקאַדע האָט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע אוממעגליך געמאַכט אָנצוהאַלטען דעם פיש־פאַנג אין אַמעריקע. די אינדוסטריע איז אינגאַנצען רואינירט געוואָרען, און איצטער, נאָכ׳ן קריג, האָט זיך געפאָדערט צייט זי ווידער אויפצולעבען. ענליכעס האָט פּאַסירט מיט דער רייז־אינדוסטריע. די רייז־פעלדער האָבען זיך געפונען אין סאוט קאַראָליינאַ און אין דזשאָרדזשיאַ. דאָרטען

האָבען די אַרמייען אין די לעצטע דריי יאָר פון דער רעוואָלוציע אָנגעמאַכט אַן אמת'ן חורבן. דערצו האָבען די ענגלענדער דאָרטען קאָנפיסקירט עטליכע טויזענט נעגער־שקלאַפען, זיי צוגענומען און אוועקגעשיקט אין זייערע אייגענע קאָלאָניעס אין די וועסט אינדיעס. אָן די שקלאַפען איז פאַר די ווייסע געווען אוממעגליך צו באַארבייטען די פעלדער. די טאַבאַק, מעל און ווייץ־אינדוסטריען האָבען זיך געפונען אין אַ מער אָדער ווייניגער נאָרמאַלען צושטאַנד. אָט די סחורות וואָלטען די אַמעריקאַנער געקענט איצט עקספּאָרטירען, פונקט ווי פאַר דער רעוואָלוציע. האָט זיך אָבער אריינגעמישט אַ נייע שטערונג — די האַנדעלס־געזעצען פון די אייראָפּייאישע לענדער.

ענגלאַנד האָט איצטער פאַרבאָטען אַמעריקאַנישע שיפען צו פירען סחורה אין אירע קאָלאָניעס אין די וועסט־אינדיעס. בלויז ענגלישע שיפען האָבען געמעגט פירען אהין סחורה פון אַמעריקע. און אפילו די ענגלישע שיפען האָבען ניט געטאָרט פירען אַלץ. פלייש און פיש, צום ביישפּיל, האָבען די וועסט־אינדיעס געמוזט קויפען אין קענעדע, און ניט אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

די דאָזיגע באַגרענצונגען האָבען פאַרקריפּעלט דעם וועסט־אינדישען מאַרק, וועלכער איז דאַן געווען דער סאַמע וויכטיגסטער פאַר די היגע שטאַטען.

אויך שפּאַניען און פראַנקרייך (אַמעריקע'ס פאַרבינדעטע אין דער מלחמה) האָבען איצטער פאַרבאָטען די אַמעריקאַנער שיפען אריינצופירען סחורה אין זייערע וועסט־אינדישע קאָלאָניעס.

אַ דאַנק דער רעוואָלוציע איז אויך צושטערט געוואָרען דער אַמעריקאַנער האַנדעל מיט די לענדער אין זיד־אייראָפּע. דאָרטען איז געווען אַן אַנדער צרה. ביי די ברעגען פון צפון־אַפריקע האָבען געלויערט ים־רויבער, וועלכע פלעגען באַפאַלען האַנדעלס־שיפען און זיי באַרויבען. כל־זמן די היגע קאָלאָניעס האָבען געהערט צו ענגלאַנד, זיינען זייערע שיפען באַשיצט געוואָרען פון דער גרויסער מעכטיגער ענגלישער פלאָטע. איצטער אָבער האָבען די אַפריקאַנער פּיראַטען געוואוסט אַז ענגלאַנד וועט זיך פאַר די

אמעריקאנישע שיפען ניט אננעמען, און די אמעריקאנער האבען זיך אליין ניט געקענט באשיצען.

אין אנדערע ווערטער איז די לאגע געווען אזוי: אריינפירען סחורה פון דער פרעמד האבען די אמעריקאנער געקענט, נאר ארויסשיקען האבען זיי ניט געקענט. זיי האבען, אלזא, פאר די אימפארטירטע סחורה ניט געקענט צאלען מיט עקספארט. זיי האבען געמוזט צאלען מיט געלט, מיט גאלד. דער רעזולטאט איז געווען, אז אין א קורצער צייט איז פון דאנען ארויסגעשיקט געווארען דאס גאנצע גאלד און זילבער־געלט.

דער עקאנאמישער קריזיס האט געפירט צו א פינאנציעלען קריזיס. עס איז געווארען א שרעקליכער דוחק אויף געלט. די גאלדענע און זילבערנע מטבעה, — דאס געלט, הייסט עס, וואס האט געהאט אן אמת'ען, פעסטען ווערט, — איז ארויסגעשיקט געווארען פון לאנד צו באצאלען אויסלענדישע הענדלער פאר זייער סחורה. דאס פאפיר־געלט און רעגירונגס־וועקסלען וואס די נאציאנאלע רעגירונג און די באזונדערע שטאט־רעגירונגען האבען ארויסגעגעבען, זיינען געפאלען אין ווערט. עס זיינען געשאפען געווארען קלאסען אין לאנד, וואס האבען פון דעם דוחק אין געלט שרעקליך געליטען, און קלאסען וואס האבען פון דעם פיל געוואונען. צווישען די צוויי צדדים האט זיך אנטוויקעלט א שרעקליכער קאמף. די וואס האבען געליטען פון דער לאגע האבען געפאדערט אז די רעגירונגען זאלען דרוקען פאפיר־געלט. דער צווייטער צד האט די פאדערונג באקעמפט.

וועלכע גרופען אין דער געזעלשאפט האבען געליטען פון דעם מאנגעל אין געלט?

די ארימע קלאסען: די ארבייטער, די קליינע פארמער, די קליין הענדלער און די געוועזענע סאלדאטען. אין פארלויף פון דער מלחמה זיינען א סך קליינע פארמער רואינירט געווארען. זיי זיינען געצוואונגען געווען צו בארגען געלט און פאר'משכונ'ען זייערע פארמס. קליינע הענדלער האבען אויך אנגעקויפט סחורה אויף בארג. די סאלדאטען האבען באקומען אלס באלוינונג פאר זייער דינסט די רעגירונגס־פאפירען, וואס זיינען געפאלען אין

ווערט און וועלכע זיי האָבען, צוליב דער שווערער צייט, ניט געקענט האַלטען און געמוזט פאַרקויפען פאַר אַ קלייניקייט. רייכע ספעקולאַנטען האָבען די פאַפּירען ביי זיי אָפּגעקויפט. די אַלע גרופען זיינען געווען פאַרזונקען אין חובות און האָבען ניט געקענט צאָלען. דער קליינער פאַרמער איז געשטאַנען אין געפאַר צו פאַרלירען זיין שטיקעל ערד. די אַרבייטער, ביי וועמען די בעל־חובות האָבען גאָרניט געקענט נעמען, זיינען געשטאַנען אין געפאַר אריינגעשליידערט צו ווערען אין געפענגניש (לויט דעם געזעץ פון יענער צייט, איז די שטראָף פאַר ניט צאָלען חובות געווען תפיסה).

די רייכע האָבען געמאָנט די חובות און געפאָדערט דוקא גוט געלט — גאָלדענע מטבעות. און גאָלד־געלט איז געווען זייער טייער, און די אָרימע האָבען עס בשום אופן ניט געקענט קריגען. האָט זיך פאַרשפּרייט די מגפה פון שלעפען די אָרימע אין געריכט, און די ריכטער האָבען גע'פסק'ענט, אז די רייכע מעגען צונעמען די פאַרמס און די הייזער פאַר זייערע חובות. אויף אַזאַ אופן זיינען טויזענטער קליינע פאַרמער ארויסגעטריבען געוואָרען פון זייערע היימען. ביי די קליינע געשעפטס־לייט האָט מען אָפּגע־נומען זייערע קראָמען. די, וואָס האָבען גאָרניט געהאַט, האָט מען געפירט אין די טורמעס. אָט זיינען אייניגע ציטאַטען גענומען פון מעקמעסטער'ס געשיכטע וועגען דער דאָזיגער לאַגע:

„ווען דאָס געזעץ וועגען איינשפּאַרען פאַר ניט־צאָלען חובות וואָלט געווען פּינקטליך דורכגעפירט געוואָרען אין דעם שטאַט ניו־העמשיר, וואָלטען אין 1785 צוויי־דריטעל פון דער באַפעל־קערונג געווען געזעסען אין געפענגניש... אין יאָר 1786 איז געווען אַ גערעטעניש אויף די פעלדער. דאָך האָבען די פאַרמער זיך באַקלאָגט, און מיט רעכט, אז פון די ווייץ און קאָרן האָבען זיי אַזוי פיל נוצען ווי פון די שטיינער; די תבואה האָט געפוילט; די שייערען זיינען געווען פול, אָבער די קעשענעס זיינען געווען ליידיג. ווען די פאַרמער האָבען געדאַרפט שיך, האָבען זיי געמוזט זוכען אַ שוסטער, וואָס זאָל וועלען נעמען ווייץ פאַר שיך.

דער דוחק אין געלט איז געוואָרען אַלץ גרעסער. איבערהויפּט האָט זיך דער דוחק געפילט אין די דערפער."

באָרגען געלט איז אוממעגליך געווען. דאָס גאָלד איז געלעגען אין די הענט פון א קליינער גרופּע רייכע, וועלכע האָבען געפאָדערט ריזיגע פּראָצענטען. בלויז די, וואָס האָבען געקענט מאַכען גרויסע פּראָפיטען, האָבען געקענט קריגען הלואות.

די אָרימע האָבען אויך געליטען פון זייערע רעגירונגען. די שטייערען זיינען געווען אומגעהייער גרויסע. די מלחמה האָט איבערגעלאָזען א שווערען יאָך פון חובות, און די רעגירונגען פון די שטאַטען האָבען געפאָדערט ביי די איינוואוינער שטייערען צו צאָלען די מלחמה־חובות. און די שטייערען זיינען אזוי געלייגט געוואָרען, אז די אָרימע האָבען געמוזט צאָלען דעם גרעסטען חלק.

„אין שטעדטעל גרינוויטש, אין מאסאטשוזעטס, האָבען די פּארמער אויסגערעכענט, אז ווען זיי וואָלטען געצאָלט די אַלע שטייערען וואָס די רעגירונג האָט אויף זיי ארויפגעלייגט, וואָלט צווישען די יאָרען 1781 און 1786 פאַר זיי אליין זיך גאָרנישט אָפּגעשטעלט. זיי וואָלטען דער רעגירונג געמוזט אוועקגעבען דעם גאַנצען שניט פון זייערע פעלדער. א סך פּארמס אין מאסאַטשוזעטס זיינען פארקויפט געווארען פאַר א דריטעל פון זייער ווערט צו באַצאָלען די חובות און די שטייערען."*)

די אָרימע קלאַסען האָבען געפאָדערט, אז די שטאַט־רעגירונגען זאָלען דרוקען פּאַפּיר־געלט, עס פארשפּרייטען צווישען פאָלק און צווינגען די רייכע קרעדיטאָרען אָנצונעמען דאָס געלט פאַר זייערע חובות. די באַוועגונג פאַר פּאַפּיר־געלט האָט זיך פארשפּרייט איבער אַלע קאָלאָניעס. אין די צוויי יאָר 1785 און 1786 האָט עס געשטורעמט און געקאָכט מיט דער דאָזיגער באַוועגונג. אין 7 שטאַטען האָבען די רעגירונגען זיך געמוזט בויגען און נאָכגעבען דעם פאַרלאַנג נאָך פּאַפּיר־געלט. די שטאַט־רעגירונגען האָבען אויך אָנגענומען פארשידענע מיטלען צו ווירקען אויף די גרויסע סוחרים און די רייכע קרעדיטאָרען יוי

*) נעווינס, „די אַמעריקאַנער שטאַטען פון 1775—1789".

זאָלען דאָס פּאַפּיר־געלט נעמען. אין נאָרט קאַראָליינאַ, צום ביישפּיל, האָט די רעגירונג געקויפט טאַבאַק מיט'ן פּאַפּיר־געלט און געצאָלט צוויי מאָל טייערער ווי עס איז געווען דער פּרייז אין מעטאַל־געלט. אין רהאָוד איילענד איז אַרויסגעלייגט געוואָרען אַ שווערע שטראָף פאַר אָפּזאָגען זיך צו נעמען פּאַפּיר־געלט, און דער שולדיגער האָט אויך פאַרלאָרען זיין בירגער־רעכט. אין סאַוט קאַראָליינאַ האָבען די אָרימע פאַרמער אָרגאַניזירט אַ געהיימען קלוב מיט דעם נאָמען „אַנצוהערעניש קלוב” („הינט קלאָב”), וועלכער האָט אנגעווענדט טעראָר־מיטלען געגען יעדען איינעם, וואָס האָט ניט געוואָלט אנערקענען דאָס פּאַפּיר־געלט.

אָבער די אַלע מיטלען האָבען ווייניג־וואָס געהאָלפען. דאָס פּאַפּיר־געלט איז פריהער אָדער שפּעטער געזונקען אין ווערט. דער עולם האָט מורא געהאַט דאָס געלט צו נעמען, און אויב מען האָט אַ סוחר געצוואונגען צו נעמען פּאַפּיר־געלט, האָט ער געהעכערט דעם פּרייז פון זיין סחורה. דאָס פּאַפּיר־געלט האָט געבראַכט אַ שרעקליכען יקרות. די נויט איז געוואָרען נאָך גרעסער ווי פריהער.

אין די ניו־ענגלאַנד שטאַטען האָט די באַוועגונג פאַר פּאַפּיר־געלט, און די שווערע צייטען אין אַלגעמיין, געפירט צו ראַיאָטען און אויפשטאַנדען. אין מאַסאַטשוזעטס האָט אויסגעבראָכען אַן אמת'ער רעוואָלט, וואָס האָט אָנגעהאַלטען עטליכע מאָנאַטען. די נייעס וועגען דעם רעוואָלט האָט זיך פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד און אָנגעוואָרפען אַ שרעק אויף אַלע געלט־מענשען.

די ראַיאָטען זיינען פאָרגעקומען ארום די לעדזשיסלייטשורס און די געריכטען. פון די לעדזשיסלייטשורס האָבען די אָרימע מאַסען געפאָדערט פּאַפּיר־געלט; פון די געריכטען האָבען זיי געפאָדערט, אַז זיי זאָלען אויפהערען צו משפּט'ן די אָרימע פאַר ניט באַצאָלען חובות און „מאָרטגיידזשעס”. די געריכטען זיינען געווען געפּאַקט מיט קלאַגען געגען אָרימע פאַרמער, און יעדען טאָג פלעגען די ריכטער אַרויסגעבען „וואַרראַנטס” אוועקצונעמען די ערד און די הייזער פון די פאַרשולדיגטע. די מאַסען האָבען דערין געזען אַ פאַרשווערונג צווישען די ריכטער, די אַדוואָקאַטען

און די קרעדיטארען זיי צו רואינירען. זיי האבען געפאדערט, אז צו דער פארשווערונג זאל געמאכט ווערען א סוף, און דאס בעסטע מיטעל וואס זיי האבען פארגעלייגט דערויף איז געווען — ארויס־צעווארפען אלע קלאגען געגען די פארמער און איינגאנצען צו שליסען די געריכטען.

אין סעפטעמבער, 1786, האט א מחנה פון 400 מענשען מיט ביקסען און שווערדען אין די הענט אריינגעמארשירט אין דער שטעטעל עקסטער, ניו העמשיר, וואו די לעדזשיסלייטשור איז געזעסען. זיי האבען ארומגערינגעלט דעם לעדזשיסלייטשור־זאל און אריינגעשיקט א קאמיטע מיט א צעטעל פון פאדערונגען. די הויפט־פאדערונג איז געווען — פאפיר־געלט. די אונטערשטע קאמער פון דער לעדזשיסלייטשור איז געווען גרייט נאכצוגעבען, אבער דער סענאט האט זיך אנטזאגט. די מחנה האט דאן ערקלערט, אז קיינער פון די דעפוטאטען וועט ניט פארלאזען דעם זאל, איידער עס וועלען דורכגעפירט ווערען די געפאדערטע געזעצען. דער פרעזידענט פון דער אסעמבלי האט געפרואווט ארויסגיין, אבער די פאסטען פון דער מחנה האבען אים אפגע־שעלט ביי דער טיר. ער האט געפרואווט האלטען א רעדע פאר'ן עולם, אבער די מאסע האט אים אונטערבראכען מיט געשרייען: „פאפיר־געלט!" „גלייכע צוטיילונג פון אייגענטום!" „אויסמעקען אלע חובות!" „באפרייען פון די צינזען!"

דורך דער נאכט איז אבער געלונגען דער רעגירונג צו ברענגען מיליץ־סאלדאטען, וועלכע האבען צוטריבען די מחנה און ארעס־טירט די אנפירער.

דער צארן פון עולם איז געווען געריכט הויפטזעכליך געגען די רייכע סוחרים און די אדוואקאטען. די סוחרים זיינען פאר־האסט געווארען דערפאר, וואס זיי האבען געקויפט סחורה אין אויסלאנד און ארויסגעשיקט פון לאנד דאס מעטאל־געלט; די אדוואקאטען זיינען פארהאסט געווארען, ווייל זיי האבען געפירט די פראצעסען געגען די ארימע בעל־חובות. אין די מלחמה־יארען זיינען די געריכטס־הייזער כמעט איינגאנצען געשלאסען געווארען. עס האבען זיך דערפאר אנגעזאמעלט א ריזיגע צאל פראצעסען.

דערצו האָט די שלעכטע צייט פון נאָך דער מלחמה אוממעגליך געמאכט פאַר טויזענטער פאַרמער צו באַצאָלען זייערע „מאָרט־ גיידזשעס". ווען די געריכטען האָבען זיך איצט ווידער געעפענט, האָבען זיך אַ שאָט געטאָן קלאָגען אַזוי ווי אַ האָגעל. די אדוואָ־ קאַטען האָבען זיך ניט געקענט ספּראַווען, און זיי האָבען געריסען הויכע פּרייזען פאַר זייערע דינסטען. זיי האָבען געפאָדערט גרויסע באַלוינונגען פאַר פאַרטיידיגען די אָרימע. יעדער אַדוואָ־ קאַט האָט געמאַכט גאָלד, אין דער צייט ווען די גרויסע מאַסען זיינען געווען אין נויט. דערפאַר זיינען זיי פאַרהאַסט געוואָרען. מען האָט זיי גערופען „באַנדיטען", „קעשענע גנבים", „בלוט־ זייגער". מאַנכע צייטונגען אין מאַסאַטשוזעטס האָבען אפילו געפאָדערט, אַז אַדוואָקאַטען זאָלען אינגאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען.

צוזאַמען מיט זיי זיינען אויך פאַרדאַמט געוואָרען די ריכטער. דער עולם האָט געשריען, אַז די ריכטער קריגען אַ צו־הויכען געהאַלט, און אַז זיי שטייען שטענדיג אויף דער זייט פון די רייכע געגען די אָרימע.

די אומרוהען אין מאַסאַטשוזעטס האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין סעפּטעמבער, 1786. מיט אַ פּאָר מאָנאַטען פריער האָט זיך די לעדזשיסלייטשור אַנטזאָגט דורכצופירען די פאָדערונג וועגען פּאַפּיר־געלט און וועגען באַגרענצען די רעכט פון לאָיערס. האָבען זיך די מאַסען באַנוצט מיט דעם אַלטען כלי־זין וואָס איז געברויכט געוואָרען פריער צו אָרגאַניזירען דעם ווידערשטאַנד געגען ענגלאַנד: זיי האָבען פאַררופען אַ צוזאַמענפאָר פון אַלע שטעט־ לאַך. די „קאָנווענשאָן" איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אויגוסט. זי האָט באַשלאָסען אַז דער סענאַט זאָל אין גאַנצען אָפּגעשאַפט ווערען; אַז געוויסע געריכטען זאָלען זיך צושליסען; אַז דאָס געהאַלט פון די ריכטער זאָל פאַרקלענערט ווערען; אַז די רעכט פון די אַדוואָקאַטען זאָל באַגרענצט ווערען; אַז די שטייערען זאָלען אַזוי איינגעטיילט ווערען, אַז די אָרימע זאָלען ניט דאַרפען טראָגען אַזא שווערען יאָך; און אַז די רעגירונג זאָל דרוקען פּאַפּיר־געלט.

די קאנוועגשאן איז געווען דער סיגנאל, און גלייך האבען אויסגעבראכען אומרוען. אין דער לעצטער וואך פון אויגוסט האט א באוואפענטע מחנה פון 1,500 מאן פארכאפט די געריכטס־געביידע אין נארטהעמפטאן און ניט אריינגעלאזען די ריכטער. דאס געריכט האט זיך געמוזט שליסען. דעם 5טען סעפטעמבער האט ענליכעס פאסירט אין וואוסטער. א באוואפענטער עולם האט באלאגערט דעם געריכטס־זאל, און ווען דער ריכטער איז געקומען, האט מען אים ניט אריינגעלאזט. דער ריכטער האט געשריען, געזידעלט, געסטראשעט, אבער ענדליך האט ער געמוזט אליין אונטערשרייבען א פאפיר, אז דאס געריכט איז געשלאסען. ענליכע סצענען האבען זיך אפגעשפילט אין אנדערע שטעטלאך אין דעם שטאט.

אין מיטען סעפטעמבער האט זיך אין ספרינגפילד, מאסא־טשוזעטס, געדארפט עפענען דער סופרים־קאורט, דאס העכסטע געריכט פון שטאט. די בונטאווטשיקעס האבען באשלאסען ניט צו דערלאזען, אז אפילו דער סופרים קאורט זאל האבען סעסיעס. די רעגירונג ווידער האט באשלאסען אז אין דעם פאל טארען די בונטאווטשיקעס ניט אויספירען. דער גאווערנאר האט געשיקט 600 מיליץ־סאלדאטען, זיי זאלען באזעצען דעם געריכט־זאל איידער די בונטאווטשיקעס קומען אן. די בונטאווטשיקעס האבען אויך צונויפגעשטעלט אן ארמיי פון א 600 מאן. געפירט האט זי דעניעל שעיס, וועלכער איז געווען אן אפיצער אין דער רעוואלוציאנערער ארמיי. ווען שעיס איז אנגעקומען מיט זיינע מענשען, האט ער אין געריכט־זאל געטראפען די מיליץ. ער האט זיך צוריקגעצויגען, אבער דאס געריכט האט מען ניט געוואגט צו עפענען. אין צוויי טעג ארום האבען די ריכטער אליין דעם זאל צוגעשלאסען.

דער גאווערנאר האט איצט באשלאסען צו ארגאניזירען א גרויסע מיליץ־ארמיי, אויסראטען די בונטאווטשיקעס און מאכען ארדנונג אין שטאט. צו קריגען מענשען פאר דער מיליץ איז ניט שווער געווען. עס האט זיך נאר געפאדערט געלט, און קיין געלט האט די רעגירונג ניט געהאט. האט זיך דער גאווערנאר

געווענדעט צו די רייכע סוחרים פון באָסטאָן, און זיי האָבען איהם צוגעשטעלט די נויטיגע סומע. אין יאַנואר, 1787, האָט דער גאָווערנאָר שוין געהאט אן ארמיי פון 4,500 גוט־באוואפענטע סאָלדאטען.

דער ווינטער איז געווען זייער א קאַלטער. די בונטאָוור־שטשיקעס אונטער דער קאָמאַנדע פון דעניעל שעיס, זיינען געווען שרעקליך אָרים, זיינען געגאנגען אין צוריסענע קליידער, און האָבען ניט געהאט קיין פּראָוויאַנט. שעיס'עס ארמיי איז אויך געווען א סך קלענער, ווי דעם גאָווערנאָר'ס ארמיי, איננאַנצען ארום 2,000 מאַן. דערפאר איז קיין וואונדער ניט, וואָס עס איז דער רעגירונגס־ארמיי ניט אָנגעקומען שווער שעיס'ן צו שלאָגען. עס זיינען פארגעקומען איינציגע צוזאמענשטויסען. שעיס'עס ארמיי איז צוקלאפּט געווארען. אין דער לעצטער שלאַכט, וועלכע איז פאָרגעקומען אין א שרעקליך־קאַלטען טאָג אין פעברואר, איז שעיס, צוזאמען מיט 150 פון זיינע נאָכפאָלגער, ארייננעפאלען אין די הענט פון פיינט. די איבעריגע פון דער ארמיי זיינען זיך צולאָפען און זיינען אריבער די גרענעצען — טייל אין ווער־מאָנט, טייל אין רהאָוד איילענד. די געפאנגענע זיינען גע'משפט געווארען אלס בונטאָווש־טשיקעס, און פערצען פון די פירער זיינען פאר'משפט געוואָרען צום טויט. דער גאָווערנאָר האָט אָבער געוואוסט, אז די סימפּאַטיע פון די מאַסען איז אויף דער זייט פון די פאראורטיילטע, און ער האָט די הינריכטונגען אפּגעלייגט אויף נאָך די וואַלען. ביי די וואַלען איז דער גאָווערנאָר דורכגע־פאַלען, און אויף זיין אָרט איז ערוויילט געווארען דזשאָן הענקאָק, וועלכער האָט ארויסגעוויזען סימפּאַטיע צו די רעבעלען און האָט זיי אַלעמען באגנאַדיגט.

דער דאָזיגער אויפשטאַנד ווערט אין דער אַמעריקאַנישער געשיכטע באַצייכענט מיט'ן נאָמען „שעיס' רעבעליאָן" (שעיס'עס בונט).

## קאפיטעל 2.

# יעדער שטאַט טוט וואָס ער וויל

דעם פרידען מיט ענגלאנד האָט געשלאָסען דער קאָנגרעס, וועלכער איז דאַן געווען די רעגירונג פון די פאראייניגטע שטאַטען, אָבער די איינצעלנע שטאַטען האָבען זיך פונקט אזוי ווייניג גערעכענט מיט'ן ווילען פון קאָנגרעס אין אויסלענדישע אָנגעלעגענהייטען ווי אין אינלענדישע. אין דעם פרידענס־אָפּמאַך זיינען געווען צוויי פונקטען, אויף וועלכע ענגלאנד איז באַשטאַנען. איין פונקט איז געווען, אז די אַמעריקאַנער סוחרים זאָלען באַצאָלען די ענגלישע סוחרים די חובות וואָס זיי זיינען זיי שולדיג געווען פאר דער מלחמה; דער צווייטער פונקט האָט געלויטעט, אז די אמעריקאנער זאָלען צורו לאָזען די „לאָיאַליסטען", ד. ה. די אַמעריקאנער, וואָס האָבען סימפּאַטיזירט מיט ענגלאנד און איר געהאָלפען אין צייט פון דער רעוואָלוציע. מען האָט זיי ניט געטאָרט ארויסטרייבען פון לאנד און ניט קאָנפיסקירען זייער אייגענטום; יענע לאָיאַליסטען, וואָס זיינען אין די מלחמה־יאָרען אַנטלאָפען, אָדער זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון אמעריקע, זאָלען מעגען צוריקקומען און זיך באַזעצען אין זייערע אַלטע היימען.

גלייך ווי די צוויי פונקטען זיינען באַקאַנט געוואָרען אין די שטאַטען, האָבען זיך אויפגעהויבען פּראָטעסטען. אמת, אין פרידענס־אָפּמאַך איז ניט געשטאַנען, אז דער קאָנגרעס מוז די פונקטען דורכפירען. עס איז אבער געשטאַנען ,אז דער קאָנגרעס איז זיך מתחיב צו רעקאָמענדירען צו די באַזונדערע שטאַט־רעגירונגען, אז זיי זאָלען די פונקטען פאָלגען. און דער קאָנגרעס

האָט אַזעלכע רעקאָמענדאַציעס ווירקליך געמאַכט. אָבער סיי די מאַסען, סיי די שטאַט־רעגירונגען האָבען צוריקגעוויזען די רעקאָמענדאַציעס.

די אַלטע חובות האָט קיינער ניט געצאָלט. די לאָיאַליסטען זיינען אַטאַקירט געוואָרען מיט שרעקליכע זידעל־ווערטער אין די צייטונגען. זיי זיינען באַליידיגט געוואָרען אין די גאַסען און אין געזעלשאַפט. יעדער, אויף וועמען עס איז געווען אַ חשד, אַז ער האָט, אין די מלחמה־יאָרען, געהאָלפען ענגלאַנד, אָדער סימפּאַ־טיזירט מיט איר, איז אַריינגעלייגט געוואָרען אין חרם. טויזענטער האָבען ניט געקענט אויסהאַלטען און זיינען אַוועקגעפאָרען, טייל קיין קענעדע, טייל קיין ענגלאַנד, און טייל אויף די וועסט־אינדישע אינזלען.

אַם ברוטאַלסטען זיינען די לאָיאַליסטען באַהאַנדעלט געוואָרען אין דער סאַוט, ווייל דאָרטען האָבען זיי אין די לעצטע יאָרען פון דער רעוואָלוציע געהאָלפען דעם ענגלישען „קאַמפּיין פון שרעקליכקייט". זיי האָבען געהאָלפען רויבען, ברענען און מאָרדען די קאָלאָניסטען. איצטער האָבען זיך די קאָלאָניסטען מיט זיי אָפּגערעכענט. אין סאַוט קאַראָליינאַ זיינען 12 לאָיאַליסטען אויפגעהאַנגען געוואָרען, דערפאַר וואָס זיי האָבען ניט געפאָלגט דעם באַפעל פון די איינוואוינער צו פאַרלאָזען דעם שטאַט אין פאַרלויף פון דריי וואָכען צייט.

מיט די לאָיאַליסטען האָבען סימפּאַטיזירט די אַריסטאָקראַטען און די רייכע. זיי האָבען אַגיטירט, אַז מען זאָל די לאָיאַליסטען מוחל זיין זייערע אַמאָליגע זינד און זיי אַנערקענען פאַר אַמעריקאַ־נער בירגער (די מערסטע לאָיאַליסטען האָבען געהערט צום זעלבען קלאַס פון רייכע און אַריסטאָקראַטען). דער שאַרפסטער פאַל האָט פּאַסירט אין ניו יאָרק. דאָרטען איז דורכגעפירט געוואָרען אַ געזעץ, אַז אויב אַ לאָיאַליסט האָט אין די מלחמה־יאָרען פאַרנומען דאָס הויז פון אַ רעוואָלוציאָנער, אָדער זיך באַנוצט מיט אייגענטום פון אַ רעוואָלוציאָנער, קען דער רעוואָלוציאָנער ביי אים איצט אויפמאָנען שאָדענערזאַץ, און אַז דער לאָיאַליסט קען זיך ניט פאַרטיידיגען דערמיט, וואָס ער וועט זאָגען, אַז ער האָט געהאַנ־

דעלט לויט'ן באַפעל פון די ענגלישע מיליטער באַאמטע און האָט זיך ניט געקאָנט העלפען. אויפ'ן גרונד פון דעם געזעץ האָט אַן אָרימע אלמנה אָנגעקלאָגט אַ רייכען לאָיאַליסטישען סוחר. ווען די ענגלישע אַרמיי איז אריין אין ניו יאָרק, אין 1777, איז די אַלמנה אַנטלאָפען און דער רייכער סוחר האָט פארנומען איר אייגענטום. ער האָט עס געטאָן אויפ'ן באַפעל פון ענגלישען קאָמענדאַנט.

דער רייכער סוחר האָט געדונגען אַלס אַדוואָקאַט דעם באַרימטען אַלעקסאַנדער האַמילטאָן, אַ רעוואָלוציאָנער פון דעם אַריסטאָקראַטיש־קאָנסערוואַטיווען פליגעל. האַמילטאָן האָט אָנגענומען דעם פּראָצעס טיילווייז טאַקע צוליב דאָס געלט, וואָס דער אָנגעקלאָגטער האָט אים אָנגעבאָטען, און טיילווייז צוליב זיין אייגענער סימפּאַטיע צו די פאַרפאָלגטע לאָיאַליסטען. האַמילטאָנ'ס האַנדלונג האָט אַרויסגערופען געגען אים די ביטערסטע געפילען פון די מאַסען. אָבער אים האָט עס ניט געקימערט; ער האָט זיין קליענט פאַרטיידיגט און האָט געוואונען דעם פּראָצעס.

---

די שטאַטען האָבען געקוקט איינע אויף די אַנדערע מיט קנאה און חשד. זיי האָבען זיך געקריגט צווישען זיך איבער פראַגען פון שטייערען, גרענעצען און טעריטאָריע. ניו יאָרק און ניו־העמשיר האָבען זיך געריסען איבער ווערמאָנט. יעדע פון זיי האָט גע'טענה'ט, אַז די טעריטאָריע פון ווערמאָנט געהערט צו איר. (ווערמאָנט אַליין האָט גע'טענה'ט, אַז זי וויל ניט געהערען צו קיינעם און אַז זי וויל זיין אַ שטאַט פאַר זיך). קאָנעטיקאַט און ניו־דזשוירזי האָבען ביידע פּראָטעסטירט געגען ניו יאָרק דערפאַר, וואָס זי האָט אַרויפגעלייגט שטייערען אויף שיפען, וואָס האָבען געפירט סחורה אין איר האַפען. די צוויי שטאַטען, ניו־דזשוירזי און קאַנעטיקאַט, גרענעצען זיך מיט ניו יאָרק, און זיי האָבען אימפּאָרטירט סחורה דורך דעם ניו יאָרקער האַפען. האָבען זיי גע'טענה'ט, אַז אינדירעקט רייסט ניו יאָרק שטייערען פון זיי. די שטאַטען ווירדזשיניאַ, מערילענד און פּען־

סילווייניא האָבען זיך געקריגט איבער דעם פּאָטאמעק טייך, ווער פון זיי זאָל איבער דעם טייך האָבען די דעה.

צוליב די קריגעררייען צווישען זיך האָבען די שטאַטען גאָר־נישט געטאָן געגען ענגלאַנד דערפאַר, וואָס זי האָט ניט אריינגעלאָזען קיין אמעריקאנישע שיפען אין אירע האפענס, און האָט פארווערט דעם אמעריקאנישען האנדעל אין די וועסט־אינדיעס. איין שטאַט האָט געשטערט דעם צווייטען. אזוי, צום ביישפּיל, האָבען די דריי ניו־ענגלאַנד שטאַטען, מאסאטשוזעטס, ניו־האַמפּשיר און רהאָוד־איילענד, פארבאָטען ענגלישע שיפען ארויסצופיהרען אמעריקאנישע סחורה פון זייערע האפענס. האָט קאָנעטיקאַט געלאָזט וויסען די ענגלישע שיפען, אז אירע האפענס זיינען פריי פאר זיי. איינינגע שטאַטען האָבען ארויפגעלייגט א שטייער אויף אימפּארטירטע ענגלישע סחורה, האָבען די אנדערע שטאַטען זיך באנוצט מיט דער געלעגענהייט און אריינגעלאָזען די סחורה פריי, כדי צוצוציען צו זיך דעם האנדעל. דער קאָנגרעס האָט געבעטען ביי די שטאַטען דאָס רעכט ארויפצולייגען אַ שטייער פון 5 פּראָצענט אויף אריינגעפירטע סחורה. דאָס געלט וואָלט געבראכט דאָפּעלטע נוצען: ערשטענס, וואָלט דאָס געשלאָ־גען ענגלאַנד, און, צווייטענס, וואָלט דער קאָנגרעס געהאַט מיטלען פאר רעגירונגס־צוועקען. צוועלף שטאַטען האָבען זייער צושטימונג געגעבען, אבער דער איין שטאַט, רהאָוד־איילאַנד, האָט זיך איינגעשפּארט אויף ניין, און עס איז געבליבען ניין. צווינגען האָט מען זי ניט געקענט, און אָן איר איז אוממעגליך געווען דעם שטייער דורכצופירען, ווייל אַלע ענגלישע שיפען וואָלטען דאָך זייער סחורה אריינגעפירט דורך די פרייע האפענס פון רהאָוד־איילאַנד. שפּעטער איז א צווייטער ענליכער פּאַרזוך געמאכט געוואָרען. דעם מאָל האָט זיך ניו יאָרק איינגעשפּארט אויף ניט, און דער פּלאַן איז ווידער צו־נישט געוואָרען.

## קאַפּיטעל 3.

# די רייכע קלאַסען ווילען א שטאַרקע נאַציאָנאַלע רעגירונג

ווענען דער פראגע פון שטאַרקער מאַכען די נאַציאָנאַלע רעגירונג, געבען מער מאַכט און רעכט דעם קאָנגרעס, האָט מען גערעדט און געשריבען יאָרען נאָכאַנאַנד. נאָך אפילו איידער דער פרידען מיט ענגלאנד איז געשלאָסען געוואָרען האָט אזא וויכטיגער מענש ווי דזשאָרדזש וואשינגטאָן ארויסגעשטעלט די פאָדערונג, אז דער קאָנגרעס זאָל אויפהערען צו זיין א נאָמינעלע מאַכט און זאָל ווערען א פאַקטישע מאַכט; אז דער קאָנגרעס זאָל קריגען די מעגליכקייט צו צווינגען די שטאַטען אים צו פאָלגען. אז פרידען איז געשלאָסען געוואָרען איז די באַוועגונג פאַר א שטאַרקער נאַציאָנאַלער רעגירונג נאָך מער געוואַקסען, הויפּטזעכליך צווישען יענע קלאַסען, וואָס האָבען געהאָפט צו געווינען עקאָנאָמיש פון אַזאַ רעגירונגס־סיסטעם. עס זיינען וועגען דעם געשריבען געוואָרען פאַמפלעטען און אָפּהאַנדלונגען אין די צייטונגען. די אומרוען אין די ניו־ענגלאנד שטאַטען, דער קריזיס אין דער אינדוסטריע און אין דעם האנדעל צוליב ענגלאַנד'ס געזעצען און קאָנקורענץ — דאָס אַלץ האָט אין יאָר 1786 געבראַכט די פראַגע צו א קריטישען פונקט. די פאָרשטייער פון די פאַבריקאַנטען און האנדעלס־קלאַסען, די באַזיצער פון ווערט־פּאַפּירען און פון וועקסלען און מאָרטגיידזשעס, האָבען דערפילט, אז עפּעס מוז שנעל געטאָן ווערען, אויב ניט, שטייט זיי פאַר די סכנה מאַטעריעל רואינירט צו ווערען.

מען האָט גערעדט, אז עס זאָל גערופען ווערען א קאָנווענשאָן פון די דרייצען שטאַטען צו באַטראַכטען די פראגע וועגען

געבען דעם קאָנגרעס מער מאכט. מען האָט שוין פריער עטליכע מאָל געפּרואווט ווירקען אויף דעם קאָנגרעס, ער זאָל אזא קאָנ־ווענשאָן פאררופען. אָבער די פארזוכען האָבען זיך ניט איינגע־געבען. איצטער אָבער, אז די צייט איז געווען אזוי רייף דערפאר, איז ניט נויטיג געווען צו זוכען ספּעציעלע מיטלען ווי אַזוי די קאָנווענשאָן צו פאררופען. יעדער מיטעל איז געווען גענוג. גראָד האָט זיך דעמאָלט געמאכט, אַז די צוויי שטאַטען, ווירדזשיניא און מערילענד, האָבען געהאַט אַ קאָנפערענץ צווישען זיך וועגען זייער אַלטען סכסוך איבער דעם טייך פּאָטאָמעק. האָט מערילענד פאָרגעשלאָגען, אז עס זאָל פאררופען ווערען א צווייטע קאָנפע־רענץ, א גרעסערע, צו וועלכען די שכנ׳ישע שטאַטען — פּענסיל־ווייניא און דעלעווער — זאָלען אויך געלאַדען ווערען און אז די קאָנפערענץ זאָל פארהאנדלען אויך אלגעמיינע האנדעלס־פראַגען וואָס רירען אָן די אלע שטאַטען. ווירדזשיניא האָט צוגעשטימט דערצו. אירע דעלעגאטען זיינען געגאנגען נאָך א שריט ווייטער. זיי האָבען צו דער קאָנפערענץ איינגעלאַדען אלע דרייצען שטאַטען. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין אַנאַפּאָליס, מערילענד, אין הערבסט פון 1786.

די אַנאַפּאָליס׳ער קאָנפערענץ איז געווען א דורכפאל. בלויז פינף שטאַטען האָבען געשיקט פאָרשטייער. די עטליכע דעלעגאטען וואָס זיינען דאָרטען געווען האָבען אָבער ניט פארלאָרען דעם מוט. זיי האָבען אָפּגעהאלטען אַ זיצונג און אָנגענומען א רעזאָלוציע, וואָס אַלעקסאַנדער האמילטאָן האָט פארפאַסט, אַז עס זאָל אָפּגע־האַלטען ווערען א קאָנווענשאָן פון אלע שטאַטען אין פילאדעלפיע, און אז די קאָנווענשאָן זאָל זיך עפענען דעם צווייטען מאָנטאָג אין מאַי, 1787, און אז די אויפגאבע פון דער קאָנווענשאָן זאָל זיין „אויסצואַרבייטען פּראָיעקטען וואָס זאָלען מאכען די פעדעראלע רעגירונג אזוי שטאַרק ווי די אומשטענדען פאָדערען“.

די רעזאָלוציע האָט ווייטער געלויטעט, אז די פּראָיעקטען וואָס די קאָנווענשאָן וועט אָננעמען זאָלען פאָרגעלייגט ווערען פאר׳ן קאָנגרעס; אז אויב דער קאָנגרעס וועט זיי גוטהייסען, זאָלען זיי פאָרגעלייגט ווערען פאר די לעדזשיסלייטשורס פון די

דרייצען שטאטען, און אויב די אלע דרייצען לעדזשיסלייטשורס וועלען צושטימען צו זיי, זאלען זיי דאן אריין אין קראפט.

די רעזאלוציע איז פאנאנדערגעשיקט געווארען צו די דרייצען שטאטען און צום קאנגרעס. אין פארלויף פון עטליכע מאנאטען האבען צוועלף שטאטען די רעזאלוציע גוט־געהייסען און באשטימט דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן. דער איינציגער שטאט וואס האט זיך אנטזאגט דאס צו טאן איז געווען רהאוד־איילאנד. אין פעברואר, 1787, האט דער קאנגרעס אויך גוטגעהייסען די קאנווענשאן.

---

וועלכע קלאסען אין דער אמעריקאנער געזעלשאפט פון 1786 זיינען געווען עקנאמיש פאראינטערעסירט אין דעם, אז עס זאל געגרינדעט ווערען א שטארקע צענטראלע אדער נאציאנאלע רעגירונג?

אין אלגעמיין גערעדט זיינען דאס געווען די רייכע קלאסען, די געלט־מענשען. אבער ווער זיינען עס געווען די פארשיידענע געלט־גרופען פון יענער צייט און וואס האט יעדע פון זיי געהאפט צו געווינען פון א שטארקער רעגירונג?

ערשטענס, זיינען עס געווען די רייכע לאנד־באזיצער, די קאמפאניעס וואס האבען אויפגעקויפט לאנד אין דער וועסט, ווייט איבער די גרענעצען. זיי האבען דאס לאנד אפגעקויפט ביי די שטאט־רעגירונגען פאר קליינע סומען געלט, און די ארימע וואס האבען זיך דארטען באזעצט האבען געמוזט קויפען דערנאך ביי די קאמפאניעס און צאלען פיל העכערע פרייזען און זיך צו די קאמפאניעס פאר'משכונ'ען. פאר די לאנד־ספעקולאנטען איז וויכטיג געווען צו האבען א שטארקע צענטראלע רעגירונג, וועלכע זאל זיי העלפען פארטרייבען די אינדיאנער פון זייער לאנד און אויך העלפען צווינגען די קליינע פארמערס וואס האבען געקויפט ביי זיי לאנד צו צאלען די מארטגיידזשעס.

צווייטענס, די אייגענטימער פון די גרויסע טאבאק־פלאנטאציעס אין דער סאוט. די רייכע „פלענטארס” האבען זיך גענויטיגט אין א שטארקער רעגירונג אלס שוץ געגען די נעגער־

שקלאַפען. די מורא פאַר אַ נעגער־אויפשטאַנד האָט שטענדיג געשוועבט פאַר זייער געדאַנק, און זיי האָבען געוואָלט האָבען הינטער זיך די אייזערנע האַנט פון אַ פאַראייניגטער מאַכט פון אַלע שטאַטען. אויסער דעם, זיינען אַ סך פון די פּלאַנטאַציע־אייגענטימער געווען שותפים אין לאַנד־קאָמפּאַניעס און האָבען געהאַט זייער געלט אריינגעלייגט אין מאָרטגיידזשעס אויף קליינע פאַרמס אין דער וועסט, און זיי האָבען זיך אויך גענויטיגט אין אַ שטאַרקער רעגירונג אַלס אַ וואַפע געגען די אָרימע בעל־חובות.

עס דאַרף באַמערקט ווערען, אַז די רייכע לאַנד־אַריסטאָקראַטיע פון ניו יאָרק איז געווען אַן אויסנאַם אין דעם פּרט. די אַריסטאָקראַטען האָבען דאָ געהאַט גרויסע מאַיאָנטקעס, וואו עס האָבען געוואוינט און געאַרבייט קליינע פאַרמער, וועלכע האָבען זיך געטיילט מיט זיי מיט די פּראָדוקטען. די לאַנד־באַזיצער האָבען דאָ פון אַ שטאַרקער נאַציאָנאַלער רעגירונג ניט געהאַט וואָס צו געווינען. זיי וואָלטען נאָך, מערסטענס, פון איר געליטען. וואָרים כל־זמן ניו יאָרק איז געווען אַ רעגירונג פאַר זיך, זיינען די רייכע ערד־באַזיצער געווען פריי פון גרויסע שטייערען. די שטאַט־רעגירונג האָט אירע נויטיגע שטייערען באַקומען דורך אַ טאַריף אויף סחורות. אין ניו יאָרקער האַפען פלעגען דאַן אָנקומען אַ סך שיפען מיט סחורה, און דער שטאַט האָט פון זיי קאָלעקטירט גרויסע סומען געלט אַלס טאַריף. די ערד־באַזיצער האָבען מורא געהאַט, אַז אויב עס וועט געגרינדעט ווערען אַן אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע רעגירונג, וועלען זיי דורך איר געצוואונגען ווערען צו צאָלען שטייערען פאַר זייער לאַנד.

דריטענס, די באַזיצער פון ווערט־פּאַפּירען, די וואָס האָבען געהאַלטען די וועקסלען (באָנדס) פון דעם קאָנגרעס און פון די פאַרשידענע שטאַט־רעגירונגען. אין פאַרלויף פון דער רעוואָלוציע האָט דער קאָנגרעס אַנגעבאָרגט אין אויסלאַנד אַן ערך פון 10 מיליאָן דאָלאַר און אין לאַנד גופא — אַן ערך פון 27 מיליאָן דאָלאַר. צוזאַמען מיט די אינטערשטעליגע פּראָצענטען האָט דער אויסלענדישער חוב באַטראָפען נאָענט צו 12 מיליאָן, און דער אינלענדישער חוב — איבער 40 מיליאָן. די שטאַט־רעגירונגען

זיינען נאך באזונדער שולדיג געווען ארום 25 מיליאָן. א טייל פון די חובות האָט געקומט די סאָלדאטען און אָפיצערען אלס געהאלט פאר דינען אין דער רעוואָלוציאָנערער ארמיי.

די אָרימע אינוועסטאָרס, וועלכע האָבען געהאַלטען רעגירונגס־באָנדס אָדער ווערט־פאפירען, און די אָרימע סאָלדאטען, האָבען זייערע פאפירען פארקויפט אין פארלויף פון די קריזיס־יאָרען. דער ווערט פון די פאפירען איז דאן געווען זייער נידעריג. די רייכע ספעקולאַנטען, וואָס האָבען די וועקסלען אויפגעקויפט, האָבען געצאָלט פון א פערטעל ביז א צענטעל פון דעם אָפיציעלען ווערט. אָט די ספעקולאַנטען זיינען געווען בלוטיג פאראינטערע־סירט, אז א שטארקע נאציאָנאלע רעגירונג זאָל געגרינדעט ווערען. אזא רעגירונג וואָלט אויפגעהויבען דעם ווערט פון די פאפירען, און זי וואָלט געקענט זאמלען די נויטיגע שטייערען אויף צו באצאָלען די רעגירונגס־חובות.

די אָפיצערען זיינען אויך געווען פאר א שטארקער נאציאָ־נאלער רעגירונג. זיי האָבען זייערע וועקסלען ניט פארקויפט צו ספעקולאַנטען, ווי דאָס האָבען געטאָן די אָרימע סאָלדאטען. די אָפיצערען האָבען געהערט צו די רייכערע קלאסען און זיי זיינען ניט געצוואונגען געווען צו פארקויפען זייערע וועקסלען אין די שלעכטע יאָרען. זיי האָבען געוואַרט אויף א צייט, ווען זייער ווערט וועט שטייגען. איצטער זיינען די אָפיצערען געווען צווישען די שטארקסטע אַגיטאטאָרען פאר א נאציאָנאלער רעגירונג, און זייער מאכט האָבען זיי אויסגעאיבט דורך זייער פארבאנד, „די סאָסייעטי אָוו סינסינעטי”.

די פערטע גרופע זיינען געווען די פאבריקאַנטען, די רייכע הענדלער און די שיף־אייגענטימער. זיי אלע האָבען שטארק געלי־טען פון אויסלענדישער קאָנקורענץ. די פאבריקאנטען האָבען געהאָפט, אז די נאציאָנאלע רעגירונג וועט דורך הויכע טאריפען אוממעגליך מאכען פאר אויסלענדישע סחורות צו פארפלייצען דעם היגען מארק. די סוחרים האָבען אויך גערעכענט, אז אויב די פרייזען פון סחורות וועלען זיך הויבען דורך א טאריף, וועלען זיי קענען מאכען גרעסערע פראָפיטען. די שיף־קאָמפאניעס האָבען

געהאָפט, אַז אַ שטאַרקע נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט פאַר זיי קענען עפענען די מערק אין אויסלאַנד, וואָס זיינען איצט פאַר זיי געווען כמעט אינגאַנצען פאַרשפאַרט. אַ נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט האָבען די מעגליכקייט צו שטעלען פאָדערונגען און אַרויפ־לייגען אַן עקאָנאָמישען שטראָף אויף יענע לענדער, וואָס באַהאַנד־לען אַמעריקאַנישע שיפען ערגער ווי אַמעריקע באַהאַנדעלט זייערע שיפען.

די אָרימע פאַרמערס, די וואָס זיינען געווען שולדיג געלט און וועמענס פאַרמס עס זיינען געווען פאַר׳משכונ׳ט צו די רייכע, האָבען, פאַרקערט, מורא געהאַט פאַר אַ שטאַרקער נאַציאָנאַלער רעגירונג, צוליב דיזעלבע אורזאַכען. זיי האָבען געוואוסט, אַז אַזאַ רעגירונג וועט אָפּשאַפען דאָס ביליגע פּאַפּיר־געלט, וועט זיי צווינגען צו צאָלען די חובות, וועט מיטברענגען אַז ערד זאָל טייערער ווערען, וועט פאַרגרעסערען די שטייערען, וועט מאַכען זייער לאַגע שווערער. פאַרקערט, ווידער, די ארבייטער זיינען געווען גענויגט אַז אַ שטאַרקע רעגירונג זאָל יע געגרינדעט ווערען. זיי האָבען געהאָפט, אַז מיט דער הילף פון אַ שטאַרקער צענט־ראַלער רעגירונג וועט לייכטער זיין אויפצובויען אינדוסטריען דאָ, אין לאַנד. עס וואָלט געוואָרען מער ארבייט, איבערהויפּט ביי שיף־בויעריי. די ארבייטער האָבען אָבער דעמאָלט נאָך קיין מעגליכקייט ניט געהאַט אויסצודריקען זייער ווילען, ווייל זיי האָבען קיין שטים־רעכט ניט געהאַט. די קליינע פאַרמער אָבער האָבען טיילווייז יע געהאַט שטים־רעכט. זיי האָבען געקענט ווירקען, אַז זייער שטימע זאָל זיך הערען.

## קאַפּיטעל 4.

# די קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענשאָן

די דעלעגאַטען צו דער קאָנסטיטוציאָנעלער קאָנווענשאָן זיינען ניט געוויילט געוואָרען דורכ'ן פאָלק. זיי זיינען אויסגעקליבען געוואָרען פון די לעדזשיסלייטשורס פון די דרייצען שטאַטען. אין די לעדזשיסלייטשורס זיינען געזעסען מייסטענס רייכע לייט, ווייל לויט די געזעצען פון יענער צייט האָט אַן אָרימער גאָר ניט געקענט זיין קיין דעפּוטאַט אין לעדזשיסלייטשור. עס איז דערפאַר גאַנץ נאַטירליך, אַז די מענשען וואָס זיי האָבען געשיקט אַלס דעלעגאַטען זאָלען זיין פאַרטרעטער פון זייער געזעלשאַפטליכען קלאַס. א חוץ דעם האָבען די רייכע פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט פון דער קאָנווענשאָן. זיי האָבען געוואוסט, אַז דורך איר וועט מעגליך זיין צו פאַרווירקליכען זייער שטרעבונג צו א פעסטער נאַציאָנאַלער רעגירונג און אַז דורך אַזאַ רעגירונג וועלען זיי עקאָנאָמיש געווינען. זיי האָבען דערפאַר אָנגעווענדט אַלע מיטלען אַז נאָר זייערע מענשען זאָלען געשיקט ווערען צו דער קאָנווענשאָן.

געוויילט געוואָרען אַלס דעלעגאַטען זיינען עטליכע און זיבעציג פּערזאָן. צו די זיצונגען זיינען אָבער געקומען ניט מער ווי פינף־און־פופציג. אייניגע שטאַטען זיינען געווען פאַרטראָטען פון זיבען דעלעגאַטען, אַנדערע פון פיר, א טייל פון דריי, און א טייל גאָר פון צוויי. די צאָל פאָרשטייער וואָס א שטאַט האָט געשיקט האָט ניט אויסגעמאַכט, ווייל סיי־ווי־סיי האָט יעדער שטאַט געהאַט בלויז איין שטימע.

וואָס פאַר א מענשען זיינען געווען די פינף־און־פופציג דע־לעגאַטען ?

פּראָפעסאָר ביערד, אין זיין בארימט ווערק „די עקאָנאָמישע אויסטייטשונג פון דער קאָנסטיטוציע", גיט אָפּ א לאַנגען און גרינטליכען קאפּיטעל אויף אָט דער פראַגע. ער פאָרשט אויס דעם עקאָנאָמישען און געזעלשאַפטליכען שטאַנד פון יעדען דע־לעגאַט באַזונדער. ביים שלוס פון דעם קאפּיטעל מאַכט ער דעם פאָלגענדען סך הכל :

„די מאַיאָריטעט פון די דעלעגאַטען זיינען געווען אדוואָ־קאַטען.

„די מערסטע דעלעגאַטען זיינען געקומען פון די גרעסערע שטעדט ביים אַטלאַנטישען ברעג, דאָרט וואו די געלט־אינטערע־סען זיינען געווען אַם שטאַרקסטען קאָנצענטרירט.

„קיין איינציגער פון די דעלעגאַטען האָט ניט באַלאַנגט צום קלאַס פון קליינע פאַרמער אָדער אַרבייטער.

„א ריזיגע מאַיאָריטעט, ווייניגסטענס פינף־זעקסטעל פון זיי, איז געווען דירעקט, אוממיטעלבאַר און פערזענליך פאַראינ־טערעסירט אין דעם רעזולטאַט פון דער קאָנווענשאָן, און יעדער פון זיי האָט עקאָנאָמיש מער אָדער ווייניגער געוואונען פון דעם וואָס די קאָנסטיטוציע איז פאַרפאַסט געוואָרען.

„פון די פינף־און־פופציג דעלעגאַטען האָבען ניט ווייניגער ווי פערציג פאַרמאָגט רעגירונגס־ווערט־פּאַפּירען. די פּאַפּירען זיינען געווען ווערטלאָז אזוי לאַנג ווי די נאַציאָנאַלע רעגירונג איז געווען שוואַך.

„פערציג פון די דעלעגאַטען האָבען ספּעקולירט מיט לאַנד.

„פיר־און־צוואַנציג פון די דעלעגאַטען האָבען געהאַט וועקס־לען און מאָרטגיידזשעס.

„עלף פון די דעלעגאַטען זיינען געווען סוחרים, פאַבריי־קאַנטען און שיף־אייגענטימער.

„פופצען פון די דעלעגאַטען זיינען געווען אייגענטימער פון נעגער־שקלאַפען."

דער חשוב׳סטער דעלעגאט אויף דער קאנווענשאן איז געווען דזשארדזש וואשינגטאן און ער איז ערוויילט געווארען אלס פאר־זיצער. וואשינגטאן איז געווען דער רייכסטער מאן אין אמע־ריקע. ער איז געווען אי א שקלאפען־אייגענטימער, אי א לאנד־ספעקולאנט, אי א מלוה. ער האט אויך געהאט ווערט־פאפירען און וועקסלען*).

זעקס פון די דעלעגאטען זיינען געווען אימיגראנטען, ניט קיין אמעריקאנער־געבארענע. פון די זעקס זיינען דריי געווען צווישען די סאמע וויכטיגסטע אויף דער קאנווענשאן: אלעק־סאנדער האמילטאן, ראבערט מאררים און דזשיימס ווילסאן.

די קאנווענשאן האט זיך געדארפט עפענען דעם צווייטען מאנטאג אין מאי, וועלכער איז אויסגעפאלען אין יענעם יאר דעם 14טען אין מאנאט. די דעלעגאטען האבען זיך אבער ניט געאיילט. מען האט געמוזטווארטען ביז דעם 15טען איידער

---

*) דער היסטאריקער הארלאו שרייבט: „עס איז טאקע אמת, אז אלע דעלעגאטען זיינען געווען פארמעגליכע מענשען. אלס רייכע לייט האבען טייל פון זיי געהאט רעגירונגס־ווערט־פאפירען, און אלס אינטעליגענטע מענשען האבען זיי פארשטאנען, אז א שטארקע רעגירונג וועט אויפ־הויבען דעם ווערט פון די פאפירען. דאך דארף מען ניט דענקען, ווי איניגע היסטאריקער טוען, אז דער גרונט־מאטיוו פון די דעלעגאטען, ווען זיי האבען פאררופען די קאנווענשאן, איז געווען רייכער צו מאכען זייער קעשענע.״

פראפעסאר ביערד פילט זיך אויך אומבאקוועם פון די באווייזען, וואס ער האט אליין געפונען, און ער שרייבט טאקע אין זעלבען קאפיטעל: „דער ציל פון מיין אונטערזוכונג וועגען דעם מאטעריעלען שטאנד פון די דעלעגאטען איז ניט צו באווייזען, אז די קאנסטיטוציע איז פארפאסט געווארען צוליב דעם פערזענליכען געלט־געווינס פון די מיטגלידער פון דער קאנווענשאן. ניין, דאס ניט.״

ער באמערקט ווייטער דאס פאלגענדע: „דער פונקט וואס איך וויל דא פעסטשטעלען איז, אז די דעלעגאטען זיינען ניט געווען באאיינפלוסט בלויז פון אבסטראקטע פרינציפען. זיי האבען פארטראטען באשטימטע געזעלשאפטליכע גרופען, וועמעס עקאנאמישע אינטערעסען זיי האבען ניט נאר באגריפען, נאר אויך געפילט, ווייל זיי האבען פערזענליך געהאט דיזעלבע ערפארונגען ווי יענע קלאסען.״

עס האָבען זיך פאַרזאַמעלט דעלעגאַטען פון זיבען שטאַטען, אַ מאַיאָריטעט, הייסט עס, און דאַן ערשט האָט מען אָנגעהויבען די קאָנווענשאָן צו אָרגאַניזירען. רהאוד־איילאַנד האָט גאָר קיין דעלעגאַטען ניט געשיקט. די דעלעגאַטען פון ניו העמשיר האָבען זיך פאַרשפּעטיגט אויף גאַנצע צוויי מאָנאַטען.

אַ גרויסע צאָל דעלעגאַטען האָבען זיך באַצויגען גלייכגילטיג צו דער גאַנצער אַנגעלעגענהייט און האָבען אויסגעלאָזט אַ סך זיצונגען. אויף יעדער זיצונג זיינען געווען דורכשניטליך ניט מעהר ווי דרייסיג דעלעגאַטען. דאָס הייסט, נאָהענט פון אַ העלפט פון די דעלעגאַטען האָבען שטענדיג געפעלט.

די קאָנווענשאָן האָט זיך געצויגען פון דעם 25טען מאַי ביז'ן 17טען סעפּטעמבער. די זיצונגען פלעגען זיך אָנפאַנגען 10 אין דער פרי און זיך ענדיגען 3 נאָכמיטאג. זונטאָג איז די קאָנווענשאָן געווען געשלאָסען.

גלייך פון אָנפאַנג איז באַשטימט געוואָרען, אַז די זיצונגען זאָלען זיין שטרענג אין געהיים, הינטער פאַרשלאָסענע טירען. עס זיינען געשטעלט געוואָרען וועכטער פון ביידע זייטען טיר, קיין פרעמדען ניט אריינצולאָזען. עס איז אויך אָנגענומען געוואָרען אַ באַשלוס, אַז קיין דעלעגאַט זאָל ניט טאָרען אויסזאָגען אין דרויסען וואָס ביי די זיצונגען ווערט גערעדט. קיינער פון די דעלעגאַטען האָט ניט געטאָרט קאָפּירען אַ וואָרט פון די פּראָטאָקאָלען אָן דער ערלויבניש פון דער קאָנווענשאָן.

דער באַשלוס איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרען. ביז מיט דרייסיג יאָר שפּעטער האָט דער גרויסער אַמעריקאַנער עולם קיין שום באַגריף ניט געהאַט פון די פאַרהאַנדלונגען, רעדעס און דעבאַטען, וואָס זיינען פאָרגעקומען ביי דער קאָנווענשאָן. ערשט אַרום יאָר 1812 האָט דער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן אָפּגעדרוקט די פּראָטאָקאָלען פון דער קאָנווענשאָן און ערלויבט דעם עולם זיי צו לעזען. לײדער האָט זיך אַרויסגעוויזען אַז די פּראָטאָקאָלען זיינען שרעקליך שלעכט געפירט געוואָרען. דער סעקרעטער פון דער קאָנווענשאָן האָט בלויז פאַרצייכענט די פאָרמעלע פאָרשלאַגען און דעם רעזולטאַט פון די אָפּשטימונ־

גען איבער די פארשלאגען. וועגען די פארהאנדלונגען גופא, די דיסקוסיעס, די ארגומענטען, די מיינונגען פון איינצעלנע דעלעגאטען איז אין די פראטאקאלען כמעט גארניט ניט געווען.

דערוואוסט וועגען דעם אלעס האט מען זיך ערשט שפעטער, ווען איינצעלנע דעלעגאטען האבען גענומען פארעפענטליכען זייערע פריוואטע טאג־ביכער און זייערע עראינערונגען וועגען דער קאנווענשאן. דעם בעסטען און אויספירליכסטען באריכט פון דער קאנווענשאן האט ארויסגעגעבען איינער פון די סאמע וויכטיגסטע דעלעגאטען, דזשיימס מעדיסאן. ער האט פארשטאנען די וויכטיגקייט פון דער קאנווענשאן גלייך ווי זי האט זיך געעפענט, און ער האט אויף זיך גענומען די אויפגאבע צו פירען אין געהיים א פראטאקאל פון אלע פארהאנדלונגען. אט וואס ער אליין שרייבט וועגען דעם ווי אזוי ער האט די אויפגאבע דורכגעפירט:

„איך האב פאר זיך אויסגעקליבען א פלאץ נעבען דעם פארזיצער. פון דארטען האב איך געקענט הערען אלץ, וואס איז גערעדט געווארען. איך האב געמאכט קורצע נאטיצען פון אלץ וואס יעדער איינציגער האט ארויסגעזאגט. גלייך ווי די זיצונג פלעגט זיך שליסען, ווען אלץ איז נאך געווען פריש ביי מיר אין מח, פלעג איך מיינע נאטיצען איבערשרייבען". פאר א פריינט האט מעדיסאן שפעטער דערציילט, אז זיין ארבייט אלס דעלעגאט ביי דער קאנווענשאן און אלס היסטאריקער פון די זיצונגען איז אים געפאלען אזוי שווער, אז ער האט שיער ניט צוזאמענגעבראכען. ער האט אבער זיין אויפגאבע דורכגעפירט אויף א וואונדערבארען אופן, אויפריכטיג און קארעקט. זיין פריוואטער זשורנאל איז איצט דער קוואל פון וועלכען אלע וויסענשאפטס־לייט און היסטאריקער שעפען זייער מאטעריאל וועגען דער קאנסטיטוציאנעלער קאנווענשאן און וועגען די דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן.

פון די רעוואלוציאנערע פירער, פון יענע וואס האבען אין די רעוואלוציאנערע יארען אגיטירט פאר די הויכע אידעאלען פון

מענשען־רעכט און פרייהייט, איז קיינער אויף דער קאָנווענשאָן ניט געווען.

סעמיועל עדעמס איז געווען געגען דער קאָנווענשאָן. פּעט־ריק הענרי איז ערוויילט געוואָרען אלס דעלעגאט, אָבער ער האָט זיך אנטזאגט אָנצונעמען, אויך דערפאַר וואָס ער איז געווען גע־גען דער קאָנווענשאָן. טהאָמאס דזשעפערסאָן איז גראָד דע־מאָלט געווען דער אַמעריקאַנישער אַמבאַסאַדאָר אין פּאַריז. דזשאָהן עדעמס איז געווען דער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד. די דריי וויכטיגסטע דעלעגאַטען אויף דער קאָנווענשאָן זיינען גע־ווען יונגע לייט: אַלעקסאַנדער האַמילטאָן, 30 יאָר אַלט, דזשיימס מעדיסאָן, 36 יאָר, און דזשיימס ווילסאָן, 45 יאָר אַלט.

## קאפיטעל 5.

# די קאָנסטיטוציע.

די קאָנסטיטוציע איז פארפאסט געוואָרען פון די פאָרשטייער פון די רייכע קלאסען אין די פארשידענע שטאטען, כדי, דורך איר הילף, אפצושאפען די איבלען פון וועלכע די דאָזיגע קלאַסען האָבען דעמאָלט געליטען. די רייכע קלאסען האָבען זיך געשראָקען פאר דער פאָליטישער מאכט פון די גרויסע מאסען. זיי האָבען אויך מורא געהאט אז די גרויסע מאסען זאָלען ניט פארכאפען די באזונדערע שטאט־רעגירונגען, און דורך זיי מאכען אומגינסטיגע געזעצען פאר די רייכע. זיינען אין דער קאָנסטיטוציע דעריבער אריינגעשטעלט געוואָרען פונקטען אוממעגליך צו מאכען אזעלכע זאכען.

וועגען דעם איז די קאָנווענשאָן כמעט געווען איינציג. קיין ערנסטע דעבאטען זיינען וועגען דעם ניט פאָרגעקומען. עס זיינען אָבער געווען פראגען, אין וועלכע די אינטערעסען פון די פאר־שידענע גרופען צווישען די רייכע גופא זיינען געווען צוטיילט. וועגען אָט די פראגען זיינען פאָרגעקומען היציגע דעבאטען, און זיי זיינען ענדליך געלייזט געוואָרען דורך קאָמפּראָמיסען.

די קאָנסטיטוציע שרייבט פאָר, אז די נאציאָנאלע רעגי־רונג זאָל זיין צונויפגעשטעלט פון דריי טיילען: די געזעצ־געבערישע אָדער די „לעדזשיסלייטשור", די אדמיניסטראטיווע אָדער „עקזעקוטיוו", און די געריכטליכע אָדער די „דזשודישיא־רי". די לעדזשיסלייטשור איז צוטיילט געוואָרען אויף צוויי צווייגען: א סענאט (העכערעס הויז) און א „האוז אָוו רעפּ־רעזענטאטיווס" (נידעריגערעס הויז). הייסט עס, אז פאקטיש

באַשטייט די רעגירונג פון פיר צווייגען. די ערוויילונג פון דריי פון אָט די פיר צווייגען ווערט דעם פאָלק ניט אָנגעטרויט: דער סענאַט דאַרף ערוויילט ווערען פון די סטייט־לעדזשיסלייטשורס, דער פּרעזידענט — דורך ווייל‌ער אָדער „עלעקטאָרס", און די ריכטער ווערען באַשטימט אָדער „אַפּאָינטעד" דורכ'ן פּרעזידענט מיט דער צושטימונג פון סענאַט. בלויז דאָס נידעריגערע הויז פון קאָנגרעס דאַרף ערוויילט ווערען פון פאָלק גופא. דערביי דאַרף מען אויך ניט פאַרגעסען, אז „דאָס פאָלק" דעמאָלט איז ניט געווען דאָסזעלבע וואָס היינט. די קאָנסטיטוציע זאָגט, אז פאַר די דעפּוטאַטען פון דער „האַוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס" זאָלען שטימען דיזעלבע בירגער, וועלכע האָבען דאָס רעכט צו שטימען פאַר די לעדזשיסלייטשורס אין די באַזונדערע שטאַטען. אָבער דעמאָלט, בשעת די קאָנסטיטוציע איז פאַרפאַסט געוואָרען. איז דאָס שטימרעכט אין די שטאַטען געווען שטאַרק באַגרעניצט די וואָס האָבען ניט געהאַט קיין לאַנד אָדער ניט געצאָלט א געוויסען יערליכען שטייער אויף זייער אייגענטום, האָבען ניט געטאָרט שטימען.

דאָס הייסט, אז די קאָנסטיטוציע האָט דריי טיילען פון דער רעגירונג אינגאַנצען אָפּגעצאַמט פון דעם פאָלק'ס דעה. אין דעם פערטען צווייג האָט זי צוגעלאָזען די דעה פון יענע בירגער, וועלכע האָבען פאַרמאָגט מער אָדער ווייניגער אייגענטום.

אין די דיסקוסיעס ביי דער קאָנווענשאָן וועגען דער פראַגע וויפיל דעה די מאַסען זאָלען האָבען אין דער רעגירונג, האָבען די דעלעגאַטען אָפען אַרויסגעוויזען זייער פאַראַכטונג און שרעק פאַר'ן פאָלק. דזשיימס מעדיסאָן האָט געזאָגט: „די דריי הויפּט קלאַסען אין וועלכע אונזערע בירגער זיינען איינגעטיילט, זיינען: ערד־באַזיצער, סוחרים און פאַבריקאַנטען". די אַרבייטער, הייסט עס, זיינען דאָ אינגאַנצען אויסגעשלאָסען. דזשאָהן דיקינסאָן האָט פאָרגעשלאָגען, עס זאָל אריינגעשריבען ווערען א פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע, אז בלויז גוט־באַזיצער זאָלען מעגען שטימען. אין א רעדע וועגען דעם פאָרשלאַג האָט ער געזאָגט אזוי: „די וואָס האָבען אייגענטום זיינען די

בעסטע וועכטער פון פרייהייט; מען מוז זיי איבערגעבען דאס גאנצע רעכט פון שטימען, כדי צו באשיצען דאס לאנד געגען דעם געפערליכען איינפלוס פון די גרויסע מאסען, וועלכע פארמאגען ניט קיין אייגענטום און ניט קיין פרינציפען, און וועלכע וועלען מיט דער צייט אנפילען דאס לאנד". נאך זיין מיינונג, פארמאגען ארימעלייט ניט קיין פרינציפען און דעריבער טארען זיי ניט אנ־פאטרויט ווערען מיט שטימרעכט.

בלויז איין דעלעגאט האט עס געפונען פאר זיין פליכט צו פארטיידיגען די גרויסע מאסען און פאדערען פאר זיי שטימ־רעכט. דאס איז געווען דער אלטער בענדזשאמין פרענקלין. ער האט וועגען דעם געהאלטען צוויי רעדעס. ער האט אנגע־וויזען אז די ארבייטער, די ארימע, וועלכע באזיצען גארניט, האָ־בען מקריב געווען זייערע לעבענס אין דער רעוואלוציע. ער האט אויך געזאגט, אז אזא באשרענקונג פון שטימרעכט וועט שאפען אומרוהען אין לאנד. קיינער ביי דער קאנווענשאן האט אפילו ניט געפונען פאר נויטיג צו ענטפערען אויף זיינע רעדעס.

די אלגעמיינע שטימונג אויף דער קאנווענשאן איז געווען, אז אין דער קאנסטיטוציע זאל אריינגעשריבען ווערען א פונקט, אז די ארימע זאלען ניט צוגעלאזען ווערען צום שטים־קאסטען. עס איז אבער שווער געווען פאר די דעלעגאטען זיך אויסצוגלייכען וועגען דעם, ווי אזוי די באגרענצונג זאל געמאכט ווערען. טייל האבען געפאדערט, אז בלויז לאנד־באזיצער זאלען מעגען שטי־מען; האבען געגען דעם געקעמפט די פארשטייער פון די סוחרים און פאבריקאנטען. אנדערע האבען געפאדערט אז בלויז געלט־באזיצער זאלען האבען שטימרעכט; האבען געגען דעם גע־קעמפט די פארשטייער פון די לאנד־באזיצער. און ווייל עס איז שווער געווען זיך צו אייניגען אויף דעם באשרענקונגס־פונקט, איז געבליבען אז די קאנסטיטוציע זאל זאגען, אז שטימען מעגען בלויז די, וואס האבען שטימרעכט אין די שטאט־רעגירונגען. דאס הייסט, מען האט זיך באנוגענט מיט די באגרענצונגען, וואס הא־בען דעמאלט געהערשט אין די פארשידענע שטאטען.

די מורא פאַר דעמאָקראַטיע האָט זיך אויך אַרויסגעוויזען ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע, ווי אַזוי דער פּרעזידענט און די סענאַטאָרען זאָלען געוויילט ווערען, און ווי לאַנג זאָלען זיין זייערע טערמינען. עס איז אפילו געווען איין פאָרשלאַג, אַז דער פּרעזידענט זאָל באַשטימט ווערען אויפ'ן גאַנצען לעבען, אַזוי ווי די ריכטער פון העכסטען געריכט, דעם סופרים קאורט. טשאַרלס פּינקני, פון סאוטה קאראָליינא, האָט פאָרגעשלאָגען, אַז א פּרעזידענט קאַנדידאַט זאָל מוזען פאַרמאָגען ווייניגסטענס הונדערט טויזענט דאָלאַר; אַז ריכטער זאָלען מוזען פאַרמאָגען ווייניגסטענס פופציג טויזענט דאָלאַר, און אַז אויך די מיטגלי־דער פון רעפּרעזענטאַנטען־הויז, אָדער „קאָנגרעסלייט", און סע־נאַטאָרען, זאָלען מוזען זיין פאַרמעגליכע מענשען. גאָווערניער מאָררים, פון פּענסילוויניא, האָט געמאַכט א פאָרשלאַג אַז סע־נאַטאָרען זאָלען ניט קריגען קיין געהאַלט פון דער רעגירונג. דאָס וואָלט אוממעגליך געמאַכט פאַר ניט־פאַרמעגליכע אָנצו־נעמען דעם אמט. די אַלע פאָרשלאָגען זיינען דורכגעפאַלען, הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס די דעלעגאַטען האָבען מורא געהאַט, אַז דאָס פאָלק וועט זיך אנטזאָגען גוטצוהייסען א קאָנסטיטוציע מיט אַזוינע אַריסטאָקראַטישע געזעצען.

אַלס א שוץ געגען דעמאָקראַטיע איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז די טערמינען פון די פאַרשידענע רעגירונגס־צווייגען זאָלען ניט זיין גלייך, כדי עס זאָל אוממעגליך זיין צו מאַכען א פּלוצ־לינגע איבערקערעניש אין דער רעגירונג. עס איז באַשלאָסען גע־וואָרען, אַז סענאַטאָרען זאָלען געוויילט ווערען אויף זעקס יאָר, אָבער ניט אַלע סענאַטאָרען מיט אַמאָל. יעדע צוויי יאָר זאָלען פאָרקומען וואַלען פאַר בלויז א דריטעל פון סענאַט. עס איז באַשלאָסען געוואָרען אַז קאָנגרעסלייט זאָלען געוויילט ווערען אַלע צוויי יאָר, און דער פּרעזידענט אַלע פיר יאָר, און אַז די ריכטער פון „סופרים קאורט", פון העכסטען געריכט, זאָלען באַשטימט ווערען אויפ'ן גאַנצען לעבען.

דריי פּונקטען זיינען אַריינגעשריבען געוואָרען אין דער קאָנ־סטיטוציע צו באַשיצען די רייכע געגען זייערע אָרימע בעל־

חובות. דאס איז געטאן געווארען כדי אוממעגליך צו מאכען אזוינע געשעהענישען ווי די באוועגונגען פאר פאפיר־געלט, דער שעיס־אויפשטאנד, וואס זיינען נאך פריש געווען אין זכרון פון די דעלעגאטען, און וואס האבען אייגענטליך געפירט צו דער קאנווענשאן.

דער ערשטער פון די פונקטען לויטעט, אז די שטאט־רעגירונגען זאלען ניט טארען ארויסגעבען אייגענע געלט און זאלען ניט טארען געבען די בעל־חובות די גזועצליכע מעגליכקייט צו צאלען מיט אנדערע זאכען ווי מיט געלט וואס איז אנערקענט פון דער רעגירונג. דער פונקט האט אוממעגליך געמאכט פאר די שטאט־רעגירונגען צו דרוקען ביליגע פאפיר־געלט ארויסצוהעלפען ארימע בעלי־חובות, אזוי ווי זיי האבען עס געטאן מיט א קורצער צייט פריער.

דער צווייטער פונקט לויטעט, אז די רעגירונג פון א שטאט טאר ניט מאכען קיין געזעץ, וואס שעדיגט די „פארפליכטונגען פון קאנטראקטען". אין די אומרוהיגע יארען האבען געוויסע שטאט־רעגירונגען דורכגעפירט געזעצען וועלכע האבען מבטל געמאכט אלטע קאנטראקטען, אלטע וועקסלען. געליטען דערפון האבען נאטירליך די רייכע. עס זיינען אויך דורכגעפירט געווארען געזעצען אין געוויסע שטאטען, וועלכע האבען ערלויבט בעלי־חובות צו באצאלען ניט מיט געלט נאר מיט לאנד, אדער מיט חפצים. דער צווייטער פונקט אין דער קאנסטיטוציע האט געצילט אזא האנדלונג פון א שטאט־רעגירונג אוממעגליך צו מאכען.

דער דריטער פונקט זאגט, אז דער פרעזידענט פון די פאראייניגטע שטאטען מעג שיקען א נאציאנאלע ארמיי צו אונטערדריקען אן אויפשטאנד אין א שטאט, אויב ער ווערט אויפגעפאדערט פון דער לעדזשיסלייטשור אדער דעם גאווערנאר פון דעם שטאט דאס צו טאן. דער פונקט איז אריינגעשטעלט געווארען כדי די נאציאנאלע רעגירונג זאל קענען אונטערדריקען אזוינע אויפשטאנדען ווי „שעיס'עס רעבעליאן".

וואָס זיינען געוועזן די פראַגען, איבער וועלכע די אינטע־רעסען פון די הערשענדע קלאַסען אין די פאַרשידענע שטאַטען זיינען געקומען אין צוזאַמענשטויס און וועלכע זיינען ענדליך אויסגעגליכען געוואָרען דורך קאָמפּראָמיסען?

די ערשטע וויכטיגע פראַגע איז געווען: ווי אַזוי זאָל די פאַרטרעטערשאַפט אין די צוויי צווייגען פון קאָנגרעס איינגע־טיילט ווערען? זאָל די פאַרטרעטערשאַפט זיין לויט די שטאַטען אָדער לויט דער באַפעלקערונג פון די שטאַטען?

דער קאַמף איבער דער פראַגע איז אייגענטליך געווען מער א פּאָליטישער. קיין עקאָנאָמישע גרונדען האָט ער ניט געהאַט. די קליינע שטאַטען האָבען זיך אין אַלגעמיין געשראָקען פאַר א שטאַרקער נאַציאָנאַלער רעגירונג, טאָמער וועלען זיי אין אַזא רעגירונג ניט האָבען גענוג דעה. זיי האָבען דערפאַר פון אָנפאַנג געזוכט צו ווירקען אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל בכלל האָבען וואָס ווייניגער מאַכט. אָבער די דעלעגאַטען פון די גרעסערע שטאַטען האָבען באַוויזען אַז אַ שוואַכע רעגירונג וועט ניט באַ־שיצען די מאַטעריעלע אינטערעסען פון די רייכע קלאַסען; אַז זי וועט ניט פאַרענטפערען די מאַטעריעלע פראַגען, צוליב וועל־כע די קאָנווענשאָן איז לכתחילה גערופען געוואָרען. זיינען די קליינע שטאַטען איינגעגאַנגען אויף דעם, אַז די נאַציאָנאַלע רע־גירונג זאָל זיין אַ שטאַרקע, אָבער זיי זיינען באַשטאַנען דערויף, אַז אין דער רעגירונג זאָלען אַלע שטאַטען האָבען אַ גלייכע דעה. די פאַרטרעטערשאַפט אין דער רעגירונג זאָל זיין לויט דעמזעל־בען סיסטעם ווי אין דער קאָנפעדערייזשאָן, דאָס הייסט, אין דעם קאָנגרעס, וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט. דאָרטען האָט יעדער שטאַט, ווי גרויס אָדער ווי קליין ער איז ניט געווען, געשיקט פון צוויי ביז זיבען דעלעגאַטען, און געהאַט איין שטימע. די קליינע שטאַטען האָבען געפאָדערט, אַז אויך אין דעם נייעם קאָנגרעס, אונטער דער קאָנסטיטוציע, אין ביידע צווייגען פון קאָנגרעס, זאָל יעדער שטאַט האָבען דיזעלבע צאָל שטימען און דיזעלבע דעה.

די גרויסע שטאטען האבען, פארשטייט זיך, געקעמפט געגען דעם. די דעבאטען זיינען געווען היציגע, און עס האט געהאלטען דערביי אז די גאנצע קאנווענשאן זאל פאנאנדערפאלען. ענדליך איז געמאכט געווארען א פשרה: עס איז געבליבען, אז אין איין צווייג פון קאנגרעס, אין דער „האוז אוו רעפרעזענטאטיוום”, זאל די פארטרעטערשאפט זיין לויט דער באפעלקערונג, און אין דעם צווייטען צווייג — אין דעם סענאט — זאל די פארטרעטערשאפט זיין גלייך: אין סענאט זאל יעדער שטאט, צי קליין, צי גרוים, שיקען ניט מער און ניט ווייניגער ווי צוויי פארשטייער.

א מער ערנסטער צוזאמענשטוים האט זיך אנטוויקעלט צווישען די שטאטען פון די נארטה און די שטאטען פון די סאוטה. אין די נארטה זיינען די געלט-קלאסען געווען הויפטזעכליך סוחרים, שיף-אייגענטימער און ספעקולאנטען; אין די סאוטה זיינען זיי געווען הויפטזעכליך אייגענטימער פון גרויסע גיטער, פלאנטאציעס, אויף וועלכע עס האבען געארבייט שווארצע שקלאפען. די סאוטה האט מורא געהאט, אז א נאציאנאלע רעגירונג, וועלכע וועט קאנטראלירט ווערען פון די נארטה, וועט שעדיגען אירע אינטערעסען אויף פארשידענע אופנים.

זי האט מורא געהאט הויפטזעכליך פאר פאלגענדע דריי מעגליכקייטען:

ערשטענס, אז די רעגירונג וועט פארבאטען דעם אריינפיר פון שווארצע שקלאפען;

צווייטענס, אז די רעגירונג וועט ארויפלייגען א שטייער אויף עקספארט (די סאוטה האט געלעבט פון דעם עקספארט פון טאבאק און רייז און אנדערע פראדוקטען);

דריטענס, אז די רעגירונג וועט צווינגען אז דער האנדעל מיט אויסלאנד זאל געפירט ווערען אין אמעריקאנישע שיפען, און אז דאן וועט די סאוטה מוזען אנקומען צו די שיף-קאמפאניעס פון די נארטה און מוזען צאלען אזוינע פרייזען פאר פירען זייער סחורה ווי די שיף-קאמפאניעס וועלען פאדערען.

וועגען יעדע פון אט די פראגע זיינען פארגעקומען הייסע

וכוחים, און יעדע פון זיי איז אויסגעגליכען געוואָרען דורך א פּשרה.

טייל דעלעגאטען האָבען געפאָדערט אַז דער אריינפיר פון שקלאַפען זאָל גלייך פארבאָטען ווערען. דער פאָרשלאַג איז גע־שטיצט געוואָרען פון צוויי שטאַטען פון די סאוטה: ווירדזשי־ניא און נאָרטה קאראָליינא. אין יענע צוויי שטאַטען איז שוין דעמאָלט געווען אן איבערפלוס פון נעגערס, און פאר זיי האָט זיך בעסער געלוינט אַז מען זאָל פארמאַכען די טירען געגען נייע שקלאַפען. געקעמפט געגען דעם האָבען די דעלעגאַטען פון סאוטה קאראָליינא און דזשאָרדזשיא. א דעלעגאַט פון קאָננעטיקוט האָט ערקלערט, אַז עס איז אייגענטליך ניטאָ וועגען וואָס זיך צו קריגען. „אין דער צוקונפט", האָט ער געזאָגט, „וועט זיך די באַפעלקערונג אין לאַנד אַזוי פארמערען, אַז עס וועלען זיין גענוג אָרימע ארבייטער און מען וועט ניט מער דארפען קיין שקלאַפען".

די דעבאַטען האָבען זיך געענדיגט מיט פאָלגענדער פּשרה: עס איז אריינגעשריבען געוואָרען אין דער קאָנסטיטוציע, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל ניט טאָרען פארבאָטען דעם אריינפיר פון נעגער־שקלאַפען אין משך פון די נעקסטע 20 יאָר, און אַז זי זאָל ניט טאָרען ארויפלייגען אויף אימפּאָרטירטע שקלאַפען קיין העכערען שטייער ווי צען דאָלאר אויף א קאָפּ. נאָך מעהר, כדי צו באַפרידיגען די שקלאַפען־שטאַטען, איז אויך אריינגעשרי־בען געוואָרען א פּונקט, אַז אויב א שקלאַף אַנטלויפט פון איין שטאַט אין א צווייטען, איז דער צווייטער שטאַט מחויב אים צו כאַפּען און אים צוריקשיקען צו זיין באַלעבאָס.

וועגען דער פראַגע פון האַנדעל האָט די סאוט לכתחילה גענומען אַן עקסטרעמע שטעלונג. זי האָט געפאָדערט, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל ניט האָבען קיין רעכט צו מאַכען קיין שום געזעצען וועגען האַנדעל. געגען דעם האָבען געקעמפט דעלעגאַטען פון די נאָרט, און עס איז ווידער געמאַכט גע־וואָרען א פּשרה. עס איז אריינגעשריבען געוואָרען אין דער קאָנסטיטוציע, אַז די רעגירונג זאָל יע האָבען קאָנטראָל איבער־

האנדעלס־פראגען, נאר מיט געוויסע באגרענצונגען. ערשטענס, זאל די רעגירונג ניט טארען ארויפלייגען קיין שטייערען אויף עקספארט. דאס האט פארזיכערט די סאוט, אז זי זאל קענען אירע פראדוקטען ארויסשיקען קיין אויסלאנד אן שטערונגען. צווייטענס, אז אלע אפמאכען מיט אויסלאנד זאלען מוזען גוט־געהייסען ווערען פון צוויי־דריטעל פון סענאט. דאס האט פאר־זיכערט די סאוט, אז אן איר צושטימונג וועלען קיין האנדעלס־אפמאכען מיט אויסלאנד ניט דורכגעפירט ווערען. א דריטעל פון סענאט, האט די סאוטה גערעכענט, וועט זי שטענדיג קענען קאנטראלירען.

א פשרה איז אויך געמאכט געווארען אין דער פראגע, צי די נעגער שקלאפען זאלען געציילט ווערען אלס מענשען אדער ניט. די סאוטה האט געפאדערט אז מען זאל זיי יע ציילען, כאטש זיי האבען קיין שום מענשליכע רעכט ניט געהאט, מען זאל זיי ציילען אלס א טייל פון דער באפעלקערונג, כדי די סאוט זאל בארעכטיגט זיין צו מער פארשטייער אין דער „האוז אוו רעפ־רעזענטאטיווס”. די נארט האט גע'טענה'ט, אז וויבאלד די נעגערס ווערען באטראכט ווי בהמות, דארף מען זיי ניט אריינ־רעכענען אין דער באפעלקערונג. איז געמאכט געווארען א פשרה, אז א נעגער זאל געציילט ווערען אלס דריי־פינפטעל פון א מענשען.

די סאוטה האט אויך אויסגעפירט, אז דירעקטע שטייערען זאלען איינגעטיילט ווערען ניט לויט דעם רייכטום פון די שטא־טען אדער דעם אייגענטום פון די איינוואוינער, נאר לויט דער צאל פון די איינוואוינער. אין דער נארטה זיינען די פארמס געווען קליינע; אין דער סאוטה זיינען זיי געווען גרויסע. ווען די שטייערען וואלטען איינגעטיילט געווארען לויט דעם ווערט פון די פארמס, לויט דעם אייגענטום פון די פארמער, וואלטען די פארמער אין דער סאוטה געמוזט צאלען מער. עס איז אויך געווען אין די אינטערעסען פון די רייכע לייט אין דער נארטה. אז דירעקטע טעקסעס זאלען ניט געצאלט ווערען לויט אייגענטום,

נאָר לויט דער צאָל פון נפשות אין יעדען שטאַט. דאָס הייסט, אַז די אָרימע און רייכע זאָלען צאָלען גלייך. די פאָרשטייער פון די רייכע קלאַסען אין דער נאָרטה האָבען דעריבער ניט שטאַרק געקעמפט געגען דער פאָדערונג פון דער סאוטה, און אַזוי איז איינגעשריבען געוואָרען דער פונקט אין דער קאָנסטיטוציע, אַז דירעקטע שטייערען זאָלען איינגעטיילט ווערען לויט דער באַפעל־קערונג פון די שטאַטען*).

די פראַגע וועגען נייע שטאַטען וואָס וועלען שפּעטער אריינ־גענומען ווערען — צי זיי זאָלען אין דער נייער רעגירונג האָבען גלייכע רעכט מיט די אַלטע שטאַטען — האָט אויך ארויסגע־רופען דיסקוסיעס. די רייכע מאַכט־האָבענדע קלאַסען האָבען זיך געשראָקען פאַר די נייע שטאַטען פון די וועסט, ווייל דאָרטען האָבען זיך באַזעצט אָרימע. זיי האָבען מורא געהאַט, אַז אויב מען וועט יענע שטאַטען געבען גלייכע רעכט, קענען זיי מיט דער צייט קריגען אַ מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס און סוף־כל־סוף אריינקריגען די רעגירונג אין זייערע הענט. עס זיינען געמאַכט געוואָרען פאַרשידענע פאָרשלאַגען. טייל דעלעגאַטען האָבען גע־וואָלט באַוואָרענען אין דער קאָנסטיטוציע, אַז די נייע שטאַטען, ווי גרויס זייער צאָל זאָל ניט זיין, זאָלען ניט טאָרען האָבען מער פאָרטרעטער אין קאָנגרעס ווי די ערשטע דרייצען שטאַטען. די מערסטע דעלעגאַטען האָבען אָבער אויף אַזוינע פאָרשלאַגען ניט געוואָלט איינגיין.

און עס איז ווידער געמאַכט געוואָרען אַ מין פשרה. עס איז אָנגענומען געוואָרען דער פונקט, אַז נייע שטאַטען קענען

---

*) צוליב אָט דעם פונקט אין דער קאָנסטיטוציע איז שפּעטער אומ־מעגליך געווען דורכצופירען דעם הכנסה־שטייער, אדער „אינקאַם־טעקס" געזעץ. מען האָט געמוזט פריער מאַכען אַן אַמענדמענט צו דער קאָנ־סטיטוציע און ענדערען דעם פונקט. ערשט נאָכדעם, ווי מען האָט דעם אַמענדמענט דורכגעפירט, און דאָס האָט געדויערט שוינע עליכע יאָר, האָט מען געקענט איינפירען אַן „אינקאַם־טעקס", וועלכער נעמט שטייערען ביי די בירגער לויט זייערע פאַרדינסטען.

אריינגענומען ווערען אין די פאראייניגטע שטאטען דורך דעם קאנגרעס. דאס הייסט, אז דער קאנגרעס האט דאס רעכט אריינצונעמען אדער ניט אריינצונעמען א נייעם שטאט. די דער־לעגאטען האבען געהאפט, אז דער קאנגרעס וועט שוין אכטונג געבען, אז עס זאל קיינמאל ניט געשאפען ווערען א לאגע, וואו די ארימע שטאטען פון די וועסט זאלען קריגען א גרעסערע דעה אין דער רעגירונג ווי די רייכע שטאטען פון די איסט.

קאפיטעל 6.

# ווי אזוי די שטאטען האבען גוטגעהייסען די קאנסטיטוציע.

די קאנוועגשאן האט באשלאסען אז די קאנסטיטוציע זאל דורך דעם קאנגרעס איבערגעגעבען ווערען צו די שטאט-לע-דזשיסלייטשורס מיט דער רעקאמענדאציע אז די לעדזשיסלייטשורס זאלען פאררופען ספעציעלע שטאט-קאנוועגשאנס צו באשטימען אויב די קאנסטיטוציע זאל אנגענומען אדער צוריק-געוויזען ווערען. דער דאזיגער באשלוס פון דער קאנוועגשאן איז, נאך דער מיינונג פון אזא גרויסען אויטאריטעט איבער קאנסטיטוציאנעלע געזעץ ווי פראפעסאר באירדזשעס, געווען א „קו-ד'עטא", אן אומגעזעצליכע איבערקערעניש. די קאנוועגשאן איז לכתחילה פאררופען געווארען צו מאכען „אמענדמענטס", ענדערונגען, אויסבעסערונגען אין דער עקזיסטירענדער קאנסטיטוציע, אין די „ארטיקלס אוו קאנפעדערייששאן". לויט דעם אלטען געזעץ האבען אלע אזעלכע ענדערונגען געמוזט קריגען די צושטימונג פון אלע דרייצען לעדזשיסלייטשורס פון אלע דרייצען שטאטען. די קאנוועגשאן איז אבער אריבערגעשפרונגען די אויטאריטעט פון די לעדזשיסלייטשורס און געהייסען פארלייגען די נייע קאנסטיטוציע פאר ספעציעלע שטאט קאנוועגשאנס. „ווען א נאפאלעאן" — זאגט באירדזשעס — „וואלט אזוי געהאנדעלט וואלט מען דעם אקט פארדאמט אלס א קו-ד'עטא".

צוליב פיר אורזאכען האט די קאנוועגשאן ארויסגענומען דעם שיקזאל פון דער קאנסטיטוציע פון די הענט פון די שטאט-

לעדזשיסלייטשורס און איהר איבערגעגעבען אין די הענט פון ספעציעלע קאנווענשאנס.

ערשטענס, ווען די שטאט־לעדזשיסלייטשורס וואלטען גע־שטימט וועגען דער קאנסטיטוציע, דאן וואלט געגוג געווען אז איין שטאט זאל שטימען געגען, אז זי זאל אינגאנצען דורכפאלען. דער אלטער געזעץ האט דאך געלויטעט, אז אלע ענדערונגען אין די „ארטיקלס אוו קאנפעדערייששאן" מוזען אנגענומען ווערען איינשטימיג. אבער אז עס איז באשטימט געווארען א נייע סיס־טעם פון גוט־הייסונג, האט דער קאנגרעס שוין אויך געקענט באשטימען נייע רעגעלען, און ער האט טאקע באשלאסען, אז אויב ניין שטאטען וועלען גוטהייסען די קאנסטיטוציע, דאן איז זי אנ־גענומען און זי גייט אריין אין קראפט. עס פארשטייט זיך, אז זי וועט דעמאלט זיין גילטיג בלויז פאר יענע שטאטען, אבער די ניין וועלען זיך ניט דארפען רעכענען מיט די איבעריגע פיר און וועלען קענען אליין גרינדען די נייע פעסטע רעגירונג אונטער דער נייער קאנסטיטוציע.

צווייטענס, אזוי ווי די קאנסטיטוציע האט באגרעניצט די מאכט פון די שטאט־רעגירונגען, האט די קאנווענשאן מורא גע־האט, אז די לעדזשיסלייטשורס וועלען זיין אומצופרידען מיט איהר און וועלען זי צוריקווייזען, ווייל זיי וועלען דאך ניט וועלען אפפערען זייער אייגענע מאכט.

דריטענס, איינע פון די הויפט־צילען פון די פארפאסער פון דער קאנסטיטוציע איז געווען, אז די נאציאנאלע רעגירונג זאל איבערנעמען אלע חובות און זיי באצאלען. די גרויסע מאסען זיינען געווען געגען דעם, און די פראקטיק אין די „קריטישע יארען" האט באוויזען, אז די לעדזשיסלייטשורס האבען אין א סך פעלע מורא געהאט, אין דער פראגע פון חובו־, צו האנדלען געגען דעם ווילען פון פאלק. די קאנווענשאן זאט דעריבער אויסגערעכענט, אז ווען עס וועלען געוועהלט ווערען ספעציעלע שטאט־קאנווענשאנס צו באשטימען דעם שיקזאל פון דער פאר־געשלאגענער קאנסטיטוציע, וועט עס געלינגען צו ערוויילען אזוי־נע מענשען פאר דעלעגאטען, וועלכע וועלען זיך ניט שרעקען

פאַר'ן ווילען אָדער צאָרן פון די מאַסען און וועלען די קאָנסטי־טוציע גוטהייסען.

פערטענס, די קאָנווענשאָן האָט גערעכענט, אַז דערמיט וואָס עס וועלען גערופען ווערען ספּעציעלע שטאַט־קאָנווענשאָנס, וועט די קאָנסטיטוציע קריגען אַ גרעסערען פּרעסטיזש. עס וועט הייסען, אַז זי האָט אונטער זיך דעם פעסטען באָדען פון דער צו־שטימונג און גוטהייסונג פון „גאַנצען פאָלק".

די פריינט און אָנהענגער פון דער קאָנסטיטוציע זיינען גע־ווען אין אַ סך אַ בעסערער פּאָזיציע גלייך פון אָנפאַנג. זיי האָבען געהאַט אַלע נויטיגע מיטלען אָנצופירען זייער אַגיטאַציע. די קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענשאָן איז געווען אַ געהיימע, הינטער פאַרשלאָסענע טירען. די דרויסענדיגע וועלט האָט ניט געוואוסט וואָס דאָרטען איז פאָרגעקומען. עס האָט געדויערט אַ צייט איי־דער די מאַסען זיינען באַקאַנט געוואָרען מיט דעם אינהאַלט פון דער קאָנסטיטוציע און פאַרשטאַנען ריכטיג די באַדייטונג פון יעדען פונקט. די אַגיטאַציע פון די געגנער האָט געמוזט אָפּגע־לייגט ווערען ביז וואַנען זיי האָבען זיך באַקאַנט מיט דעם אינ־האַלט, בשעת די אגיטאַציע פון די פריינט האָט זיך געקענט אָנ־הויבען פון ערשטען מאָמענט אָן. אין אַ טייל שטאַטען האָבען די מאַכטהאָבענדע זיך באַנוצט מיט דער סיטואַציע. זיי האָבען געזען אַז די שטאַט־קאָנווענשאָנס זאָלען וואָס שנעלער גערופען ווערען, און זאָלען די קאָנסטיטוציע גוטהייסען, נאָך איידער די אָפּאָזיציע האָט צייט געהאַט צו אָרגאַניזירען אירע כחות.

אָבער דער עיקר איז, וואָס אין דער קאָנסטיטוציע זיינען געווען פאַראינטערעסירט די אַריסטאָקראַטען, די רייכע, די פּאָ־ליטיש־מעכטיגע. און זיי האָבען אָנגעווענדט אַלע מיטלען, זוי־בערע און ניט קיין זויבערע, זייער ציל צו דערגרייכען. די גאָר אָרימע האָבען אייגענטליך גאָר קיין דעה ניט געהאַט, ווייל פאַר די דעלעגאַטען צו די קאָנווענשאָנס האָבען געשטימט בלויז יענע בירגער וועלכע האָבען געהאַט שטימרעכט, און, ווי שוין געזאָגט, אין יענער צייט האָבען די גאָר־אָרימע קיין שטימרעכט ניט געהאַט אָבער אפילו צווישען די שטים־באַרעכטיגטע זיינען גע־

ווען גרויסע צאלען, וואס האבען מורא געהאט פאר א שטארקער נאציאנאלער רעגירונג, ווייל זיי האבען געוואוסט אז אזא רעגי־רונג וועט ביי זיי נעמען שטייערען צו באצאלען די וועקסלען, וועלכע זיינען איצט געווען אין די הענט פון ספעקולאנטען און רייכע געלט־מענשען. זיי האבען זיך אויך געשראקען, אז אזא רעגירונג וועט העלפען די לאנד־ספעקולאנטען, די גרויסע שיף־קאמפאניעס, די רייכע פאבריקאנטען — און אלץ אויפ'ן חשבון פון די קליינע פארמער און קליינע הענדלער. דעריבער זיינען דיזעלבע קלאסען, וואס האבען אין די פריערדיגע יארען געפא־דערט פאפיר־געלט און פארטריבען די ריכטער און אדוואקאטען פון די געריכטען און געמאכט די אלע אומרוהען, איצט ארויס־געטראטען געגען דעם, אז די קאנסטיטוציע זאל גוטגעהייסען ווערען. די סטראטעגיקע פון די רייכע קלאסען און זייערע פאר־שטייער איז געווען געצילט אט די געגנער צו באזיגען.

### ווי אזוי איז דאס געטאן געווארען?

דער ערשטער שטאט וואס האט זיך אפגערופען איז געווען ניו־העמשיר. זיין לעדזשיסלייטשור האט אנגענומען די רעזאלו־ציע צו רופען א קאנווענשאן אין מיטען מאנאט דעצעמבער. וואלען פאר דעלעגאטען זיינען אפגעהאלטען געווארען עטליכע וואכען נאך דער רעזאלוציע. די קאנווענשאן איז פאררופען גע־ווארען אין מיטען מאנאט פעברואר, 1788. די מערסטע דעלע־גאטען זיינען געווען אויסגעשפראכען געגען דער קאנסטיטוציע. אבער די פייאיגע און איינפלוסרייכע דעלעגאטען זיינען געווען פאר דער קאנסטיטוציע. זיי איז געלונגען איבערצורעדען א טייל פון די געגנער. יענע האבען אבער מורא געהאט צו שטי־מען געגען דעם ווילען פון זייערע וויילער. איז באשלאסען גע־ווארען צו שליסען די זיצונג אויף א פאר מאנאט צייט, כדי צו געבען די דעלעגאטען א געלעגענהייט צו פארען צוריק אין זיי־ערע שטעדטלעך און זיך דורכריידען מיט די בירגער. ביי דער

צווייטער זיצונג איז די קאָנסטיטוציע גוטגעהייסען געוואָרען מיט 57 שטימען געגען 47*).

מאַסאַטשוזעטס האָט איר קאָנווענשאָן פאַררופען אין דער צווייטער וואָך פון יאַנואר. דאָרטען האָט פּאַסירט דאָסזעלבע וואָס אין ניו־העמשיר. אָט וואָס דער היסטאָריקער פון מאַסאַטשוזעטס, האַרדינג, שרייבט:

„ווען די פראַגע וואָלט גענומען געוואָרען צו אַן אָפּשטימונג גלייך ווי די דעלעגאַטען האָבען זיך פאַרזאַמעלט, איז קיין צווייפעל ניט, אַז די קאָנסטיטוציע וואָלט נידערגעשטימט געוואָרען מיט אַ ריזיגער מאַיאָריטעט". אַלערליי מיטלען זיינען אָנגעווענדעט געוואָרען צו באַאיינפלוסען די דעלעגאַטען. מען האָט די אָפּשטימונג אָפּגעלייגט און אָפּגעלייגט. ווען עס איז ענדליך געקומען צום שטימען, זיינען ניין דעלעגאַטען ניט געווען. די ניין וואָלטען זיכער געשטימט געגען. אָן זיי האָט דער רעזולטאַט געוויזען 187 דאַפיר און 168 דאַגעגען, — אַ מאַיאָריטעט פון בלויז 19. דערביי מוז באַמערקט ווערען, אַז 46 שטעטלאך האָבען גאָר קיין דעלעגאַטען ניט געשיקט. עס איז קיין ספק ניט, אַז די מערסטע פון זיי, אויב ניט טאַקע אַלע, וואָלטען געווען דאַגעגען. די שטעטלאך, וואו די פריינט פון דער קאָנסטיטוציע האָבען געהאַט די מאַכט, האָבען גוט אַכטונג געגעבען אַז דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן זאָלען געשיקט ווערען. דער זעלבער היסטאָריקער האַרדינג שרייבט: „עס איז דאָ אַן

*) וואָס עס האָט אין פאַרלויף פון די עטליכע מאָנאַטען פּאַסירט — צי די דעלעגאַטען האָבען ווירקליך געקראָגען די צושטימונג פון זייערע וויילער צו ענדערען זייער שטעלונג, — ווייסט מען איצט ניט. עס ווערט אָבער דערציילט, אַז פיר דעלעגאַטען, וואָס וואָלטען זיכער געשטימט געגען, זיינען אין דעם טאָג פון דער אָפּשטימונג איינגעלאַדען געוואָרען צו אַ מאָלצייט צו אַ רייכען אָנהענגער פון דער קאָנסטיטוציע. דער מאָלצייט איז בכיוון פאַרצויגען געוואָרען, ביז וואַנען די פראַגע איז ביי דער קאָנווענשאָן אָפּגעשטימט געוואָרען. יעדענפאַלס, ווען אַלע דעלעגאַטען וואָלטען גלייך אין אָנפאַנג געשטימט לויט דעם וואונש פון די בירגער, וואָלט ניו־העמשיר געווען דאַגעגען.

אויטאָריטעטע באהויפּטונג, אַז פילע דעלעגאַטעןביי דער מאַסאַטשוזעטס'ער קאָנווענשאָן זיינען אונטערגעקויפט געוואָרען מיט געלט וואָס ניו יארקער גבירים האָבען אריינגעשיקט. קיין באשטימטע באווייזען זיינען אויף דעם ניטאָ". פּראָפעסאָר הארדינג זאָגט ווייטער, אַז נאָך זיין מיינונג איז די באהויפּטונג ניט גענוג באַגרינדעט.

די פיר שטאַטען — קאָנעטיקוט, ניו־דזשוירזי, דזשאָרדזשיא און דעלאווער, האָבען פאררופען זייערע קאָנווענשאָנס אין איילעניש, און אין איילעניש האָבען די קאָנווענשאָנס די קאָנסטיטוציע גוטגעהייסען. די זאַך איז דאָרטען אָפּגעטאָן געוואָרען אזוי שנעל, אַז די אָפּאָזיציע האָט קיין צייט ניט געהאַט צו אָרגאַניזירען אירע קרעפטען.

אַ ביטערער קאַמף איז פאָרגעקומען אין ניו יארק. ווען די קאָנווענשאָן האָט זיך געעפענט, זיינען צוויי־דריטעל פון די דעלעגאַטען געווען געגען דער קאָנסטיטוציע. אין ניו יארק איז די לאַגע געווען אַ גאַנץ באַזונדערע. דאָ זיינען ניט בלויז די אָרימע און די מיטעל־קלאַסען געווען געגען דער קאָנסטיטוציע. עס זיינען געגען איהר אויך געווען די גרויסע לאַנד־באַזיצערביים טייך האָדסאָן. זיי האָבען ניט געוואָלט אַז ניו יארק זאָל פארלירען די גרויסע סומען געלט, וואָס זי פלעגט קאָלעקטירען אלס שטייערען אין איר האַפען. ווען עס ווערט געגרינדעט אַ שטאַרקע נאַציאָנאַלע רעגירונג, ווערען די שטייערען פארבאָטען, ווייל די קאָנסטיטוציע זאָגט בפירוש, אַז בלויז די נאַציאָנאלע רעגירונג קען ארויפלייגען און נעמען אזוינע שטייערען. די רייכע לאַנד־אייגענטימער האָבען מורא געהאַט, אז ווען דער שטאַט וועט פארלירען דעם דאָזיגען קוואַל פון הכנסה, וועט ער ארויפלייגען שטייערען אויף זיי, אויף די לאַנד־באַזיצער. דערפאַר זיינען זיי געווען געגען דער קאָנסטיטוציע. נאָכדעם אָבער, ווי די אַרומיגע שטאַטען, ניו־דזשוירזי און קאָנעטיקאָט, האָבען די קאָנסטיטוציע גוטגעהייסען, האָבען זיך א סך פון די ניו יארקער דעלעגאַטען געבויגען. זיי האָבען איינגעזען, אַז אויב די אַרומיגע שטאַטען וועלען אריינטרעטען אין דער נאַציאָנאַלער רעגירונג, וועט אומ־

מעגליך זיין פאר ניו יארק, פון א ריינעם געשעפטס־שטאנדפונקט, צו בלייבען פון דרויסען. אָבער טראָץ דער איבערצייגונג און טראָץ די אַלע מיטלען, וואָס זיינען אָנגעווענדט געוואָרען צו באאיינפלוסען די דעלעגאטען, איז די קאָנסטיטוציע ביי דער לעצטער אָפּשטימונג שיער, שיער ניט דורכגעפאלען. זי איז אָנגענומען געוואָרען מיט א מאיאריטעט פון בלויז דריי שטימען. עס זיינען געווען 30 פאר און 27 געגען.

א שטורמדיגער קאמף איז אויך פאָרגעקומען אין פענסילוויניא. די אָנהענגער פון דער קאָנסטיטוציע האָבען זיך באַנוצט מיט גוואלד מיטלען צו צווינגען די דעלעגאטען צו קומען צו די זיצונגען. מאנכע פון זייערע האנדלונגען זיינען אפילו געווען אומגעזעצליך. זיי האָבען ענדליך געוואונען מיט 46 שטימען געגען 23*).

נאָכדעם ווי די פענסילווייניער קאָנווענשאָן האָט זיך געענדיגט, האָבען 21 דעלעגאטען אונטערגעשריבען א פּראָטעסט־דערקלערונג. זיי האָבען דערציילט, אז די קאָנווענשאָן איז פארדפען געוואָרען אין אזא איילעניש, אז פון די זיבעציג טויזענט שטים־בארעכטיגטע בירגער אין דעם שטאט, האָבען בלויז דרייצען טויזענט געשטימט אין די וואלען פאר דעלעגאטען.

די צוויי שטאַטען, וואו אַלץ איז צוגעגאנגען כשורה, זיינען געווען מערילאנד און סאוטה קאראָליינא. דאָ האָבען די בירגער געהאַט גענוג צייט צו באטראכטען די גאנצע פראַגע איידער

---

*) דער היסטאָריקער מעקמעסטער דערציילט דאָס פאָלגענדע אין פארבינדונג מיט דער פענסילוויניער קאָנווענשאָן: א געוויסער לאָיד האָט געלאָזט וויסען אין דער פרעסע, אז ער וועט זיין ביי דער קאָנווענשאָן, וועט פארשרייבען אלע דעבאטען און אַלע פארהאנדלונגען און וועט זיי אָפּדרוקען אין ביכלעך. ער האָט אָנגעבאָטען צו פארקויפען די באריכטען פון דער קאָנווענשאָן פאר דעם פרייז פון א דאָלער פאר יעדע הונדערט בלעטער. ער האָט אָבער זיין פארשפרעכען ניט דערפילט. די רייכע דאָבען איהם אונטערגעקויפט. פון יוצא וועגען האָט ער אָפּגעדרוקט אַ דינעם ביכעל, אין וועלכען עס זיינען געווען באַריכטעט די רעדעס פון בלויז צוויי דעלעגאטען. ביידע רעדעס זיינען געווען לטובת דער קאָנסטיטוציע.

זיי האבען געוויילט די דעלעגאטען. די דעלעגאטען האבען גע־האט געגוג געלעגענהייט זיך צו באקענען מיט דער קאנסטיטו־ציע איידער די קאנווענשאן האט זיך געעפענט. איןביידע שטא־טען איז די קאנסטיטוציע גוטגעהייסען געווארען מיט גרויסע מאיאריטעטען.

אין ווירדזשיניא איז אויך פארגעקומען א הייסער קאמף. טראץ דעם וואס אין דעם שטאט זיינען געווען די גרעסטע און איינפלוסרייכע פארקעמפער פאר דער קאנסטיטוציע, וואשינג־טאן און מעדיסאן, איז זי אנגענומען געווארען מיט א מאיא־ריטעט פון בלויז 10 שטימען — 89 פאר און 79 געגען. דער אנפירער פון די געגנער איז געווען דער גרויסער רעוואלוציאנער פעטריק העגרי.

נארטה קאראליינא האט די קאנסטיטוציע צוריקגעוויזען מיט 184 שטימען געגען 84. רהאוד איילאנד האט לכתחילה ניט גע־שיקט קיין דעלעגאטען צו דער קאנסטיטוציאנעלער קאנווענשאן, און זי האט איצטער אויך קיין שטאט־קאנווענשאן ניט פאררופען די קאנסטיטוציע צו פארהאנדלען.

די צוויי שטאטען האבען זיך אן דער נייער רעגירונג אנ־געשלאסען נאכדעם ווי די קאנסטיטוציע איז שוין געווען אין קראפט. די ארומיגע שטאטען האבען זיי פשוט געצוואונגען דאס צו טאן דורך סטראשונקעס און דורך עקאנאמישען דרוק. נארטה קאראליינא האט זיך אנגעשלאסען אין נאוועמבער, 1789, און רהאוד איילאנד אין מאי, 1790.

פראפעסאר בירד, אין זיין ווערק „די עקאנאמישע אויס־טייטשונג פון דער קאנסטיטוציע פון די פאראייניגטע שטאטען" קומט צו די פאלגענדע שלוסען וועגען דעם ווי אזוי די קאנ־סטיטוציע איז פארפאסט געווארען און ווי זי איז אנגענומען גע־ווארען:

1) די באוועגונג צו שאפען די קאנסטיטוציע איז אנגעהוי־בען און דורכגעפיהרט געווארען פון פיר געלט־קלאסען, וועלכע האבען אונטער דער פריערי גער רעגירונגס־סיסטעם געליטען עקא־נאמיש. די קלאסען זיינען געווען: די באזיצער פון געלט, די

באזיצער פון רעגירונגס־ווע קסלען, פאבריקאנטען און סוחרים, און שיף־אייגענטימער.

2) די ערשטע שריט צו שאפען א קאנסטיטוציע זיינען געמאכט געווארען פון א קלייגער אבער אקטיווער גרופע מענשען, וואס זיינען אין דעם געווען פערזענליך פאראינטערעסירט פון א ריין־עקאנאמישען שטאנדפונקט.

3) די פראגע, צי עס זאל גערופען ווערען א קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאן, איז נים אפגעשטימט געווארען פון פאלק, נים דירעקט און נים אינדירעקט.

4) די מיטגלידער פון דער פילאדעלפיער קאנווענשאן, וועלכע האט פארפאסט די קאנסטיטוציע, זיינען, מיט געציילטע אויסנאמען, געווען דירעקט און פערזענליך פאראינטערעסירט אין דער קאנסטיטוציע. זיי האבען עקאנמיש געוואונען פון דער גרינדונג פון דער נייער רעגירונג.

5) די קאנסטיטוציע איז אין גרונד אן עקאנאמישער דאקומענט. ער שטיצט זיך אויף דעם געדאנק, אז די רעכט פון פריוואט אייגענטום טארען נים אנגערירט ווערען פון פאלק.

6) אין דער אפשטימונג וועגען גוטהייסען די קאנסטיטוציע האבען דריי־פערטעל פון דער מענער־באפעלקערונג פון איבער 21 יאר, זיך נים באטייליגט. בלויז א פערטעל פון די מענער פון דעם עלטער האבען איינטייל גענומען אין די וואלען פאר דעלעגאטען צו די שטאט קאנווענשאנס וואס האבען איבער דער קאנסטיטוציע געדארפט שטימען.

7) די קאנסטיטוציע איז גוטגעהייסען געווארען דורך די שטימען פון נים מער ווי א זעקסטעל פון דער דערוואקסענער מענער־באפעלקערונג אין לאנד.

8) עס איז א גרויסער ספק, צי די מאיאריטעט פון די וואס האבען געשטימט פאר די דעלעגאטען צו די קאנווענשאנס אין ניו יארק, מאסאטשוזעטס, ניו העמשיר, ווירדזשיניא און סאוטה קאראליינא, האבען געוואלט אז די קאנסטיטוציע זאל אנגענומען ווערען.

9) די פירער, וועלכע האבען ביי די שטאט־קאנוועגשאנס געקעמפט פאר אננעמען די קאנסטיטוציע, האבען פארטראטען דיזעלבע געלט־קלאסען ווי די דעלעגאטען ביי דער קאנוועגשאן אין פילאדעלפיא.

קאפיטעל 7.

# מחלוקות, אינטריגעס, סקאנדאַלען איבער טערי־טאָריע ביי די גרעניצען.

איינע פון די שווערע פראגען מיט וועלכע דאָס לאַנד האָט זיך געראַנגעלט אין פארלויף פון דער „קריטישער עפּאָכע” איז געווען די פראַגע פון גרעניצען. אין דער דאָזיגער פראַגע זיי־נען געווען פארוויקעלט אי אויסלענדישע סכסוכים, אי אינלענדי־שע רייסערייען. דאָס לאַנד, אלס גאַנצעס, פאראייניגט אונטער דעם קאָנגרעס, האָט געפירט פארהאַנדלונגען מיט די צוויי גרע־ניץ־לענדער — ענגלאַנד און שפּאַניען, און די שטאַטען צווישען זיך האָבען זיך געקריגט איבער זייערע לאָקאַלע גרעניצען און איבער די טעריטאָריעס וואָס זיינען געלעגען ווייטער, אריבער די גרעניצען.

די דרייצען שטאַטען זיינען אַלע געלעגען ביים אַטלאַנטישען ברעג. די ישובים האָבען זיך געצויגען פון ברעג ביז אַ פּאָר הונדערט מייל אין לאַנד אריין. דאָרט האָבען זיי זיך אָנגעשלאָ־גען אָן אַ קייט פון בערג און דאָ האָבען זיי זיך געענדיגט. אויף יענער זייט פון די בערג האָבען געוואוינט אינדיאַנישע שבטים. עס האָבען זיך דאָרטען אויך געפונען האַנדעלס־פּאָסטענס, וואָס די פראַנצויזישע פוטער־הענדלער האָבען אויפגעשטעלט אין פאר־לויף פון הונדערטער יאָהרען. אַז ענגלאַנד האָט געמאַכט אַ סוף צו דער פראַנצויזישער הערשאַפט אין אַמעריקאַ, זיינען די פּאָסטענס אריבער צו ענגלאַנד. אין דער צייט פון דער רעוואָ־לוציע האָבען די פּאָסטענס געדינט פאַר ענגלישע פעסטונגען.

נאָך איידער די רעוואָלוציע איז געקומען האָט זיך שוין אָנ־

געהויבען אן אויסוואנדערונג פון די קאלאניעס צו דער נייער טעריטאריע אויף יענער זייט פון די בערג. די ענגלישע רעגי־רונג, די דארטיגע פראנצויזישע איינוואוינער, און די אינדיאנער, זיינען אלע געווען געגען דער אימיגראציע. ענגלאנד האט מורא געהאט, אז ווען די אמעריקאנער וועלען זיך אויסשפרייטען אויף וויטע שטרעקעס לאנד, וועט זי פארלירען דעם קאנטראל איבער זיי. די פראנצויזען האבען מורא געהאט, אז די אמעריקאנער קאלאניסטען וועלען אויסהאקען די וועלדער און פארטרייבען די פוטער־חיות. די אינדיאנער האבען סתם ניט געוואלט ליידען אז נאך ווייסע זאלען פארכאפען זייער לאנד. אט דער פאר־איינינגטער ווידערשטאנד האט פיל געווירקט צוריקצוהאלטען דעם שטראם פון אימיגראציע אריבער די בערג, כאטש אינגאנצען אים אפצאמען איז אוממעגליך געווען.

אין צייט פון דער רעוואלוציע האט ענגלאנד אויסגענוצט די אינדיאנער אין יענעם געגענד. זי האט זיי אויפגעהעצט צו פאגראמען אויף די קאלאניסטען. די אמעריקאנער איינוואוי־נער ביי די גרעניצען האבען שטארק געליטען פון די אינדיאנישע אנפאלען. זיי האבען אבער אויך ניט געשוויגען. זיי האבען ארגאניזירט עקספעדיציעס, זיינען אריינגעדרונגען אין יענער טע־ריטאריע און האבען פארכאפט פיל פון די וויכטיגע פאסטענס. די געשיכטע פון יענע עקספעדיציעס איז פול מיט שטוינענדע און אומגלויבליכע העלדען־טאטען פון די אמעריקאנער.

ביים שלום אפמאך האט ענגלאנד איינגעשטימט, אז די גאנ־צע טעריטאריע אויף יענער זייט פון די בערג ביז דעם מיסיסיפי טייך זאל געהערען צו די פאראייניגטע שטאטען. אויף דער צפון זייט איז אלס גרעניץ באשטימט געווארען די וואסערען און דאס לאנד צווישען די וואסערען, וואס ליגען ביי קענעדע. אלס דרום־גרעניץ איז באשטימט געווארען פלארידא (וועלכע האט דעמאלט איינגעשלאסען א פיל גרעסערע שטיק לאנד ווי דער איצטיגער שטאט פלארידא). דאס לאנד אויף יענער זייט מיסיסיפי, און אויך פלארידא, האבען באלאנגט צו שפאניען. די פאראייניגטע שטאטען האט זיך אלזא געגרעניצט אויפ'ן צפון זייט מיט ענג־

לישער טעריטאָריע, אויפ'ן מערב זייט און אויפ'ן דרום זייט מיט שפּאַנישער טעריטאָריע.

און מיט אָט די צוויי לענדער האָבען די פאראייניגטע שטאַטען איצט געהאַט א היבש ביסעל צרות. ענגלאַנד האָט צוגעזאָגט צוריקצוציהען אירע סאָלדאַטען פון די פּאָסטענס אין דער טעריטאָריע אונטער קענעדע, אָבער זי האָט איר וואָרט ניט געהאַלטען. דאָ איז געוועזן א פראַגע פון געשעפט. דורך די פּאָסטענס איז געפירט געוואָרען דער פוטער־האַנדעל מיט די אינדיאַנער אין דער גאַנצער געגענד. ענגלאַנד האָט געוואוסט, אַז אַזוי שנעל ווי די פּאָסטענס וועלען אריבערגיין אין אַמעריקאַנישע הענט, וועט דער פוטער־האַנדעל אויך אריבערגיין צו די אַמעריקאַנער. פריהער פלעגט דער האַנדעל געפירט ווערען דורך קענעדע, — דורך מאָנטרעאַל. איצט אָבער וועט ער אָפּגעווענדט ווערען און וועט גיין דורך ניו יארק — דורך אָלבאַני. די ענגלישע רעגירונג האָט געוואוסט, אַז די דרייצען שטאַטען זיינען צווישען זיך ניט אייניג און אַז די פעדעראַלע רעגירונג איז שוואַך, און דערפאַר האָט זי זיך ניט געאיילט ארויסצוגיין פון די פּאָסטענס. פאַר אַן אָפיציעלען תירוץ האָט ענגלאַנד אָנגעוויזען דארויף, וואָס די אַמעריקאַנישע רעגירונג האָט ניט געהאַלטען דעם אָפּמאַך בנוגע די אַלטע חובות וואָס אַמעריקאַנישע סוחרים זיינען שולדיג געוועזן די ענגלישע סוחרים, און אויך ניט בנוגע די פאַרפאַלגונגען אויף די לאָיאַליסטען. ערשט נאָכדעם ווי די אַמעריקאַנישע רעגירונג איז געוואָרען א פעסטע רעגירונג אונטער דער קאָנסטיטוציע, האָט ענגלאַנד זיך גענומען צוהערען צו אַמעריקאַ'ס פאָדערונגען, און עס האָט געדויערט ביז 1796 איידער די אַלע פּאָסטענס זיינען אָפּגעליידיגט געוואָרען פון ענגלישע סאָלדאַטען.

די סכסוכים מיט שפּאַניען זיינען געווען פון א מער ערנסטען כאַראַקטער. די פלאָרידאַ־פּראָווינץ אין די סאוטה האָט איינגעשלאָסען דעם טייל לאַנד, וואו דער מיסיסיפּי טייך פאַלט אריין אין דעם „גאָלף אָוו מעקסיקאָ". אין יענער געגענד זיינעןביידע זייטען פון דעם מיסיסיפּי געלעגען אין שפּאַנישער טעריטאָריע.

אין 1786 האט שפאניען פארשפארט דעם טייך פאר די אמע־ריקאנישע פיאנערען, וואס האבען זיך באזעצט אויף יענער זייט פון די בערג. פאר די אמעריקאנער קאלאניסטען איז דאס גע־ווען א גרויסער שטער. קיין שאסייען איבער'ן לאנד זיינען דע־מאלט כמעט ניט געווען. דער גאנצער פארקער איז אנגעגאנ־גען דורך די וואסערען. פאר די איינוואוינער ארום דעם מי־סיסיפי איז דער טייך געווען דער וויכטיגסטער, אויב ניט דער איינציגער האנדעלס־שליאך. דערמיט וואס שפאניען האט דעם טייך פאר זיי פארשפארט, האט זי זיי אפגעשניטען פון דער וועלט.

ביידע לענדער, ענגלאנד און שפאניען, האבען געהאפט אז דערמיט וואס זיי מאכען שטערונגען פאר די קאלאניסטען ביי די גרעניצען, וועלען זיי ווירקען אז די קאלאניסטען זאלען זיך איינגאנצען אפרייסען פון די פאראייניגטע שטאטען און זיך אנ־שליסען אן זיי. ענגלאנד האט געהאפט אויף אזא אופן צו געווי־נען די באפעלקערונג און די טעריטאריע וואס געפינט זיך ניט ווייט פון קענעדע. שפאניען האט געהאפט צו געווינען די טע־ריטאריע ביים מיסיסיפי טייך. און עס איז גאנץ מעגליך גע־ווען, אז זייערע פלענער זאלען זיך איינגעבען. די קאלאניסטען זיינען דעמאלט ניט געווען קיין צו גרויסע פאטריאטען. עס איז א פאקט, אז שפאניען האט אין געהיים געפירט אנטערהאנד־לונגען מיט די איינפלוסרייכסטע קאלאניסטען אין דער טעריטא־ריע. טייל האט זי אפילו אונטערגעקויפט. עס איז געווען ניט מעהר ווי א צופאל וואס די פלענער האבען זיך ניט איינגעגעבען.

---

די רייסערייען צווישען די שטאטען גופא זיינען כמעט אלע געשליכטעט געווארען נאך איידער די קאנסטיטוציאנעלע קאנ־ווענשאן איז פאררופען געווארען. אין די מחלוקות זיינען פאר־מישט געווען זיבען שטאטען, און דאס איז געווען דאס גליק. די איבעריגע פינף, די וואס האבען ניט געהאט פון די מחלוקות וואס צו געווינען, האבען באנוצט זייער איינפלוס צו העלפען די איבעריגע צו קומען צו א פשרה.

דער ערשטער וויכטיגסטער סכסוך איז פאָרגעקומען איבער׳ן שטיק לאַנד וואָס איז איצט דער שטאַט ווערמאָנט. דריי שטאַטען האָבען זיך איבער דער דאָזיגער טעריטאָריע געקריגט: ניו יאָרק, מאַסאַטשוזעטס און ניו־העמשיר. דאָס זיינען די דריי שטאַטען וואָס גרענעצען זיך מיט ווערמאָנט. יעדער פון זיי האָט גע׳טענה׳ט אַז ווערמאָנט דאַרף באַלאַנגען צו אים און זיין אַ טייל פון זיינע גרעניצען, און יעדער האָט זיין טענה באַגרינדעט אויף דאָקומענטען וואָס ער האָט אַמאָל באַקומען פון ענגלאַנד. אָבער די באַפעלקערונג פון ווערמאָנט האָט ניט געוואָלט באַלאַנגען צו קיינעם פון די דריי. די ווערמאָנטער האָבען געוואָלט זייער טעריטאָריע זאָל זיין אַ שטאַט פאַר זיך. דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבען אַ צען יאָר פאַר דער רעוואָלוציע. מער פון אַלע איז ניו יאָרק געווען איינגע׳עקשנ׳ט. עס זיינען אפילו פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסען צווישען די ניו יאָרקער רעגירונגס־בעאַמטע און די ווערמאָנטער איינוואוינער. ענדליך האָבען אַלע צדדים איינגעוויליגט אַז דער קאָנגרעס זאָל שליכטען די פראַגע. אין 1780 האָט דער קאָנגרעס גע׳פסק׳ענט אַז ווערמאָנט האָט אַ רעכט צו ווערען אַ שטאַט פאַר זיך. ניו יאָרק האָט אָבער איר קאַמף אַזוי שנעל ניט אויפגעגעבען. זי האָט דורך פאַרשידענע מאַנעווערס ניט צוגעלאָזען אַז ווערמאָנט זאָל אריינגענומען ווערען אַלס אַ שטאַט. ערשט אין 1790 איז ניו יאָרק מיד געוואָרען פון דעם קאַמף, און ווערמאָנט איז אריינגענומען געוואָרען אַלס אַ שטאַט אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

אַ ביטערער קאַמף איז אויך פאָרגעקומען צווישען פענסילווייניא און קאָנעטיקוט איבער אַ שטיק לאַנד, וואָס איז איצט דער וועסטליכער טייל פון פענסילווייניא. אַ קאָנעטיקוט׳ער קאָמפאַניע האָט דאָס שטיק לאַנד אָפּגעקויפט ביי די אינדיאַנער נאָך אין 1754, און זי האָט דאָרטען קאָלאָניזירט אַ צאָל פאַמיליעס. פענסילווייניא האָט אָבער גע׳טענה׳ט, אַז די טעריטאָריע געהער איר. די פראַגע איז אויך איבערגעגעבען געוואָרען צום קאָנגרעס. אַ געריכט פון פינף ריכטער איז באַשטימט געוואָרען, וואָס האָט גע׳פסקנ׳ט אַז פענסילווייניא איז גערעכט, און דאָס

לאנד געהערט איר. איצט איז געווען א פראגע — וואס טוט מען מיט די קאנעטיקוט'ער קאלאניסטען וואס האבען זיך דאר־טען באזעצט? זיי האבען דאס לאנד געקויפט ביי דער קאנע־טיקוט'ער קאמפאניע מיט יארען פריער. זיי האבען דארטען אריינגעלייגט זייער געלט און זייער פראצע. זיי האבען אויס־געהאקט די וועלדער, אויפגעבויט הייזער, פארטריבען די אינדיאנער. וואס זיינען זיי שולדיג, אז מען האט זיי אפגע־נארט און פארקויפט לאנד וואס געהערט צו פענסילווייניא?

די מענשליכקייט האט געפאדערט אז מען זאל די קאלא־ניסטען ניט שטערען. עס האבען זיך אבער אריינגעמישט געלט־אינטערעסען. די פענסילווייניא לאנד־ספעקולאנטען האבען גע־וואלט די ערד פאר זיך, און זיי האבען געווירקט אויף דער רעגירונג זי זאל שיקען מיליטער ארויסצוטרייבען די קאנעטי־קוטער קאלאניסטען. די קאלאניסטען האבען זיך פארטיידיגט מיט געווער אין די הענט. עס איז געקומען צו בלוט־פארגיסונג. די פענסילווייניער מיליץ האט געמאכט פאגראמען אויף די קאלא־ניסטען, אונטערגעצונדען די הייזער, ראבירט, געמארדעט. די נייעס וועגען דער דאזיגער ברוטאליטעט האט זיך צוטראגען אי־בער'ן גאנצען לאנד. די עפענטליכע מיינונג האט אויפגעשוי־דערט. פענסילווייניא האט זיך געכאפט אז זי איז פארקרא־כען צו ווייט און זי האט די געוואלטטאטען אפגעשטעלט. די קאלאניסטען זיינען פארבליבען אויף זייער לאנד.

דער וויכטיגסטער פון אלע איז אבער געווען דער סכסוך אי־בער דער טעריטאריע וואס איז געלעגען אויף יענער זייט פון די בערג, דאס נייע לאנד, וואו ענגלאנד האט נאך געהאלטען אירע ארמיי־פאסטענס. כאטש ענגלאנד איז נאך פון דארטען ניט געווען ארויס, האבען פיר שטאטען זיך שוין גענומען רייסען איבער דער טעריטאריע: ניו יארק, ווירדזשיניא, קאנעטיקוט און מאסאטשוזעטס. די טעריטאריע ליגט צווישען קענעדע און דעם אהייא טייך, צווישען דעם אטלאנטישען ברעג און דעם מיסיסיפי טייך. זי איז דעמאלט באצייכענט געווארען מיט דעם נאמען „נארטה וועסט טעריטארי".

מאססאטשוזעטס און קאָנעטיקוט האָבען זיך באנוגענט מיט פאָדערען בלויז א טייל פון דער טעריטאָריע. זיי האָבען זייערע טענות באגרינדעט אויף אלטע דאָקומענטען, אויף די טשאַרטערס, וואָס זיי האָבען באקומען פון ענגלישע בעאמטע. ניו יארק און ווירדזשיניא אָבער האָבען געפאָדערט די גאנצע טעריטאָריע. זייערע טענות האָבען געהאט א שטארקערען יסוד. ניו יארק, צום ביישפיל, האָט באוויזען, אז זי האָט די טעריטאָריע אָפּגעקויפט ביי אינדיאנישע שבטים און אז זי האָט אין די אלע מלחמות מיט פראנקרייך געשיקט אהין אירע ארמייען און האָט דאָרטען באקעמפט די פראנצויזען. די אינדיאנישע שבטים פון דער געגענד האָבען ווירקליך געהאט פרידענס־אָפּמאכען מיט ניו יאָרק און האָבען אנערקענט די הערשאפט פון ניו יאָרק. ווירדזשיניא האָט איר טענה באגרינדעט דערויף, וואָס אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע האָט זי אריינגעשיקט אירע סאָלדאטען אין דער טעריטאָריע, און איינגענומען דאָרט א סך וויכטיגע פונקטען. דיביידע שטאטען זיינען פעסט באשטאנען דערויף, אז די נאָרטה־וועסט זאָל ווערען א טייל פון זייער טעריטאָריע.

די קלענערע שטאטען, וואָס גרענעצען זיך מיט ניו יאָרק און ווירדזשיניא, האָבען זיך געשראָקען פאר דעם, אז די צוויי שטאטען זאָלען צוקריגען אזעלכע שטיקער לאנד. אם־שטארקסטען האָט פּראָטעסטירט מערילאנד. זי האָט גע׳טענה׳ט אזוי: אויב ווירדזשיניא וועט צוקריגען די נייע טעריטאָריע, וועט זי דאָרטען פארקויפען לאנד צו קאָלאָניסטען. די ווירדזשיני׳ער רעגירונג וועט פון דעם האנדעל אריינקריגען גרויסע סומען געלט, און זי וועט קענען פארלייכטערען די שטייערען אויף אירע איינגענע איינוואוינער. ווירדזשיניא וועט אלזא האָבען צוויי פאָרציגע לגבי די ארומיגע שטאטען: ערשטענס — קלענערע שטייערען, און צווייטענס, ביליגערע ערד. די איינוואוינער פון די אנדערע שטאטען וועלען דעריבער נעמען לויפען קיין ווירדזשיניא, און די אנדערע שטאטען וועלען פאראָרימט ווערען.

די קליינע שטאטען האָבען געהאט נאָך א טענה: די נאָרטה־וועסט טעריטאָריע איז געוואונען געוואָרען דורך דער

רעוואָלוציע. די רעוואָלוציע איז אויסגעקעמפט געוואָרען פון אַלע שטאטען צוזאמען. דאַרף די דערוואָרבענע טעריטאָריע גע־הערען צו אַלעמען בשותפות.

מערילאַנד האָט זיך ניט באַנוגענט מיט פּראָטעסטען. זי האָט ערקלערט, אַז אַזוי לאַנג ווי ווירדזשיניא און ניו יאָרק וועלען זיך ניט אָפּזאָגען פון דער נאָרטה וועסט, וועט זי ניט אַריינטרעטען אין דער „קאָנפעדעריישאָן". זי וועט, הייסט עס, בלייבען אָפּגעזונדערט, און וועט זיך ניט אונטערוואַרפען אונטער דער רעגירונג פון דעם קאָנגרעס.

דער סכסוך האָט זיך געצויגען יאָרען לאַנג. ענדליך האָט זיך ניו יאָרק געבויגען. אין אָנפאַנג פון יאָהר 1780 האָט זי באַשלאָסען, אַז זי זאָגט זיך אָפּ אינגאַנצען פון אירע רעכט אויף דער טעריטאָריע. דאָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק. דער קאָנגרעס האָט זיך דאַן געווענדט צו די איבעריגע שטאַטען, זיי זאָלען נאָכטאָן ניו יאָרק. אַ יאָר שפּעטער האָט ווירדזשי־ניא געלאָזט וויסען, אַז זי וועט פאָלגען דעם קאָנגרעס אויף גע־וויסע באַדינגונגען. קאָנעטיקוט און מאַסאַטשוזעטס האָבען גע־טאָן דאָסזעלבע. עטליכע יאָהר זיינען אָנגעפירט געוואָרען אונ־טערהאַנדלונגען. אין יאָר 1784 איז די טעריטאָריע געוואָרען פאַקטיש דאָס אייגענטום פון דעם קאָנגרעס פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג.

נאָך דער מיינונג פון געוויסע היסטאָריקער איז דער דאָ־זיגער פאַקט געווען איינער פון די שטאַרקסטע קרעפטען, וואָס האָבען מיטגעבראַכט אַז די דרייצען שטאַטען זאָלען זיך פעס־טער פאַרבינדען אונטער דער רעגירונג פון דער קאָנסטיטוציע. דער פאַקט אַז דער קאָנגרעס האָט איצט געהאַט אַלס אייגענ־טום און אונטער זיין הערשאַפט אַ ריזיגע שטיק לאַנד האָט אים צוגעגעבען פּרעסטיזש. די נאַציאָנאַלע רעגירונג איז שוין איצט ניט געווען מער אַ רעגירונג נאָר אויף'ן פּאַפּיר. זי איז געווען אַ רעגירונג וואָס האָט באַהערשט אַ שטיק לאַנד, איבער וועל־כען קיין אַנדער רעגירונג האָט קיין געזעצליכע דעה ניט גע־האַט.

אין 1787 האָט דער קאָנגרעס דורכגעפירט דאָס געזעץ ווי אזוי די נאָרטה־וועסט טעריטאָריע זאָל פּאַרוואַלטעט ווערען. דאָס געזעץ איז באַרימט געוואָרען אין דער אמעריקאַנישער געשיכטע אונטער דעם נאָמען „די אָרדינענס אָוו 1787”. דאָס דאָזיגע געזעץ האָט אָנגעצייכענט דעם וועג, אויף וועלכען אמע־ריקע איז פון דעמאָלט אָן געגאַנגען בנוגע נייע טעריטאָריעס וואס זי האָט זיך צוגענומען. אָט זיינען די וויכטיגסטע פּונקטען פון דער „אָרדינענס”:

ערשטענס, די טעריטאָריע זאָל מיט דער צייט אָרגאַניזירט ווערען אין שטאַטען; זי זאָל איינגעטיילט ווערען אין ניט ווייניגער ווי דריי און אין ניט מעהר ווי פינף שטאַטען.

צווייטענס, ביז די טעריטאָריע וועט אָרגאַניזירט ווערען אין שטאַטען זאָל זי שטיין אונטער דער הערשאַפט פון ספּעציעלע בעאמטע, באַשטימט פון קאָנגרעס: א גאָווערנאָר, א סעקרע־טער און דריי ריכטער.

דריטענס, אַזוי שנעל ווי די טעריטאָריע וועט האָבען א באַפעלקערונג פון 5,000, זאָל אָרגאַניזירט ווערען א געזעצגע־בערישע קערפּערשאַפט, א לעדזשיסלייטשור, געוויילט פון די בירגער. די לעדזשיסלייטשור זאָל אָננעמען געזעצען פאַר דער טעריטאָריע מיט דער צושטימונג פון דעם גאָווערנאָר. די טע־ריטאָריע זאָל דאַן אויך האָבען דאָס רעכט צו שיקען א פאָר־שטייער אין קאָנגרעס, וועלכער זאָל זיך מעגען באַטייליגען אין די דיסקוסיעס און דעבאַטען, אָבער אָן שטימרעכט.

פערטענס, ווען די צאָל פון דער באַפעלקערונג אין א טייל פון דער טעריטאָריע וועט גרייכען 60,000, מעג דער טייל אָר־גאַניזירט ווערען אַלס א שטאַט. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער קאָנגרעס האָט א רעכט דעם שטאַט צו אנערקענען אָדער ניט. קוים אָבער ווערט ער אנערקענט, האָט ער דיזעלבע רעכט און פּריווילעגיעס ווי אַלע אַנדערע שטאַטען.

פינפטענס, די איינוואוינער פון דער טעריטאָריע זאָלען האָ־בען פאָלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט. קינדער זאָלען דאָרטען ירש'ענען גלייכע חלקים אין זייערע עלטערנ'ס אייגענטום. עס

זאלען דארט געגרינדעט ווערען קהל'שע צוואנג־שולען פאר די קינדער. שטימרעכט זאלען האבען אלע די וואס פארמאגען פופ־ציג אקער לאנד.

זעקסטענס, נעגער־שקלאפעריי זאל זיין פארבאטען אין דער טעריטאריע און אין די שטאטען וועלכע וועלען פון דער טע־ריטאריע שפעטער ארגאניזירט ווערען. ווען אבער א שקלאף פון אן אנדער שטאט אנטלויפט אהין, מוז מען אים אומקערען צו זיין באלעבאס.

מען דארף אין זינען האבען, אז די נארטה־וועסט טערי־טאריע, וואס די נאציאנאלע רעגירונג האט איצט באקומען, איז געווען א מין קאלאניע. מיט דעם „ארדינענס" האט די אמע־ריקאנישע רעגירונג גענומען א גאנץ אנדער שטעלונג בנוגע צו קאלאניעס, ווי די רעגירונגען אין אייראפא אין יענער צייט. זי האט די קאלאניע אוועקגעשטעלט אין דער לאגע פון א קינד וואס דארף דערצויגען ווערען כדי צו קענען ווערען א גלייכען מיט די איבעריגע שטאטען. כל זמן די באפעלקערונג איז נאך קליין, גיט די אלגעמיינע רעגירונג אויף איר אכטונג. אבער אזוי שנעל ווי זי וואקסט אויס און קריגט ערפארונג אין רעגירונג און פאר־וואלטונג, ווערט זי אריינגענומען אלס א גלייכער שותף אין די פאראייניגטע שטאטען.

אין דערזעלבער צייט וואס דער קאנגרעס האט פארהאנדעלט די פראגע פון דעם „ארדינענס", האט זיך שוין דארט אפגעשפילט דער ערשטער לאנד־סקאנדאל, אדער „לענד־דזשאב" אין דער גע־שיכטע פון די פאראייניגטע שטאטען. מיר זאגען דער ערשטער, ווייל די געשיכטע פון לאנד אין די שפעטערע יארען איז פול מיט אזעלכע סקאנדאלען. מיר וועלען דא איבערגעבען די פאסירונג מיט איי־ניגע איינצעלהייטען, ווייל זי איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר דער געשיכטע פון אמעריקא.

אין יאנואר, 1786, איז אין עטליכע צייטונגען פון מאסא־טשוסעטס ערשינען אן אנאנסע אונטער דער קעפעל „אינפאר־מאציע". די אנאנסע האט געלויטעט, אז עס ווערט ארגאניזירט א קאמפאניע צו קויפען לאנד אין דער נארט־וועסט טעריטאריע.

די קאָמפּאַניע וועט זיך רופען „די אָהייאָ קאָמפּאַני". אַלע אירע מיטגלידער וועלען זיין איינוואוינער פון מאַסאַטשוסעטס סטייט. פאַר דעם צוועק וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אַ קאָנפערענץ אין באָסטאָן דעם 15טען פעברואַר. אַלע די וואָס זיינען פאַראינטע־רעסירט זאָלען קומען אָדער שיקען דעלעגאַטען. אונטערגעשריבען אויף דער אַנאָנסע זיינען געווען צוויי אָנגעזעענע איינוואוינער פון מאַסאַטשוסעטס, רופוס פּוטנעם און בענדזשאַמין טאָפּער, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אַלס גענעראַלען אין דער רעוואָלוציע.

די אַנאָנסע האָט אַרויסגערופען גרויס אינטערעס אין דעם שטאַט. צו דער קאָנפערענץ זיינען געקומען דעלעגאַטען פון אַכט ראַיאָנען. עס איז באַשלאָסען געוואָרען צו שאַפען אַ פאָנד פון אַ מיליאָן דאָלאַר, צו פאַרקויפען אַקציעס צו גרופּעס פון צוואַנציג פּערזאָן, יעדע גרופּע זאָל קויפען פאַר 20 טויזענט דאָלאַר אַקציעס, און זאָל פאַרטראָטען זיין פון אַן אַגענט. די אַגענטען זאָלען אויס־קלייבען אַ טרעזשורער, קאַסירער און דירעקטאָרען.

בעלנים אויף די אַקציעס זיינען געווען אַ סך. אין משך פון אַ יאָר צייט איז געזאַמעלט געוואָרען אַ גרויסע סומע געלט. אַלס דירעקטאָרען זיינען אויסגעוויילט געוואָרען רופוס פּוטנעם, סעמיועל פּאַרסאָן און מנשה קאַטלער. קאַטלער איז געשיקט געוואָרען צום קאָנגרעס, וועלכער איז דאַן געזעסען אין ניו יאָרק, צו פירען די נויטיגע אונטערהאַנדלונגען און קויפען דאָס לאַנד.

דער הויפּט־געדאַנק פון די צוויי גענעראַלען איז געווען צו גרינדען אַ שטאַט פון געוועזענע סאָלדאַטען. צו דער קאָנפערענץ זיינען געקומען מיטגלידער פון דער אָפיצערסקער אָרגאַניזאַציע „סאָסייעטי אָוו סינסינעטי". די סאָלדאַטען האָבען פאַר זייער דינסט געקראָגען באַצאָלט מיט רעגירונגס וועקסלען, וואָס האָבען איצט אויפ'ן מאַרק כמעט קיין ווערט מער ניט געהאַט. די קאָנפערענץ האָט געפּלאַנעוועט צו קויפען דאָס לאַנד מיט אָט די ווערטלאָזע פּאַפּירען. דער קאָנגרעס האָט דאָך אַליין די פּאַפּירען אַרויסגעגעבען, און ער וועט זיי מוזען אָנערקענען פאַר גוט געלט.

קאַטלער איז געווען אַ מאַן מיט אויסערגעוויינליכע פעאיג־קייטען. ער האָט שטודירט פאַר אַדוואָקאַט און דערנאָך פאַר גלח.

ער האט אין ניו יארק פארבראכט עטליכע וואכען, און אין דער צייט האט ער געארבייט שווער און ביטער ביז וואנען ער האט זיין פלאן דורכגעפירט. די ארבייט איז באשטאנען אין איבער־געווינען די קאנגרעסלייט, זיי זאלען איינגיין אויף זיין פארשלאג און זאלען אננעמען א געזעץ־פראיעקט, אז דאס לאנד זאל פאר־קויפט ווערען פאר דעם אנגעבאטענעם פרייז צו דער אהייא קאמפאניע. קאטלער האט זיינע פארהאנדלונגען געפירט אין געהיים. ער האט די איינפלוסרייכע קאנגרעסלייט געגעבען אלערליי הבטחות, אז ער וועט זיי געבען גוטע גמטער אין דער נייער קאלאניע און ענליכע זאכען. ער האט אויך אנגעשטעלט א גאנצע ארמיי פון שתדלנים, וועלכע האבען „באארבייט" די געגנערישע קאנגרעסלייט, איינגע׳טענה׳ט מיט זיי ביי זיי אין דער היים, אין די קלובס, אין גאס. צום סוף האט קאטלער איינגעשטימט צו א פארשלאג פון א גרופע איינפלוסרייכע פאליטיקער אין קאנגרעס און אין דער שטאט. דער פארשלאג איז געווען, אז ער זאל פארלאנגען פון קאנגרעס ניט איין מיליאן, נאר פינף מיליאן אקער לאנד; אז פאר זיין „אהייא קאמפאני" זאל ער דערפון נעמען בלויז אנדערהאלבען מיליאן, און די איבעריגע דריי־און־א־האלב מיליאן זאל ער איבערגעבען צו א קאמפאניע פון ספעקו־לאנטען, וואס די איינפלוסרייכע לייט האבען אין געהיים ארגא־ניזירט. אין דער געהיימער גרופע פון ספעקולאנטען זיינען געווען אזוינע מענשען, ווי סעקרעטער, דער פרעזידענט פון קאנגרעס, אלעקסאנדער האמילטאן, איינער פון די וויכטיגסטע פאליטיקער פון ניו יארק.

ענדליך האט דער קאנגרעס גוטגעהייסען קאטלער׳ס פלאן. לכתחילה, ווען קאטלער האט זיין פארשלאג פארגעלייגט פאר׳ן קאנגרעס, האט עס אויסגעוויזען, אז די רעגירונג וועט קריגען א היבשע סומע געלט. דאס האט אויף א סך קאנגרעסלייט געהאט א גינסטיגע ווירקונג. קאטלער׳ס פארגעשלאגענער פרייז איז געווען א דאלאר אן אקער. פינף מיליאן אקער וואלט געבראכט פינף מיליאן דאלאר. אין יענער צייט איז פינף מיליאן געווען א

סך געלט, איבערהויפּט נאָך פאַר'ן קאָנגרעס, וועלכער איז געווען אַזוי אָרים און אַזוי פאַרזונקען אין חובות.

ווען עס איז אָבער געקומען צו געבען די געלט, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מען האָט דעם קאָנגרעס אָפּגענאַרט. קאָטלער האָט אַרונטערגעדונגען אַ דריטעל דאָלאַר פאַר הוצאות און פאַר שלעכט לאַנד. איז פון דעם דאָלאַר שוין געבליבען נישט מער ווי 66־און־צוויי־דריטעל סענט. די צוויי־דריטעל דאָלאַר האָט קאָטלער באַצאָלט ניט מיט געלט, נאָר מיט די פּאַפּירען וואָס דער קאָנגרעס האָט געגעבען די סאָלדאַטען. ווי שוין געזאָגט, זיינען די פּאַפּירען געווען אַזוי געפאַלען אין ווערט, אַז מען האָט פאַר זיי געצאָלט ניט מער ווי 12 סענט אויפ'ן דאָלאַר. עס קומט אַלזאָ אויס, אַז קאָטלער האָט באַצאָלט צווישען 8 און 9 סענט אַן אַקער לאַנד.

מילא, איז פאַר דער ערשטער „אָהייאָ קאָמפּאַני" האָט מען נאָך דעם שווינדעל געקענט פאַרענטפערען. אַ סך פון די שער־האָלדערס (אַקציאָנערען) פון דער קאָמפּאַניע זיינען געווען געווע־זענע סאָלדאַטען, און זיי האָבען געהאַט אַ טענה צו דער רעגירונג, אַז מען האָט זיי פאַר זייערע דינסטען אויפ'ן שלאַכטפעלד ניט באַצאָלט. וואָס פאַר אַ תירוץ איז אָבער דאָ פאַר די דריי־און־אַ־האַלב מיליאָן אַקער לאַנד וואָס קאָטלער האָט געקויפט פאַר דער קליקע ספּעקולאַנטען? פאַרוואָס האָט זיי געקומט אַזאַ ריזיגע שטיק טעריטאָריע פּאַקטיש אומזיסט, (מיט יאָרען שפּעטער האָט דער קאָנגרעס געמאַכט אַן אונטערזוכונג וועגען דעם, און האָט די גאַנצע שולד אַרויפגעוואָרפען אויף איינעם פון דער קאָמפּאַניע, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען טויט.)

---

אין דער טעריטאָריע וואָס איז געלעגען צו דרום צו, הינטער דעם אָהייאָ טייך, זיינען געווען אַנדערע אומשטענדען ווי אין דער נאָרט־וועסט טעריטאָריע. אהין האָט זיך אָנגעהויבען אַן אימי־גראַציע נאָך מיט יאָרען פריער. אין דעם טייל וואָס ליגט הינטער נאָרט קאַראָליינאַ (איצטער איז עס דער שטאַט טענעסי) האָט זיך נאָך אין די 60ער יאָרען אָנגעפאַנגען אַן אימיגראַציע. אויך אין

דעם טייל וואס ליגט הינטער ווירדזשיניא (דער איצטיגער שטאט קענטאקי) האבען קאלאניסטען אנגעהויבען אריינצודרינגען צום סוף פון די 70ער יארען. נאך דער רעוואלוציע האט אין דער געגענד א גאס געטאן א שטראם פון טויזענטער קאלאניסטען. זיי האבען זיך באזעצט ביי די טייכען, ארום די בערג און אין די וועלדער. זייער צאל איז געוואקסען פון טאג צו טאג.

אויפ'ן נייעם פלאץ זיינען פאר די קאלאניסטען אויפגעשוואומען אייניגע שווערע פראבלעמען. ערשטענס, זיינען דארטען געוועזען א סך אינדיאנישע שבטים פון דעם ווילדסטען סארט, און די קאלאניסטען האבען זיך גענויטיגט אין שוץ געגען זיי. צווייטענס, זיינען אהין אנגעלאפען די ערגסטע און געפערליכסטע מענשען פון די ארומיגע שטאטען. איבערהויפט איז עס אזוי געוועזען מיט דער געגענד הינטער נארט קאראליינא. גנבים, מערדער, אנטלאפענע ארעסטאנטען, אוואנטוריסטען — אלע די, וואס זיינען אנטרונען פון געזעץ, אדער האבען געזוכט צו לעבען פון רויב און גזלה, זיינען געקומען אהין מאסענווייז. די ערליכע און פרידליכע קאלאניסטען זיינען געווען אין שטענדיגער מורא און סכנה. קיין אייגענע רעגירונג, קיין אייגענע פאליציי און געריכטען האבען זיי ניט געהאט. ווער, אלזא, זאל אויפהאלטען ארדנונג און זיי באשיצען?

דריטענס, האט די שפאנישע רעגירונג, וואס האט געהערשט איבער דער טעריטאריע אויף דער וועסטליכער זייט ביים מיסיסיפי ניט געוואלט ליידען וואס די אמעריקאנער פארשפרייטען זיך ווייטער אין די וועסט. זי האט געהאפט, אז די אמעריקאנער וועלען בלייבען ביי זייער לאנד, לעבען ברעג פון אטלאנטישען ים, און דאס איבעריגע לאנד וועט ביסלעכווייז אריבערגיין צו איר אין די הענט. די שפאניער האען דערפאר געהעצט די אינדיאנער און אליין אויך אנגעטאן די קאלאניסטען אלערליי צרות.

די קאלאניסטען האבען זיך געווענדט צו זייערע מוטערשטאטען נאך הילף. אבער ניט ווירדזשיניא און ניט נארט קאראליינא האבען זיך אפגערופען. נארט קאראליינא האט אין 1784 דורכגעפירט א באשלוס, אז זי גיט איבער די טעריטאריע פון דער

איצטיגער טענעסי דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. דאָס האָט אויפגעוועקט אַ שטורעם צווישען די דאָרטיגע קאָלאָניסטען. זיי האָבען אָפּגעהאַלטען קאָנווענשאָנס און באַשלאָסען גלייך צו אָרגאַ־ניזירען אַן אייגענעם שטאַט און זיך ווענדען צום קאָנגרעס, ער זאָל דעם שטאַט אָנערקענען און אריינגעמען. דערווייל האָט נאָרט קאַראָליינא חרטה געהאַט אויף איר באַשלוס. האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אַ נייער טומעל. די באַפעלקערונג האָט זיך צוטיילט אין צוויי פּאַרטייען: איינע האָט געוואָלט, אַז די טעריטאָריע זאָל פאַרבלייבען אַ טייל פון נאָרט קאַראָליינא; די צווייטע איז באַשטאַנען אויף דעם באַשלוס אַז זי זאָל בלייבען אַ באַזונדער שטאַט. עס איז געקומען צו אַ מין בירגער־קריג. ענדליך האָט די ערשטע פּאַרטיי אויסגעפירט.

אין 1786 האָט שפּאַניען פאַרבאָטען די קאָלאָניסטען צו פירען סחורה איבער׳ן מיסיסיפּי טייך. זי האָט פאַר זיי פאַרשפּאַרט דעם האַפען פון ניו־אָרליענס, וואָס ליגט ביים מויל פון טייך. דאָס האָט אַרויסגערופען אַ נייעם שטורם צווישען די קאָלאָניסטען. דער קאָנגרעס האָט זיך אריינגעמישט און געפירט דיפּלאָמאַטישע פאַר־האַנדלונגען מיט שפּאַניען. דער אַמעריקאַנער פאָרטרעטער אין די פאַרהאַנדלונגען איז געווען דזשאָן דזשעי, איינער פון די פאָר־קעמפער פאַר דער קאָנסטיטוציע. ער האָט פאַרטראַכטען די אינטערעסען פון די רייכערע קלאַסען אין די איסט, און יענע קלאַסען זיינען אין הארצען געווען צופרידען פון שפּאַניען׳ס האַנדלונג. זיי האָבען געוואָלט אַז די קאָלאָניסטען אין די וועסט זאָלען זיך ניט קענען באַנוצען מיט פרעמדע האַפענס. פאַר זיי איז געווען בעסער, אַז די ווייטע קאָלאָניסטען זאָלען געצוואונגען זיין צו פירען זייער מסחר דורכ׳ן לאַנד, דורך די אַטלאַנטישע האַפענס. דזשאָן דזשעי האָט, נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען, איינ־געשטימט צו שפּאַניען׳ס פאָדערונג, אַז דער מיסיסיפּי טייך זאָל בלייבען פאַרשפּאַרט פאַר די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען אין די וועסט.

דאָס האָט אויפגערייצט דעם צאָרן פון די קאָלאָניסטען. פיל פון זיי האָבען איצט געפאָדערט, אַז די געגענד זאָל זיך אין גאַנצען

אָפּרייסען פון די פאראייניגטע שטאטען און איבערגיין צו שפּאניען. טייל האָבען געוואָלט צוריק ווערען ענגלישע אונטער־טאנען. די שפּאניער האָבען געפירט געהיימע אינטריגעס. זיי האָבען אונטערגעקויפט אייניגע פון די איינפלוסרייכסטע לייט פון דער קאָלאָניע זיי זאָלען העלפען אין דער אגיטאציע פאר אריבערגיין צו שפּאניען.

ביכלעסווייז אָבער האָט זיך דער טומעל איינגעשטילט. מיט עטליכע יאָר שפּעטער האָבען ווירדזשיניא און נאָרט קאראָליינא איבערגעגעבען זייערע וועסטליכע טיילען צו דער נאציאָנאלער רעגירונג. פון דער טעריטאָריע זיינען אָרגאניזירט געוואָרען צוויי נייע שטאטען — קענטאָקי און טענעסי. ווירדזשיניא האָט זיך אָפּגעזאָגט פון איר טייל אין 1788, און מיט פיר יאָר שפּעטער איז קענטאָקי געוואָרען א שטאט. נאָרט קאראָליינא האָט נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון ווירדזשינא אין 1790, און אין זעקס יאָר ארום איז די טעריטאָריע געוואָרען דער שטאט טענעסי.

קאפיטעל 8.

# די שרעק פאר מיליטאַריזם

באַלד נאָכדעם ווי פרידען איז פּראָקלאַמירט געוואָרען האָט דער קאָנגרעס די ערשטע זאַך באַשלאָסען צו מאַכען אַ סוף צו די מיליטערישע קאָסטען, וואָס האָבען באַטראָפען ארום 400 טויזענט דאָלאַר אַ מאָנאַט, און האָט גלייך פאַנאַנדערגעלאָזען די ארמיי. אויסער דעם איז דאָ ניט געווען בלויז די פראַגע פון קאָסטען, נאָר דאָס פאָלק האָט סתם ניט ליב געהאַט די ארמיי און האָט זיך פאַר איר געשראָקען. איבערהויפּט האָט דער עולם מורא געהאַט פאַר די אָפיצערען, וועלכע האָבען זיך געהאַלטען פאַר אַ העכערער מיליטערישער קאַסטע. די פראַגע, צי די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל אויפהאַלטען אַן ארמיי נאָכדעם ווי די מלחמה איז שוין געווען פאָראיבער, איז דעבאַטירט געוואָרען אין קאָנגרעס. איינינגע האָבען אָנגעוויזען דערויף, אַז די ענגלענדער האָבען זיך נאָך ניט צוריקגעצויגען פון אַ סך פאַסטענס אין די וועסט, און אַז די אינדיאַנער זיינען אַ שטענדיגע סכנה פאַר די איינוואוינער ביי די גרעניצען. אָבער די אַלגעמיינע שטימונג איז געווען אַנטשיידען נעגען אַן ארמיי. דער עולם האָט געקוקט מיט שרעק און פאַר־אַכטונג אויף מיליטערישע ארגאַניזאַציעס. ער האָט געציטערט, אַז עס זאָל זיך דאָ ניט אַנטוויקלען קיין מילעטערישע קליקע. יעדער פאָרשלאַג אין קאָנגרעס צו אָרגאַניזירען אַ נאַציאָנאַלע ארמיי איז נידערגעשטימט געוואָרען. אין 1784 איז די רעוואָלוציאָנערע ארמיי פאַנאַנדערגעלאָזען געוואָרען. עס זיינען פאַרבליבען אין דינסט בלויז 85 מאַן צו היטען די מיליטערישע זאַפּאַסען אין צוויי פעסטונגען.

די אָפיצערען האָבען זיך יאָרען לאַנג געבונטעוועט געגען קאָנגרעס. זיי האָבען געפאָדערט מען זאָל זיי באַצאָלען פאר זייער דינסט אין דער רעוואָלוציע און אז עס זאָל פאר זיי באַשטימט ווערען א פענסיע אויף שפּעטער. מיט דער פראגע פון באַלוינונג און פענסיע פאר'ן מיליטער האָט דאָס לאַנד געקאָכט א לאַנגע צייט. נאָך אין 1778 האָט דער קאָנגרעס באַשלאָסען, מיט א מאַיאָריטעט פון איין שטימע, אז די אָפיצערען זאָלען באַקומען א העלפט פון זייער יערליכען געהאַלט אלס פענסיע אויפ'ן גאַנצען לעבען. דאָס האָט אַרויסגערופען גוואַלדיגע פּראָטעסטען. אין די נעקסטע פיר יאָר זיינען פאָרגעשלאָגען געוואָרען אין קאָנגרעס פארשידענע בילס וועגען דער זעלבער פראגע. יעדער פאָרשלאַג האָט געענדערט און מבטל געמאכט דעם פריערדיגען. די אָפיצערען האָבען זיך צום קאָנגרעס באַנומען אזוי ווי א קרעדיטאָר צו א בעל־חוב וואָס אַנטזאָגט זיך צו באַצאָלען זיינע שולדען. אין 1783 האָט אין ניובוירג, ניו יאָרק, שיער ניט אויסגעבראָכען א בונט. עס איז דאָרטען צווישען די אָפיצערען פארשפּרייט געוואָרען אַן אויפרוף, אָן אַן אונטערשריפט, אין וועלכען זיי זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרען צו שטיין אייניג און זיך אַנטזאָגען זיך פאַנאַנדערצוגיין ביז דער קאָנגרעס וועט ניט נאָכגעבען זייערע פאָדערונגען. וואַשינגטאָן אליין האָט זיך געמוזט אריינמישען און ווירקען אויף די אָפיצערען זיי זאָלען זיין איינגעהאַלטענער. אומגעפער אין דערזעלבער צייט זיינען 80 סאָלדאַטען ארויס אין א מאַרש פון לענסטער קיין פילאַדעלפיע. אויפ'ן וועג האָבען זיך נאָך סאָלדאַטען אָנגעשלאָסען אָן זיי. צוזאַמען האָבען זיי אַרומגערינגעלט די געביידע, וואו דער קאָנגרעס איז געזעסען, און האָבען געפאָדערט מען זאָל זיי גלייך באַצאָלען זייער געהאַלט. דער קאָנגרעס האָט זיך דערשראָקען און איז אַנטלאָפען קיין פּרינסטאָן.

די אַלע אומרוען האָבען זיך געענדיגט דערמיט, וואָס דער קאָנגרעס האָט באַשלאָסען צו געבען די סאָלדאַטען און אָפיצערען אלס פענסיע פינף יאָר צייט פולע געהאַלט. קיין געלט האָט דער קאָנגרעס ניט געהאַט, האָבען די סאָלדאַטען און אָפיצערען באַקומען וועקסלען פון קאָנגרעס. דער דאָזיגער באַשלוס האָט אויך

ארויסגערופען שטאַרקע פּראָטעסטען צווישען עולם, און ווען ניט די באַמיאונגג פון דזשאָרדזש וואשינגטאָן, וואָלט דער ביל וואַר־שיינליך ניט דורכגעגאנגען. די אַלגעמיינע מיינונג פון פאָלק איז געווען, אז פאַר מיליטערישער דינסט אין א צייט פון געפאַר דאַרף מען קיין געלט ניט צאָלען. מען מוז דינען אויס ריינעם פּאַטריאָטיזם.

אין דער צייט וואָס די אָפיצערען האָבען אָנגעפירט די בונטען און אומרוען האָט זיך אָרגאַניזירט א מיליטערישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אָנגעווארפען א שרעק אויפ'ן לאַנד. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך גערופען „די אָרדער אָוו סינסינעטי", און עס זיינען אריינגענומען געוואָרען אַלס מיטגלידער בלויז אָפיצערען וואָס האָבען זיך באַטייליגט אין דער רעוואָלוציע. זי איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין אַפּריל, 1783, דורך גענעראַל נאָקס. זי האָט אירע געשעפטען געפירט אין געהיים. יעדער מיטגליד האָט געטראָגען א בלויע לענטע, וואָס האָט געדינט אַלס צייכען פון „מיליטערישען אדעל", פון א מיליטערישע אריסטאָקראַטיע. עס איז באַשטימט געוואָרען אַז די קינדער און קינדס־קינדער פון די מיטגלידער זאָלען ירש'ענען די מיטגלידערשאַפט, דעם טיטעל פון דער „בלויער לענטע". פראַנצויזישע אָפיצערען וואָס האָבען געדינט אין דער אמעריקאַנער אַרמיי זיינען אויך אריינגענומען געוואָרען אַלס מיטגלידער, און דער פראַנצויזישער קעניג האָט אַנערקענט דעם אָרדער אַלס אַן אמעריקאַנישע אריסטאָקראַטיע. די פראַנ־צויזישע אָפיצערען וואָס האָבען געהערט צום אמעריקאַנישען אָרדער, זיינען אין פראַנצויזישען קעניגליכען הויף אויפגענומען געוואָרען אַלס אריסטאָקראַטען און זיינען באַערט געוואָרען מיט א טיטעל. דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איז פון אָנפאַנג געווען א מיטגליד פון דער אָרגאַניזאַציע און האָט זי א לאַנגע צייט פאַרטיידיגט געגען אירע געגנער.

דער „אָרדער אָוו סינסינעטי" איז אַטאַקירט געוואָרען פון אַלע זייטען. דער עולם האָט אין דעם אָרדער געזען א פאַרזוך צו גרינדען אַן אַריסטאָקראַטישע קאַסטע אין אמעריקע. מאַנכע פון די וויכטיגסטע אַמעריקאַנישע שטאַטסלייט און רעוואָלו־

ציאָנערע פירער זיינען עפענטליך ארויסגעטראָטען געגען אים. בענדזשאמין פרענקלין האָט דעם אָרדער פאַרדאמט און פון אים חוזק געמאכט אין א בריף וואָס ער האָט געשריבען פון פראנקרייך. סעמיועל ערעמס און דזשאן ערעמס האָבען געטאָן דאָסזעלבע. „מיר האָבען געמאכט א רעוואָלוציע געגען אייראָפעאישע קעניגען און אריסטאָקראטען, און איצט וויל מען דאָ גרינדען אן ארים־טאָקראַטיע" — דאָס איז געווען דער געשריי פון די מאסען. די צוויי פונקטען וואָס האָבען ארויסגערופען דעם גרעסטען ווידער־שטאנד זיינען געווען: ערשטענס, וואָס דער טיטעל גייט אריבער בירושה צו די קינדער, און צווייטענס, וואָס אין דעם אָרדער זיינען אלס מיטגלידער אריינגענומען געוואָרען אָפיצערען פון פרעמדע לענדער. דאָס איז געווען דער בעסטער באווייז אז דער אָרדער האָט זיך געשטעלט העכער איבער'ן פאָלק.

דער עולם האָט גענומען פאָדערען, אז דער אָרדער זאָל אונטערדריקט ווערען. ביי די וואַלען אין באָסטאָן איז איינער פון די קאנדידאטען פאר סענאטאָר געווען א „סינסינעטיער", האָט ער געקראָגען צו וויסען, אז קיינער וועט פאר אים ניט שטימען, סיידען ער וועט זיך עפענטליך פון דעם אָרדער צוריקציען. און ער האָט דאָס געטאָן. די לעדזשיסלייטשור פון מאסאסטשוסעטס האָט אָנגענומען א רעזאָלוציע, אז דער אָרדער איז א סכנה פאר'ן פרידען, פאר דער פרייהייט און זיכערקייט פון לאנד. רהאָוד איילאנד האָט דורכגעפירט א געזעץ, אז יעדער מיטגליד פון דעם אָרדער פארלירט זיין בירגער רעכט.

די פּראָטעסטען האָבען געהאָלפען. דער אָרדער איז ביסלעכ־ווייז אונטערגעגאנגען.

קאפיטעל 9.

# די נאַציאָנאַלע רעגירונג אונטער דער קאָנסטיטו־ציע ווערט אָרגאַניזירט.

נאָכדעם ווי די קאָנסטיטוציע איז גוטגעהייסען געוואָרען פון ניין שטאַטען, האָט דער אַלטער קאָנגרעס זיך גענומען אָרגאַניזירען די נייע רעגירונג און זיך אַליין אויפלייזען. ער האָט געלאָזט וויסען די שטאַטען, אַז זיי זאָלען דעם ערשטען מיטוואָך פון יאַנואַר, 1789, אויסקלייבען די פּרעזידענט־עלעקטאָרס, און אַז די עלעקטאָרס זאָלען דעם ערשטען מיטוואָך אין פעברואַר שטימען פאַר פּרעזידענט קאַנדידאַטען, און זאָלען זייערע שטימען אריינשיקען צום נייעם סענאַט. דער ערשטער מיטוואָך אין מערץ איז באַשטימט געוואָרען אַלס דער טאָג ווען דער נייער קאָנגרעס אונטער דער קאָנסטיטוציע זאָל זיך עפענען, דאָס הייסט, ווען די נייע רעגירונג זאָל אריינ־טרעטען אין מאַכט. (אין יענעם יאָהר איז גראַד דער ערשטער מיטוואָך אין מערץ אויסגעפאַלען דעם 4טען אין מאָנאַט, און דער־פאַר איז ביז היינטיגען טאָג געבליבען, אַז יעדע נייע אדמיני־סטראַציע פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג גייט אריין אין קראַפט דעם 4טען מערץ).

די קאָנסטיטוציע זאָגט ניט, ווי אזוי די עלעקטאָרס זאָלען אויסגעקליבען ווערען. זי לאָזט עס איבער פאַר די שטאַט־רעגי־רונגען צו באַשטימען. האָבען אין די ערשטע וואַלען די פאַרשידענע שטאַטען באַנוצט פאַרשידענע מעטאָדען. אין מאַנכע שטאַטען האָבען די לעדזשיסלייטשורס אַליין אויסגעקליבען די עלעקטאָרס. אין אַנדערע האָבען די בירגער געוויילט די עלעקטאָרס — אַלעמען מיט אַמאָל, דאָס הייסט, אַלע בירגער פון שטאַט האָבען געשטימט

פאר דער גאנצער צאָל פון די עלעקטאָרס, צו וועלכע דער שטאט איז געווען בארעכטיגט. אין אנדערע שטאטען, ווידער, איז דער שטאט איינגעטיילט געוואָרען אין דיסטריקטען, און די בירגער פון יעדען דיסטריקט האָבען אויסגעקליבען איין עלעקטאָר.

די סיסטעם דעמאָלט איז געווען, אז די עלעקטאָרס האָבען געשטימט אין געהיים — יעדערער פאר צוויי קאנדידאטען. דער עלעקטאָר האָט ניט אָנגעוויזען, וועמען פון די צוויי ער וויל פאר פרעזידענט און וועמען פאר וויס־פרעזידענט. די עלעקטאָרישע שטימען פון די אלע שטאטען זיינען אָפּגעשיקט געוואָרען פאר־חתמ'עטע צום סענאט. דאָרט האָט מען זיי געעפענט און איבער־געציילט. דער קאנדידאט, וואָס האָט באקומען די גרעסטע צאָל שטימען איז ערקלערט געוואָרען אלס פרעזידענט (אויב די צאָל האָט באטראָפען מער ווי א העלפט פון די אלע אָפּגעגעבענע עלעקטאָר־שטימען). דער קאנדידאט, וואָס האָט באקומען די צווייטע גרעסטע צאָל שטימען, איז ערקלערט געוואָרען אלס וויס־פרעזידענט.

אזוי ווי די עלעקטאָרס האָבען צווישען זיך ניט אָפּגעמאכט פריער פאר וועמען צו שטימען, און אזוי ווי עס איז דאַן נאָך ניט געווען קיין באשטימטע פּאָליטישע פּארטייען, וואָס האָבען ארויס־געשטעלט פרעזידענט־קאנדידאטען, האָט מען געגלויבט, אז די עלעקטאָרס וועלען זעלטען־ווען קענען אויסקלייבען א פרעזידענט; אז עס וועט זעלטען פּאסירען, אז ניט־צונויפגערעדטערהייט וועלען א מאיאָריטעט פון די עלעקטאָרס אין אלע שטאטען שטימען פאר דער זעלבער פּערזאָן. מען האָט גערעכענט, אז די שטימען פון די עלעקטאָרס וועלען זיין אזוי צעוואָרפען צווישען פארשידענע קאנ־דידאטען, אז קיין איין קאנדידאט וועט ניט קריגען די נויטיגע מאיאָריטעט. אין אזא פאל, זאָגט די קאָנסטיטוציע, דארף דאָס נידעריגע הויז פון קאָנגרעס אויסקלייבען דעם פּרעזידענט פון צווישען די פינף קאנדידאטען, וואָס האָבען געקראָגען די העכסטע צאָל עלעקטאָר'שע שטימען. די פארפאסער פון דער קאָנסטיטוציע האָבען בכיון אויסגעטראכט די סיסטעם פון עלעקטאָרס, ווייל זיי

האָבען געוואָלט, אַז דער פּרעזידענט זאָל אַזוי אָפט ווי מעגליך אויסגעקליבען ווערען פון קאָנגרעס *).

די ערשטע פּרעזידענט און קאָנגרעס וואָלען זיינען צוגעגאַנגען שווער און לאַנגזאַם. קיין פּאַרטייען זיינען נאָך ניט געווען, אָבער די בירגער זיינען געווען צוטיילט אין צוויי פראַקציעס: די „פעדעראַליסטען” און די „אַנטי-פעדעראַליסטען”. די ערשטע זיינען געווען אָנהענגער פון דער קאָנסטיטוציע, די צווייטע זיינען געווען געגנער פון דער קאָנסטיטוציע. איצט, פאַרשטייט זיך, איז שוין קיין פראַגע ניט געווען וועגען דער קאָנסטיטוציע גופא, וועגען גוט-הייסען זי אָדער זי צוריקווייזען. די פראַגע איז שוין געווען געשלאָסען. דאָך האָבען די פראַקציעס עקזיסטירט. די געוועזענע געגנער פון דער קאָנסטיטוציע האָבען ניט געוואָלט טרויען די הייסע פריינט פון דער קאָנסטיטוציע, און האָבען בעסער געוואָלט אויסקלייבען אין קאָנגרעס זייערע אייגענע מענשען. איבער די וואָלען צום קאָנגרעס און צום סענאַט זיינען פאָרגעקומען ביטערע קאַמפּען. די וואָלען פאַר עלעקטאָרס זיינען אויך ניט אָפּגעלאָפען רואיג. אין ניו יאָרק האָט זיך דער קאַמף פאַרצויגען ביז נאָך דעם טאָג ווען די עלעקטאָרס האָבען געדאַרפט אויסגעקליבען ווערען. דער רעזול-טאַט איז געווען, אַז ניו יאָרק האָט פאַר דעם ערשטען פּרעזידענט גאָר ניט געשטימט.

אַלץ איז צוגעגאַנגען לאַנגזאַם, אַלץ האָט זיך פאַרשפּעטיגט. דער קאָנגרעס האָט געדאַרפט זיך פאַרזאַמלען דעם 4טען מערץ, אָבער מען האָט געמוזט וואַרטען ביז דעם 30טען איידער אַ קוואָרום איז צונויפגעקומען — 30 פון 59. איידער דער קאָנגרעס האָט זיך אָרגאַניזירט און איבערגעציילט די שטימען פון די עלעקטאָרס, האָט ווידער גענומען עטליכע טעג. דעם 6טען אפּריל האָט מען ענדליך

*) אויסגעלאָזט האָט זיך עס גאַנץ אַנדערש. איצט שפּילען די עלעקטאָרס קיין ראָלע ניט; זיי שטימען פאַר יענע קאַנדידאַטען, וואָס זייער פּאַרטיי קלייבט פריער אויס. אַלע עלעקטאָרס פון דערזעלבער פּאַרטיי זיינען מאָראַליש פאַרפליכטעט צו שטימען פאַר'ן זעלבען פּאַרטיי-קאַנדידאַט. אונטער דער איצטיגער סיסטעם קען עס זייער זעלטען פּאַסירען, אַז דער קאָנגרעס זאָל דאַרפען וויילען אַ פּרעזידענט.

איבערגעקוקט די שטימען. אלע עלעקטארס האבען געשטימט פאר וואשינגטאנ'ען. די גרעסטע צאהל שטימען, נאך וואשינגטאנ'ען, האט געקראגען דזשאן עדעמס. וואשינגטאן איז דעריבער ערקלערט געווארען פאר פרעזידענט, און דזשאן עדעמס — פאר וויים־פרע־זידענט. דער קאנגרעס האט געשיקט שלוחים צו ברענגען די אויס־געוויילטע. דעם 30־טען אפריל זיינען זיי איינגעשווארען געווארען אין זייערע עמטער. די הויפטשטאדט פון דער נייער רעגירונג איז דעמאלט געווען ניו יארק. די רייכע איינוואוינער פון דער שטאדט האבען געזאמעלט א פאנד פון 32,500 דאלאר, און מיט די געלט



די ערשטע היים פון דער נאציאנאלער רעגירונג

איבערגעבויט דעם אלטען סיטי האל, וועלכער איז געשטאנען אויף וואל סטריט קארנער נאססאו, און אים א נאמען געגעבען „די פעדע־ראל האל". די געביידע איז איצט געווארען די היים פון דער נאציאנאלער רעגירונג.

דער מזל האט צוגעשפילט דער נייער רעגירונג. דער עקאנא־מישער קריזיס, וואס האט געבראכט אזוי פיל אומצופרידענקייט

און אומאָרדנונג אין די ערשטע יאָרען נאָך דער רעוואָלוציע, האָט זיך ביסלאַכווייז אויף אַ נאַטירליכען אופן אויסגעוועבט. אומ־געפער אין דערזעלבער צייט, ווען עס איז פאַררופען געוואָרען די קאָנסטיטוציאָנעלע קאָנווענשאָן, האָט זיך די לאַגע אין לאַנד גענומען פאַרבעסערען ; און ביז די נייע רעגירונג איז עטאַבלירט געוואָרען, האָט שוין דאָס לאַנד זיך געבאָדען אין שפע. די אָנהענגער פון דער נייער קאָנסטיטוציע און פון דער נייער רעגירונג האָבען פאַר־זיכערט דעם עולם, אַז די לאַגע האָט זיך פאַרבעסערט אַ דאַנק דעם, וואָס עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ פעסטע נאַציאָנאַלע רעגירונג. אַ סך פון עולם האָבען עס געגלויבט. דאָס האָט דער רעגירונג אין די ערשטע יאָרען, ווען זי איז נאָך געווען פאַקטיש אַן עקספּע־רימענט, פיל געהאָלפען. אין אַ בריף, וואָס וואַשינגטאָן האָט אין 1788 געשריבען צו לאַפאַיעט'ן, האָט ער אַליין צוגעגעבען, אַז אַזוי איז עס דער פאַל. ער שרייבט דאָרט אַזוי : „איך ערוואַרט, אַז אַ סך ברכות זאָלען צוגעשריבען ווערען צו אונזער נייער רעגירונג, כאָטש זיי שטאַמען אין אמת'ן פון דער טיכטיגקייט און שפּאָרזאַמ־קייט, צו וועלכע דאָס פאָלק האָט זיך איינגעוואוינט דורך דער נויט".

וואַשינגטאָנ'ס מיינונג איז ניט געווען אינגאַנצען ריכטיג. די בעסערע צייטען זיינען ניט געקומען פון דעם, וואָס דאָס פאָלק האָט זיך אויסגעלערענט צו ארבייטען שווערער און צו שפּאָרען מער. די אורזאַכען זיינען געווען גאַנץ אַנדערע. דער קריזיס פון די פריערדיגע יאָרען איז געקומען הויפּטזעכליך פון דעם, וואָס דער אַמעריקאַנער האַנדעל איז געווען פּאַראַליזירט, און וואָס דער אימ־פּאָרט איז געווען אַ סך גרעסער ווי דער עקספּאָרט. ענגלאַנד האָט ניט ערלויבט אַמעריקאַנישע שיפען צו פירען סחורה צו אירע אינזלען, די וועסט אינדיס. שפּאַניען און פראַנקרייך האָבען געטאָן דאָסזעלבע. און דער האַנדעל מיט די וועסט אינדיס איז דעמאָלט פאַר אַמעריקא גראַד געווען פון דער גרעסטער וויכטיגקייט. פירען סחורה קיין אייראָפּאַ איז אויך שווער געווען צוליב די פּיראַטען, וואָס האָבען געלויערט ביי די ברעגען פון מיטלענדישען ים. אָט די לאַגע האָט זיך איצט ביסלאַכווייז געענדערט. פונקט ווי אַמעריקא האָט זיך גענויטיגט אין די וועסט אינדיס, אַזוי האָבען די וועסט

אינדיס זיך גענויטיגט אין אמעריקא. אין די זיבען יאר — פון 1780 ביז 1787 — איז אין די וועסט אינדיס געווען א שרעקליכער הונגער. איין שטורם נאכ'ן אנדערען האט דארט פארוויסטעט די פעלדער. די וועסט אינדיס האבען לייכט געקענט קויפען עסענווארג פון אמעריקא, אבער ענגלאנד האט עס ניט דערלויבט. דער סוף איז געווען, אז אין די עטליכע יאר זיינען טויזענטער נעגער־שקלאפען אויף די אינזלען אויסגעשטארבען פון הונגער. אויף דעם איין אינזעל, דזשאמייקא, אליין האט די צאל פון די אומ־געקומענע דערגרייכט ביז 15,000. די וועסט אינדיס האבען פראטעסטירט געגען די האנדעלס־געזעצען, און ווען די פראטעסטען האבען ניט געהאלפען, האבען זיי זיך גענומען צו דעם אלטען מיטעל—שמוגלעריי. אמעריקאנישע תבואה איז אריינגעשמוגעלט געווארען מאסענווייז אין די אלע אינזלען פון די וועסט אינדיס: ענגלישע, שפאנישע, פראנצויזישע. אין 1788 איז דער האנדעל מיט די וועסט אינדיס שוין געווען כמעט אזוי גרויס ווי פאר דער מלחמה, און ער האט געהאלטען אין וואקסען. אין דערזעלבער צייט האבען זיך די אמעריקאנער שיפס־קאפיטאנען אויסגעלערענט די קונץ ווי אויסצודרייען זיך פון די פיראטען. זיי האבען געפעלשט פאפירען און זיינען געפארען אויפ'ן ים אלס ענגלישע שיפען. די פיראטען האבען די ענגלישע שיפען ניט געטשעפעט, ווייל זיי האבען מורא געהאט פאר דער גרויסער ענגלישער קריגס־פלאטע.

דער פארבעסערטער עקספארט־האנדעל האט אריינגעבראכט ניי לעבען אין דעם גאנצען אינדוסטריעלען צושטאנד. עס איז געווארען א גרעסערע נאכפראגע אויף תבואה און די פארמער האבען גוט פארדינט. מען האט גענומען בויען מער שיפען, און שיף־בויעריי איז געווען איינע פון די וויכטיגסטע אינדוסטריען. עס איז געווארען מער געלט. פריער איז די מעטאלענע געלט ארויס־געשיקט געווארען אין אויסלאנד צו דעקען דעם באלאנץ פאר די אימפארטירטע סחורה. איצט האט אויסלאנד געשיקט געלט קיין אמעריקא. אין די גרויסע שטאטען, אין ניו יארק, פענסילוועניא און ניו־ענגלאנד, האט זיך אנגעפאנגען א פאבריקאציע פון סחורה.

דאס לעבען איז געווארען גערארמער, דאס לאנד איז געווארען

רואיגער, און אַ סך האָבען עס צוגעשריבען צום חשבון פון דער נייער רעגירונג.

די ערשטע אויפגאַבע, וואָס דער קאָנגרעס האָט זיך געשטעלט, איז געווען, פאַרשטייט זיך, צו אָרגאַניזירען די רעגירונג. דער סענאַט האָט זיך דעמאָלט נאָך באַטראַכט אַלס אַ העכערע קערפּער־שאַפט, אַלס אַ מין ראַט צום פּרעזידענט. דערפאַר האָט דער סענאַט זיינע זיצונגען אָפּגעהאַלטען אין געהיים. ער האָט געוואָרט, אַז די נידעריגערע הויז, די „האָוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס", זאָל פריער אָננעמען פאָרשלאָגען, און דאַן ערשט וועט ער זיי באַטראַכטען, צי זיי זיינען גוט צו שלעכט, און וועט זיי ענטוועדער גוטהייסען, אָדער צוריקווייזען. אַלע וויכטיגע „בילס" (געזעץ־פּראָיעקטען) זיינען דעריבער, אין די ערשטע צייטען, פריער איינגעטראָגען געוואָרען אין דער נידעריגערער הויז, און דאָרטען זיינען וועגען זיי פאָר־געקומען די דעבאַטען, מיט וועלכע דאָס לאַנד האָט זיך אינטע־רעסירט *).

איינע פון די ערשטע פראַגען, וואָס דער קאָנגרעס האָט פאַר־האַנדעלט, איז געווען: וואָס פאַר אַ טיטעל דער פּרעזידענט זאָל טראָגען. איבער דעם זיינען פאָרגעקומען היציגע דעבאַטען. די מאַיאָריטעט אין סענאַט איז געווען דער פאַר, אַז דער פּרעזידענט זאָל באַגריסט ווערען מיט אַ קעניגליכען טיטעל, ווי צום ביישפּיל, „זיין האָכהייט", „זיין מעכטיגקייט", „זיין ווירדיגקייט". עס איז דאָרט אויך געווען אַ צווייטע מיינונג, אַז פאַר'ן פּרעזידענט זאָל אויפגעשטעלט ווערען אַ טראָן, און ער זאָל זיין געקליידט אין קעניג־ליכע בגדים. די „האָוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס" האָט דאָס שטאַרק באַקעמפט, און ניט וואַרטענדיג אויף די רעזולטאַטען פון דער דעבאַטע אין סענאַט, האָט די „האָוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס" גע־שיקט צום פּרעזידענט אַ באַגריסונג מיט דעם איינפאַכען טיטעל:

---

*) מיט דער צייט האָט דער סענאַט זיך פון זיין גדולה אַליין אָראָפּ־געלאָזען. ער האָט געעפענט זיינע טירען און גענומען האַנדלען אויפ'ן זעלבען דעמאָקראַטישען שטייגער ווי דאָס נידעריגערע הויז, כאָטש ביז היינטיגען טאָג האַלט זיך דער סענאַט פאַר אַ גרעסערען יחסן ווי די „האָוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס".

„מיסטער פרעזידענט" (הער פרעזידענט). דאס האט די פראגע געשלאסען. ביי דעם דאזיגען פראסטען טיטעל „מיסטער" איז דער פרעזידענט געבליבען ביז היינטיגען טאג.

וואשינגטאן אליין איז געווען אן אריסטאקראט, און איהם איז שווער געווען צו באשליסען, ווי אזוי ער זאל זיך פיהרען אין זיין נייעם אמט. ער האט זיך געווענדט צו דזשאן עדעמס, אלעקסאנדער האמילטאן און אנדערע, זיי זאלען אים געבען אן עצה. עס איז אינטערעסאנט, אז גראד האמילטאן, וועלכער איז געווען אן עקס־טרעמער פעדעראליסט, און וועלכער האט געהאסט דעמאקראטיע, האט געראטען וואשינגטאנ'ען, ער זאל זיך פירען וואס ווניגער אריסטאקראטיש, כדי נישט אויפצורעגען די מאסען. וואשינגטאן האט געמאכט א פשרה. ער האט געהאט זיין ספעציעלע שטאט־קארעטע, א באגילטע און א באצירטע, אין וועלכער ער פלעגט פארען צום קאנגרעס און אויף עפענטליכע פאראדען. אויף שפאציר פלעגט ער פארען אין א געוויינליכער קארעטע, אדער רייטענדיג אויף א פערד, באגלייט פון א גאנצער סוויטע דינער. אין גאס פלעגט ער זיך זעלטען באווייזען אליין. צו־פוס גיין אין גאס פלעגט ער קיינמאל ניט. געוואוינט האט וואשינגטאן אין א הויז, וואס איז געשטאנען דארט וואו היינט איז טשערי קארנער פוירל סטריט. יענע געגענד איז דעמאלט געווען די רייכסטע אין שטאדט. ער האט באשטימט איין שטונדע אין וואך, יעדען דינסטאג, פון 3 ביז 4, ווען ער פלעגט אויפנעמען באזוכער. די אויפנאמע איז באשטאנען אין דעם, וואס א דינער פלעגט דעם באזוכער פאר־שטעלען און וואשינגטאן פלעגט זיך פארנויגען. יעדען פרייטאג אווענט פלעגט מרס. וואשינגטאן עמפפאנגען געסט אין איר סאלאן. דארט פלעגט מען זיך שוין א ביסעל אונטערהאלטען, אבער זיך לאזען וואויל גיין אויף אן אמת, פלעגט וואשינגטאן בלויז ביי די אויפנאמען, וואס ער פלעגט געבען לכבוד די פארטרעטער פון אוים־לענדישע רעגירונגען און מיטגלידער פון קאנגרעס. וואשינגטאן פלעגט ביי יענע געלעגענהייטען טרינקען איין כוס פאר יעדען גאסט וואס איז געזעסען ביים טיש. וואשינגטאנ'ס געבורטס־טאג איז

געפייערט געוואָרען אַלס אַ נאַציאָנאַלער יום טוב, ווי דער געבורטס־טאָג פון אַ קעניג.

ביי די ערשטע זיצונגען האָט דער קאָנגרעס באַשטימט אַלס געהאַלט פאַר דעם פּרעזידענט 25 טויזענט דאָלאַר אַ יאָהר, פאַר'ן וויים־פּרעזידענט 5 טויזענט דאָלאַר, און פאַר די מיטגלידער פון קאָנגרעס — 10 דאָלאַר אַ טאָג אַזוי לאַנג ווי די זיצונגען זיינען אָנגעגאַנגען.

עס איז דורכגעפירט געוואָרען אַ געזעץ, אַז עס זאָלען אָרגאַניזירט ווערען פיר דעפּאַרטאַמענטען פאַר'ן פּרעזידענט: דעפּאַרטאַמענטען פאַר אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען, פאַר פינאַנץ, פאַר קריג און פאַר יוריספּרודענץ, און אַז בראש פון יעדער דעפּאַרטאַמענט זאָל שטיין אַ סעקרעטאַר. אין דער קאָנסטיטוציע ווערט ניט דערמאָנט, אַז דער פּרעזידענט זאָל האָבען אַ קאַבינעט מיט מיניסטאָרען. וואַשינגטאָן האָט זיך אָבער שטענדיג באַראַטען מיט די סעקרעטאַרען איבער אַלע פראַגען, און אויף אַזאַ אופן זיינען זיי פון זיך אַליין געוואָרען אַ מין קאַבינעט. און אַזוי איז עס פאַרבליבען ביז היינטיגען טאָג.

אַלס „סעקרעטערי אָוו סטייט" (אויסערן מיניסטער) איז באַשטימט געוואָרען טהאָמאַס דזשעפערסאָן; אַלס „סעקרעטערי אָוו די טרעזשורי" (פינאַנץ מיניסטער) — אַלעקסאַנדער האַמילטאָן; אַלס „סעקרעטערי אָוו וואָר" (קריגס מיניסטער) — גענעראַל הענרי נאָקס; אַלס „אַטוירני דזשענעראַל" (מיניסטער פון יוריספּרודענץ) — עדמאָנד רענדאָלף.

צווישען די ערשטע זאַכען האָט דער קאָנגרעס אויפגענומען די פראַגע פון נאַציאָנאַלע געריכטען. אין דער קאָנסטיטוציע שטייט, אַז עס זאָל אָרגאַניזירט ווערען אַ „סופּרים קאָורט" (אַ העכסטער געריכט) און אַזעלכע קלענערע געריכטען, ווי דער קאָנגרעס וועט געפינען פאַר נויטיג". אַ סופּרים קאָורט, אַלזאָ, האָט געמוזט אָרגאַניזירט ווערען. די פראַגע איז אָבער געווען, צי עס זאָלען אויך אָרגאַניזירט ווערען נידעריגערע געריכטען. איבער דעם איז פאָרגעקומען אַ שאַרפער קאַמף. די געוועזענע אַנטי־פעדעראַליסטען, די וואָס האָבען פון אָנפאַנג אָן מורא געהאַט פאַר אַ שטאַרקער

נאציאנאלער רעגירונג, האבען גע'טענה'ט, אז מען קען זיך באגיין אן נידעריגערע געריכטען. זיי האבען געזאגט, אז די „סטייט קאורטס" (שטאט געריכטען) מעגען און קענען פירען אלע פראצעסען, אפילו אזעלכע וואס האבען צו טאן מיט נאציאנאלע געזעצען, און דער סופרים קאורט וועט האבען די מעגליכקייט צו רעווידירען זייערע אורטיילען. די פעדעראליסטען, די וועלכע האבען געגלויבט אין א שטארקער נאציאנאלער רעגירונג, האבען געוואלט, אז די נאציאנאלע רעגירונג זאל האבען אייגענע געריכטען פאר פראצעסען, וואס האבען צו טאן מיט נאציאנאלע געזעצען און נאציאנאלע אנגעלעגענהייטען. נאך לאנגע, הייסע דעבאטען האבען די פעדעראליסטען געזיגט. עס איז באשלאסען געווארען, אז אויסער דעם סופרים קאורט זאלען געגרינדעט ווערען זיבעצען נידעריגערע געריכטען.

דער קאנגרעס האט ביי דער זיצונג אויך פארהאנדעלט די פראגע וועגען „אמענדמענטס" (ענדערונגען) צו דער קאנסטיטוציע. איינינגע פון די שטאטען האבען גוטגעהייסען די קאנסטיטוציע אויסדריקליך מיט'ן תנאי, אז עס זאלען אריינגעשריבען ווערען אין איר געוויסע פונדאמענטאלע געזעצען וועגען די רעכט פון די איינצעלנע בירגער. איצט האבען זיי געפאדערט, אז די „אמענדמענטס" זאלען גלייך אנגענומען ווערען. די פארשידענע שטאטען האבען פארגעלעגט פארשידענע אמענדמענטס. ארום און ארום האט די צאל דערגרייכט ביז זיבען און זיבעציג. דער קאנגרעס האט זיי אלע באטראכט און פון די זיבען און זיבעציג האט די „האוז אוו רעפרעזענטאטיווס" אויסגעקליבען נאר זיבעצען. דער סענאט האט פון די זיבעצען ארויסגעווארפען זיבען, און עס זיינען געבליבען בלויז צען. די צען זיינען דורכגעגאנגען מיט דער נויטיגער מאיאריטעט פון צוויי־דריטעל אין ביידע צווייגען פון קאנגרעס, און זיינען גוטגעהייסען געווארען פון דריי־פערטעל פון די שטאטען, און זיינען געווארען א טייל פון דער קאנסטיטוציע. דאס זיינען די צען ערשטע אמענדמענטס צו דער קאנסטיטוציע. זיי האבען אלע צו טאן מיט פערזענליכע פרייהייטען און מיט געוויסע רעכט, וואס דאס פאלק דארף האבען, כדי זיך צו באשיצען געגען א דעספאטישער רעגירונג.

דער ערשטער אַמענדמענט גאַראַנטירט פרייהייט פון רעליגיע, פרייהייט פון רעדע און שריפט, פרייהייט פון פאַרזאַמלונג. דער צווייטער אַמענדמענט זאָגט, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג טאָר ניט אַוועקנעמען דאָס רעכט פון די בירגער פון די שטאַטען צו טראָגען וואָפען (דער ציל פון דעם דאָזיגען אַמענדמענט איז, אַז די בירגער זאָלען ניט פאַרלירען די מעגליכקייט צו מאַכען אַ רעוואָלוציע געגען דער רעגירונג, אויב זי וועט ווערען דעספּאָטיש). די ווייטערדיגע אַמענדמענטס פאַרביטען צו משפט'ן אַ פאַרברעכער אונטער די אויגען, אַרויפצולעגען אויף אים אַ צו הויכען „בעיל" (גאַראַנטיע־געלט), אא. וו.

דער קאָנגרעס האָט זיין ערשטע זיצונג געשלאָסען אין סעפּ־טעמבער, און אין אָנהויב פון נעקסטען יאָר, 1790, האָט ער זיך ווידער פאַרזאַמעלט און גענומען פאַרהאַנדלען דעם פינאַנציעלען פּראָגראַם, וואָס דער „סעקרעטערי אָוו די טרעזשורי", האַמילטאָן, האָט פאַר אים אויסגעאַרבייט.

קאפיטעל 10.

# אלעקסאנדער האמילטאָן. — זיין פינאנציעלער פראָגראם.

אין וואשינגטאָנ׳ס קאבינעט זיינען געווען פארטראָטעןביידע ריכטונגען, די דעמאָקראטישע און אריסטאָקראטישע, און עם זיינען דאָרט פארגעקומען צוזאמענשטויסען, פונקט ווי אין קאָנגרעס. די אריסטאָקראטישע גרופּע איז געווען די שטארקערע, און אין וויכטיגע פראגען האָט זי אויסגעפירט. דאָס איז געווען דערפאר וואָס וואשינגטאָן אליין האָט אויך סימפּאטיזירט מיט׳ן אריס־טאָקראטישען צד.

די אמת׳ע קאָפּ, דער מוח פון דער רעגירונג אין וואשינגטאָנ׳ס אדמיניסטראציע, איז געווען דער פינאנץ־מיניסטער (סעקרעטערי אָוו די טרעזשורי) אלעקסאנדער האמילטאָן. די וויכטיגסטע קראפט וואָס איז געשטאנען געגען האמילטאָנ׳ען און זיין פּראָגראם איז געווען א צווייטער קאבינעט־מיניסטער — דער מיניסטער פון אויסלענדישע אָנגעלעגענהייטען (סעקרעטערי אָוו סטייט), טאָמאס דזשעפערסאָן. האמילטאָן האָט פארטראָטען די אריסטאָקראטישע ריכטונג; דזשעפערסאָן — די דעמאָקראטישע.

אלעקסאנדער האמילטאָן איז, אָן ספק, געווען איינער פון די גרעסטע קעפּ אין דער אמעריקאנער געשיכטע. ער האָט פאר זיך אויפגעבויט א פילאָזאָפיע וועגען שטאט, רעגירונג, געזעלשאפט־ליכע עקאָנאָמיע, וואָס איז געווען אויסגעהאלטען אין אלע פּרטים. פון אָנהויב ביז׳ן סוף איז זיין פילאָזאָפיע געווען אן אריסטאָקראטישע, אָדער, בעסער געזאגט, א ריין־קאפּיטאליסטישע. ער האָט זיך באטייליגט אין דער רעוואָלוציע. ער איז געווען אין

וואשינגטאָנ׳ס גענעראַל־שטאַב. ער האָט געקעמפט מיט׳ן שווערד אין האנט אויפ׳ן שלאַכטפעלד. אָבער אפילו דעמאָלט איז ער געווען אַן אויסגעשפּראָכענער אַריסטאָקראַט, וועלכער האָט געקוקט מיט פאַראַכטונג אויף די מאַסען און ניט געגלויבט אז די מאַסען דאַרפען האָבען פּאָליטישע רעכט און פרייהייט. שפּעטער האָט ער זיין שטאַנדפּונקט פאַרטיידיגט אויף דער קאָנסטיטוציאָנעלער קאָנווענשאָן. נאָך שפּעטער האָט ער לויט דעם זעלבען שטאַנד־



אַלעקסאַנדער האַמילטאָן

פּונקט אויסגעאַרבייט זיין פינאַנציעלע פּראָגראַם — די פּראָגראַם, וואָס ער האָט מיט שווערער מי דורכגעפירט אין קאָנגרעס.

אַלעקסאַנדער האַמילטאָן איז געבוירען געוואָרען אויף איינעם פון די ענגלישע אינזלען אין די וועסט־אינדיס — אויפ׳ן אינזעל נעוויס. וועגען זיין געבורט הערשען צווישען די היסטאָריקער

מיינונגס־פארשיידענהייטען. די לעצטע אויספארשונגען ווייזען אבער באשטימט, אז ער איז געווען אן אומגעזעצליך קינד. זיין מוטער, די טאכטער פון א רייכען פלאנטאטאר, א פראנצויז, האט צו זעכצען יאר געהייראט מיט א דענישען אריסטאקראט. קורץ נאך דער חתונה האט זי אים פארלאזען. גט'ן זי האט ער ניט געוואלט, איז זי געזעסען אן עגונה ביי אירע עלטערען. מיט עטליכע יאר שפעטער האט זי זיך באקענט מיט אן ענגלישען יונגענמאן, דזשיימס האמילטאן. זיי האבען זיך איינע אין די אנדערע פארליבט.ביידע זיינען זיי נאך יונג געווען — ער 21 יאר און זי 20. אזוי ווי געזעצליך הייראטען האבען זיי ניט געקענט, האבען זיי באשלאסען צו לעבען צוזאמען אן הייראט. פון דעם צוזאמענלעבען איז געבוירען געווארען אלעקסאנדער האמיל־טאן, דעם 11טען יאנואר, 1757.

מיט'ן צווייטען מאן איז האמילטאנ'ס מוטער אויך ניט גליקליך געווען. ער איז געווען א טויגעניכט, און זיי זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען. ווען אלעקסאנדער איז אלט געווען א יאר עלף, איז זיין מוטער געשטארבען.

די פארמעגליכע קרובים האבען דעם אינגעל געגעבען א גוטע ערציאונג. ווען ער איז אלט געווארען פופצען יאר, האבען זיי אים געשיקט קיין ניו יארק לערנען (אויף די אינזלען זיינען קיין העכערע שולען ניט געווען). ער איז געווען זייער א פייאיגער, געהאט א גוטע קאפ און גרויס חשק צום לערנען. ער האט שנעל דורכגעמאכט די צוגרייטונגס־קורסען און איז אריינגעטראטען אין קינג'ס קאלעדזש (דער איצטיגער קאלאמביא אוניווערזיטעט).

ווען האמילטאן איז אנגעקומען אין די קאלאניעס, איז די לופט שוין פול געווען מיט רעוואלוציאנערער שטימונג. ניו יארק איז גראד ניט געווען שטארק רעוואלוציאנער. קינג'ס קאלעדזש איבערהויפט האט זיך אויסגעצייכענט מיט לאיאליטעט צו ענג־לאנד; אבער האמילטאן, כאטש ער איז געווען א פרעמדער און נאך אזוי יונג, האט זיך גלייך אריינגעווארפען אין דעם רעוואלו־ציאנערען שטראם. אין 1774 האט ער אונטער א פארשטעלטען נאמען אנגעשריבען א פאמפלעט געגען ענגלאנד, וואס האט

געמאכט אַ רושם אין די אינטעליגענטע קרייזען. קיינער האָט זיך ניט פאַרגעשטעלט, אז דער פּראָפעסאָר איז א יונגער סטודענט. מען האָט דעם פּאַמפלעט צוגעשריבען צו די פּראָמינענטסטע פּערזאָנען אין די ניו יאָרקער קאָלאָניעס.

אָבער שוין אין די ערשטע פּאַמפלעטען, פּאַרפּאַסט אין דעם ברען פון רעוואָלוציאָנערער שטימונג, אין דער היץ פון יוגענדליכען אידעאַליזם, זעט זיך אַרויס האַמילטאָנ׳ס אַריסטאָקראַטישע נשמה. אין זיינע פּאַמפלעטען זוכט האַמילטאָן צו באַווייזען, אַז די קאָלאָניעס האָבען אַ געזעצליכע רעכט ניט צו פאָלגען דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט אין דערזעלבער צייט וואָס זיי בלייבען געטריי דעם ענגלישען קעניג. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז די קאָלאָניעס געהערען צום קעניג; אים דאַרפען זיי פאָלגען, און ניט דעם ענגלישען פּאַרלאַמענט.

מיט שרייבען אַליין האָט זיך האַמילטאָן ניט באַנוגענט. ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען, האָט ער פאַרלאָזען דעם אוני־ווערזיטעט און אריין אין דער אַרמיי. ער האָט אָרגאַניזירט אַ רע־גימענט, פון וועלכען ער איז געוואָרען דער אָפיצער. אין די ערשטע פּאָר יאָהר האָט ער זיך באַטייליגט אין עטליכע שלאַכטען און האָט אַרויסגעוויזען מוט און פייאיגקייט. אין 1777 האָט וואַשינגטאָן איינגעלאַדען האַמילטאָנ׳ען ער זאָל אריינטרעטען אין זיין פּער־זענליכען שטאַב. וואַשינגטאָן האָט זיך דאַן גענויטיגט אין אַ סעקרעטער, וועלכער זאָל פאַר אים שרייבען זיינע דאָקומענטען און באַריכטען און פירען פאַר אים דיפּלאָמאַטישע אונטערהאַנד־לונגען. וואַשינגטאָן אַליין איז מיט׳ן פעדער געווען אַ קליינער בריה. איינער פון וואַשינגטאָנ׳ס געהילף־גענעראַלען האָט איינמאָל געשריבען וועגען וואַשינגטאָנ׳ען: „זיין שרייבען איז פול מיט גרייזען אין גראַמאַטיק און אין אויסלייגען". האַמילטאָן איז געווען דער ריכטיגער מענש פאַר דער שטעלע. ער האָט געפירט וואַשינגטאָנס קאָרעספּאָנדענץ, האָט אים פאַרטראָטען אין דיפּלאָ־מאַטישע ענינים. האַמילטאָן איז געווען מער ווי אַ סעקרעטאַר וואַשינגטאָן האָט זיך מיט אים באַראַטען אין אַלע וויכטיגע אנגע־לעגענהייטען, און זייער אָפט האָט ער זיך איינגאַנצען פאַרלאָזען

אויף האמילטאנ'ען. א סך פון די סאמע וויכטיגסטע דאקומענטען, וואס וואשינגטאן האט צוגעשטעלט צום קאנגרעס, און וואס ווערען איצט געהאלטען אלס מוסטערס, זיינען געשריבען געווארען ניט פון וואשינגטאנ'ען, נאר פון האמילטאנ'ען.

אין 1780, ווען האמילטאן איז נאך געווען פארבונדען מיט וואשינגטאנ'ס שטאב, האט ער געהייראט מיט דער יונגער טאכטער פון גענעראל סקיילער. די סקיילערס האבען געהערט צו דער רייכסטער ניו יארקער לאנד־אריסטאקראטיע. האמילטאנ'ס שווער איז געווען איינער פון די גרעסטע לאנד־באזיצער. קורץ נאך דער חתונה האט האמילטאן זיך צוקריגט מיט וואשינגטאנ'ען און האט רעזיגנירט פון זיין אמט. אין א בריף צום שווער האט ער ערקלערט אז ער האט אייגענטליך די גאנצע צייט וואשינגטאנ'ען ניט ליב געהאט, און אז ער האט נאר געווארט אויף א געלעגענהייט זיך צו באפרייען פון זיין דינסט. וואשינגטאן האט אים געבעטען ער זאל זיין רעזיגנאציע צוריקציען, דער שווער האט זיך געסטא־רעט ער זאל דאס טאן, אבער האמילטאן איז געבליבען איינגע־שפארט. ער האט זיין אמט פארלאזען און איז ווידער אריינגע־טראטען אין דער ארמיי.

נאך דער רעוואלוציע האט ער אויסגעשטודירט אדוואקאט. אין א קורצער צייט איז ער געווארען איינער פון די גרעסטע אדוואקאטען אין ניו יארק. אים האט אבער געצויגען צו פאליטיק און צו געזעלשאפטליכער ארבייט. ער האט זיך אריינגעווארפען מיט לייב און לעבען אין דער באוועגונג צו שאפען א שטארקע פעדעראלע רעגירונג. ער איז געווען איינער פון דער קליינער גרופע מענשען, וואס האבען מיטגעבראכט, אז די קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאן זאל פאררופען ווערען. און ער איז געווען איינער פון די דריי דעלעגאטען וואס ניו יארק האט געשיקט צו דער קאנ־ווענשאן. אין דער קאנווענשאן גופא האט ער זיך ווייניג וואס באטייליגט. זיין גאנצע ארבייט האט ער געטאן הינטער די קוליסען. איין רעדע אבער האט ער אויף איר געהאלטען, א זעהר לאנגע, וואס האט געדויערט פון פינף ביז זעקס שטונדען. אין יענער רעדע האט ער אויסגעדריקט זיין גאנצע פילאזאפיע וועגען

דעם שטאַט, וועגען רעגירונג, און וועגען קלאַסען אין דער געזעלשאַפט. אזוי ווי די קאָנוועַנשאָן איז געפירט געווארען הינטער פארשלאָסענע טירען, האָט דאָס פאָלק פון דער רעדע ניט געוואוסט. ווען זי וואָלט פארעפענטליכט געווארען, וואָלט זי פאראורזאכט צווישען די מאַסען א שטורם פון צאָרן און פּראָטעסט און וואָלט פיל פארשטארקט די אָפּאָזיציע צו דער קאָנוועַנשאָן און צו דער קאָנסטיטוציע.

האַמילטאָן האָט אין דער רעדע געזוכט צו באווייזען, אז די בעסטע רעגירונג איז אן אריסטאָקראַטישע, דאָס הייסט א רעגירונג אין וועלכער בלויז די רייכע האָבען די מאכט און די דעה. ער האָט פאָרגעשלאָגען, אז דער פּרעזידענט און דער סענאַט זאָלען אויסגעקליבען ווערען נאָר פון בירגער, וועלכע באַזיצען א גרויסען קאַפּיטאַל. ער האָט געוואָלט נאָך מער: אז די העכסטע באַאמטע, דער פּרעזידענט און די סענאַטאָרען, זאָלען זייערע עמטער האלטען דאָס גאנצע לעבען. בלויז ווען זיי פארזינדיגען זיך אָדער באַגייען א פארברעכען, זאָלען זיי געצוואונגען זיין צו רעזיגנירען. ער איז אויך געווען דערפאַר, אז דער פּרעזידענט זאָל באשטימען די גאָווערנאָרס פאַר אַלע שטאַטען, און אז די גאָווערנאָרס זאָלען האָבען דאָס רעכט מבטל צו מאַכען די געזעצען וואָס די לעדזשיסלייטשורס נעמען אָן.

דאָס פאָלק, די גרויסע מאַסען, וואָלטען, לויט האַמילטאָנ'ס פּלאַן, כמעט קיין שום דעה ניט געהאַט אין דער רעגירונג. זיי וואָלטען אויסגעקליבען בלויז די מיטגלידער פון דער נידעריגערער הויז אין קאָנגרעס און אין די לעדזשיסלייטשורס אין די שטאַטען. די אמת'ע מאכט וואָלט געלעגען אין די הענט פון דעם פּרעזידענט, דעם סענאַט און די גאָווערנאָרס. און די באַאמטע וואָלטען געוויילט געווארען פון די רייכע אריסטאָקראַטען, וועלכע וואָלטען געפירט די רעגירונג לויט די אינטערעסען פון די רייכע אריסטאָקראַטען. האַמילטאָן האָט נאָך אפילו אין זיינע גאָר יונגע יאָרען, ווען ער איז נאָך געווען א רעוואָלוציאָנער, ניט געגלויבט אין פאָלק אָדער אין דעמאָקראַטיע. איצטער, ווען ער איז עלטער געווארען, איז זיין אַריסטאָקראַטיזם נאָך פארשטאַרקט געוואַרען. זיין פּאַר־

שלאג האָט אויסגענומען ביי א סך דעלעגאטען. אָבער זיי האָבען געוואוסט, אז אזא מין קאָנסטיטוציע וועט זיכער פּארוואָרפען ווערען פון פאָלק, און זיי האָבען ניט געוואגט זי אָנצונעמען.

נאָך דער רעדע האָט האמילטאָן ביי דער קאָנווענשאָן גופא מער גארנישט ניט געטאָן. ער האָט שפּעטער זיך געשטעלט אָן דער שפּיץ פון דער פעדעראלער באוועגונג, וואָס האָט געפירט א מעכטיגען קאמף אין פארשיידענע שטאַטען, אז די קאָנסטיטוציע זאָל גוטגעהייסען ווערען. צוזאמען מיט דזשיימס מעדיסאָן האָט ער ארויסגעגעבען א רייע פּאַמפלעטען אונטער'ן נאָמען „די פעדעראליסט", אין וועלכע די שרייבער האָבען פארטיידיגט און אויסגעטייטשט יעדען פּונקט אין דער קאָנסטיטוציע. די מערסטע און די וויכטיגסטע פּאמפלעטען אין דער סעריע זיינען געשריבען געווארען פון האמילטאָנ'ען (ביז היינטיגען טאָג ווערען די דאָזיגע פּאמפלעטען באטראכט אלס דאָס בעסטע ווערק איבער דער קאָנסטיטוציע). אין ניו יאָרק, וואו דער קאמף איבער דער קאָנסטיטוציע איז געווען זייער א ביטערער, האָט האמילטאָן זיך ניט באנוגענט מיט שרייבען און ריידען. ער האָט געפירט די גאנצע פּראקטישע פּאָליטיק פון די פעדעראליסטען. ער האָט אָרגאַניזירט, געמאכט פּאָליטישע מאַנעוורעס. אָן אים וואָלט אוממעגליך געווען איבערצוגעווינען ניו יאָרק אויף דער זייט פון דער קאָנסטיטוציע.

אָבער די גרויסע ארבייט, די ארבייט פאר וועלכער זיין נאָמען איז גרויס געווארען אין דער געשיכטע פון לאנד, און פאר וועלכער ער האָט געקראָגען דעם טיטעל „מייסטער־בויער", האָט ער געטאָן נאָכדעם ווי די רעגירונג איז שוין געגרינדעט געווארען, נאָכדעם ווי די קאָנסטיטוציע איז אריין אין קראפט, דעמאָלט, ווען ער איז געווארען פינאנץ־מיניסטער אין וואשינגטאָנ'ס קאבינעט.

אַלעקסאַנדער האמילטאָן איז ארייגעטראָטען אין זיין אמט אלס סעקרעטערי אוו די טרעזשורי דעם 11טען סעפּטעמבער, 1789. מיט זעקס טעג שפּעטער האָט דער קאָנגרעס אים געבעטען ער זאָל צושטעלען א באריכט וועגען די פינאנסען פון דער רעגי־רונג. אלס ענטפער האָט האמילטאָן אין משך פון די נעקסטע

צוויי יאָר אריינגעשיקט צום קאָנגרעס פיר דאָקומענטען: די ערשטע צוויי וועגען רעגירונגס־קרעדיט, דער דריטער וועגען א נאציאָנאַלער באַנק, דער פערטער וועגען פאבריקאציע. די פיר דאָקומענטען אנטהאַלטען האמילטאָנ׳ס פינאנציעלע און עקאָנאָמישע פּראָגראם, זיין גאַנצע פילאָזאָפיע וועגען שטאַט און רעגירונג. איבער זיינע פּראַקטישע פאָרשלאָגען אין די באריכטען זיינען אין קאָנגרעס אָנגעגאַנגען ביטערע קאַמפען מאַנאַטען לאַנג, און אויף זיי איז געלייגט געוואָרען דער פונדאַמענט פאר די ערשטע פּאָליטישע פּארטייען אין אמעריקע.

האמילטאָנ׳ס ערשטער באַריכט האָט זיך באַשעפטיגט מיט דער פראַגע פון די רעגירונגס־חובות. אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע האָט די רעגירונג, די קאָנפעדעראציע, ווי אויך די איינצעלנע שטאַט־רעגירונגען זיך פארשולדיגט אויף אַן ערך פון 65 מיליאָן דאָלאַר אין לאַנד גופא און אַן ערך פון 10 מיליאָן אין אויסלאַנד. אַ טייל פון דעם געלט האָבען די רעגירונגען געבאָרגט און אַ טייל זיינען זיי שולדיג געווען סוחרים און פּאַר־מער, ביי וועלכע זיי האָבען געקויפט פּראָוויאנט און מלחמה־מאַטעריאַלען. נאָך אַ טייל זיינען זיי שולדיג געווען די אָפיצערען און סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געדינט אין דער רעוואָלוציאָנערער אַרמיי. ווי עס איז שוין דערציילט געוואָרען פריער, האָט די נאַציאָנאַלע רעגירונג, ווי אויך די שטאַט־רעגירונגען אַרויסגעגעבען וועקסלען אויף די שולדען. מיט דער צייט איז דער ווערט פון די וועקסלען שטאַרק געפאַלען. פילע פון די אָרימע סאָלדאַטען און קליינע הענדלער און פּאַרמער זיינען געצוואונגען געווען צו פאַר־קויפען זייערע וועקסלען צו רייכע געלט־מענשען און ספּעקולאַנטען פאַר אַ פערטעל, אַ פינפטעל, און אפילו אַ צענטעל פון זייער ערשטען ווערט. אבער די רייכע סוחרים און די רייכע אָפיצערען האָט געהאַט די מעגליכקייט צו האַלטען די פּאַפּירען און וואַרטען ביז די רעגירונגען וועלען האָבען די מיטלען זיי אויסצוקויפען.

אין אַ פּאָריגען קאַפּיטעל איז שוין אָנגעוויזען געוואָרען, אַז אַט די באַזיצער פון רעגירונגס־וועקסלען זיינען עס געווען צווישען די פירער אין דער באַוועגונג פאַר דער קאָנסטיטוציע און אַז אויף

דער קאנסטיטוציאנעלער קאנווענשאן זיינען די מערסטע דעלעגאטען געווען אייגענטימער פון אזוינע ווערט־פאפירען. זיי האבען גערע־כענט, אז א שטארקע נאציאנאלע רעגירונג וועט האבען די מעג־ליכקייט צו זאמלען גענוג שטייערען צו באצאלען די חובות, און אז זי וועט זיך שטעלען די אויפגאבע דאס צו טאן. האמילטאן, אלס דער ערשטער פינאנץ־מיניסטער, האט זיך איצט אונטער־גענומען אט די ערווארטונג צו פארווירקליכען. אין זיין ערשטען באריכט האט ער פארגעשלאגען, אז די רעגירונג זאל איבערנעמען די אלע חובות, סיי די נאציאנאלע, סיי די חובות פון די שטאט־רעגירונגען, און אז זי זאל די אלע ווערט־פאפירען אויסלייזען לויט זייער ערשטען פולען ווערט, און נאך מיט די אנגעוואקסענע פראצענטען.

דער ערשטער טייל פון דעם באריכט האט זיך באצויגען בלויז אויף די חובות פון דער נאציאנאלער רעגירונג, און וועגען זיי האט דער קאנגרעס צום ערשטען פארהאנדעלט. וועגען די צען מיליאן, וואס די רעגירונג איז שולדיג געווען אין אויסלאנד, זיינען קיין דעבאטען ניט געווען. עס איז איינשטימיג באשלאסען געווארען, אז דאס גאנצע געלט זאל באצאלט ווערען. וועגען די אינלענדישע חובות האט זיך אבער אויפגעהויבען א שטורם. כמעט אלע האבען איינגעשטימט, אז די וועקסלען דארפען אויסגעלייזט ווערען. אבער א שטארקע אפאזיציע איז אויפגעשטאנען געגען האמילטאן'ס פראיעקט, אז די רעגירונג זאל פאר די פאפירען באצאלען זייער פולען ערשטען פרייז.

די הויפט טענה פון דער אפאזיציע איז געווען, אז די מענשען, וואס האלטען איצט די וועקסלען, זיינען כמעט אלע ספעקולאנטען; אז זיי האבען פאר די וועקסלען באצאלט א קלייניגקייט; און אז עס איז דערפאר ניט רעכט, אז זיי זאלען קריגען די פולע סומען. עס איז אויך אנגעוויזען געווארען, אז אין א סך פאלען האט די רעגירונג לכתחילה ניט געקראגען דעם פולען ווערט פון די וועקסלען. ווען די רעגירונג האט אין דער צייט פון דער רעוואלוציע געקויפט מלחמה מאטעריאלען, האבען די סוחרים איר געשטעלט העכערע פרייזען טאקע דערפאר, וואס מען האט זיי ניט געצאלט מיט מזומנ'ע

געלט. דאָסזעלבע איז אויך געווען מיט די געלט־הלואות, וואָס די רעגירונג האָט געקראָגען. זי האָט ניט באַקומען קיין גאָלד אָדער זילבער, נאָר פּאַפּירענע געלט אַלס הלואה, און די פּאַפּירענע געלט איז שוין דעמאָלט ווערט געווען ווייניגער ווי די אָנגעגעבענע סומע. פאַרוואָס, אַלזאָ, קומט די ספּעקולאַנטען און די שווינדלערישע סוחרים און קרעדיטאָרען, מען זאָל זיי איצט צאָלען מער געלט ווי די רעגירונג האָט לכתחילה פון זיי געקראָגען?

נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע האָט די אָפּאָזיציע פאָרגעשלאָגען אַ פּשרה. זי האָט געוואָלט, אַז צום ווייניגסטען זאָל ניט דערלאָזט ווערען, אַז די ספּעקולאַנטען זאָלען רייך ווערען אויפ'ן חשבון פון די אָרימע, וואָס זיינען געצוואונגען געווען צו פאַרקויפען די וועקסלען. דזשיימס מעדיסאָן, פון ווירדזשיניא (ער אַליין האָט קיין וועקסלען ניט געהאַט), האָט פאָרגעלעגט פאָלגענדען פּשרה־פּלאַן: די ערשטע אייגענטימער פון די וועקסלען, די וואָס האָבען, הייסט עס, קיינמאָל די וועקסלען ניט פאַרקויפט, זאָלען באַקומען די פולע סומע. יענע אָבער, וואָס האָבען די פּאַפּירען געקויפט ביי אַנדערע, זאָלען קריגען בלויז אַזוי פיל, ווי די פּאַפּירען זיינען ווערט געווען בשעת דער קאָנגרעס האָט אָנגעפאַנגען צו פאַרהאַנדלען די פראַגע. (דאָס וואָלט זיי אויך געגעבען אַ היבשען פּראָפיט, ווייל גלייך ווי האַמילטאָן האָט אַריינגעטראָגען זיין פּראָיעקט, זיינען די פּאַפּירען געשטיגען אין פּרייז). דאָס איבעריגע געלט, דאָס הייסט, דער חילוק צווישען דעם אָריגינעלען פּרייז און דעם איצטיגען, זאָל אויסגעצאָלט ווערען צו די ערשטע אייגענטימער, די וואָס האָבען די ערשטע דער רעגירונג אַרויסגעהאָלפען.

מעדיסאָן האָט זיין פּלאַן פאַרטיידיגט מיט שטאַרקע אַרגו־מענטען און פייערדיגע רעדעס. ער האָט געמאַכט אַ שטאַרקען אַפּיל פאַר די אָרימע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געצוואונגען געווען צו פאַרקויפען זייערע פּאַפּירען. זיי זיינען דאָך געווען די יעניגע, וואָס האָבען זיך ווירקליך מקריב געווען פאַר דער רעוואָלוציע. די ספּעקולאַנטען האָבען ביי זיי די פּאַפּירען אָפּגעקויפט פאַר אַ פערטעל אָדער פאַר אַ צענטעל פון דעם ווערט; פאַרוואָס זאָלען די סאָל־דאַטען איצט ניט צוריקקריגען דאָס וואָס זיי האָבען פאַרלאָרען?

דער קאמף האט אנגעהאלטען עטליכע וואכען. ווען די פראגע איז גענומען געווארען צום אפשטימען, איז מעדיסאנ'ס פארשלאג דורכגעפאלען מיט 36 שטימען געגען 13. 29 מיטגלידער פון קאנגרעס האבען אליין געהאט רעגירונגס-וועקסלען. ווי די 29 האבען געשטימט אין דער פראגע, איז איצט אוממעגליך אויף ריכטיג צו זאגען, ווייל עס איז אין ערגעץ ניט פארשריבען געווארען, ווער עס האט געשטימט דערפאר און ווער געגען. מען קען זיך אבער לייכט פארשטעלען, אויף וועלכער זייט די 29 זיינען געווען.

פארטיג דערמיט, האט מען גענומען פארהאנדלען די צווייטע פראגע, צי די נאציאנאלע רעגירונג זאל באצאלען אויך די חובות, וואס די באזונדערע שטאט־רעגירונגען האבען אנגעבארגט אין די יארען פון דער רעוואלוציע. האמילטאנ'ס פארשלאג איז געווען, אז יע. די חובות פון די באזונדערע שטאטען האבען אנגעטראפען אומגעפער א העלפט פון די חובות פון דער נאציאנאלער רעגירונג. געגען דעם צווייטען פארשלאג איז די אפאזיציע געווען נאך שטארקער ווי געגען דעם ערשטען.

די אפאזיציע איז געקומען הויפטזעכליך פון די שטאטען פון דער סאוט, אויך פון די קלענערע שטאטען אין די נארט. זייערע פארשטייער האבען גע'טענה'ט, אז די שטאטען האבען זייער ווייניג אייגענע חובות, דעריבער זיינען זיי אליין אימשטאנד צו צאלען. מאנכע פון די שטאטען אין די סאוט האבען דוקא געבארגט געלט אין דער צייט פון דער רעוואלוציע, אבער די ספעקולאנטען, פון די גרויסע שטעט אין די נארט האבען אויפגעקויפט די פאפירען און די שטאטען פון די סאוט האט דעריבער ניט געארט אויב די ספעקולאנטען וועלען זייער געלט טיילווייז אדער אפילו אינגאנצען פארלירען. די שטאטען, וואס האבען קיין חובות איבערהויפט ניט געהאט, האבען גע'טענה'ט אז זיי זעהען ניט פארוואס זיי זאלען געצוואונגען ווערען צו צאלען די חובות פון אנדערע שטאטען. זיי האבען גע'טענה'ט, אז עס קען דאך ניט באוויזען ווערען, אז די שטאטען האבען דאס געבארגטע געלט ווירקליך באנוצט פאר רעוואלוציאנערע צוועקען. א גרויסער טייל פון דעם געלט, האבען זיי געזאגט, איז זיכער באנוצט געווארען

פאר לאָקאלע הוצאות, און איצט, אז די נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט זיי איבערנעמען, וועלען די אנדערע שטאַטען, וואס האָבען פון די חובות גארניט גענאָסען, מוזען געבען זייער חלק צו צאָלען פרעמדע חובות.

די אָפּאָזיציע איז געווען זייער שטארק. צוויי מאָל איז האַמילטאָנ׳ס פאָרשלאַג גענומען געוואָרען צו אפּשטימונג און ביידע מאָל איז ער דורכגעפאלען. דאן האָט זיך האמילטאָן באנוצט מיט א פּאָליטישען קונץ: ער האָט געוואוסט אז טהאָמאס דזשעפּערסאָן, זיין קאָלעגע אין קאַבינעט, האָט א גרויסען איינפלוס ביי די אנטי־פעדעראַליסטישע קאָנגרעסלייט. האָט ער פאַרגעשלאָגען דזשעפערסאָנ׳ען א „מסחר׳ל״: אויב דזשעפערסאָן וועט אים העלפען דורכפירען זיין פאָרשלאַג, וועט ער, האמילטאָן, העלפען דזשעפערסאָנ׳ען דורכצופירען, אז די הויפּט־שטאָדט פון דער רעגירונג זאָל געבויט ווערען אין דער סאוטה. דזשעפערסאָן איז אליין געווען פון דער סאוטה, פון ווירדזשיניא. די פראַגע וואו די הויפּט־שטאָדט זאָל זיין איז שוין איינמאָל באַשלאָסען געוואָרען ביי א פאָריגער זיצונג. נאָך א לאַנגער היציגער דעבאַטע איז דאן אָנגענומען געוואָרען, אז די הויפּט־שטאָט זאָל זיך געפינען א מייל פון פילאַדעלפיא. דער באַשלוס איז געווען א גרויסער זיג פאר דער נאָרטה. די שטאַטען פון דער סאוטה האָבען געוואָלט אז די הויפּט־שטאָדט זאָל געבויט ווערען אויף דעם פּאָטאָמאק טייך, וועלכער ליגט ביים גרעניץ פון ווירדזשיניא. די סאוטה האָט זיך געפילט טיף באַליידיגט וואָס זי האָט דעם קאמף פארלוירען. מיט אָט דער סיטואַציע האָט זיך האמילטאָן באנוצט. ער האָט פאָרגעשלאָגען דזשעפערסאָנ׳ען אז ער וועט ווירקען דער קאָנגרעס זאָל ענדערען דעם באַשלוס וועגען דער הויפּט־שטאָדט, אז זי זאָל געבויט ווערען אויף דעם פּאָטאָמאק טייך, ווי די סאוטה פארלאנגט, אויב דזשעפערסאָן וועט ווירקען אויף א פּאָר קאָנגרעסלייט פון דער סאוטה זיי זאָלען ענדערען זייערע שטימען צו גונסטען דער הלואה־פראַגע. דזשעפערסאָן איז אויף דעם פאָרשלאַג איינגעגאנגען. צוויי קאָנגרעסלייט האָבען זיך געלאָזט איבעררעדען און זיינען אריבער

צום צווייטען צד. די צוויי שטימען האבען געגעבען א מאיאריי־טעט פאר האמילטאן׳ס פראיעקט אז די שטאט־חובות זאלען איי־בערגענומען ווערען פון דער נאציאנאלער רעגירונג. וועגען דער הויפט־שטאדט האט האמילטאן געהאלטען ווארט. דער קאנגרעס האט באשלאסען אז זי זאל אריבערגעפירט ווערען פון ניו יארק קיין פילאדעלפיא אויף 10 יאר צייט און אז אין פארלויף פון די יארען זאל אויפגעבויט ווערען א נייע הויפט־שטאדט אויף׳ן דרום זייט פון דעם פאטאמאק טייך. דארטען איז דאס טאקע אויפ־געבויט געווארען די שטאדט וואשינגטאן אלס די הויפט־שטאדט פון דער רעגירונג.

דזשעפערסאן האט אין די שפעטערע יארען חרטה געהאט פאר זיין טאט און האט זיך שטארק פארענטפערט. זיין תירוץ איז געווען, אז בשעת די גאנצע אנגעלעגענהייט איז פארגעקומען, איז ער געווען ניט גענוג באקאנט מיט די אלע פאקטען, מיט די אלע איינצעלהייטען. ער האט דעמאלט געהאט זיך נאר־וואס צוריק־געקערט פון פראנקרייך, וואו ער האט א לאנגע צייט געדינט אלס אמבאסאדאר. דערפאר איז עס לייכט געווען, זאגט ער, פאר האמילטאנ׳ען אים אריינצונארען. ער דערציילט, אז האמילטאן האט אים איינגערעדט, אז אויב דער פארשלאג וועט דורכפאלען, וועלען די שטאטען פון די נארט זיך אפרייסען און די גאנצע רעגירונג וועט צופאלען. ער האט אויף אים אויך, זאגט ער, גע־ווירקט מיט דער טענה, אז דער פרעזידענט איז אין דעם פארשלאג געווען פאראינטערעסירט, און אז אלס קאבינעט־מיניסטער איז עס געווען זיין, דזשעפערסאנ׳ס, פליכט צו שטיצען דעם פרעזידענט.

דער דריטער פראיעקט אויף האמילטאנ׳ס פראגראם איז געווען, אז די רעגירונג זאל גרינדען א נאציאנאלע באנק. דער פלאן איז געווען אזוי: דער קאפיטאל פון דער באנק זאל באטרעפען 10 מיליאן דאלער. די רעגירונג זאל אין דער באנק קויפען אקציעס אויף א פינפטעל פון דער סומע, 2 מיליאן. די איבעריגע אקציעס זאלען פארקויפט ווערען צום פאלק. די קויפער זאלען אבער ניט מחויב זיין צו באצאלען פאר די אקציעס מיט מזומן. זיי האבען א רעכט צו באצאלען דריי־פערטעל פון דעם פרייז פון זייערע

אַקציעס מיט די פּאַפּירען פון די רעגירונגס־חובות. בלויז איין פערטעל מוזען זיי איינצאָלען מזומן. די באַנק האָט, אַלזאָ, גע־געבען די געלעגענהייט די באַזיצער פון די חוב־וועקסלען, וואָס די רעגירונג האָט איבערגענומען, גלייך אַריינצולעגען זייערע וועקסלען אין אַ באַנק־געשעפט. דער פּראָיעקט האָט ווייטער געלויטעט, אַז די באַנק זאָל האָבען אַ מאָנאָפּאָל אויף די רעגירונגס־געלדער. אַלע געלדער, וואָס די רעגירונג וועט זאַמלען אַלס שטייערען, זאָלען מוזען געלעגט ווערען אין דער נאַציאָנאַלער באַנק. נאָך אַ פונקט האָט געזאָגט, אַז די רעגירונג זאָל ניט האָבען קיין רעכט צו גרינדען אַנדערע באַנקען.

די אַנטי־פעדעראַליסטען האָבען אויך דעם פאָרשלאַג באַ־קעמפּט. זייער טענה איז געווען, אַז פון איהם וועלען געניסען בלויז די רייכע, די וואָס וועלען קויפען די אַקציעס. זיי האָבען אָנגעוויזען, אַז די באַנק וועט שאַפען אַ מאָנאָפּאָל אויף געלט. זיי האָבען גע׳טענה׳ט, אַז אַזאַ געזעץ איז געגען דער קאָנסטיטוציע; אַז די קאָנסטיטוציע גיט דעם קאָנגרעס קיין רעכט ניט צו גרינדען בענק. נאָך לאַנגע, היציגע דעבאַטען איז אָבער דער פּראָיעקט אָנגענומען געוואָרען.

דער פערטער וויכטיגער פונקט אין האַמילטאָנ׳ס פּראָגראַם איז געווען אַ טאַריף. האַמילטאָן האָט באַוויזען, אַז עס איז נויטיג אַרויפצולעגען אַן אָפּצאָלונג אויף געוויסע סחורות, כדי די אינ־דוסטריען זאָלען זיך קענען אַנטוויקלען אין אַמעריקא. די פאַרמער, איבערהויפּט פון די סאַוט, וועלכע האָבען אַליין ניט פאַבריצירט און האָבען געמוזט קויפען אַלע נויטיגע סחורות, האָבען מורא געהאַט פאַר אַ טאַריף, ווייל דאָס וואָלט דאָך אויסגעשלאָסען די קאָנקורענץ פון אויסלאַנד און מעגליך געמאַכט פאַר די היגע פאַב־ריקאַנטען צו נעמען הויכע פּרייזען. דער טאַריף־פאָרשלאַג איז אָבער אויך אָנגענומען געוואָרען.

האַמילטאָנ׳ס פינאַנציעלער פּראָגראַם האָט, אַלזאָ, געזיגט אויף דער גאַנצער ליניע*).

*) האַמילטאָן האָט אין זיין באַריכט געזוכט צו באַווייזען, אַז עס וועט זיין אַ גליק פאַר׳ן לאַנד, ווען די רעגירונג וועט איבערנעמען די

חובות. זיין פּלאַן איז געווען, אַז די רעגירונג זאָל אַרויסלאָזען נייע פּאַפּירען, „באָנדס“, און מיט זיי אויסקויפען די אַלטע. די נייע באָנדס, האָט ער געזאָגט, וועלען דינען אַלס געלט. די באַזיצער פון די באָנדס וועלען קענען האַנדלען דערמיט, באָרגען געלט אין די באַנקען, א. ז. וו. דאָס הייסט, אַז דורכדעם וועט געשאַפען ווערען פון זיך אַליין אַ גרויסער קאַפּיטאַל, אַ באַוועגליכער קאַפּיטאַל, און מיט דעם קאַפּיטאַל וועט דאָס לאַנד זיך קענען באַנוצען פאַר אויפבויאונגס־אַרבייט.

אַ צווייטער אַרגומענט פון האַמילטאָנ׳ען איז געווען אַ פּאָליטישער. און אָט דער אַרגומענט איז געווען אין אנקלאַנג מיט זיין גרונד־געדאַנק וועגען שטאַט און רעגירונג. ער האָט ניט געגלויבט אין דעמאָקראַטיע. ער האָט געהאַלטען, אַז די גרויסע אָרימע מאַסען אין לאַנד מוזען גע־האַלטען ווערען אין צוים. זיי טאָרען אין דער רעגירונג קיין דעה ניט האָבען. די דעה און די מאַכט מוז האָבען די אַריסטאָקראַטיע, דער געלט־קלאַס, און דעריבער איז נויטיג, אַז די רעגירונג זאָל די אַריסטאָקראַטיע צופרידענשטעלען, כדי זי זאָל זיין טריי דער רעגירונג און זאָל זיין פאַראינטערעסירט זי אויפצוהאַלטען. אין אַנדערע ווערטער, האַמילטאָנ׳ס הויפּט געדאַנק איז געווען, אַז מיט איבערנעמען די חובות וועט זיך די נייע רעגירונג אַיינקויפען ביי דער אַריסטאָקראַטיע און די אַריסטאָ־קראַטיע וועט ווערען איר פריינט.

פּראָפעסאָר בירד שרייבט: „די ספּעקולאַנטען פון ניו יאָרק האָבען אָנגעפּאַקט די גאַלערייען פון קאָנגרעס בשעת מען האָט דאָרטען פאַר־האַנדעלט די פראַגע. און קאָנגרעסמאַן סעדזשוויק, פון מאַסאַטשוסעטס, אַ באַזיצער פון וועקסלען, האָט, אָנצייגענדיג אויף דער גאַלעריע, אויס־געשריען: ׳דער בעסטער באַוויז ווי נייגעריג דאָס פאָלק איז, אַז דער פאָרשלאַג זאָל דורכגעהן, איז די גרויסע צאָל בירגער, וואָס זיינען דאַ פאַרזאַמעלט׳. אַ צווייטער קאָנגרעסמאַן, אויך אַ באַזיצער פון פּאַפּירען, פישער עימס, פון מאַסאַטשוסעטס, האָט געשריבען אין אַ בריף: ׳אויב דער פאָרשלאַג וועט ניט דורכגעהן ביי דער איצטיגער זיצונג, האָב איך מורא, אַז די שטורמישע געגנערשאַפט צווישען די מאַסען וועט עס אומ־מעגליך מאַכען אים דורכצופירען אויף אַ שפּעטערדיגער זיצונג. אָן אַ שטאַרקען יסוד פון אַ קרעדיט־סיסטעם גלויב איך ניט, אַז די רעגירונג וועט זיך לאַנג האַלטען׳“.

פּראָפעסאָר בירד איז מיט דער מיינונג, אַז די אייגענטימער פון די פּאַפּירען וואָלטען געווען צוברעכען דאָן די רעגירונג, ווען זי וואָלט ניט געווען איבערנעמען די חובות. צוליב די **חובות האָבען זיי דאָך אייגענטליך די רעגירונג לכתחילה געגרינדעט.**

קאפיטעל 11.

# דער קאמף פאר פראָגרעסיווע געזעצען אין די פארשידענע שטאַטען.

די רעוואָלוציע איז געווען א קאמף פאר פאָליטישע אומאָפּהענגיגקייט פון ענגלאַנד, זי האָט אָבער אויך געהאט א מעכטיגען איינפלוס אויף די סאָציאַלע איינריכטונגען אין לאַנד גופא. אין פארלויף פון די רעוואָלוציאָנערע יאָרען און אין דער פעריאָדע באַלד נאָך דער רעוואָלוציע האָבען די פארשידענע שטאַטען דורכגעפירט פּראָגרעסיווע געזעצען וועגען רעליגיעזער פרייהייט, וועגען בילדונג, וועגען שטראָף פאר פארברעכער, וועגען נעגער־שקלאַפעריי, א. ז. וו. די רעוואָלוציע האָט געגעבען דאָס לאַנד א שטויס פאָרוועדטס אין דער ריכטונג פון מענשליכקייט, ליבעראַליזם און טאָלעראַנץ. זי האָט צוטרייסעלט די קאָנסערוואַטיווע כחות און טראַדיציעס, וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג פון פאָרטשריט. זי האָט פארשפּרייט פּראָגרעסיווע געדאַנקען וועגען מענשליכע רעכט. זי האָט ארויסגערוקט פון פאָרענט די קלאַסען, וואָס האָבען אַם מייסטען געליטען פון די קאָנסערוואַטיווע געזעצען און אינסטיטוציעס.

גרינג איז עס אָבער ניט אָנגעקומען. אין יעדען שטאַט איז פאר יעדען פּראָגרעסיווען געזעץ אָנגעפירט געוואָרען א שווערער קאמף. און ניט אין אַלע שטאַטען, און ניט אין אַלע רעפאָרמען איז דער ערפאָלג גלייך געווען. אין טייל שטאַטען איז דער פאָרטשריט געגאַנגען א סך לאַנגזאַמער ווי אין אַנדערע.

אין קיין איינער פון די קאָלאָניעס, מיט דער אויסנאַם פון ראָוד איילאַנד, האָט ניט עקזיסטירט קיין פאָלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט בשעת די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען. די ערגסטע

לאגע איז געווען אין די דריי ניו־ענגלאנד שטאטען: מאסאטשו־סעטס, ניו־העמשיר און קאנעטיקוט. דארטען איז די פוריטא־נישע קירכע געווען אנערקענט אלס די שטאט־קירכע. יעדע שטאדט און שטעדטעל האט געמוזט אויסהאלטען איין פוריטאנישע קירכע; דאס געלט דערויף איז געזאמעלט געווארען דורך אן אלגעמיינעם שטייער. אין מאסאטשוסעטס זיינען קאטוילקען שטארק פאר־פאלגט געווארען. דער הייליגער זונטאג האט געמוזט שטרענג אפ־געהיט ווערען פון יעדען איינעם. אין ניו־העמשיר און קאנע־טיקוט האט עקזיסטירט א געזעץ, אז יעדערער מוז גיין רעגעלמעסיג אין קירכע. אלע האבען געמוזט צאלען שטייערען אויף אויסצו־האלטען די פוריטאנישע גלחים.

דער קאמף פאר רעליגיעזער גלייכבארעכטיגונג, פאר דעם, אז אלע קריסטליכע סעקטען זאלען האבען דיזעלבע רעכטע און זאלען קריגען א חלק פון די שטייערען פאר זייערע קירכעס, האט זיך אנ־געפאנגען אין די קאלאניעס מיט עטליכע צעהנדליג יאר פאר דער רעוואלוציע. אבער כאטש די קעמפער האבען באקומען הילף פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע איז געווען געגען דער פוריטאני־שער קירכע, האט דער קאמף זייער ווייניג ערפאלג געהאט. איינינע סעקטעס האבען יע באקומען געוויסע רעכט, אבער די פוריטאנישע רעגירונגס־באאמטע האבען זיך באנוצט מיט אלערליי מיטלען די רעכט צו איגנארירען. מיט׳ן אנקומען פון דער רעוואלוציע האט דער קאמף אנגענומען א שטארקערען כאראקטער און האט געהאט א פיל גרעסערען ערפאלג. אין מאסאטשוסעטס איז ביי דער קאנ־סטיטוציאנעלער קאנווענשאן פון 1780 אריינגעטראגען געווארען א פארשלאג צו געבען פאלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט. דער פארשלאג האט ארויסגערופען הייסע דעבאטען, און ער איז גע־ענדערט געווארען. דער פונקט, ווי ער איז ענדליך אריינגעשריבען געווארען אין דער קאנסטיטוציע פון דעם שטאט, לויטעט: „עס זאל קיינמאל ניט דורכגעפירט ווערען א געזעץ אין שטאט, וואס שטעלט איין רעליגיעזע סעקטע אונטער א צווייטער". רעליגיע איז נאך אלץ פארבליבען פארבונדען מיט׳ן שטאט; די רעגירונג האט נאך געזאמעלט שטייערען אויסצוהאלטען די קירכע, און אלע

האָבן די שטייערען געמוזט צאָלען. אָבער עס איז דאָך געווע־
אַ שטיקעל פאָרטשריט אויף אַזוי ווייט, אַז אַלע רעליגיעזע גרופּע־
און סעקטען האָבען באַקומען גלייכבאַרעכטיגונג. די פּוריטאַנישע
קירכע האָט אויפגעהערט צו זיין די איינציגע שטאַט־קירכע. פאָל־
שטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט האָט מאַסאַטשוסעטס געגעבען אירע
איינוואוינער ערשט מיט דרייסיג יאָר שפּעטער.

אין ניו־העמשיר איז אין 1784 דורכגעפירט געוואָרען אַן
ענליכע רעפאָרם ווי אין מאַסאַטשוסעטס. אין קאָנעטיקוט איז
דער פאָרטשריט געגאַנגען פיל לאַנגזאַמער. דאָרטען האָט דער
נייער געזעץ בלויז געגעבען אַלע רעליגיעזע סעקטען דאָס רעכט צו
דינען גאָט אויף זייער שטייגער. אַלע איינוואוינער אָבער האָבען
געמוזט צאָלען שטייערען אויסצוהאַלטען די אנערקענטע פּוריטאַ־
נישע קירכע. עס האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט איידער די אַנדערע
סעקטען האָבען, נאָך אַ ביטערען קאַמף און דורך מארטירערטום,
געקראָגען פאָלשטענדיגע גלייכהייט.

אין די מיטעלע שטאַטען — ניו יאָרק, פּענסילווייניא, ניו
דזשוירזי און דעלאַווער—איז די לאַגע שטענדיג געווען אַ גינסטיגע
אפילו נאָך פאַר דער רעוואָלוציע. אין ניו יאָרק האָט ענגלאַנד
געזוכט אַרויפצוצווינגען די ענגלישע קירכע אויפ׳ן פאָלק. אָבער
אַזוי ווי די גרויסע מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג זיינען געווען
אָנהענגער פון אַנדערע קירכען, האָט ענגלאַנד ווייניג געקענט אויס־
פירען. ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען, איז די ענגלישע
קירכע פון זיך אַליין פארשוואונדען, און אַלע קירכעס אין שטאַט
זיינען ממילא געוואָרען גלייכבאַרעכטיגט. אין 1777 איז אריינ־
געשריבען געוואָרען אַ פּונקט אין דער ניו יאָרקער שטאַט־קאָנסטי־
טוציע, אַז די רעגירונג טאָר ניט אויסהאַלטען איין ספּעציעלע קירכע
אָדער אירע גלחים. אַלע רעליגיעס און סעקטעס זיינען אין ניו יאָרק
געוואָרען גלייכע יחסנים.

אין די שטאַטען פון די סאַוט איז די הערשענדע שטאַט־
רעליגיע געווען די ענגלישע קירכע. אין מערילאַנד און אין וויר־
דזשיניא האָט יעדער גלח געקראָגען פון דער רעגירונג אַ שטיק
לאַנד און אַ הויז. און די איינוואוינער פון זיין קירך־טעריטאָריע

האָבען אים געמוזט אויסהאַלטען. די גלחים האָבען דאָרטען גע־לעבט אין לוקסוס און פאַרבראַכט זייער צייט אין טרינקען און אין הוליען. די באַפעלקערונג איז זייער ניט צופרידען געווען דער־פון, וואָס מען צווינגט זיי אויסצוהאַלטען שכורים און הולטאַיעס. איבערהויפט האָט עס אויפגעבראַכט די אָנהענגער פון די אַנדערע סעקטעס. עס זיינען פאָרגעקומען אַ סך מחלוקות איבער דעם, אָבער די רעגירונג איז געשטאַנען אויף דער זייט פון די גלחים.

די רעוואָלוציע האָט אַ סוף געמאַכט דערצו. אין 1776 איז אין מערילאַנד אָנגענומען געוואָרען אַ געזעץ, אַז מען טאָר ניט ארויפלעגען קיין שטייערען פאַר דער קירכע, און אַז מען טאָר קיינעם ניט צווינגען צו גיין אין אַ קירכע צו וועלכער ער געהערט ניט. די קירכע איז דאָרטען אינגאַנצען אָפּגעטיילט געוואָרען פון דעם שטאַט.

אין ווירדזשיניא איז פאָרגעקומען אַ ביטערער קאַמף. אין 1779 האָט דזשעפערסאָן פאַרפאַסט אַ רעזאָלוציע וועגען פאָל־שטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט, און די רעזאָלוציע איז אַריינגע־בראַכט געוואָרען אין דער לעדזשיסלייטשור (דזשעפערסאָן איז דאַן געווען דער גאָווערנאָר פון ווירדזשיניא). אין דער לעדזשיסלייטשור האָט דעם קאַמף פאַר דער רעזאָלוציע אָנגעפירט דזשיימס מעדיסאָן. עס האָט אָבער געדויערט זעקס יאָר, ביז 1785, ביז דזשעפערסאָנ'ס רעזאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרען און איז געוואָרען דאָס געזעץ פון שטאַט.

דזשעפערסאָן האָט אין זיין רעזאָלוציע געגעבען די בעסטע, די פאָרטגעשריטענסטע אויפפאַסונג פון רעליגיעזער פרייהייט. די רעזאָלוציע שרייבט פאָר, אַז דער שטאַט טאָר זיך אַבסאָלוט ניט מישען אין רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען, אין פראַגען וואָס האָבען צו טאָן מיט'ן געוויסען; אַז דער שטאַט טאָר ניט באַגרענעצען דעם בירגער'ס רעכטע און פרייהייטען דערפאַר, וואָס ער האָט גע־וויסע איבערצייגונגען וועגען רעליגיע. דזשעפערסאָן איז געגאַנגען אַ סך ווייטער ווי אַנדערע קעמפער פאַר רעליגיע־פרייהייט האָבען געוואָגט צו גיין. זיין רעזאָלוציע איז באַרימט געוואָרען איבער גאַנץ אַמעריקא און אויך אין איראָפּא. זי איז שפּעטער קאָפּירט

געוואָרען אין אַ סך שטאַטען און אין אַנדערע לענדער. דזשעפער־סאָן אַליין האָט דאָס דאָזיגע געזעץ וועגען רעליגיעזער פרייהייט אין ווירדזשיניאַ באַטראַכט פאַר איינעם פון די דריי גרעסטע אויפ־טואַכצען אין זיין גאַנץ לעבען. אין זיין צוואה האָט ער געבעטען, אַז אויף זיין קבר זאָל מען אויפשרייבען, אַז „דאָ ליגט דער פאַר־פאַסער פון דער 'דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענדענס', דער פאַר־פאַרסער פון דעם געזעץ פאַר רעליגיעזער פרייהייט און דער גרינ־דער פון דער 'יוניווערסיטי אָוו ווירדזשיניאַ'".

אין די אַנדערע דריי שטאַטען פון די סאַוט — נאָרט קאַראָ־ליינאַ, סאַוט קאַראָליינאַ און דזשאָרדזשיאַ — זיינען אויך גע־מאַכט געוואָרען געזעצען, וואָס האָבען געגעבען אַלע רעליגיעס גלייכע רעכט. אָבער אַזוי ווייט ווי ווירדזשיניאַ זיינען זיי ניט געגאַנגען.

אָט דער סענטימענט פאַר פאָרטגעשריטענע געזעצען וועגען רעליגיעזער פרייהייט, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט אין די אַלע שטאַטען, האָט עס מיטגעבראַכט, אַז אַ צאָל פון די שטאַטען זאָלען פאָדערען, אַז אין דער נאַציאָנאַלער קאָנסטיטוציע זאָל אַריינגע־שריבען ווערען אַ פּונקט וועגען פרייהייט פון געוויסען און רעליגיע. די שטאַט־קאָנווענשאָנס פון ווירדזשיניאַ, נאָרט קאַראָליינאַ, ניו־העמפּשיר און ניו יאָרק האָבען די דאָזיגע פאָדערונג אַרויסגעשטעלט. און דער ערשטער קאָנגרעס האָט די פאָדערונג באַווילינט. דער ערשטער אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציע איז וועגען רעליגיעזער פרייהייט.

דזשעפערסאָן האָט אויך אָנגעפירט און דורכגעפירט דעם קאַמף אַז די אַריסטאָקראַטישע ירושה־געזעצען זאָלען געענדערט ווערען. אין די קאָלאָניעס פון די סאַוט, וואו דאָס לאַנד איז געווען איינגע־טיילט אין גרויסע פּלאַנטאַציעס, וואָס האָבען באַלאַנגט צו אַ גרופּע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס, האָבען עקזיסטירט צוויי גע־זעצען צו פאַרזיכערען, אַז דאָס לאַנד זאָל זיך קיינמאָל ניט אַרויס־גליטשען פון די הענט פון די פאַמיליעס. איין געזעץ האָט גע־לויטעט, אַז לאַנד טאָר קיינמאָל ניט פאַרקויפט ווערען; דער איינגענטימער מעג דאָס לאַנד פאַרדינגען, אָבער עס מוז בלייבען

דאס איינענטום פון דער פאמיליע. דער צווייטער געזעץ האט גע־לויטעט, אז דאס לאנד מוז איבערגיין בירושה צום עלטסטען זון. דער צוועק פון צווייטען געזעץ איז געווען, אז די גרויסע פלאנ־טאציעס, די גרויסע מאיאנטקעס, זאלען קיינמאל ניט צוברעקעלט ווערען, נאר זאלען בלייבען גאנץ אין די הענט פון איין מיטגליד פון דער פאמיליע.

אט די צוויי אריסטאקראטישע געזעצען (איבערגענומען פון דער אריסטאקראטיע פון ענגלאנד) האט דזשעפערסאן זיך גע־שטעלט אלס אויפגאבע אפצושאפען אין ווירדזשיניא. קורץ נאכ־דעם ווי די רעוואלוציע האט אויסגעבראכען, האט ער אריינגע־טראגען א פראיעקט אין דער לעדזשיסלייטשור פון ווירדזשיניא, אז יעדער איינער זאל מעגען זיין לאנד פארקויפען. אין דער לע־דזשיסלייטשור זיינע דעמאלט געזעסען א סך אריסטאקראטען, און זיי האבען דעם פראיעקט ביטער באקעמפט. אבער דזשעפערסאן האט געזיגט. די דעמאקראטישע שטימונג, וואס די רעוואלוציע האט געשאפען, איז געקומען דזשעפערסאנ׳ען צו הילף. אבער דעם צווייטען געזעץ אפצושאפען איז אים ניט אנגעקומען אזוי גרינג. דזשעפערסאנ׳ס פראיעקט האט געלויטעט, אז אלע קינדער זאלען זיין בארעכטיגט צו א גלייכען חלק אין א לאנד־ירושה. ער האט דעם פארשלאג געמאכט אין 1777. עס האט אבער געדויערט ביז 1785 ביז עס איז געלונגען צו קריגען די נויטיגע מאיאריטעט פאר אים. ווען די געגנער האבען געזען, אז זיי האלטען ביים פארלירען, האבען זיי פארגעשלאגען אלס פשרה דאס ביבלישע געזעץ — אז דער עלטסטער זון זאל קריגען צוויי חלקים. דערויף האט דזשע־פערסאן געגעבען דעם פאלגענדען ענטפער: „דער עלטסטער זון וועט דעמאלט זיין בארעכטיגט צו צוויי חלקים ירושה, ווען ער וועט ארבייטען צוויי מאל אזוי פיל ווי די איבעריגע קינדער און ווען זיין קערפער וועט פאדערען צוויי מאל אזוי פיל שפייז ווי זייערע קערפערס". אין 1788 האט וואשינגטאן געזאגט צו זיינעם א פריינט, אז זייט דזשעפערסאנ׳ס רעפארמען זיינען אנגענומען געווארען, האט די לאנד־אריסטאקראטיע פון ווירדזשיניא אנגע־הויבען פארשווינדען.

די אנדערע שטאטען פון די סאוט — דזשארדזשיא, נארט קאראליינא און סאוט קאראליינא — האבען נאכגעטאן דעם ביי־שפיל פון ווירדזשיניא. אין יאר 1790 איז שוין אין די די סאוט מער קיין זכר ניט געווען פון די אריסטאקראטישע ירושה־געזעצען.

אין ניו יארק זיינען די ירושה־געזעצען געווען דיזעלבע ווי אין די סאוט, ווייל אויך אין דער ניו יארקער קאלאניע זיינען געווען גרויסע לאנד־באזיצער. אין כמעט אלע איבעריגע קאלאניעס פון די נארט האט דער עלטסטער זון גע'ירשנ'ט א דאפעלטען חלק, אזוי ווי עס שטייט אין חומש. נאך דעם אויסברוך פון דער רעוואלוציע זיינען די געזעצען איבעראל אפגעשאפט געווארען.

די רעוואלוציע האט קאנפיסקירט פילע פון די גרעסטע מאיאנטקעס אין די פארשידענע קאלאניעס, ווייל זיי האבען בא־לאנגט צו „לאיאליסטען” און צו ענגלישע אונטערטאנען. דאס לאנד איז צושניטען געווארען אויף קליינע פארמס און פארקויפט געווארען צו ארימע פאמיליעס. דאס, צוזאמען מיט דעם אפשאפען פון די אלטע ירושה־געזעצען, האט געגעבען א טויט־קלאפ צו דער לאנד־אריסטאקראטיע. אין ניו יארק האבען די גרויסע לאנד־באזיצער געהאט ספעציעלע פריווילעגיעס, און האבען אפילו גע־טראגען אריסטאקראטישע טיטלען. דאס אלץ האט די רעוואלוציע בטל געמאכט.

דאס איז, נאטירליך, געווען א גרויסער געווינס פאר דעמא־קראטיע. מיט דער פארשווינדונג פון דער קאלאניאלער אריסטא־קראטיע האט דער גרויסער המון געקראגען א פרייערע האנט. עס האט געדויערט צייט ביז וואנען עס האט זיך ביסלאכווייז אנטווי־קעלט א נייע געלט־אריסטאקראטיע, וועלכע האט פארנומען דעם פלאץ פון דער קאלאניאנער ערד־אריסטאקראטיע.

דער אויסברוך פון דער רעוואלוציע האט אויך געעפענט די אויגען פון לאנד צו זען די אומגערעכטיגקייט פון נעגער־שקלאפעריי. עס איז שוין אין א פריערדיגען באנד אנגעוויזען געווארען, אז ענגלאנד האט ניט דערלאזט די קאלאניעס צו שטערען דעם שקלא־פען־האנדעל, ווייל ענגלישע קאפיטאליסטען זיינען אין דעם מסחר געווען פאראינטערעסירט. איצט אבער, אז מען האט זיך מער

אין די קאלאניעס ניט געדארפט רעכענען מיט ענגלאנד'ס ווילען, האט די באוועגונג פאר א מער מענשליכער באהאנדלונג פון די נעגער שטארק פארשפרייט. אין די לעדזשיסלייטשורס פון אלע שטאטען זיינען אריינגעטראגען געווארען ספעציעלע פראיעקטען וועגען פארלייכטערען די לאגע פון די נעגער, און אין דעם נעקסטען צענדליג יאר, פון 1776 ביז 1786, איז אין דעם פרט געמאכט געווארען באדייטענדער פארטשריט.

דער ערשטער שריט איז געווען אפצושאפען דעם אריינפיר פון נייע נעגער שקלאפען אין לאנד. איין שטאט נאכ'ן אנדערען האט אנגענומען אזא געזעץ. טייל שטאטען האבען עס אפילו אריינגעשריבען אין זייערע קאנסטיטוציעס. בלויז צוויי אויסנאמען זיינען געווען: סאוט קאראליינא און דזשארדזשיא. זיי האבען זיך גענויטיגט אין נעגער־שקלאפען פאר זייערע רייז און „אינדיגא"־פעלדער, און זיי האבען דעריבער ניט געוואלט שווער מאכען פאר זיך די מעגליכקייט צו באקומען שקלאפען.

דער צווייטער שריט איז געווען אינגאנצען צו פארבאטען שקלאפעריי. דאס איז שוין אנגעקומען א סך שווערער. דער איינציגער שטאט, וואו שקלאפעריי איז פון אלע מאל געווען אומגעזעצליך, איז געווען ראוד איילאנד. נאך אין 1741 האט די קאלאניע אריינגעשריבען אין איר געזעץ־בוך, אז „קיין שווארצער אדער ווייסער מענש זאל ניט דינען אלס שקלאף מער ווי צען יאר צייט און נאכ'ן עלטער פון 25 יאר" (אין יענער צייט איז אין ערגעץ אין דער וועלט ניט געווען אזא פארטגעשריטענער געזעץ געגען שקלאפעריי). ענגלאנד האט ניט געקענט שטערען דעם שטאט ראוד־ איילאנד, ווייל ראוד איילאנד האט געהאט אן אייגענע קאנסטיטוציע און האט זיך רעגירט כמעט ווי זי וואלט געווען אינגאנצען אומאפהענגיג פון ענגלאנד.

דער ערשטער שטאט, וואס האט נאך דעם אויסברוך פון דער רעוואלוציע אינגאנצען פארבאטען שקלאפעריי, איז געווען ווערמאנט (כאטש ווערמאנט איז נאך דעמאלט ניט געווען אנערקענט אלס א שטאט). זי האט דאס געזעץ דורכגעפירט אין 1777. מאסאטשוסעטס האט געטאן דאסזעלבע מיט דריי יאר שפעטער. ניו־

העמשיר איז געווען דער דריטער שטאַט אין דער פּריוהייטס־פּראָ־צעסיע. זי האָט דאָס געזעץ דורכגעפירט אין 1784. נאָך איידער די קאָנסטיטוציע פון די פאַראייניגטע שטאַטען איז פאַרפאַסט געוואָרען, זיינען שוין אַלזאָ געווען דריי שטאַטען, וואו נעגער־שקלאַפעריי איז געווען אינגאַנצען פאַרבאָטען.

אין די אַנדערע שטאַטען פון די נאָרט איז עס ניט צוגעגאַנגען אַזוי גרינג. פּענסילווייניא און קאָנעקטיקוט האָבען דורכגעפירט געזעצען, אַז די נעגער זאָלען באַפרייט ווערען ניט מיט אַמאָל, נאָר בּיסלאַכווייז. די געזעצען האָבען געלויטעט, אַז נעגער, וועלכע וועלען געבוירען ווערען נאָך דעם ערשטען מערץ, 1784, מוזען באַ־פרייט ווערען איידער זיי גרייכען דעם עלטער פון 25 יאָר. ניו יאָרק און ניו דזשוירזי האָבען אָנגענומען ענליכע געזעצען מיט יאָרען שפּעטער.

אין די שטאַטען פון די סאַוט זיינען פאָרגעקומען היציגע דעבאַטען אין די לעדזשיסלייטשורס וועגען דער פראַגע, אָבער אין ערגעץ איז דאָרט ניט געלונגען דורכצופירען געזעצען אָפּצושאַפען שקלאַפעריי. דאָס גרעסטע וואָס איז דערגרייכט געוואָרען אין אַ טייל פון יענע שטאַטען, איז געווען אַ געזעץ, אַז אַ באַלאַבאָס מעג זיין שקלאַף באַפרייען. דער שטאַט ווירדזשיניא, וועלכער האָט אַזאַ געזעץ דורכגעפירט, האָט עס צוריקגערופען נאָך איידער צען יאָר זיינען פאַרביי.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די פאַרשידענע טיילען פון לאַנד האָט באַשטימט די שטעלונג צו דער שקלאַפען־פראַגע. די נאָרט איז געשטאַנען דערפאַר, אַז נעגער־שקלאַפעריי זאָל אינגאַנצען אָפּ־געשאַפט ווערען, ווייל זי האָט זיך ניט גענויטיגט אין קיין שקלאַפען. די צוויי שטאַטען — ווירדזשיניא און מערילאַנד — פון די סאַוט זיינען געווען דערפאַר, אַז דער אַריינפיר פון נייע שקלאַפען זאָל פאַרבאָטען ווערען, ווייל די דאָזיגע צוויי שטאַטען האָבען געהאַט מער ווי גענוג נעגער. ווירדזשיניא האָט נאָך געהאָדעוועט נעגער פאַר'ן מאַרק, און פאַר איר האָט זיך דעריבער געלוינט, אַז מען זאָל מער ניט טאָרען אַריינפירען קיין שקלאַפען פון אויסלאַנד. די אַנדערע שטאַטען פון די סאַוט, איבערהויפּט סאַוט קאַראָליינאַ

און דזשארדזשיא, האבען זיך גענויטיגט אין שקלאפען. זיי זיינען געשטאנען דערפאר, אז קיין שום שטערונג אין דעם האנדעל און אין דעם באזיץ פון נעגער־שקלאפעריי זאל ניט געמאכט ווערען.

די רעוואלוציע האט אבער פיל געווירקט צו שאפען א סענ־טימענט פאר גערעכטיגקייט און מענשליכקייט צום נעגער, אפילו אין די סאוט. באוועגונגען אפצושאפען שקלאפעריי האבען זיך נעגרינדעט אין אלע שטאטען. די ארגאניזאציעס זיינען געווען ריין־אידעאליסטישע. אין 1794 האבען די „אפשאפונגס־סאסיי־טיס" (אבאלישאן סאסייטיס) אפגעהאלטען דעם ערשטען נאציא־נאלען קאנגרעס.

צוזאמען מיט דעם אויסברוך פון דער רעוואלוציע האט זיך אנגעהויבען א מענשליכע באציהונג אויך צו פארברעכער. די קאלאניעס האבען געהאט אומגעפער דיזעלבע קרימינאל־געזעצען וואס ענגלאנד. זיי האבען פאקטיש קאפירט דעם ענגלישען „קאד־דעקס". אין דעם אכטצענטען יארהונדערט זיינען די ענגלישע גע־זעצען געווען שוידערליך־גרויזאם. ניט ווייניגער ווי 160 סארטען פארברעכענס זיינען געווען, פאר וועלכע מען האט באשטראפט מיט'ן טויט. אין דיזעלבע יארען, ווען דא איז פארגעקומען די רעוואלוציע, האט מען אין לאנדאן אויפגעהאנגען א יונגע ווייבעל, א מוטער פון צוויי עופ'עלאך, דערפאר, וואס זי האט גע'גנב'עט א שטיקעל לייווענט צו קויפען ברויט פאר אירע קינדער. איר מאן האט דעמאלט געדינט אין דער ענגלישער פלאטע און ער האט ניט געקענט מפרנס זיין די פאמיליע.

די קאלאניעס האבען, ווי געזאגט, געלערענט פון ענגלאנד. אין ניו יארק האט מען באשטראפט מיט'ן טויט פאר אזוינע פאר־ברעכענס ווי רויבען, פעלשען, אונטערצינדען. אין דעלאווער זיינען אויפ'ן צעטעל פון טויט־שטראף געשטאנען צוואנציג סארטען פאר־ברעכענס. ראוד איילאנד, וואס איז געווען מענשליכער אין אירע געזעצען ווי אלע אנדערע קאלאניעס, האט אויך באשטראפט מיט'ן טויט פאר גנבה און רויב.

נאכ'ן אויסברוך פון דער רעוואלוציע האט מען זיך גענומען אויסצובעסערען די דאזיגע גרויזאמע געזעצען. אין צוויי שטאטען,

ווירדזשיניא און פענסילווייניא, איז אין דעם פּרט געמאַכט גע־וואָרען באַדייטענדער פּראָגרעס. די באַוועגונג אין ווירדזשיניא איז אָנגעפירט געוואָרען פון דזשעפערסאָנ׳ען. אין 1776 האָט ער אַריינגעטראָגען אַ פאָרשלאַג אין דער ווירדזשיניא׳ר לעדזשיסלײ־טשור, אַז די קרימינעלע געזעצן זאָלען רעפאָרמירט ווערען. אַ קאָמיטע איז באַשטימט געוואָרען פאַר דעם צוועק. דזשעפערסאָן אַליין איז געווען אַ מיטגליד אין דער קאָמיטע און האָט געטאָן דעם וויכטיגסטען טייל פון דער אַרבייט. עס האָט אָבער געדויערט גאַנצע צוואַנציג יאָר ביז עס איז געלונגען דורכצופירען דזשעפער־סאָנ׳ס מענשליכע געזעצן דורך דער לעדזשיסלייטשור. אין 1796 האָט דזשעפערסאָן אַליין געפירט דעם קאַמף אין דער לעדזשיס־לייטשור און האָט געוואונען. טויט־שטראָף פאַר פאַרברעכענס געגען אייגענטום איז ענדליך אָפּגעשאַפט געוואָרען אין ווירדזשיניא.

אין פענסילווייניא האָט זיך די באַוועגונג פאַר ענליכע רעפאָר־מען אָנגעהויבען אין 1790, און אין 1794 איז זי געקרוינט געוואָרען מיט ערפאָלג. בלויז פאַר מאָרד איז געבליבען טויט־שטראָף. אין די אַנדערע שטאַטען האָט מען געמוזט וואַרטען נאָך אַ סך יאָרען איידער די גרויזאַמע קרימינאַל־געזעצן זיינען געענדערט געוואָרען, כאָטש די שטימונג איז איבעראַל געווען פאַר רעפאָרמען.

פענסילווייניא האָט זיך נאָך אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס זי האָט געטאָן עטוואָס צו פאַרבעסערען די לאַגע אין די געפענגענישען גופא. מיר האָבען אין אַ פריעריגען באַנד געשילדערט די שוידער־ליכע לאַגע, וואָס האָט געהערשט אין די געפענגענישען אין די קאָלאָניעס. אין פענסילווייניא האָבען נאָך דער רעוואָלוציע זיך אָרגאַניזירט געזעלשאַפטען צו העלפען די אומגליקליכע אַרעסטאַנ־טען, און דורך זייער אַרבייט איז אין 1790 געלונגען דורכצופירען אַ סך אויסבעסערונגען. דזשעפערסאָן האָט אין ווירדזשיניא אויך שטאַרק געאַרבייט פאַר דעם און האָט געבראַכט געוויסע רעפאָרמען. אין די אַנדערע שטאַטען איז אָבער אין דעם פּרט ווייניג־וואָס אויפ־געטאָן געוואָרען.

קאפיטעל 12

# דער „שנאפּס־אויפשטאַנד".

נאָך איידער דער פאָרשלאַג צו גרינדען א נאַציאָנאַלע באַנק איז דורכגעפירט געוואָרען, איז אויף האַמילטאָנ'ס רעקאָמענדאַציע, אריינגעטראָגען געוואָרען א געזעץ־פּראָיעקט אין קאָנגרעס ארויפצולעגען א שטייער אויף שנאַפּס. דער פאָרשלאַג איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען אין יאַנואַר, 1791, און דאָ איז אויך פאָרגעקומען א ביטערער קאַמף, אויף די זעלבע ליניעס ווי ביי די פריערדיגע פּראָיעקטען פון דעם פינאַנץ־מיניסטער. די שטאַטען פון די סאַוט זיינען ארויסגעטראָטען געגען דעם פאָרשלאַג. זיי האָבען אין אים געזען נאָך א פאַרזוך ארויסצופּרעסען געלט פון די פאַרמער פון די סאַוט פאַר די קאַפּיטאַליסטען פון די נאָרט. אויף וואָס דאַרפט איר די שטייערען? האָבען זיי גע'טענה'ט, און האָבען געענטפערט: צו באַצאָלען די מלחמה־חובות, וואָס האַמילטאָן האָט ארויפגעצוואונגען אויפ'ן לאַנד. דער יאָך פון דעם שנאַפּס־שטייער וועט פאַלען הויפּטזעכליך אויף די סאַוט. אין די שטאַטען פון די נאָרט זיינען דאָ פרוכט־גערטנער און דאָרטען טרינקען די פאַרמער סאַידער (קוואַס) און ביר. אין די סאַוט אָבער זיינען קיין סעדער ניטאָ, זיינען די פאַרמער געצוואונגען צו טרינקען שנאַפּס, וועלען זיי דאַרפען צאָלען די שטייערען. עס הייסט אַלזאָ, אז דער שנאַפּס־שטייער ווערט בכיון געפּלאַנעוועט כדי די סאַוט זאָל באַצאָלען די חובות צו די קאַפּיטאַליסטען פון די נאָרט.

אין די דעבאַטען האָבען די געגנער אויך אויפגעוואָרפען האַמילטאָנ'ען און זיינע נאָכפאָלגער, אז זיי זוכען נאָכצומאַכען ענגלאַנד; אז זיי זוכען דאָ איינצופירען א שנאַפּס־שטייער, ווייל

אזא שטייער עקזיסטירט אין ענגלאַנד. אַט דער גלויבען, אַז האַמילטאָן און זיין פּאַרטיי זיינען אין הארצען ענגלענדער, אַז זיי האָבען ליב ענגלאַנד און אַלץ וואָס שמעקט מיט ענגלאַנד און ענגלישע אינסטיטוציעס, האָט זיך איצט גענומען שטאַרק פאַר־שפּרייטען צווישען האַמילטאָנ׳ס געגנער און די געגנער פון וואַ־שינגטאָנ׳ס אדמיניסטראַציע.

דער פּאָרשלאַג וועגען דעם שנאַפּס־שטייער איז ענדליך אָנגע־נומען געוואָרען מיט אַ היבשער מאַיאָריטעט. האַמילטאָן האָט ווידער געזיגט.

דאָס געזעץ האָט געטראָפען די קליינע פאַרמער פון די סאַוט און פון וועסט פּענסילווייניא. אין ניו־ענגלאַנד זיינען געווען גרויסע ברייזער, וואָס האָבען פאַבריצירט שנאַפּס פאַר׳ן מאַרק. די שטייערען זיינען טאַקע דירעקט געצאָלט געוואָרען פון זיי, אָבער זיי האָבען דאָס געלט ארויסגענומען פון די פאַרבראויכער. זיי האָבען געהעכערט די פּרייזען אויף שנאַפּס. די קליינע פאַרמער אין די נאָרט האָבען, ווי שוין געזאָגט, זיך איינגאַנצען באַגאַנגען אָן שנאַפּס. זיי האָבען געטרונקען ביר און קוואַס, וואָס זיי האָבען אַליין פּאַב־ריצירט. אין די סאַוט אָבער זיינען קיין ברייזער ניט געווען. די פאַרמער האָבען ענטוועדער אַליין געמאַכט שנאַפּס פאַר זיך פון די תבואה אויף זייערע פעלדער, אָדער זיי האָבען די סחורה איימפּאָר־טירט פון ניו־ענגלאַנד. זיי האָבען גלייך דערפילט דעם טעם פון די שטייערען ענטוועדער דירעקט, ווען זיי האָבען זייער אייגענע שנאַפּס געוואָלט פאַרקויפען, אָדער אינדירעקט — ווען זיי האָבען געקויפט. דאָסזעלבע איז געווען אין וועסט פּענסילווייניא.

גלייך ווי דאָס געזעץ איז אריין אין קראַפט, האָט זיך פאַנאַנ־דערגעפלאַקערט דער צאָרן פון די פאַרמער, וואָס זיינען פון אים געטראָפען געוואָרען. איבערהויפּט האָט עס געשטורעמט אין דעם וועסטליכען טייל פון פּענסילווייניא, אין דער געגענד ארום פּיטס־בורג. „אין ערגעץ אין לאַנד — זאָגט דער היסטאָריקער מעקמעס־טער — זיינען ניט געווען אזוי פיל ברייזלאַך, און אין ערגעץ האָט מען ניט געטרונקען אזוי פיל שנאַפּס ווי דאָרטען". אין יענער געגענד האָבען זיך גלייך אָנגעפאַנגען אומרוען. קאָנפערענצען פון

שנאפס־טרייבער זיינען אפגעהאלטען געווארען, וועלכע האבען דאס געזעץ שארף קריטיקירט. אקציזניקעס האבען געקראגען א ווארנונג, אז זיי זאלען זיך ניט דערוועגען אריינצוקומען אין די בריידלאך. עטליכע, וואס האבען יע געוואגט, זיינען באפאלען געווארען און זיי זיינען קוים מיט׳ן לעבען אנטלאפען.

עטליכע יאהר זיינען אזוי פארבייגעגאנגען. די אקציזניקעס זיינען ניט געווען זיכער מיט זייערע לעבענס. אויב א פארמער האט גע׳מסר׳ט א ברייזעל פון זיינעם א שכן, איז ער באטראכט געווארען אלס א שפיאן, און אלס שטראף פלעגט מען אונטערצינדען זיין שייער. די נאציאנאלע רעגירונג האט געמאכט ערעסטען און געשלעפט די אנגעקלאגטע אין וויימע שטעדט צום געריכט. פון מאנאט צו מאנאט איז די לאגע געווארען אנגעצויגענער.ביידע צדדים האבען זיך באנוצט מיט טעראר־מיטלען, ביז ענדליך, אין זומער פון 1794, איז אויסגעבראכען אן אויפשטאנד, וועלכער איז באקאנט אין דער אמעריקאנישער געשיכטע אלס „די וויסקי רעבעליאן“ (דער שנאפס־אויפשטאנד).

ווי ווייט ערנסט דער אויפשטאנד איז געווען, איז נאך פון היסטאריקער אויף זיכער ניט באשטימט געווארען. אין די פראווינצען פון דעם וועסטליכען טייל פון פענסילוועניא זיינען אפגעהאלטען געווארען קאנפערענצען פון פארמער, אויף וועלכע עס זיינען אנגענומען געווארען רעזאלוציעס געגען דעם אקציז. אן אויפרוף איז ארויסגעשיקט געווארען צו די מיליץ־סאלדאטען פון דער געגענד, זיי זאלען זיך פארזאמלען און מיט וואפען אין די הענט באקעמפען די אקציזניקעס און זייערע העלפער. עס זיינען פארגעקומען צוזאמענשטויסען, ביי וועלכע עטליכע מענשען זיינען אומגעקומען. דאך זיינען א סך געווען מיט דער מיינונג, אז צו ערנסטע רעזולטאטען וועט עס ניט פירען; אז דער עולם וועט זיך מיט דער צייט בארואיגען.

אן אנדער מיינונג האט געהאט אלעקסאנדער האמילטאן. נאך אן אויספארשונג האט ער געמאלדען פרעזידענט וואשינגטאן, אז די לאגע איז ערנסט, און אז די רעגירונג מוז גלייך מאכען אן ערנסטען און פעסטען שריט. ער האט געראטען, אז די פעדע־

ראַלע רעגירונג זאָל די זאַך אַריינגעמען אין אירע הענט און זאָל שיקען אַן אַרמיי צו „אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד".

האָט האַמילטאָן באמת געגלויבט, אַז די לאַגע איז אַזוי ערנסט? איבער דער דאָזיגער פראַגע זיינען היסטאָריקער צו־טיילט. עס איז דאָ אַ מיינונג, אַז האַמילטאָן האָט אויסגענוצט די געלעגענהייט כדי צו געבען אַ קלאַפּ די געגנער פון דער אַדמיניסטראַציע, די געגנער פון זיין פּאָליטיק. ער האָט געוואוסט, אַז דער אויפשטאַנד איז ניט מער ווי אַן אויסדרוק פון אומצו־פרידענהייט מיט דער הערשאַפט פון די געלט־מענשען אין דער רעגירונג. האָט ער געוואָלט באַווייזען, אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג איז אַזוי מעכטיג, אַז זי קען אַריינדרינגען אין יעדען שטאַט און אונטערדריקען אירע שונאים.

וואַשינגטאָן האָט געפאָלגט האַמילטאָנ'ס עצה. ער האָט אַרויס־געלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציע צו די גאָווערנאָרס פון די פיר שטאַטען: ניו דזשורזי, ווירדזשיניאַ, פּענסילווייניאַ און מערילאַנד, און זיי אויפגעפאָדערט אים צוצושטעלען אַן אַרמיי פון 13,000 סאָלדאַטען. די גאָווערנאָרס האָבען געפאָלגט. זיי האָבען אַרויסגעשיקט אַ באַפעל אין אַלע שטעט און שטעטלאַך, אין אַלע דערפער, אַז יעדע פון זיי זאָל צושטעלען אַ געוויסע צאָל רעקרוטען. די רייכע לייט האָבען געהאָלפען אין דער מאָביליזאַציע דורך די באַקאַנטע פּאַט־ריאָטישע מיטלען: זיי האָבען צוגעזאָגט, אַז זיי וועלען זאָרגען פאַר די פאַמיליעס פון די רעקרוטען אַזוי לאַנג ווי די פאָטערס וועלען זיך געפינען אין דינסט. אין אייניגע געגענדען האָט מען די רעקרוטען פאַרשפּראָכען „באָנוסען". דאָך איז עס ניט אָנ־געקומען אַזוי לייכט צונויפצושטעלען די אַרמיי. אין אייניגע טיילען פון דער וועסט זיינען פאָרגעקומען ראַיאָטען. מחנות מענשען זיינען באַפאַלען די מיליטער־באַאַמטע און זיי געשלאָגען. „דער גאַנצער וועסטליכער טייל פון לאַנד"—שרייבט מעקמעסטער — „איז פול געווען מיט אַנאַרכיסטישע שטאַנגען. דאָס זיינען געווען הויכע שטאַנגען, אויף וועלכע עס האָבען געפלאַטערט רויטע פאָנען מיט אַזעלכע אויפשריפטען ווי: „פרייהייט און גלייכהייט", „פרייהייט אָדער טויט", „קיין אַקציז", און אַנדערע.

אָבער די ארמיי איז דאָך צונויפגעשטעלט געוואָרען. אונטער ד'ער קאָמאַנדע פון וואשינגטאָן און האמילטאָן האָט זי אוועקגע־מארשירט קיין וועסט־פּענסילווייניא. זי איז אהין אָנגעקומען אין די הערבסט מאָנאַטען אין 1794. די ארמיי האָט זיך צוטיילט אין קליינע גרופּען, וועלכע האָבען פארנומען די פּונקטען, וואו עס האָבען זיך געפונען די „וויסקי באָיס" (די שנאַפּס־חברה). קיין אָרגאניזירטען אויפשטאַנד האָבען די סאָלדאטען אין ערגעץ ניט געפונען. פונדעסטוועגען זיינען זיי באפאלען הייזער און האָבען געמאכט א סך ארעסטען. די געפאנגענע זיינען באהאנדעלט געוואָרען אָן רחמנות. נאקעטע און באָרוועסע האָט מען זיי ארויס־געשלעפּט פון די בעטען אין מיטען נאכט און זיי געשליידערט אין נאסע קעלערען און שטאלען. דערנאָך האָט מען זיי, ווי בהמות, געטריבען געבונדענע מיט די רוקענס איינע צו די אַנדערע דורך זומפּען און טייכען, ביז מען האָט זיי געבראכט אין די גרעסערע שטעט און זיי פארשפּארט אין די תפיסות. אכטצען פון זיי האָט מען דורכגעפירט דורך די גאסען פון פילאדעלפיא, כדי די שטאָט זאָל זען ווי אזוי די רעגירונג באגייט זיך מיט בונטאָוושטשיקעס.

די סאָלדאטען וואָס האָבען דעם אויפשטאַנד אונטערדריקט זיינען פון די פּאטריאָטען אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס פּאראַד, אזוי ווי זיי וואָלטען געראַטעוועט דאָס לאַנד פון א שרעקליכען שונא. די סוחרים און געלט־מענשען האָבען פאר זיי געפּראוועט באנקעטען. מען האָט פאר זיי געמאכט פּאראדען, געקלונגען אין די גלעקער און סאלוטירט מיט שיסערייען פון הארמאטען.

די ארעסטירטע זיינען גע'משפּט געוואָרען, און זיינען אלע באפרייט געוואָרען. בלויז צוויי זיינען געפונען געוואָרען שולדיג און זיינען פאר'משפּט געוואָרען צום טויט. אָבער אויך זיי האָט דער פּרעזידענט שפּעטער באגנאדיגט.

קאפיטעל 13.

# די פעדעראליסטען און די רעפובליקאנער.

דער קאמף איבער האמילטאנ'ס פינאנציעלען פראגראם האט אויסקריסטאליזירט צוויי באשטימטע פאליטישע פארטייען אין קאנגרעס און אין לאנד. עס איז איצט קלאר געווארען, אז עס זיינען פאראן פארשיידענע אינטערעסען צווישען געוויסע קלאסען און גרופען, און אז די קלאסען און גרופען מוזען פירען א קאמף אויפ'ן פאליטישען פעלד. עס זיינען געבארען געווארען די ערשטע צוויי פאליטישע פארטייען: די פעדעראלע פארטיי מיט האמילטאן אלס פירער, און די רעפובליקאנישע פארטיי, אדער דעמאקראטישע (אפיציעל האט זי זיך גערופען די דעמאקראטיק־רעפאבליקען פארטי) מיט דזשעפערסאנ'ען אלס פירער.

די פעדעראלע פארטיי האט אלס איר טעארעטישען פונדאמענט אוועקגעלעגט דעם פרינציפ, אז די נאציאנאלע רעגירונג דארף אריינגעמען אין אירע הענט וואס מער מאכט, אז זי דארף טאן אלעס וואס קען הויבען איר פרעסטיזש, איר דעה און איינפלוס. זי האט געגלויבט, אז די נאציאנאלע רעגירונג איז וויכטיגער ווי די באזונדערע שטאט־רעגירונגען. האמילטאן האט געהאלטען, אז די קאנסטיטוציע דארף אזוי אויסגעטייטשט ווערען, אז אלץ וואס די נאציאנאלע רעגירונג געפינט פאר נויטיג צו טאן, זאל זי מעגען טאן; די אויסטייטשונג פון דער קאנסטיטוציע זאל, הייסט עס, זיין א „ליבעראלע, א לויזע".

די רעפובליקאנישע פארטיי האט אלס איר פונדאמענט אוועקגעלעגט דעם פרינציפ, אז די נאציאנאלע רעגירונג דארף האבען וואס וועניגער מאכט, דארף זיין וואס שוואכער. זי האט געגלויבט,

אז די נאציאנאלע רעגירונג מעג טאן בלויז יענע זאכען, וואס ווערען אויסדריקליך פארגעשריבען פאר איר אין דער קאנסטי־טוציע. דזשעפערסאן האט געהאלטען, אז די קאנסטיטוציע דארף אויסגעטייטשט ווערען שטרענג און קאנסערוואטיוו.

אין די דעבאטען אין קאנגרעס איבער די פארשיידענע פונקטען פון האמילטאן'ס פינאנציעלען פראגראם איז אט די מיינונגס־פארשיידענהייט אפט ארויסגעבראכט געווארען. אין דער פראגע פון דער באנק, צום ביישפיל. האמילטאן האט פארגעשלאגען, אז די נאציאנאלע רעגירונג זאל גרינדען א באנק, אבער אין דער קאנ־סטיטוציע איז קיין ווארט ניטא וועגען א באנק. האבען די רעפוב־ליקאנער גע'טענה'ט, אז וויבאלד אין דער קאנסטיטוציע ווערט ניט געזאגט, אז די נאציאנאלע רעגירונג מעג גרינדען א באנק הייסט עס, אז זי טאר עס ניט טאן. האמילטאן'ס אנהענגער האבען גע'טענה'ט פארקערט, וויבאלד עס שטייט ניט אין דער קאנסטיטוציע, אז די נאציאנאלע רעגירונג טאר ניט גרינדען קיין באנק, הייסט עס, אז זי מעג עס טאן.

הינטער די דאזיגע טענות זיינען געשטאנען די ברייטערע פילאזאפישע טעאריעס, די אלגעמיינע וועלט־אנשויאונגען פון די צוויי פירער. האמילטאן האט ניט געגלויבט אין דעמאקראטיע. ער האט מורא געהאט פאר די מאסען. ער האט געגלויבט, אז בלויז א פעסטע רעגירונג, וואס האט די גאנצע מאכט קאנצענט־רירט אין אירע הענט וועט קענען האלטען ארדנונג אין לאנד און וועט קענען דורכפירען די אויפגאבען פון א רעגירונג. דזשעפערסאן האט געגלויבט פארקערט, אז וויכטיגער ווי אלץ איז דעמאקראטיע און אז א פעסט־קאנצענטרירטע רעגירונג מיט א סך מאכט איז א געפאר פאר דעמאקראטיע. „דער וועג צו קריגען א גוטע רעגירונג", האט דזשעפערסאן געזאגט, „איז ניט אנצוטרויען די מאכט צו איין רעגירונג, נאר פאנאנדערטיילען די מאכט צווישען עטליכע רעגירונגען. דער נאציאנאלער רעגירונג דארף איבערגעגעבען ווערען בלויז די אויפגאבע צו פארטיידיגען דאס לאנד געגען שונאים און צו פירען אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען. די שטאט־רעגירונגען זאלען אנפארטרויט ווערען מיט די אנדערע אויפגאבען — מיט

ציווילע רעכטע, געזעצען, פּאָליציי און ענליכע אנגעלעגענהייטען. די ראַיאָנען (קאונטים) אין די שטאַטען זאָלען יעדע האָבען אַ לאָקאַלע רעגירונג פאַר לאָקאַלע אנגעלעגענהייטען, א. ז. וו." האמילטאָן האָט געגלויבט, אַז דאָס פאָלק קען זיך אַליין ניט רעגירען און אַז דערפאַר דאַרף די גאַנצע מאַכט איבערגעגעבען ווערען צו אַ קליין הייפעלע „אויסדערוויילטע", וועלכע שטייען בראש פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג. דזשעפערסאָן האָט געגלויבט, אַז דאָס פאָלק קען יע רעגירען, און אַז אויב אפילו ניט, איז גלייכער דאָס פאָלק זאָל אַליין ליידען דורך זיינע טעות'ן און בלייבען פריי, איידער עס זאָל זיך איבערגעבען אין די הענט פון אַ גרופּע אריסטאָקראַטען.

די פעדעראַליסטען האָבען באַטראַכט די רעפּובליקאַנער פאַר אנאַרכיסטען, און די רעפּובליקאַנער האָבען געהאַלטען די פעדעראַליסטען פאַר מאָנאַרכיסטען. האמילטאָן איז באַשולדיגט געוואָרען פון די רעפּובליקאַנישע צייטונגען, אַז ער וויל איינפירען אין אַמעריקע די זעלבע רעגירונג ווי אין ענגלאַנד; אַז ער צילט דאָ אויפצושטעלען אַ טראָן מיט אַ קעניג און גרינדען אַ לאָרדען־הויז. די פעדעראַליסטען האָבען באַשולדיגט דזשעפערסאָנ'ען, אַז ער וויל די נאַציאָנאַלע רעגירונג אינגאַנצען אומוואַרפען און איבערלאָזען די בירגער אויף הפקר, אָן שום געזעץ, אָן אָרדנונג, אָן דיסציפּלין.

אין די פּרעזידענט וואַלן פון 1792 זיינען די צוויי פּאַרטייען געוועזען אָרגאַניזירט. דאָך האָבען אַלע עלעקטאָרס געשטימט פאַר וואשינגטאָן אַלס פּרעזידענט, כאָטש אַלע האָבען געוואוסט, אַז וואשינגטאָן איז אַ פעדעראַליסט. אָבער אַ קאַמף איז פאָרגעקומען איבער דעם וויים־פּרעזידענט. די פעדעראַליסטען האָבען געזוכט צו דערוויילען דזשאָן עדעמס'ן, און די רעפּובליקאַנער האָבען געזוכט צו דערוויילען דזשאָרדזש קלינטאָנ'ען פון ניו יאָרק. עדעמס האָט געזיגט. ער האָט באַקומען 77 שטימען געגען קלינטאָנ'ס 50.

אין דעם צווייטען טערמין פון וואשינגטאָנ'ס אדמיניסטראַציע האָט זיך דער קאַמף צווישען די צוויי פּאַרטייען נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעפלאַקערט. דער פּאָליטישער האַס האָט פּוליירכט קיינ־

מאָל ניט אָנגענומען אזא גיפטיגען כאראקטער ווי אין יענע יאָרען. וואשינגטאָן אַליין איז אויך ניט געשאנעוועט געוואָרען. עס זיינען אויף אים געמאכט געוואָרען אַלערליי אַטאַקעס. אין זיין ערשטער אַדמיניסטראַציע האָט וואשינגטאָן זיך געסטאַרעט צו שטיין איבער די פּאַרטייען, איבער די פראַקציעס. אַלס באַווייז האָט ער אין זיין קאַבינעט אָפּגעגעבען די צוויי וויכטיגסטע עמטער צו די צוויי געגנער — האַמילטאָן און דזשעפערסאָן. אין דעם צווייטען טער־מין האָט ער שוין אָפען דערקלערט, אַז ער וועט אין זיין קאַבינעט ניט אַריינלאָזען קיין מענשען, וואָס זייערע מיינונגען שטימען ניט מיט די מיינונגען פון דער רעגירונג. דזשעפערסאָן האָט דאָן געמוזט רעזיגנירען פון קאַבינעט. ער איז אַרויס אין 1793.

עס פאַרשטייט זיך, אַז ניט איבער טעאָרעטישע פּרינציפּען איז דער פּאַרטיי־קאַמף פאָרגעקומען. די פּרינציפּען, די פילאָ־זאָפישע מיינונגען, זיינען געווען בלויז אַ באַגרינדונג פון קאָנ־קרעטע, מאַטעריעלע אינטערעסען. די צוויי פּאַרטייען האָבען פאַרטראָטען די אינטערעסען פון צוויי קלאַסען. די פעדעראַלע פּאַרטיי איז געשטאַנען פאַר די אינטערעסען פון די דאַמאָלסטדיגע קאַפּיטאַליסטען: די רייכע סוחרים, די באַנקירען, די באַזיצער פון ווערט־פּאַפּירען, פאַבריקאַנטען און שיף־אייגענטימער. די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי האָט פאַרטראָטען די אינטערעסען פון די פאַרמער אין די סאַוט און אין דער דאַמאָלסטדיגער וועסט, אין די וועסטליכע טיילען פון די אַלטע שטאַטען און אין די נייע שטאַטען, אַרום דעם אָהייאָ טייך און אַרום די בערג. מיר וועלען ווייטער זען, אַז אין יעדער וויכטיגער פראַגע האָבען די אינטערעסען פון די צוויי קלאַסען זיך צוזאַמענגעשטויסען און דער צוזאַמענ־שטויס האָט געשאַפען דעם פּאָליטישען פייער, וואָס האָט אַזוי העליש געברענט אין די נעקסטע אַכט יאָר.

קאפיטעל 14.

# דער שטורם אין אמעריקא איבער דער פראנצויזישער רעוואלוציע.

דער שטורם, וואס האט אויסגעבראכען אין אייראפא אין 1789 דורך דער פראנצויזישער רעוואלוציע, האט דערגרייכט די אמעריקאנישע ברעגען מיט פיר יאר שפעטער, ווען וואשינגטאן איז אריינגעטראטען אין זיין צווייטען פרעזידענטען־טערמין. ווילענדיג, ניט־ווילענדיג איז אמעריקא אריינגעצויגען געווארען אין סכסוכים מיט צוויי אייראפעאישע לענדער, און ביי א פאר געלעגענהייטען איז זי אפילו געשטאנען אויפ׳ן שוועל פון קריג מיט זיי. די גאנצע פאליטיק פון לאנד האט זיך אין משך פון יענע יארען געדרייט דער עיקר ארום אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען. די פאליטישע ליידענשאפטען אין אמעריקא זיינען געווען אן אפקלאנג פון די ליידענשאפטען אויף יענער זייט ים.

דער אויסברוך פון דער פראנצויזישער רעוואלוציע איז דא באגריסט געווארען מיט גרויס באגייסטערונג. דאס אמעריקאנישע פאלק האט דאך ערשט אליין געהאט דורכגעמאכט א רעוואלוציע; די לופט איז נאך געווען פון די הייסע רעוואלוציאנערע פראזען און שלאג־ווערטער. דערצו האט דאך פראנקרייך געהאלפען אמעריקא אין איר רעוואלוציאנערען קאמף, און דאס אמעריקאנישע פאלק האט דערפאר געפילט א ליבע און א דאנקבארקייט צו פראנקרייך. איצט, ווען אט דער געטרייער ברודער האט אנגעהויבען אן ענליכען קאמף פאר פרייהייט און גערעכטיגקייט, איז גאנץ נאטיליך געווען, אז ער זאל דא געפינען א הייסען אפקלאנג.

די פראנצויזישע רעוואלוציע האט זיך פאנאנדערגעשפילט אויף אן אמת ערשט אין 1793, דעם זעלבען יאר ווען וואשינגטאן איז אריינגעטראטען אין זיין צווייטען טערמין. אין יאנואר פון יענעם יאר האבען די פראנצויזישע רעוואלוציאנערען הינגעריכטעט דעם קעניג אויף דער גיליאטינע און האבען פראקלאמירט א רע־פובליק אין פראנקרייך. יענעם יאר האבען זיי ארויסגעלאזען אן אויפרוף צו אלע פעלקער, זיי זאלען אראפווארפען פון זיך דעם יאך פון טיראנען, פון די געקרוינטע קעפ, און צושטיין צום קאמף פאר פרייהייט. יענעם יאר האבען די געקרוינטע קעפ פון איירא־פא זיך פאראייניגט צו דערשטיקען די פראנצויזישע רעוואלוציע. וואס איז שייך אמעריקא, איז די וויכטיגסטע פאסירונג פון יענעם יאר געווען דאס, וואס ענגלאנד האט זיך אנגעשלאסען אן דעם קרייץ־צוג געגען פראנקרייך, און עס איז געקומען די מלחמה צווישען פראנקרייך און ענגלאנד.

די באגייסטערטע שטימונג אין אמעריקא פאר דער רעווא־לוציע אין פראנקרייך איז אין די ערשטע יארען געווען אן אלגע־מיינע: אלע האבען מיט דער רעוואלוציע סימפאטיזירט — אפילו די רייכע, און אפילו די אריסטאקראטישע פעדעראליסטען. די ערשטע צייטען איז די פראנצויזישע רעוואלוציע געווען „אן אנ־שטענדיגע", אן טעראריסטישע אקטען געגען די רייכע און די יחסנים. אבער אין 1793, ווען די רעוואלוציע איז אריינגעטראטען אין איר טעראריסטישער פאזע און ווען דער טעראר איז נאך דערצו געווען געריכטעט געגען די גרויסע און די מעכטיגע, איז דא גלייך פארגעקומען אן ענדערונג. דער קלאסען־געפיהל האט זיך דא אזוי ווי פון שלאף אויפגעכאפט. די היגע אריסטאקראטען און געלט־מענשען, די פעדעראליסטען, האבען פלוצלינג דערפילט, אז זייערע קלאסען־קרובים ווערען עס געמארדעט אין פראנקרייך. פארקערט, די גרויסע מאסען, די פארמער און ארבייטער, זיינען געווארען נאך מער באגייסטערט פאר דער רעוואלוציע. אין די קרייזען פון די פעדעראליסטען איז פון דעמאלט אן די רעוואלוציע פארדאמט געווארען, אבער אין די קרייזען פון די רעפובליקאנער איז זי, פארקערט, געבענשט געווארען. די רעגירונג, וועלכע איז

געווען אַ פעדעראַליסטישע, האָט אין הארצען געהאַסט די רעוואָלוציע און געהאַלטען מיט אירע באַקעמפער. זי האָט אָבער געוואוסט די באַגייסטערטע שטימונג פון די גרויסע מאַסען און האָט ניט געוואַגט אָפען אַרויסצואווייזען אירע געפילען. זי האָט די געפילען געשטיקט אין זיך, ביז וואַנען די פּאַסירונגען האָבען זי געצוואונגען צו נעמען אַן אָפענע שטעלונג. און דעמאָלט האָט זי געהאַנדעלט אַזוי ווי אירע אינערליכע איבערצייגונגען האָבען איר דיקטירט.

כדי ריכטיג צו פאַרשטיין די פאַרשיידענע סכסוכים און געשעהענישען פון די נעקסטע עטליכע יאָר, איז וויכטיג צו האָבען אין זינען פאָלגענדעס: ווען פראַנקרייך האָט אין 1778 איינגעשטימט צו שיקען הילף צו די אַמעריקאַנישע רעוואָלוציאָנערען, איז צווישען די צוויי לענדער, אַמעריקא און פראַנקרייך, געשלאָסען געוואָרען אַן אָפּמאַך. אין דעם אָפּמאַך זיינען אַריינגעשריבען געוואָרען צוויי פּונקטען: ערשטענס, אַז אַמעריקא איז זיך מתחיב צו העלפען פראַנקרייך געגען אַ שונא, וואָס וועט זוכען אָוועקצונעמען ביי איר די קאָלאָניעס, וואָס זי האָט געהאַט אַרום אַמעריקא; און צווייטענס, אַז אין פאַל פון אַ מלחמה צווישען פראַנקרייך און אַן אַנדער לאַנד, דאַרפען די אַמעריקאַנישע האַפענס זיין אָפען פאַר פראַנצויזישע קריגס־שיפען אַריינצוברענגען אַהין געפאַנגענע שיפען. אָבער פראַנקרייך׳ס שונא טאָר אַזאַ רעכט ניט האָבען אין די אַמעריקאַנישע האַפענס.

גלייך ווי עס איז אין אַמעריקא דערהאַלטען געוואָרען די נייס, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך זיינען אין קריג, האָט וואַשינגטאָן פאַררופען אַ קאַבינעט־זיצונג. עס איז געווען קלאָר, אַז לויט׳ן אַמעריקאַניש־פראַנצויזישען אָפּמאַך, איז אַמעריקא איצט געווען אַ פאַרבינדעטער, אַן „עלאַי" פון פראַנקרייך און איז מחויב געוואָרען פראַנקרייך צו העלפען. דער פּונקט וועגען די פראַנצויזישע קאָלאָניעס אין די אַמעריקאַנישע וואַסערען איז געווען פון גרויס וויכטיגקייט. פראַנקרייך האָט געהאַט אינזלען אין די וועסט־אינדיעס; ענגלאַנד האָט דאָרט אויך געהאַט אינזלען. עס איז קיין צווייפעל ניט געווען ביי קיינעם, אַז ענגלאַנד וועט אַטאַקירען

די פראנצויזישע אינזלען, און עס איז גלייך פון אנפאנג קלאר געווען, אז לויט'ן דערמאנטען ערשטען פונקט פון אפמאך, וועט אמעריקא מוזען באשיצען די פראנצויזישע אינזלען געגען ענג־לאנד. הייסט עס, אז אמעריקא וועט אריינגעצויגען ווערען אין א קריג מיט ענגלאנד.

דזשעפערסאן (ער איז נאך דעמאלט געווען אויסלענדישער מיניסטער) האט געהאלטען, אז דאס איז טאקע די פליכט פון אמעריקא, און אז זי מוז גיין פראנקרייך צו הילף. אבער וואשינג־טאן און די אנדערע מיניסטארען האבען געהאלטען, אז ניין. זיי האבען אויסגע'פשט'ט אזוי: דער אפמאך אין 1778 איז גע־שלאסען געווארען ניט מיט פראנקרייך, נאר מיט דער אלטער פראנצויזישער רעגירונג, מיט'ן קעניג. און אזוי ווי דער קעניג איז אראפגעזעצט געווארען, איז דער אפמאך ממילא בטל. זיי האבען אויך גע'טענה'ט, אז אמעריקא איז מחויב צו העלפען פראנקרייך בלויז אין א פארטיידיגונגס־קריג, ווען א שונא פאלט אויף איר אן דער ערשטער. אבער יענע מלחמה, האבען זיי גע־טענה'ט, איז ניט פון אזא סארט, דעריבער דארף אמעריקא ניט גיין פראנקרייך צו הילף.

דער קאבינעט האט באשלאסען, אז דער פרעזידענט זאל ארויסלאזען א פראקלאמאציע פון נייטראליטעט, און ערקלערען, אז אמעריקא שטייט אן א זייט און אזביידע צדדים זיינען איר גלייכע פריינט. עס איז אבער אויך באשלאסען געווארען, אז אמעריקא זאל אויפנעמען דעם נייעם פראנצויזישען אמבאסאדאר, וואס די רעוואלוציאנערע רעגירונג האט אהער ארויסגעשיקט. דאס הייסט, אז אמעריקא זאל אנערקענען די פראנצויזישע רע־וואלוציאנערע רעגירונג.

נאכדעם ווי דער דאזיגער באשלוס איז אנגענומען געווארען, איז דער נייער פראנצויזישער אמבאסאדאר, „בירגער" זשענעי, אנגעקומען קיין אמעריקא, דורך טשארלסטאן, סאוט קאראליינא. ער איז געווען א יונגערמאן פון 28 יאר, פול מיט באגייסטערונג פאר דער רעוואלוציע און פול מיט ענטוזיאזם פאר דער אמערי־קאנישער רעפובליק. ער איז געקומען קיין אמעריקא מיט דעם

גדאנק, אַז די רעגירונג וועט אים דאָ אויפנעמען ווי אַן אייגענעם, ווי א שליח פון א „בונד"־גענאָסע. ער איז געפאָרען אהער מיט פלענער, ווי אַזוי אויסצונוצען די אַמעריקאַנישע מאַכט, די אַמע־ריקאַנישע הילף, אין דעם קאַמף געגען ענגלאנד. עס איז ביי אים קיין ספק ניט געווען, אַז אַמעריקא וועט טאָן אַלעס צו העלפען פראַנקרייך, אזוי ווי דער אָפּמאך האָט זי פאַרפליכטעט.

אָבער גלייך ווי זשענעי איז אַראָפּ פון שיף אין טשאַרלסטאָן, האָט וואַשינגטאָן אַרויסגעלאָזען זיין פראָקלאַמאַציע וועגען נייטראַ־ליטעט. אין דער פראָקלאַמאַציע איז געשטאַנען, אַז די בירגער פון לאַנד טאָרען ניט העלפען קיין איינעם פון די צוויי קריגערישע צדדים און אז דער וואָס וועט יע העלפען איין צד אָדער דעם אַנדערען, וועט שטרענג באַשטראָפט ווערען.

זשענעי איז דערווייל אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס פאַראַד פון דער לאָקאַלער רעגירונג אין טשאַרלסטאָן. דער גאָווערנאָר פון סאַוט קאַראָליינא האָט פאַר אים געמאַכט א יום־טוב. ער איז געווען דער ערען־גאַסט ביי באַנקעטען און פאַרזאַמלונגען, וואו די פראַנצויזישע רעוואָלוציע איז הייס באַגריסט געוואָרען. זשענעי האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבייט. ער האָט דאָ געקויפט שיפען, זיי באוואפענט אין טשאַרלסטאָנ׳ער האַפען, און זיי אַרויס־געשיקט צו פאַנגען ענגלישע האנדעלס־שיפען און זיי ברענגען אין האַפען פון טשאַרלסטאָן. ער האָט דאָ אויך געקויפט אַמוניציע און אָפּגעשיקט קיין פראַנקרייך.

דעם גאַנצען פרילינג און זומער האָט דאָס לאַנד געקאָכט מיט זשענעי. ער האָט שוין איצט גאַנץ גוט געוואוסט די שטימונג פון וואַשינגטאָנ׳ס אַדמיניסטראַציע, ער האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז די גרויסע מאַסען זיינען פאַר פראַנקרייך, און ער האָט באַ־שלאָסען אויסצונוצען די עפענטליכע מיינונג. ער האָט בכיון געמאַכט זיין רייזע פון טשאַרלסטאָן קיין פילאַדעלפיא (וואו די אַמעריקאַנישע רעגירונג איז דעמאָלט געזעסען) ניט מיט׳ן שיף, נאָר מיט דער יבשה. די רייזע איז פאַר אים געווען אַ טריאומף־צוג. אין יעדער שטאָדט און שטעדטעל איז ער אויפגענומען גע־וואָרען ווי אַ נאַציאָנאַלער העלד. מען האָט פאַר אים געמאַכט

באנקעטען, געצונדען גרויסע פייערען אין די גאסען, געהאלטען באגריסונגס־רעדעס. און ווען ער איז ענדליך אנגעקומען קיין פילאדעלפיא, זיינען טויזענטער מענשען אים געגאנגען באגעגענען. די גלאקען אין די קלויסטערס האבען געקלונגען. א פראנצויזישע קריגס־שיף, וואס האט זיך געפונען אין פילאדעלפיער האפען, האט אויסגעשאסען א „סאלוט״.

קיין פילאדעלפיא איז ער געקומען פארצולעגען זיינע דאקו־מענטען, זיין באפאלמעכטיגונג, פאר פרעזידענט וואשינגטאן און קריגען די אפיציעלע אנערקענונג אלס דער נייער פראנצויזישער אמבאסאדאר. וואשינגטאן האט אים אויפגענומען קאלט. ער איז געווען אומצופרידען מיט זשענעי׳ס האנדלונגען. ער האט אבער וועגען דעם פארלויפיג גארניט געזאגט. ער האט זשענעי׳ן באגריסט און אים געגעבען זיין אפיציעלע אנערקענונג.

דערווייל האט די ענגלישע רעגירונג אריינגעשיקט א פרא־טעסט־נאטע צו אמעריקא דערפאר, וואס זי ערלויבט פראנקרייך אויסצוריכטען שיפען אין איהרע האפענס און צו קויפען דא אמו־ניציע. אין יוני האט וואשינגטאן ארויסגעגעבען א באפעל צו אלע גאווערנארס אין אלע שטאטען, זיי זאלען ניט ערלויבען די פראנ־צויזען ארויסצושיקען קיין באוואפענטע שיפען פון זייערע האפענס און אויך ניט אריינצופירען קיין געפאנגענע שיפען. וואשינגטאנ׳ס באפעל האט געווירקט ווי בוימיל אויף פייער.

זשענעי האט פארגעשלאגען וואשינגטאנ׳ען, אז דער אלטער בונד צווישען אמעריקא און פראנקרייך זאל באנייט ווערען,ביידע לענדער זאלען „זיך פאראייניגען אין איין פאמיליע״. ער האט אויך פארלאנגט, אז אמעריקא זאל גלייך באצאלען פראנקרייך די צוויי־און־א־דריטעל מיליאן דאלאר, וואס זי איז איר שולדיג גע־בליבען פון דער רעוואלוציע. זשענעי האט פארשפראכען, אז ער וועט דאס געלט אויסגעבען אין אמעריקא גופא; אז ער וועט דא דערמיט קויפען אמוניציע פאר פראנקרייך. דעם פארלאנג האט וואשינגטאן צוריקגעוויזען. וועגען די חובות האט האמילטאן, דער פינאנץ־מיניסטער, ערקלערט זשענעי׳ן, אז, ערשטענס, האט אמע־ריקא איצט קיין געלט ניט, און צווייטענס, אפילו ווען זי וואלט

יא געהאט, וואלט זי איצט ניט געצאלט, ווייל ענגלאנד וואלט עס שלעכט אויסגעטייטשט.

די רעפובליקאנישע מאסען זיינען שרעקליך אויפגעבראכט געווארען פאר אזעלכע האנדלונגען מצד וואשינגטאן און האמיל-טאן. די רעפובליקאנישע צייטונגען האבען וואשינגטאנ'ען אטא-קירט און געשימפט. מאסען־פארזאמלונגען זיינען אפגעהאלטען געווארען, ביי וועלכע מען האט געסטראשעט די אדמיניסטראציע מיט געוואלד. וויים־פרעזידענט עדעמס האט זיך אזוי דערשראקען, אז ער האט שטילערהייט אריינגעפירט ביקסען צו זיך אין הויז.

די רעפובליקאנער האבען גע'טענה'ט, אז וואשינגטאן האט אליין, אן דעם קאנגרעס, ניט געהאט קיין רעכט צו ערקלערען דאס לאנד נייטראל. דזשיימס מעדיסאן האט אין א רייע פאמפ-לעטען פארטיידיגט דעם רעפובליקאנישען שטאנדפונקט. ער האט גע'טענה'ט, אז די קאנסטיטוציע זאגט אויסדריקליך, אז נאר דער קאנגרעס מעג ערקלערען קריג. וויבאלד דער קאנגרעס איז די איינציגע רעגירונגס־קערפערשאפט, וואס קען אריינפירען דאס לאנד אין מלחמה, איז דער קאנגרעס אויך די איינציגע קערפער-שאפט, וואס קען באשטימען, אז דאס לאנד זאל בלייבען נייטראל אין א מלחמה. מעדיסאן האט אויך גע'טענה'ט, אז וואשינגטאן האט קיין רעכט ניט געהאט אפצוברעכען די אלטע אפמאכען מיט פראנקרייך.

אבער די אטאקעס און פראטעסטען פון די רעפובליקאנער האבען ניט געהאלפען. דער באפעל פון דעם פרעזידענט איז אויס-געפאלגט געווארען. די גאווערנארס פון די שטאטען האבען ניט געלאזען קיין פראנצויזישע שיפען נעמען אין געפאנגענשאפט ענג-לישע שיפען לעבען די אמעריקאנער ברעגען. זיי האבען ניט דער-לויבט די פראנצויזישע שיפען זיך צו באוואפענען אין די אמערי-קאנער האפענס. אמעריקאנישע בירגער, וואס זיינען אריינגע-טראטען אין דער דינסט פון דער פראנצויזישער פלאטע, זיינען ארעסטירט געווארען. זשענעי האט א שטיק צייט איגנארירט וואשינגטאנ'ס באפעלען, און מיט דער הילף פון דער רעפובלי-קאנישער מאסע און רעפובליקאנישע באאמטע איז אים געלונגען

ארויסצושמוגלען א סך שיפען און אמוניציע. די ערשטע צייט האט אים דזשעפערסאן שטילערהייט צוגעגעבען מוט, כאטש אלס קאבינעט מיניסטער איז זיין פליכט געווען אויסצופאלגען דעם פרעזידענט׳ס באפעלען און דעם פרעזידענט׳ס פאליטיק.

דער לעצטער אקט פון דער דראמע מיט זשענעי׳ן איז ביז היינטיגען טאג איינגעהילט אין א געהיימניס. ער האט זיך אפ־געשפילט אין מאנאט אויגוסט. עס האט זיך דאן פלוצלינג פאנאנדערגעטראגען איבער׳ן לאנד די נייס, אז זשענעי האט גע־סטראשעט וואשינגטאנ׳ען, אז ער וועט אפעלירען געגען אים צום פאלק; אז ער וועט, הייסט עס, גיין איבער וואשינגטאנ׳ס קאפ און זוכען צו ווירקען, אז דאס פאלק זאל צווינגען דעם פרעזידענט צו העלפען פראנקרייך.

דער קלאנג האט אויפגערודערט דאס לאנד. די געגנער פון פראנקרייך האבען גע׳טענה׳ט: וואס הייסט? עס קומט צופא־רען א פארשטייער פון א פרעמדער מלוכה, און וואגט צו סטרא־שען דעם פרעזידענט! דאס איז דאך א באליידיגונג פאר׳ן גאנצען לאנד. דאס קען ניט געדולדעט ווערען פון א פאלק מיט זעלבסט־רעספעקט.

די פעדעראליסטען האבען פון דעם קלאנג געשלאגען קאפי־טאל. זיי האבען אויפגעהויבען א געוואלד אז זשענעי האט איבערגעטראטען אלע גרענעצען פון דיפלאמאטישער אנשטענדיג־קייט און אז ער מוז צוריקגערופען ווערען. אפילו רעפובליקא־נער האבען צוגעגעבען, אז זשענעי איז געגאנגען צו ווייט.

די פראגע וואס איז ביז היינטיגען טאג ניט געלייזט גע־ווארען איז די: פון וואנען האט זיך דער קלאנג גענומען? זשע־נעי האט געלייקענט שטיין אוןביין. ער האט געפאדערט אן אונ־טערזוכונג. די ערשטע וואס האבען דעם קלאנג פארשפרייט זיי־נען געווען דזשאהן דזשעי און רופוס קינג, צוויי פון די אנגעזעענ־סטע בירגער פון ניו יארק. זיי האבען אבער צוגעגעבען, אז אליין האבען זיי דאס ניט געהערט, נאר אז זיי האבען עס געהערט פון האמילטאן און נאקס, די צוויי קאבינעט מיניסטארען. האמ־מילטאן און נאקס האבען דאס אויך אליין ניט געהערט. זיי הא־

בען זיך פאררופען אויף אַנדערע. גערעדט האָט מען, אז דער ערשטער וואָס האָט די נייעס פארשפרייט איז גאָר געווען טהאָמאָס דזשעפערסאָן. געוויסע האנדלונגען מצד זשענעי האָבען דזשע־פערסאָנ׳ען שטארק באַליידיגט, און צווישען זיי איז שוין דע־מאָלט געווען אַ רוגז.

אָבער, ווי די מעשה זאָל ניט זיין, זשענעי׳ס פּראָטעסטען און אַפּלייקענונגען האָבען ניט געהאָלפען. וואשינגטאָן האָט פאר־לאנגט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג אַז זשענעי זאָל צוריק־גערופען ווערען, און אַן אַנדער אַמבאַסאַדאָר זאָל געשיקט ווערען אויף זיין פּלאַץ. אייגענטליך איז וואשינגטאָנ׳ס מיה געווען אַן איבעריגע. אין פּאַריז איז שוין דאמאָלס פאָרגעקומען אַן אי־בערקערעניש. די זשיראָנדיסטישע פּארטיי, צו וועלכער זשענעי האָט געהערט, איז געפאַלען, און די יאַקאָבינער זיינען אריין אין מאכט. די נייע רעגירונג וואָלט סיי־ווי זשענעי׳ן צוריקגערופען; פאַר איר איז ער געווען גאָר אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער.

זשענעי איז צוריקגערופען געוואָרען. אָבער ער איז ניט צוריקגעפאָרען קיין פראַנקרייך. ער האָט געוואוסט, אַז אויף אים וואַרט דאָרט די גילאָטינע. ארויסשיקען אים מיט געוואַלד האָט אמעריקע ניט געוואָלט. איז ער געבליבען אין אמעריקא און האָט דאָ שפּעטער חתונה געהאט מיט דער טאָכטער פון רעפּובלי־קאַנישען גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, פריילין קאָרנעליא קלינטאָן. ער האָט דעם רעשט פון זיין לעבען פארבראכט רוהיג און צו־ריקגעצויגען, אין דער רייכער געזעלשאפט פון זיין פרוי׳ס פאַ־מיליע.

## קאפיטעל 15.

# דער סכסוך מיט ענגלאנד — דזשעי'ס אָפּמאַך.

מיט זשענעי'ס צוריקרופונג האָט זיך די פּאָליטישע לאַגע וויינ־יג וואָס געענדערט. עס קען זיין, אז ווען עס וואָלט זיך גע־האַנדעלט בלויז וועגן סענטימענטען, וועגן סימפּאַטיעס, וואָלט דער עולם מיד געווארען און וואָלט זיך אויפגעהערט צו קאָכען. אָבער הינטער די סימפּאַטיעס זיינען געווען שטאַרקע עקאָנאָמישע אינטערעסען, און זיי האָבען ניט געלאָזט די זאַך זאָל זיך איינ־שטילען.

די עקאָנאָמישע פראַגען זיינען געווען פארבונדען ניט מיט פראַנקרייך, נאָר מיט ענגלאַנד.

ענגלאַנד, גלייך ווי זי איז אריין אין מלחמה מיט פראַנקרייך, האָט פּאַרעפענטליכט אַ רייע באַפעלען וואָס האָבען געטראָפען דעם אַמעריקאַנישען האַנדעל און שיף־אינדוסטריע. זי האָט ער־קלערט, אז אַמעריקאַנישע שיפען, וואס פיהרען האַנדעל מיט פראַנ־צויזישע אינזלען אין די וועסט־אינדיס, וועלען פון ענגלאנד באַ־טראַכט ווערען אלס פיינדליכע שיפען און וועלען קאָנפיסקירט ווערען. אַ צווייטער באַפעל איז געווען, אז אַמעריקאַנישע שיפען, וואָס פירען סחורה פאַר פראַנצויזישע בירגער, וועלען געפאַנגען און קאָנפיסקירט ווערען.

אויפ'ן גרונד פון אָט די באַפעלען האָט די ענגלישע פלאָטע גענומען געפאַנגען הונדערטע אַמעריקאַנישע האַנדעלס־שיפען, וואָס האָבען געפירט סחורות אין די פראַנצויזישע וועסט־אינדיס און צו די פראַנצויזישע ברעגען אין אייראָפּאַ. אַמעריקאַנישע סחורה איז קאָנפיסקירט געווארען אין ווערט פון הונדערטער

טויזענטער דאָלאר. די מאַטראָזען אויף די געפאנגענע אמערי־קאַנישע שיפען, און אפילו די פּאַסאַזשירען, זיינען גרויזאם באַ־האַנדעלט געווארען. אָט איז איין פאל פון א סך אַזעלכע: אין פעברואַר, 1794, האָט אַן ענגלישע פלאָטע באַמבאַרדירט א פראַנ־צויזישען האפען אויפ׳ן מארטיניק אינזעל און איהם איינגענו־מען. אין האפען האָבען זיך געפונען אַמעריקאַנישע האַנדעלס־שיפען. די ענגלענדער זיינען אַרויף אויף די שיפען, האָבען אַרונ־טערגעריסען די אַמעריקאַנישע פאָנען און אַריבערגעשלעפּט די מאַטראָזען אויף זייערער אַ געפענגניש־שיף. 250 פון די אַמע־ריקאַנישע מאַטראָזען זיינען דריי טעג צייט געהאַלטען געוואָרען געפאַנגען. ווען מען האָט זיי ענדליך ארויסגעלאָזט פריי, איז גע־ווען אַ שרעק אויף זיי צו קוקען: זייערע צינגער זיינען געווען געשוואָלען פון דורשט, זייערע קערפּער פאר׳חלש׳ט פון הונגער. די אַמעריקאַנישע שיפען גופא האָבען די ענגלענדער אַ טייל פון זיי געזונקען, און אַ טייל האָבען זיי איבערגעלאָזט צום שיקזאַל פון די כוואַליעס.

ענגלאַנד האָט זיך דעמאָלט שטאַרק גענויטיגט אין מאַטראָזען. עס זיינען געווען זייער ווייניג פרייוויליגע וואס האָבען געוואָלט גיין דינען אויף ענגלישע קריגס־שיפען, ווייל די באַהאַנדלונג איז דאָרט געווען זייער א שלעכטע. און די וואָס מען פלעגט צווינגען מיט געוואלד צו ווערען מאַטראָזען, ווי, צום ביישפּיל, פארברעכער, פלעגען ביי דער ערשטער געלעגענהייט אַנטלויפען. דאָס עסען אויף די ענגלישע קריגס־שיפען איז געווען שלעכט, עס פלעגען בושעווען קראנקהייטען, די דיסציפלין איז געווען א ברוטאַלע. דעריבער האָט ענגלאנד אָנגעווענדט פאָלגענדען מיטעל צו קריגען מאַטראָזען: אירע קריגס־שיפען פלעגען אָפּשטעלען פרעמדע האַנדעלס־שיפען אין מיטען ים, דורכזוכען די מאַטראָזען און אַראָפּ־נעמען יעדען אויף ועמען מען האָט געקענט מאַכען א בלבול אז ער האָט אמאָל געדינט אין דער ענגלישער פלאָטע און האָט דעזער־טירט. אם לייכסטען איז עס געווען פאר זיי צו מאַכען אזעלכע בלבולים אויף אַמעריקאנישע מאַטראָזען. די אמעריקאנער האָבען דאָך אַלע גערעדט ענגליש, און א סך פון זיי זיינען טאַקע געווען

ענגלענדער, וואס האבען אויסגעוואנדערט קיין אמעריקע. אט דער געיעג אויף אמעריקאנישע מאטראזען איז אייגענטליך אנגעגאנגען א לאנגע צייט, אבער ווען די מלחמה מיט פראנקרייך האט אויס־געבראכען, האט זיך ער זיך שטארקט פארשארפט.

ענגלאנד'ס האנדלונג האט ארויפגעווארפען א שרעק אויף די אמעריקאנער שיף־אייגענטימער און סוחרים. דער עקספארט און אימפארט איז פאראליזירט געווארען. אין די האפען־שטעדט איז געווארען א חורבן. ארבייטער זיינען ארומגעגאנגען ליידיג. מאט־ראזען האבען מורא געהאט ארויסצופאהרען אויפ'ן ים. סוחרים און שיף־אייגענטימער האבען ניט געוואגט צו ריזיקירען מיט זייער אייגענטום. אין די שטעט זיינען פארגעקומען דעמאנסטראציעס. די מאסען האבען געפאדערט אז די רעגירונג זאל עפעס טאן. מען האט גענומען ריידען וועגען ערקלערען קריג געגען ענגלאנד.

די רעפובליקאנער האבען אויסגענוצט די שטימונג צו אטאַ־קירען וואשינגטאנ'ס אדמיניסטראציע. וואשינגטאן האט גע־שיקט פראטעסט־נאטעס צו ענגלאנד, אבער זיי האבען ווייניג־וואס געהאלפען. די רעפובליקאנער האבען אריינגעטראגען רעזאלוציעס אין קאנגרעס, פאדערענדיג אז די רעגירונג זאל באהאנדלען די ענגלישע שיפען, אזוי ווי ענגלאנד באהאנדעלט די אמעריקאנישע שיפען. די רעזאלוציעס זיינען דורכגעגאנגען אין דער „האוז אוו רעפרעזענטאטיווס", וואו די רעפובליקאנער זיינען געווען שטארק, זיי זיינען אבער נידערגעשטימט געווארען אין סענאט. וואשינגטאן האט געפרובט אנשרעקען ענגלאנד דערמיט, וואס ער האט פאר־באטען אירע שיפען אריינצופארען אדער ארויסצופארען פון די היגע האפענס. ער האט אבער באלד געמוזט צוריקרופען דעם פארבאט, ווייל דער אמעריקאנישער האנדעל האט דערפון שטארק געליטען. די רעפובליקאנער אין קאנגרעס, אין דער פרעסע און צווישען פאלק האבען פארטגעזעצט זייער אגיטאציע געגען ענג־לאנד. די לאגע איז געווארען זייער ערנסט. וואשינגטאן האט איינגעזען, אז דאס לאנד ווערט דורך דער רעפובליקאנישער אגיטאציע געשטויסען אלץ נעענטער און נעענטער צו קריג מיט ענגלאנד. דערצו האט ער בשום אופן ניט געוואלט דערלאזען.

האָט ער באשלאָסען צו שיקען א פאָרשטייער קיין ענגלאנד אויס־צוארבייטען א פרידענס־אָפּמאַך, און שיקען אזא מענשען, אויף וועמען ער האָט זיך געקענט פארלאָזען אז ער וועט מיט ענגלאַנד ניט זיין צו־שטרענג אָדער צו־איינגעשפּאַרט. פון אָנפאנג האָט ער געוואָלט מאכען האַמילטאָנ'ען פאר'ן שליח. עס האָבען זיך אָבער אויפגעהויבען גרויסע פּראָטעסטען געגען דעם. האַמילטאָן איז אין לאנד באטראכט געווארען אלס א לאַקיי פון ענגלאַנד. וואשינג־טאָן האָט איינגעזעהן אז עס איז ניט פּראַקטיש צו גיין געגען דער עפענטליכער מיינונג, און ער האָט באַשטימט אלס שליח דעם ריכטער פון סופּרים־קאָורט, דזשאָן דזשעי.

אין מיטען מאָנאַט מאַי, 1794, איז דזשעי אָפּגעפאָרען קיין ענגלאַנד. אין יוני איז ער אָנגעקומען אין לאָנדאָן. ער איז דאָ זייער שיין אויפגענומען געוואָרען פון דער רעגירונג. פיר מאָנאַטען האָבען געדויערט די פארהאנדלונגען. אין נאָוועמבער איז דער אָפּמאַך אונטערגעשריבען געווארען. אין אמעריקע זיינען די דאָקו־מענטען געבראכט געוואָרען ערשט אין מאָנאַט מערץ, 1795. דער פּרעזידענט האָט גלייך פאררופען א ספּעציעלע זיצונג פון סענאַט צו פארהאנדלען דעם אָפּמאַך.

די האנדעלס־סכסוכים וואָס די מלחמה אין אייראָפּע האָט געשאפען זיינען ניט געווען די איינציגע וואָס דזשעי האָט גע־דארפט שליכטען. זיין אויפגאַבע איז אויך געווען צו פארהאנדלען וועגען א סך אנדערע קריוודעס צווישען אמעריקא און ענגלאַנד. מאנכע פון די קריוודעס האָבען זיך נאָך געצויגען פון דער רעוואָ־לוציע אָן. געוויסע טיילען פון לאַנד זיינען געווען מער פאראינ־טערעסירט אין אָט די פראגען, אין די תביעות וואָס ענגלאַנד און אמעריקע האָבען געהאט איינע צו דער אנדערער אלס רעזולטאַט פון דער רעוואָלוציע, איידער אין די פּראָבלעמען וואָס זיינען געבוירען געוואָרען אין די יאָרען 1793 און 1794.

אָט זיינען די קריוודעס פון ביידע צדדים — אי די אַלטע, אי די נייע:

ערשטענס, ענגלאַנד האָט נאָך געהאַלטען די פּאָסטענס אין דער וועסט. לויט'ן פרידענס־אָפּמאַך פון 1783, האָט זי די

פּאָסטענס געדאַרפט אַפּליידיגען, ווייל די טעריטאָריע האָט געהערט צו די פאַראייניגטע שטאַטען. ענגלאַנד האָט דאָס אָבער ניט געטאָן. אויסער דעם פּאָליטישען אומרעכט וואָס ענגלאַנד איז דערמיט באַגאַנגען געגען אַמעריקע, האָט עס אויך געבראַכט אַמעריקע עקאָנאָמישען שאָדען. עס האָבען דערפון געליטען די קאָלאָניסטען אין דער וועסט. די דאָרטיגע אינדיאַנישע שבטים האָבען געפילט אַ שטיצע אין די ענגלענדער, און האָבען געמאַכט אָפטע אָנפאַלען אויף די אַמעריקאַנישע גרענעץ־קאָלאָניעס. עס האָבען דערפון אויך געליטען די רייכע לאַנד־קאָמפּאַניעס. די ספּעקולאַנטען וואָס האָבען געהאַנדעלט מיט לאַנד אין יענער געגענד. זיי האָבען זייער מסחר ניט געקענט אָנפירען פריי, כל זמן עס האָט דאָרט געהערשט די ענגלישע מאַכט. עס האָבען אויך געליטען די פּעלץ־סוחרים און די שיף־קאָמפּאַניעס פון דער איסט. ענגלאַנד האָט אויסגענוצט איר מאַכט צו ווירקען אויף די אינדיאַנער זיי זאָלען פאַרקויפען די פוטערוואַרג צו ענגלישע סוחרים, און די פלעגען די סחורה שיקען קיין אייראָפּע דורך די ענגלישע האַפענס אין קענעדע. אויף אַזא אופן זיינען אין אָט דער פראַגע פון די פּאָסטענס געווען פאַר־אינטערעסירט אי די אָרימע קאָלאָניסטען אין דער וועסט, אי די רייכע לאַנד־ספּעקולאַנטען, אי די סוחרים, אי די שיף־קאָמפּאַניעס פון דער איסט.

צווייטענס, די ענגלענדער האָבען געמאָנט ביי די אַמעריקאַנער עטליכע מיליאָן דאָלאַר וואָס די היגע סוחרים און פאַרמערס זיינען שולדיג געבליבען ענגלישע סוחרים נאָך פון פאַר דער רעוואָלוציע. לויט דעם פרידענס־אָפּמאַך, האָט קיין געזעצליכע שטערונג ניט געטאָרט געמאַכט ווערען אויפצומאָנען דאָס געלט אין די אַמע־ריקאַנישע געריכטען. איבער צען יאָר זיינען פאַרביי זינט דער אָפּמאַך איז אונטערגעשריבען געוואָרען, אָבער אויפצומאָנען די חובות איז פאַר די ענגלישע סוחרים כמעט אוממעגליך געווען. די היגע געריכטען האָבען אויסגעקלערט אַלערליי תירוצים, געמאַכט אַלערליי דריידלאַך אין דעם געזעץ כדי צו באַשיצען די היגע בעל־חובות. אין די שטאַטען פון דער איסט איז נאָך געווען צו דער־ליידען. די דאָרטיגע בעל־חובות זיינען געווען כמעט אַלע סוחרים,

און זיי האָבען געמוזט קומען צו אן אויסגלייך מיט די קרעדיטאָרען אין ענגלאנד פשוט צוליב געשעפט. אלס סוחרים האָבען זיי זיך גענויטיגט אין נייעם קרעדיט אין ענגלאנד, האָבען זיי געמוזט פריער שליכטען די אלטע חובות. אָבער אנדערש איז עס געווען מיט די בעל־חובות אין דער סאַוט. דאָרטען זיינען עס געווען כמעט דורכאויס פאַרמערס. פאר דער רעוואָלוציע פלעגען די פארמערס אימפּאָרטירען פאבריצירטע סחורות פון ענגלאנד. אויך פלעגען זיי זייערע פּראָדוקטען פארקויפען צו ענגלישע סוחרים און פלעגען נעמען ביי די קויפער געלט אין פאָראויס. איצט אָבער האָבען זיי געהאט א מארק פאר זייערע פּראָדוקטען אין אמעריקע גופא און זיי האָבען אויך זייערע באַדערפנישען געקענט דאָ קויפען. צו וואָס, אלזאָ, צאָלען אלטע חובות? האָבען זיי טאקע ניט געצאָלט. די הויפּט זינדערין אין דעם פרט איז געווען ווירדזשיניא. אירע פארמערס זיינען שולדיג געבליבען צו די ענגלישע סוחרים כמעט אזוי פיל געלט, ווי אלע איבעריגע שטאטען צוזאַמענגענומען*).

דריטענס, די אַמעריקאַנער האָבען געמאָנט ביי ענגלאַנד עטליכע טויזענט נעגער־שקלאַפען, וואָס די ענגלישע גענעראַלען האָבען פארנומען פון דאנען בשעת זיי האָבען אפּגעליידיגט די שטאַטען פון דער סאַוט נאָך דער רעוואָלוציע. אין דעם פריערדיגען אָפּמאך איז געשטאַנען אויסדריקליך, אז די ענגלישע סאָלדאטען טאָרען פון דאנען ניט ארויספירען קיין נעגערס. זיי האָבען אָבער

---

*) ווירדזשיניא פלעגט ארויסשיקען איהר טאַבאַק קיין ענגלאנד און עס האָט זיך אַנטוויקעלט אזא סיסטעם: דער ענגלישער סוחר פלעגט געבען דעם אמעריקאנישען פארמער געלט פאָראויס, ווען דער טאַבאַק איז נאָך געווען אויפ'ן פעלד. דער סוחר פלעגט בכיון מאַכען דעם אַוואַנס וואָס גרעסער. ער איז, הייסט עס, געווען זייער ליבעראל. ווען דער פאַרמער פלעגט אַראָפּנעמען דעם טאבאַק פון פעלד, און אַריבערשיקען די סחורה צו זיין ענגלישען קויפער, פלעגט שטענדיג אויסקומען, אַז דער פאַרמער איז נאָך אלץ שולדיג געבליבען געלט. באַצאָלען דעם באלאנס מיט מזומן האָט דער אמעריקאנער פארמער ניט געקענט, ווארים דאָס געלט פלעגט שוין זיין פארטאָן. אויף אַזאַ אופן פלעגט דער חוב בלייבען שטיין אויף די ביכער, אויף איבער־א־יאָר, ביז דעם נייעם טאַבאַק־

ניט אפגעהיט דעם פונקט. די אייגענטימער פון די נעגער האבען געפאדערט, אז די ענגלישע רעגירונג זאל זיי ענטוועדער די נעגער אפשיקען צוריק, אדער באצאלען די געלט וואס די נעגער זיינען ווערט געוועזן. אין דעם פונקט זיינען געוועזן פאראינטערעסירט בלויז די שטאטען פון דער סאוט. די נארט האט זיך וועגען דעם יויינינג־וואס געקימערט.

פערטענס, די סוחרים פון די נארט שטאטען האבען געפאדערט, אז ענגלאנד זאל זיי ניט שטערען צו פירען סחורה פון די פראנצויזישע וועסט־אינדיס קיין פראנקרייך. זיי האבען אויך געפאדערט, אז ענגלאנד זאל עפענען די האפענס אין אירע וועסט־אינדיס אינזלען פאר'ן אמעריקאנישען האנדעל.

פינפטענס, די שיף־אייגענטימער האבען געפאדערט, אז ענגלאנד זאל אויפהערען צו פארכאפען זייערע שיפען און אראפ־צונעמען פון זיי די מאטראזען. די שיף־אייגענטימער זיינען אויך כמעט אלע געוועזן פון די נארט שטאטען.

אין דעם אפמאך וואס דזשאן דזשעי האט צוריקגעבראכט פון ענגלאנד זיינען א פאר פון אט די וויכטיגע פונקטען אפילו ניט דערמאנט געווארען: עס איז אין אים ניט געוועזן קיין אייןווארט וועגען די נעגער־שקלאפען און קיין איין ווארט וועגען אראפנעמען מאטראזען פון די שיפען. וועגען די איבעריגע פונקטען האט אויך אמעריקע ניט געקראגען קיין באפרידיגונג.

אט זיינען די וויכטיגסטע פונקטען פון דזשעי'ס אפמאך:

---

סעזאן. דורכ'ן יאר איז דער הוב ניט קלענער געווארען, נאר פאר־קערט, נאך פארגרעסערט געווארען, ווייל דער ענגלישער סוחר האט אין משך פון יאר געמאכט נייע אוואנסען. די דאזיגע סיסטעם איז אנגע־גאנגען צענדליגער יארען נאכאנאנד. א סך פארמער זיינען געוועזן פשוט פאר'משכנ'ט צו זייערע ענגלישע קרעדיטארס. די חובות זיינען אריבער פון עלטערען צו קינדער, פון איין דור צום צווייטען. אט די אנגעזא־מעלטע חובות זיינען געוועזן איינע פון די באהאלטענע אורזאכען פון דער רעוואלוציע. די פארמער פון ווירדזשיניא האבען געהאפט, אז די רעוואלוציע וועט זיי געבען די געלעגענהייט זיך צו באפרייען פון דעם שווערען יאך.

ערשטענס, די ענגלענדער זאָלען אָפּליידיגען די פּאָסטענס אין דער וועסט פאַר יולי, 1796.

צווייטענס, עס זאָל געשאַפען ווערען אַ פאַראייניגטע קאָמיסיע פון ביידע לענדער, וועלכע זאָל באַשטימען וויפיל געלט עס קומט די ענגלישע סוחרים, און אויב די היגע בעל־חובות וועלען דאָס געלט ניט באַצאָלען, זאָל די אמעריקאנישע רעגירונג איבערנעמען די חובות אויף זיך.

דריטענס, א פאראייניגטע קאָמיסיע זאָל אויך באַשטימען וויפיל די אמעריקאנער סוחרים און שיף־אייגענטימער האָבען געליטען היזק פון דעם, וואָס ענגלאַנד האָט פאַרכאַפּט שיפען מיט סחורה אויף אַן אומגעזעצליכען אופן, און די ענגלישע רעגירונג זאָל די סומע אומקערען.

פערטענס, ענגלאַנד זאָל מעגען אימפּאָרטירען און עקספּאָרטירען סחורה דורך די אמעריקאנישע האַפענס. די אמעריקאנישע האַפענס, הייסט עס, זאָלען זיין פריי פאַר אַלע ענגלישע שיפען.

פינפטענס, אַמעריקע אבער זאָל אין די ענגלישע וועסט־אינדיס מעגען שיקען בלויז קליינע שיפען, — שיפען פון ווייניגער ווי 70 טאָן.

זעקסטענס, אמעריקע זאָל ניט טאָרען פירען קיין אייראָפּע ניט קיין צוקער, ניט קיין קאַווע און ניט קיין באַוועל. (דער דאָזיגער פונקט איז געווען געצילט געגען פראַנקרייך. פראַנקרייך האָט זיך אין אָט די פּראָדוקטען זעהר שטאַרק גענויטיגט).

דער אָפּמאַך איז געווען כמעט אינגאַנצען צו גונסטען פון ענגלאַנד. ווען די פונקטען זיינען פאַרעפענטליכט געוואָרען, האָט אין לאַנד אויסגעבראָכען א שטורם פון פּראָטעסטען. דער קאַמף געגען דעם אָפּמאַך האָבען געפירט די רעפּובליקאַנער. דזשעי איז פאַרדאַמט געוואָרען אלס אַ מאָנאַרכיסט, אלס אן אריסטאָקראַט, אַלס אַ פאַררעטער. גרויסע פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פילע שטעט און שטעטלאַך, ביי וועלכע די רעדנער האָבען ערקלערט, אַז דזשעי האָט פאַרקויפט אמעריקע צו ענגלאַנד. דזשעי׳ס בילד איז פאַרברענט געוואָרען אין די גאַסען. קאָפּיעס

פון דעם אָפּמאך זיינען פארברענט געווארען אין פילאדעלפיע, אין די גאסען, וואו עס האָבען געוואוינט דער ענגלישע אמבאסאדאָר און קאנסול.

דעם גאנצען מאָנאט וואָס די דעבאטען איבער דעם אָפּמאך זיינען אָנגעגאַנגען אין סענאַט איז צו וואשינגטאָנ'ען אָנגעקומען



דזשאן דזשעי

א שטראָם מיט רעזאָלוציעס פון יעדער גרויסער שטאָט און פון א מאסע קליינע שטעטלאך, מיט דער פאָדערונג אז ער זאָל דעם אָפּ- מאך צוריקווייזען.

אָבער דער סענאַט האָט אים גוטגעהייסען און וואשינגטאָן האָט אים אונטערגעשריבען. בלויז דער לעצטער פונקט, וועלכער האָט פאַרבאָטען דעם אריינפיר פון צוקער, קאַווע און קאטאן קיין

אייראָפּע, איז אויסגעשטראָכען געוואָרען. די קאָטאָן אינדוסטריע האָט זיך שוין דאַן גענומען שטאַרק אנטוויקלען, און דער דאָזיגער פּונקט וואָלט זי פּאַראַליזירט.

פאַרוואָס האָט דער סענאַאט אַזוי געהאַנדעלט? פאַרוואָס זיינען וואַשינגטאָן און די פעדעראַליסטען געווען פאַר דעם אָפּמאַך?

דער שטאַרקסטער פאַרטיידיגער פון דעם אָפּמאַך איז געווען אַלעקסאַנדער האַמילטאָן. אין אַ סעריע אַרטיקלען, געשריבען אונטער דעם פאַרשטעלטען נאָמען „קאַמילוס", האָט האַמילטאָן אָנגעגעבען די אַלע אַרגומענטען פאַרוואָס דער אָפּמאַך מוז אָנגענומען ווערען. די אַרטיקלען האָבען געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק אויף די רייכע קלאַסען.

האַמילטאָנ'ס הויפּט־טענה איז געווען, אַז פאַר אַמעריקע לוינט זיך נאָכצוגעבען ענגלאַנד'ס פאָדערונגען, אפילו די אוםגערעכטע, אפילו די שעדליכע, אבי נאָר צו בלייבען פריינד מיט ענגלאַנד. דער הויפּט־האַנדעל פון אַמעריקע איז דעמאָלט געווען מיט ענגלאַנד. ביי די ענגלישע סוחרים האָבען אמעריקאַנער הענדלער געקענט קויפען סחורה אויף קרעדיט. ענגלאַנד האָט געהאַט די סחורה, אין וועלכע אמעריקע האָט זיך אַם שטאַרקסטען גענויטיגט. און ענגלאַנד האָט געהאַט דעם קאַפּיטאַל כדי צו קענען פאַרקויפען די סחורה אויף באָרג. פראַנקרייך און די אַנדערע לענדער אין אייראָפּע האָבען אין די דאָזיגע צוויי הינזיכטען ניט געקענט פאַרנעמען ענגלאַנד'ס פּלאַץ. ענגלאַנד איז אויך געווען אַ וויכטיגער מאַרק פאַר די אמעריקאַנישע פּראָדוקטען.

האַמילטאָן האָט ווייטער גע'טענה'ט, אַז אויב דער אָפּמאַך וועט צוריקגעוויזען ווערען, וועט עס פירען דערצו, אַז דער האַנדעל מיט ענגלאַנד זאָל אָפּגעשטעלט ווערען, און דער הויפּט קוואַל פון שטייערען (די טאַריף־געלט) וועט אויסגעטריקענט ווערען. די רעגירונג וועט ניט האָבען מיט וואָס צו צאָלען די פּראָצענטען אויף די חובות וואָס זי האָט איבערגענומען. אַלע די, וואָס האַלטען

ווערט־פאפירען פון דער רעגירונג וועלען האבען גרויסע פאר־לוסטען. די פאפירען וועלען פאלען אין ווערט.

און, דריטענס, האט האמילטאן גע'טענה'עט, אויב דער אפמאך וועט צוריקגעוויזען ווערען, איז דא א גרויסע געפאר אז אמעריקע וועט אריינגעצויגען ווערען אין א מלחמה מיט ענגלאנד. א מלחמה איצטער, ווען דאס לאנד איז פול מיט פראנצויזישע פאטריאטען, וועט פירען צו א רעוואלוציע אין לאנד גופא. עס וועט דא געשען דאסזעלבע וואס אין פראנקרייך: די מאסען וועלען באפאלען די רייכע און וועלען ביי זיי אוועקנעמען אלץ וואס זיי פארמאגען.

האמילטאן'ס ארגומענטען זיינען געצילט געווארען אריבער־צוגעווינען די רייכע, די סוחרים, די באזיצער פון ווערט־פאפירען, די לאנד־ספעקולאנטען. ער האט געזוכט זיי צו איבערצייגען, אז כאטש ענגלאנד האט זייערע פאדערונגען ניט נאכגעגעבען, לוינט זיך דאך פאר זיי בעסער דער אפמאך זאל אונטערגעשריבען ווערען. און זיינע ארגומענטען האבען געווירקט. די רייכע געשעפטסלייט פון דער נארט זיינען ביסלאכווייז ארויסגעקומען אפען פאר דעם אפמאך. זייער שטעלונג האט מיטגעבראכט, אז דער סענאט און פרעזידענט וואשינגטאן זאלען דעם אפמאך גוט־הייסען.

די סאוט איז געווען געגען דעם אפמאך. די צוויי פונקטען וואס האבען די סאוט אינטערעסירט אם מייסטען — די חובות און די שקלאפען — זיינען ביידע אנטשידען געווען געגען איר. דער אפמאך האט וועגען די שקלאפען קיין ווארט ניט דערמאנט, און וועגען די חובות האט דער אפמאך געזאגט, אז זיי מוזען צאלען.

דער „דזשעי אפמאך" האט פיל אפגעשוואכט די פעדעראליס־טישע פארטיי און פיל געשטארקט די רעפובליקאנישע פארטיי. די גאנצע סאוט איז איצט געווארען שטארק רעפובליקאניש. און אפילו אין דער נארט, אפילו צווישען די סוחרים און שיף־אייגענ־טימער, זיינען איצט געווען א סך וואס האבען מיט האמילטאן'ען ניט געשטימט. דער אפמאך האט באשרענקט אמעריקע'ס האנדעל מיט אייראפע. ער האט איבערגעלאזט די אמעריקאנער מאטראזען

אויף הפקר. א סך סוחרים און שיף־אייגענטימער האָבען דאָס „ניט געקאָנט אראָפּשלינגען". טייל פון זיי האָבען אפילו גע'טענה'ט, אַז עס איז בעסער צו גיין אין קריג און ריזיקירען אַלץ צו פאַר־לירען, איידער צו ערלויבען אזא ענגלאַנד זאָל אזוי העזה'דיג באַ־לעבאַטעווען איבער די ימ'ען.

דער „דזשעי אַפּמאַך" איז אויך געווען דער שטאַרקסטער קלאַפּ פאַר'ן פּרעסטיזש פון וואשינגטאָנ'ס אדמיניסטראַציע און פון וואשינגטאָנ'ען אַליין. פּראָפעסאָר ביערד שרייבט: „נאָך דעם שטורם איבער דעם אַפּמאַך, האָט מען וועגען וואשינגטאָנ'ען גענומען ריידען, אַז ער איז א ווערקצייג אין די הענט פון דער פעדעראַליסטישער פּאַרטיי, וואָס פּאַראַדירט אונטער דער מאַסקע פון פּאַטריאָטיזם".

א קורצע צייט נאָכדעם ווי דער אַפּמאַך איז אונטערגעשריבען געוואָרען, האָט וואשינגטאָן פאַרעפענטליכט זיין באַשלוס ניט צו לויפען פאַר א דריטען טערמין אַלס פּרעזידענט. צוזאַמען מיט דעם באַשלוס האָט ער אין דער פּרעסע אָפּגעדרוקט זיין אָפּשייד־רעדע („פערוועלל אדרעס"), וועלכע איז ביז היינטיגען טאָג פאַר־רעכענט אַלס א מין הייליגע צוואה. אין דער רעדע ציינט ער אָן אויף די דריי געפאַרען פון וועלכע דאָס פאָלק מוז זיך היטען: 1) איין טייל פון לאַנד טאָר ניט קוקען מיט קנאה אָדער שנאה אויף א צווייטען טייל פון לאַנד; 2) מען טאָר ניט דערלאָזען אַז דאָ זאָל זיך אַנטוויקלען א גייסט פון פּאַרטיי קאַמף; 3) דאָס לאַנד מוז זיך היטען ניט ארייַנגעפּלאָנטערט צו ווערען אין אייראָפּיי־אישער פּאָליטיק.

אויף דעם „אדרעס" האָבען די רעפּובליקאַנער געענטפערט מיט א מבול פון אַטאַקעס און זלזולים. וואשינגטאָנ'ס באַשלוס מער ניט צו לויפען פאַר פּרעזידענט איז אויך באַנוצט געוואָרען אַלס א פּונקט פון אָנגריף. די רעפּובליקאַנישע פּרעסע האָט ערקלערט, אַז ער וויל ניט לויפען, ווייל ער ווייס אַז ער וועט דורכפאַלען. וואשינגטאָן איז פאַרגליכען געוואָרען צו די טיראַנישע מאָנאַר־כען, וואָס דאָס ענגלישע פאָלק האָט אראָפּגעזעצט פון זייערע טראָנען. ער איז פאַרדאַמט געוואָרען אַלס א שונא פון די

מאסען, אלס א ווערקצייג פון די רייכע. די ביטערסטע אטאקע האט אויף אים געמאכט טהאמאס פעין, וועלכער איז דעמאלט געווען אין פראנקרייך. פעין האט אים אנגערופען „היפאקריט", „פאררעטער", „פעלשער". ער האט באשולדיגט וואשינגטאן'ען, אז נאכדעם ווי ער איז געווארען פרעזידענט, האט ער פארראטען זיינע פריינד און האט אנטוויקעלט אין זיך א געפערליכען אפעטיט פאר חניפה, „און האט זיך ווי א משוגע'נער גענומען יאגען נאך כבוד".*)

אין דעם וואל־קאמף פאר פרעזידענט, אין יאר 1796, האט די פעדעראליסטישע פארטיי ארויסגעשטעלט אלס איר קאנדידאט פאר פרעזידענט דזשאן עדעמס. די רעפובליקאנישע פארטיי האט ארויסגעשטעלט טהאמאס דזשעפערסאן. די סיסטעם פון די וואלען איז נאך געווען די אלטע. דאס פאלק האט געוויילט עלעקטארס, און די עלעקטארס האבען יעדערער געשטימט פאר צוויי קאנדידאטען. דער קאנדידאט וואס האט באקומען די גרעסטע צאל עלעקטארישע שטימען איז געווארען פרעזידענט, און דער וואס האט באקומען די נעקסטע גרעסטע צאל, איז געווארען וויים־פרעזידענט. דער רעזולטאט איז געווען, אז עדעמס האט געקראגען 71 עלעקטארישע שטימען און דזשעפערסאן 68. עדעמס האט זיך געפילט געקרענקט וואס זיין מאיאריטעט איז געווען אזא קליינע. די רעפובליקאנער האבען אים די אלע פיר יאר וואס ער איז געווען פרעזידענט געהאלטען אין איין אויפווארפען, אז ער איז „דער פרעזידענט מיט דריי שטימען".

---

*) טהאמאס פעין איז געווען אין פראנקרייך ווען די רעוואלוציע האט דארט אויסגעבראכען און ער האט זיך אין איר באטייליגט. שפעטער, ווען ראבעספיער איז אריין אין מאכט, איז פעין ארעסטירט געווארען. ער האט אפעלירט צו וואשינגטאן'ען, אבער וואשינגטאן האט זיך ניט געמיט פון זיינטוועגען. נאכ'ן טעראר איז פעין באפרייט געווארען, און וואשינגטאנ'ס פריינד זיינען מיט דער מיינונג, אז פעינ'ס אטאקעס זיינען געקומען פון דעם כעס וואס ער האט געטראגען אויף וואשינגטאנ'ען פון יענער צייט. ווען דזשעפערסאן איז געווארען פרעזידענט, האט ער געשיקט א קריגס־שיף צו ברענגען פעינ'ען אהער פון פראנקרייך.

דעם 4טען מערץ, 1797, דעם טאָג ווען וואַשינגטאָן איז אַרונטער פון פּרעזידענטען־שטול, האָט די רעפּובליקאַנישע צייטונג אין פילאַדעלפיע, „די אָראָרא”, געשריבען דאָס פאָלגענדע: „אויב עס איז ווען געווען אַ צייט פון פרייד, איז עס דער איצטיגער מאָמענט. יעדעס הארץ וואָס שלאָגט פאר פרייהייט און מיט א וואונש פאר'ן גליק פון פאָלק, מוז איצט פול זיין מיט שמחה, ווייל פון איצט אָן וועט וואַשינגטאָנ'ס נאָמען מער ניט כשר'ן קיין פּאָליטישע פאַרברעכענס און מער ניט געזעצליך מאַכען קיין קאָרופּציע”.

קאַפּיטעל 16.

# דזשאַן עדעמס.

דזשאהן עדעמס איז געווען פון נאַטור אַ קאַבינעט מענש, ניט קיין פּראַקטישער טוער. פאַר פּאָליטיק האָט ער זיך אודאי ניט געפּאַסט. ער האָט פיינט געהאַט צו קהל'ן זיך, צו „מאַכען זיך פריינט”. ער האָט נישט געהאַט קיין שום פייאיגקייט צו בויען „פּאַרטיי־מאַשינען”. ער איז געווען א צוריקגעצויגענער, אַן עקשן, א מענש מיט פעסטע מיינונגען. ער האָט אַ סך געלייענט, געלערענט און געדענקט. אַלס דענקער איבער פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פראַגען, ווערט ער באַטראַכט צווישען די וויכטיגסטע פון זיין צייט אין די פאַראייניגטע שטאַטען.

נאָך אין 1786 האָט עדעמס אָנגעשריבען אַ גרויס ווערק איבער רעגירונג און עקאָנאָמיע, וועלכעס איז דעמאָלט באַרימט געוואָרען אין אמעריקא און אין ענגלאַנד. אין דעם דאָזיגען ווערק צייגט זיך עדעמס אַרויס פאַר אַ קנאַפּען דעמאָקראַט. ער האַלט ניט פון אַ רעגירונג אין וועלכער די גאַנצע דעה און מאַכט קומען פון די ברייטע פאָלקס־שיכטען. אָבער די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען, אויף וועלכע זיין פּאָליטישע פילאָזאָפיע שטיצט זיך, זיינען געזונטע און קלאָרע. אָט איז אַ סך הכל פון זיין פּאָליטישער פילאָזאָפיע, ווי זי ווערט איבערגעגעבען פון פּראָפעסאָר ביערד:

די געזעלשאַפט איז איינגעטיילט אין קעמפּענדיגע קלאַסען, — די וויכטיגסטע פון די קלאַסען זיינען צוויי: די רייכע און די אָרימע.

די ליידענשאַפט צו ערווערבען אייגענטום איז אַזוי שטאַרק,

אַז זי באַזיגט אין דעם מענשען זיינע רעליגיעזע און מאָראַלישע געפילען.

די רייכע וועלען שטענדיג שטרעבען צו פאַרמערען זייער רייכטום אויפ'ן חשבון פון די אָרימע, און אויב מען וועט זיי ניט צוריקהאַלטען, וועלען זיי וואַרשיינליך, דורך זייערע פייאיגקייטען, מיט דער צייט פאַרכאַפּען דאָס גאַנצע רייכטום פון לאַנד.

פון דעם עקאָנאָמישען קאַמף שטאַמען די פּאָליטישע קאַמפּען אין דער געזעלשאַפט, ספּעציעל צווישען די רייכע און די אָרימע. די קאַמפען אין די מערסטע פאַלען ענדיגען זיך דערמיט, וואָס די אָרימע אונטערוואַרפען זיך אונטער אַ מאָנאַרך ער זאָל זיי באַשיצען געגען די רויבערישע רייכע. עס איז אויך דאָ אַמאָל אַ מעגליכקייט, אַז אַלס רעזולטאַט פון דעם עקאָנאָמישען קאַמף זאָלען די אָרימע אַוועקרויבען דאָס אייגענטום פון די רייכע. דאָס פּאַסירט אין אַ לאַנד פון אַבסאָלוטער דעמאָקראַטיע, וואו די מאַיאָריטעט באַקומט די מעגליכקייט צו הערשען.

פרייהייט הייסט יענע סיסטעם אין וועלכער די אָרימע וועט רען באַשיצט געגען די רויבערישע רייכע, און די רייכע ווערען באַשיצט געגען די אַטאַקעס פון די וואָס „ווילען אַלץ צוטיילען". פרייהייט העננט אָפּ אָן דעם, אַז אין לאַנד זאָל עקזיסטירען אָרדנונג, און אַז די סיסטעם זאָל אויפגעהאַלטען ווערען אין אַ גלייכגעוויכט, אָהן ענדערונג צו גונסטען דעם קלאַס אָדער יענעם קלאַס.

דורך פּרינציפּען פון מאָראַל אָדער רעליגיע, אָדער דורך טעאָריעס וועגען פרייהייט, ווי ווייט זיי זאָלען ניט זיין פאַרשפּרייט צווישען עולם, קען קיין פרייהייט ניט דערגרייכט ווערען. די אַלע פּרינציפּען און טעאָריעס וועלען ניט צוריקהאַלטען איין קלאַס פון אַטאַקירען דעם אַנדערן קלאַס.

דערפאַר איז נויטיג אַ רעגירונג, אין וועלער די רייכע און די אָרימע זאָלען זיין פאַרטראָטען אַלס באַזונדערע קלאַסען. איי־בער די פאַרטרעטער פון אָט די צוויי גרופּען דאַרף שטיין אַן עקזעקוטיווע, וואָס זאָל זיין אומאָפּהענגיג, ניט געהערען צו קיין קלאַס. עס מוז אין דער רעגירונג אויך זיין אַן אומאָפּהענגיגע

געריכטליכע מאכט, וועלכע זאל האלטען אין צוים די אנדערע צווייגען פון דער רעגירונג.

אט דאס זיינען געווען די „פרינציפען" פון דעם צווייטען אמעריקאנישען פרעזידענט.

דזשאהן עדעמס האט געגלויבט, אז אין דער געזעלשאפט גייט אן א שטענדיגע מלחמה צווישען צוויי קלאסען — ארימע




דזשאן עדעמס

און רייכע. אין אט דעם גרונד־געדאנק איז ער געווען וויסענשאפטליך און פראגרעסיוו. פראגרעסיוו איז אויך זיין געדאנק, אז פון דעם עקאנאמישען קאמף ווערען געבוירען פאליטישע פארטייען. דער דריטער געדאנק, אז די עקאנאמישע אינטערעסען לאזען זיך ניט באאיינפלוסען פון מאראלישע און רעליגיעזע פרינציפען, איז אויך מאדערן. דערביי אבער שטעלט ער זיך

אַפּ. ער האָט געגלויבט, אז די בעסטע אָרדנונג איז די עקזיס־טירענדיגע, אן אָרדנונג וואו עס זיינען פאראַן רייכע און אָרימע. ער האָט געגלויבט אז די רייכע דארפען זיין רייך, ווייל זיי זיי־נען ענערגישער און פייאיגער און קליגער ווי די אָרימע, און אז דערפאַר איז פּריוואַט אייגענטום הייליג. ער האָט נאָר מורא גע־האַט, אז אויב מען וועט די רייכע געבען א פרייע האַנט, וועט־לען זיי גיין צו ווייט און וועלען צונעמען אַלץ. די אויפגאַבע פון דער רעגירונג דארף דעריבער זיין, אכטונג צו געבען אז אין דעם שטענדיגען קאַמף צווישען די צוויי קלאַסען זאָל דער אָדער יענער קלאַס ניט איבערטרעטען די גרענעצען, זאָל ניט רויבען די רעכטע פון דעם אַנדערן צד.

וואָס פאר א רעגירונג קען אַמבעסטען דינען דעם דאָזיגען ציל? א רעגירונג וואָס האָט גלייכע פארטרעטער פון ביידע קלאַסען, און איבער די פארטרעטער א מאַכט וואָס שטייט אוי־סערהאַלב און איבער די ביידע קלאַסען.

עדעמס האָט דערפאַר געגלויבט, אז די רעגירונג דאַרף זיין אָרגאַניזירט אַזוי: א קאָנגרעס פון צוויי צווייגען: א סענאַט, וואָס זאָל פארטרעטען די רייכע און א „האוז אָוו רעפּרעזענטאַ־טיווס" וואָס זאָל פארטרעטען די אָרימע; די סענאַטאָרען זאָ־לען זיין א מין אַריסטאָקראַטיע, געוויילט בלויז פון די רייכע. איבער דעם קאָנגרעס זאָל שטיין אַן עקזעקוטיווע, א פּרעזידענט, וועלכער זאָל ניט ערוויילט ווערען פון פאָלק, ער זאָל ניט גע־הערען צו דעם אָדער יענעם קלאַס און זאָל ניט דארפען מורא האָבען פאר דעם אָדער יענעם קלאַס. דאָס זעלבע אויך מיט ריכטער: זיי זאָלען אויך שטיין אויסערהאַלב די קלאַסען. אראָפּ־זעצען א ריכטער זאָלען קענען בלויז ביידע צווייגען פון קאָנגרעס צוזאַמען. דאָס הייסט, איין צד אַליין זאָל ניט האָבען די מעג־ליכקייט אראָפּצוזעצען א ריכטער פון זיין אַמט.

די רעפּובליקאַנער האָבען באַטראַכט עדעמס׳ן אַלס א שונא פון דעמאָקראַטיע. זיי האָבען אים קריטיקירט מיט דיזעלבע ווערטער ווי האַמילטאָנ׳ען: זיי האָבען אים גערופען „אַריס־טאָקראַט", „מאָנאַרכיסט". אין דער אמת׳ן איז צווישען עדעמס׳ן

און האמילטאנ'ען געווען א גרויסער אונטערשייד. האמילטאן האט געגלויבט, אז די רעגירונג דארף זיין פון די רייכע און פאר די רייכע. ער האט געהאלטען, אז די רעגירונג קען בלויז דעמאלט האבען א פעסטען יסוד ווען עס איז פאראן א באַשטימטער קלאס אין דער געזעלשאפט וואס איז פאראינטערעסירט אין איר, וואס דארף זי האבען. האמילטאן האט געשטרעבט דערצו, אז די אמעריקאנישע רעגירונג זאל מאכען אזעלכע געזעצען, דורך וועלכע זי זאל ווערען די רעגירונג פון די רייכע; אז די רייכע זאלען פילען אז עס איז פאר זייער טובה די רעגירונג זאל עקזיסטירען. האמילטאן האט ניט געגלויבט, אז די רעגירונג קען באשיצען ביידע קלאסען, קען זיין די אויפהאלטערין פון גערעכטיגקייט פאר ביידע קעמפענדיגע צדדים. עדעמס האט דאס יא געגלויבט. עדעמס האט ניט געוואלט א רעגירונג בלויז פאר די רייכע. ער האט געוואלט א רעגירונג פאר ביידע קלאסען, א רעגירונג וואס זאל באשיצען די רייכע געגען די ארימע און די ארימע געגען די רייכע.

די גרונט־פרינציפען זיינען ביי זיי ביידען געווען דיזעלבע: זיי האבען ביידע געגלויבט אין דעם, אז די רעגירונג איז א פראָדוקט פון עקאָנאָמישע אינטערעסען. זיי האבען ביידע געגלויבט אין דעם קלאסען־פונדאמענט פון דער היינטיגער געזעלשאפט. זיי זיינען זיך אָבער פאנאנדערגעגאנגען אין דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון זייערע גרונט־פרינציפען. האמילטאן איז געווען א קלאסען־באוואוסטער אריסטאקראט, א קלאסען־באוואוסטער קאפּיטאליסט, און האט געוואלט א רעגירונג פאר זיין קלאס. עדעמס איז געווען א טעאָרעטיקער, און האט געגלויבט אז עס איז מעגליך אויף א פונדאמענט פון קלאסען־אינטערעסען אויפצושטעלען א רעגירונגס־געביידע וואס זאל זיין אָהן קלאסען־אינטערעסען.

קאפיטעל 17.

# פיר יאָר פון פּאָליטישער רעאקציע.

אין די פיר יאָר פון עדעמס׳עס אדמיניסטראַציע איז דער שטורם אין לאנד איבער דער אויסלענדישער פּאָליטיק שטארקער געוואָרען. די פּאָליטיק פון דער רעגירונג איז געווען די זעלבע ווי אין וואשינגטאָנ׳ס צייט: זי האָט געשטיצט „דזשעי׳ס אָפּמאך", און האָט געדולדעט די באגרענצונגען וואָס ענגלאנד האָט ארויפגעלייגט אויף אמעריקע׳ס האנדעל און די געוואלד־טאַטען, וואָס זי איז באגאנגען געגען אמעריקאנישע שיפען און מאטראָזען. אין דערזעלבער צייט האָט זיך עדעמס׳עס אדמיניסטראציע באצויגען שטרענג און פיינדליך צו פראנקרייך. דאָס האָט ארויסגערופען ביטערע קריטיק און אטאַקעס פון דער רעפּובליקאנישער פּרעסע, פון די רעפּובליקאנישע פארטרעטער אין קאָנגרעס, און פון די רעפּובליקאנישע רעגירונגס־באאמטע. פראנקרייך האָט אויך ניט געשוויגען. זי האָט געפאָדערט פון אמעריקע דיזעלבע רעכט וואָס ענגלאנד האָט זיך גענומען. די באַציאונגען צווישען די צוויי לענדער זיינען געוואָרען מער און מער אנגעצויגען. עס זיינען אפילו געווען מאָמענטען, ווען עס האָט אויסגעזען, אז א מלחמה צווישען פראנקרייך און אמעריקע איז אומפארמיידליך.

לויט דעם „דזשעי־אָפּמאך", האָט ענגלאנד זיך גענומען דאָס רעכט צו נעמען געפאנגען אמעריקאנישע שיפען, וואָס האָבען געפירט סחורה אָדער מאַטעריאַלען קיין פראנקרייך. איר אויסרייד איז געווען, אז די מאַטעריאַלען קענען באַנוצט ווערען פאַר מלחמה־צוועקען. צו פראנקרייך אָבער האָט אמעריקע אזעלכע רעכט ניט געגעבען. פראנקרייך האָט געמעגט נעמען געפאנגען

נאר אזעלכע שיפען, וואס האבען געפירט קריגס־קאנטראבאנד. פראנקרייך האט גע'טענה'עט, אז זי זעט ניט איין, פארוואס ענגלאנד זאל מעגען טאן זאכען וואס זי, פראנקרייך, טאר ניט. און די פראנצויזישע רעגירונג האט ארויסגעגעבען א באפעל צו אירע קריגס־שיפען, זיי זאלען באהאנדלען די אמעריקאנישע האנדעלס־שיפען פונקט ווי ענגלאנד באהאנדעלט זיי.

פראנקרייך האט אויך פראטעסטירט געגען דעם, וואס אמע־ריקע ערלויבט אז ענגלאנד זאל ארונטערנעמען מאטראזען פון אמעריקאנישע שיפען, ווארים דאס איז דאך געווען א גרויסע שטיצע פאר ענגלאנד, ווייל זי פלעגט די מאטראזען ארייננצווינגען אין דינסט אין דער ענגלישער פלאטע. די ענגלישע שיפען האבען זיך אויך גענומען דאס רעכט ארייננצופירען אין די אמעריקאנישע האפענס געפאנגענע פראנצויזישע שיפען. ענגלאנד פלעגט אויך באוואפענען אירע שיפען אין אמעריקאנישע האפענס, כאטש דאס איז לויט'ן אינטערנאציאנאלען געזעץ ניט ערלויבט.

פראנקרייכ'ס פראטעסטען האבען ניט געהאלפען. זיינען די פראנצויזען אריבער פון ווערטער צו מעשים. זיי האבען אנגע־הויבען צו נעמען געפאנגען אמעריקאנישע שיפען, וואס האבען געפירט האנדעל מיט ענגלאנד און מיט די ענגלישע אינזלען אין די וועסט־אינדיס. הונדערטער אמעריקאנישע שיפען זיינען אריינ־געפאלען אין די פראנצויזישע הענט, און די פעדעראליסטישע צייטונגען פלעגען דערציילען שרעקליכע געשיכטעס וועגען די ברוי־טאלע באהאנדלונגען, וואס די אמעריקאנישע קאפיטאנען און מאט־ראזען האבען געהאט אויסצושטיין ווען זיי זיינען אריינגעפאלען אין די הענט פון די פראנצויזען.

דער אמעריקאנישער אמבאסאדאר אין פראנקרייך איז פריער געווען דזשיימס מאנראו, א הייסער רעפובליקאנער. ווען די באציאונגען צווישען די צוויי לענדער זיינען געווארען אנגע־שטרענגט, האט אים די רעגירונג צוריקגערופען פון פראנקרייך. זי האט אים ניט געטרויט, אז ער וועט שטיצען איר פאליטיק. אויף זיין ארט איז געשיקט געווארען פינקני, א געטרייער פעדע־ראליסט. פראנקרייך האט אבער ניט געוואלט האבען פינקני'ן

און אים געהייסען פאַרלאָזען דאָס לאַנד. פּרעזידענט עדעמס האָט פאַררופען א ספּעציעלע זיצונג פון קאָנגרעס, און אין זיין „מעסעדזש" האָט ער אָנגעוויזען אויף די עולות וואָס פראַנקרייך באַגייט געגען אמעריקע. נאָך הייסע דעבאַטען, איז באַשלאָסען געוואָרען צו באַפעסטיגען דאָס לאַנד, צו בויען דריי נייע קריגס־שיפען, באַפעסטיגען דעם ברעג און אָרגאַניזירען א מיליץ־ארמיי פון 80 טויזענט מאַן.

פּרעזידענט עדעמס האָט געהאָפט, אז די מיליטערישע הכנות וועלען איבערשרעקען פראַנקרייך, און זי וועט זיך בויגען. א קורצע צייט נאָכדעם ווי דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען די מיליטערישע געזעצען, האָט עדעמס געשיקט א קאָמיסיע פון דריי פּער־זאָן צו אונטערהאנדלען מיט דער פראַנצויזישער רעגירונג. די קאָמיסיע האָט געהאט נאָך אַן ערגערען אָפּשניט, ווי מר. פּינקני. די פראַנצויזישע רעגירונג האָט זי ניט אויפגענומען. אָנשטאָט דעם האָבען אומאָפּיציעלע אַגענטען געלאָזט וויסען דער קאָמיסיע, אז אויב אַמעריקע וועט געבען פראַנקרייך א גרויסע הלואה און וועט אונטעררוקען געוויסע מיטגלידער פון דער פראַנצויזישער רעגירונג באַבאַר פון א פערטעל מיליאָן דאָלאַר, וועט מען מיט איר אונטערהאַנדלען. די קאָמיסיע האָט דעם אָנבאָט צוריקגע־וואָרפען. ווען מען האָט זיך אין אַמעריקע דערפון דערוואוסט, האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורם פון צאָרן. עדעמס האָט ער־קלערט, אז ער וועט מער קיין פּאָרשטייער קיין פראַנקרייך ניט שיקען, סיידען ער וועט פּאָראויס זיין זיכער, אז דער פּאָרשטייער וועט אויפגענומען ווערען מיט'ן כבוד „ווי עס פּאַסט פאַר אַ פּאָרשטייער פון אַ גרויסען, פרייען, מעכטיגען און אומאָפּהענגיגען לאַנד".

פון אלע עקען לאַנד זיינען אָנגעקומען רעזאָלוציעס צום פּרעזידענט, מיט פאַרזיכערונג, אז דאָס פּאָלק וועט אים שטיצען אין אַלץ וואָס ער וועט טאָן, אפילו ווען ער וועט רופען אין קריג. דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען געזעצען, וועלכע האָבען טאַקע געשמעקט מיט מלחמה. איינס אזא געזעץ האָט געגעבען האנדעלס־שיפען דאָס רעכט זיך צו באוואָפענען און זיך פאַרטיידיגען געגען

פראנצויזישע קריגס־שיפען. א צווייטער געזעץ האט געשאפען אן ארמיי פון צען טויזענט פרייוויליגע סאלדאטען אויף א טערמין פון דריי יאר. א דריטער געזעץ האט געשאפען א פלאטען־דעפארטמענט אין דער רעגירונג.*)

איצט האט זיך פראנקרייך דערשראקען. אין 1799 האט די פראנצויזישע רעגירונג געלאזט וויסען, אז זי איז וויליג אויפצונעמען אמעריקע'ס פארשטייער און פארהאנדלען וועגען אן אפמאך. עדעמס, וועלכער האט די גאנצע צייט קיין מלחמה ניט געוואלט, האט געשיקט פארשטייער, און אין סעפטעמבער, 1800, איז ענדליך געשלאסען געווארען אן אפמאך צווישען אמעריקע און פראנקרייך. די געפאר פון א מלחמה איז פאראיבער.

אין די זומער מאנאטען פון 1798, ווען דער מלחמה־פיבער האט דערגרייכט א גאר הויכען גראד, און א כוואליע פון פאטריאטיזם האט זיך פארשפרייט איבער'ן לאנד, האט די פעדעראלע אדמיניסטראציע זיך דערפילט שטארק גענוג זיך צו פארמעסטען געגען אירע שונאים, די רעפובליקאנער. יארען לאנג האבען די געגנער זי געשימפט און געזידעלט. איצט איז ענדליך געקומען די געלעגענהייט איין מאל פאר אלע מאל פארשליסען זייי די מיילער, אדער טייל פון זיי גאר אינגאנצען ארויסיאגען פון לאנד.

אין קאנגרעס זיינען פאר דעם צוועק אריינגעבראכט געווארען דריי געזעץ־פראיעקטען, און מיט דער הילף פון פרעזידענט עדעמס זיינען זיי אלע דורכגעשטופט געווארען. אט די דריי געזעצען האבען עס געזאלט אונטערדריקען די עפענטליכע אטאקעס אין דער פרעסע און אויף פארזאמלונגען געגען די באאמטע און דער

*) אין פארבינדונג מיט אט דעם עפיזאד איז געשאפען געווארען דאס בארימטע שלאג־ווארט אין דער אמעריקאנישער געשיכטע: „מיליאנען פאר פארטיידיגונג, אבער קיין סענט פאר קאנטריבוציע". ווער עס האט דער ערשטער דאס ארויסגעזאגט, ווייס מען ניט אויף זיכער. מען שרייבט עס צו צו איינעם פון דער קאמיסיע וואס איז געשיקט געווארען קיין פראנקרייך. עס זאל הייסען, אז דאס איז געווען זיין ענטפער אויף דעם פארשלאג פון די אגענטען, אז אמעריקע זאל „אונטערשמירען" געוויסע באאמטע פון דער פראנצויזישער רעגירונג.

אַדמיניסטראַציע און געגען דער אַלגעמיינער פּאָליטיק פון דער רעגירונג.

די ערשטע צוויי געזעצען זיינען געצילט געווען געגען אימי־גראַנטען. אין לאַנגען קאַמף, וואָס איז אַנגעגאַנגען איבער דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און איבער דער שטעלונג צו ענגלאַנד און צו פראַנקרייך, זיינען די אימיגראַנטען געשטאַנען מיט די רעפּובליקאַנער אויף דער זייט פון פראַנקרייך. אין אַמעריקע זיינען דעמאָלט געווען אַרום דרייסיג טויזענט פראַנצויזישע אימי־גראַנטען. די זיינען זעלבסטפאַרשטענדליך געווען מיט פראַנקרייך. עס זיינען אויך אין די לעצטע יאָרען געווען אַנגעקומען קיין אַמע־ריקע אַ סך ענגלענדער און איירישע. דאָס זיינען געווען מייסטענס ליבעראַלען און ראַדיקאַלען, וואָס זיינען פאַרפאָלגט געוואָרען אין ענגלאַנד דערפאַר, וואָס זיי האָבען אַטאַקירט די רעגירונג פאַר באַקעמפען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. און אָט די אַלע אימי־גראַנטען זיינען דאָ געווען אויף דער זייט פון פראַנקרייך. די פראַנצויזען, ענגלענדער און איירישע האָבען אַ גרויסען אַנטייל גענומען אין די דעמאָנסטראַציעס געגען די פעדעראַליסטען, אויף די פאַרזאַמלונגען און פּאַראַדען וואָס די רעפּובליקאַנער פלעגען מאַכען. די אינטעליגענטען צווישען זיי האָבען געשריבען אין די צייטונגען, אַרויסגעגעבען פּאַמפלעטען, געהאַלטען רעדעס און אַז. וו. אָט געגען זיי זיינען דאָס די צוויי געזעץ־פּראָיעקטען געצילט געווען.

דאָס ערשטע געזעץ־פּראָיעקט, אָדער „ביל" האָט געלויטעט, אַז כדי צו ווערען אַ בירגער, מוז אַן אימיגראַנט דאָ וואוינען ניט ווייניגער ווי 14 יאָר (לויט דעם אַלטען געזעץ איז גענוג געווען ער זאָל דאָ וואוינען 5 יאָר). דער „ביל" האָט אויך געפאָדערט, יעדער אימיגראַנט זאָל זיך מוזען רעדזשיסטרירען. ער זאָל, הייסט עס, פאַקטיש געשטעלט ווערען אונטער דער אויפזיכט פון דער רעגירונג.

דער צווייטער ביל האָט געלויטעט, אַז דער פּרעזידענט האָט דאָס רעכט אַרויסצושיקען פון לאַנד יעדען אימיגראַנט וואָס ער האַלט פאַר אומגעוואונשען. אויב דער אימיגראַנט ווערט אַרויס־

געוויזען און ער פאָלגט ניט און בלייבט אין לאַנד, קומט אים א שטראָף פון דריי יאָר תפיסה. אויב ער פאָרט ארויס און קומט צוריק, קומט אים אויך געפענגניש. דער פרעזידענט איז ניט מחויב צו ברענגען קיין קלאַגען געגען דעם אומגעווינשטען אימי־גראנט, וואָס ער וויל ארויסשיקען. דעם אימיגראנט ווערט ניט געגעבען קיין מעגליכקייט זיך צו פארטיידיגען. ווען דער פרע־זידענט באפעלט אים נאָר ארויסצופאָרען, מוז ער פאָלגען.

די צוויי ערשטע געזעצען זיינען, ווי געזאגט, געצילט געווען געגען אימיגראנטען, געגען ניט־בירגער. דאָס דריטע געזעץ איז געצילט געווען געגען אייגענע, געגען אמעריקאנער. דאָס דריטע געזעץ האָט געלויטעט, אז דער יעניגער וואָס מאכט א פארשווע־רונג צו פארלעצען א געזעץ, אָדער דער וואָס זוכט צו ווירקען אויף א באַאמטען אָדער אויף א בירגער זיי זאָלען ניט פאָלגען א געזעץ, איז שולדיג אין פארראַט און קען באשטראָפט ווערען מיט פינף טויזענט דאָלאר געלט־שטראָף און פינף יאָר תפיסה. ווייטער שרייבט פאָר דער ביל, אז דער יעניגער וואָס רעדט אָדער שרייבט, אָדער ווירקט, אז א צווייטער זאָל ריידען אָדער שרייבען, פאַלשקייטען אָדער פארלוימדונגען אָדער באליידיגונגען געגען דער רעגירונג, געגען דעם קאָנגרעס, אָדער געגען דעם פרעזידענט, קען באשטראָפט ווערען מיט צוויי טויזענט דאָלאר און מיט צוויי יאָר געפענגניש*).

די געזעצען וועגען ארויסשיקען פרעמדע און וועגען פארראַט זיינען אנגענומען געווארען אויף א טערמין פון צוויי יאָר. נאָך דעם טערמין זיינען זיי פון זיך אליין בטל געווארען.

די האָפנונג וואָס די אדמיניסטראציע האָט געלייגט אויף די דאָזיגע געזעצען זיינען ניט פארווירקליכט געווארען. די ווירקונג איז געווען פונקט א פארקערטע. קיין זאך וואָס די אדמיניסטראציע האָט געטאָן ביז דעמאָלט האָט ניט ארויסגערופען אזוי פיל

---

*) דער „עספּיאָנאַזש געזעץ" וואָס איז דורכגעפירט געווארען אונ־טער ווילסאָנ'ס אדמיניסטראציע ווען אמעריקע איז אריין אין דער וועלט־מלחמה, איז געווען זייער ענליך צו דעם דאָזיגען געזעץ.

פּראָטעסטען, האָט ניט אויפגעוועקט אַזאַ צאָרן, ווי אָט די דריי געזעצען, וועלכע זיינען באַקאַנט אלס די „עיליען ענד סעדישאָן לאָאָס“.

דער שטורם האָט דערגרייכט דעם העכסטען פּונקט אין די שטאַטען קענטאָקי און ווירדזשיניא. די לעדזשיסלייטשורס פון די צוויי שטאַטען האָבען אנגענומען רעזאָלוציעס, אין וועלכע עס איז ערקלערט געוואָרען, אז די „עיליען ענד סעדישאָן“ געזעצען זיינען געגען דער קאָנסטיטוציע, ווייל זיי רויבען אוועק פון איינוואוינער דאָס רעכט צו ריידען און שרייבען פריי, און אז דערפאר דארף זיך יעדער שטאַט אַנטזאָגען די צוויי געזעצען צו פאָלגען. די רעזאָלוציעס זיינען פארפאסט געוואָרען שטילערהייט פון וויים־פּרעזידענט דזשעפערסאָן. ער האָט זיי צוגעשיקט צו זיינע פריינד אין קענטאָקי און אין ווירדזשינא מיט דער בקשה, אז זיי זאָלען ניט אויסזאָגען אז זיי שטאַמען פון אים*).

*) דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל מאָל וואס שטאַט רעגירונגען האָבען דערקלערט אַז זיי האָבען דאָס רעכט אַליין צו באַשטימען צי זיי ווילען פאלגען א געוויסען געזעץ פון דער נאציאָנאלער רעגירונג אָדער ניט. דאָס מאָל האָט די נאציאָנאלע רעגירונג פארשוויגען. אבער ענליכע פאַלען אין די שפּעטערע יאָרען זיינען אַזוי גלאַט ניט אָפּגעלאָפען.

קאפיטעל 18.

## דער וואַל־קאַמף אין יאָר 1800

די פיר יאָר וואָס עדעמס איז געווען פּרעזידענט האָבען אין גאַנצען אונטערגעגראָבען דעם פונדאַמענט פון דער פעדעראַליסטישער פּאַרטיי. די ליניע צווישען די פעדעראַליסטען און די רעפּובליקאַנער איז איצט געוואָרען קלאָר און דייטליך. יעדע פון די פּאַרטייען איז געקומען צום פאָלק מיט באַשטימטע פּרינציפּען, מיט א באַשטימטען פּראָגראַם. און אויף די פּרינציפּען און דעם פּראָגראַם איז אויסגעקעמפט געוואָרען די וואַלען פון יאָר 1800. געזיגט אין דעם קאַמף האָבען די רעפּובליקאַנער, און די פעדעראַליסטישע פּאַרטיי איז קיינמאָל מער צו זיך ניט געקומען.

צוועלף יאָר זיינען די פעדעראַליסטען געווען אין מאַכט. וואָס האָבען זיי אין דער צייט אויפגעטאָן? זיי האָבען געשאַפען א נאַציאָנאַלע באַנק, זיי האָבען געווירקט, אז די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל איבערנעמען צענדליגע מיליאָנען חובות פון דער רעוואָלוציע, זיי האָבען אויפגעבויט א נאַציאָנאַלע אַרמיי און א נאַציאָנאַלע פלאָטע, זיי האָבען אַרויפגעלייגט פאַרשידענע אינערליכע שטייערען אויף שנאַפּס, אויף הייזער, אויף שקלאַפען, אויף ווערט־פּאַפּירען. זיי האָבען גאַראַנטירט ענגלאַנד די חובות וואָס די אַמעריקאַנער סוחרים זיינען געבליבען שולדיג די ענגלישע סוחרים ביים אויסברוך פון דער רעוואָלוציע. זיי האָבען דורכגעפיהרט געזעצען געגען אימיגראַנטען און באַגרעניצט די פרייהייט פון דער פּרעסע. זיי האָבען געפירט א פריינדליכע פּאָליטיק מיט ענגלאַנד און א פיינטליכע פּאָליטיק מיט פראַנקרייך.

יעדע פון אָט די אויפטועכצען פון די פעדעראַליסטישע אַדמי־

ניסטראַציעס אונטער וואַשינגטאָן און עדעמס איז פון די רעפּובּ־
ליקאַנער באַקעמפט און פאַרדאַמט געוואָרען. טהאָמאַס דזשעפער־
סאָן, דער טעאָרעטיקער און פירער פון די רעפּובּליקאַנער, האָט
אין זיינע שריפטען און רעדעס געזוכט צו באַווייזען, אַז פון די
אַלע זאַכען האָבען געוואונען די רייכע, די סוחרים, די באַזיצער
פון ווערט־פּאַפּירען, די פאַבּריקאַנטען, אַבער אַז די אַלגעמיינע
מאַסע וואָס איז דעמאָלט באַשטאַנען פון פאַרמער האָבען דערפון
געליטען. פאַר די געלט־מענשען, האָט ער געטענה׳ט, איז עס
נעגרינדעט געוואָרען די באַנק; פאַר די באַזיצער פון די ווערט־
פּאַפּירען האָט עס די רעגירונג איבערגענומען די חובות. צוליב
די סוחרים וואָס האָבען געקראָגען קרעדיט אין ענגלאַנד האָט די
רעגירונג אונטערגעשריבען דעם אָפּמאַך מיט ענגלאַנד, איר
אַלץ נאָכגעגעבען און ממילא זיך איינגעריסען מיט פראַנקרייך.
כדי צו באַשיצען דעם האַנדעל פון די סוחרים און דאָס אייגענ־
טום פון די שיף־קאָמפּאַניעס האָט די רעגירונג גענומען בויען אַ
פלאָטע און אָרגאַניזירען אַן אַרמיי. אַזוי ווי אויף די אַלע זאַכען
איז נויטיג געווען געלט, האָט די רעגירונג אַרויפגעלייגט שטייערען.
די הוצאות פון דער רעגירונג האָבען אין די פיר יאָר פון עדעמס׳עס
אַדמיניסטראַציע זיך פאַרדאָפּעלט: אין 1796 האָט דער בודזשעט
באַטראָפען ווייניגער ווי זעקס מיליאָן, און אין 1800 האָט ער
שוין באַטראָפען נאָענט צו עלף מיליאָן.

די רעפּובּליקאַנער האָבען באַשולדיגט די פעדעראַליסטען אַז
זיי זיינען אין האַרצען ענגלישע פּאַטריאָטען און מאָנאַרכיסטען.
האַמילטאָן איז עס ווירקליך געווען און ער האָט עס גאָרניט באַ־
האַלטען. די אַלע אַנדערע פירער פון די פעדעראַליסטען זיינען
געווען רייכע אַריסטאָקראַטען און האָבען זיך ווירקליך געשראָקען
פאַר׳ן פאָלק. זיי האָבען זיך געשראָקען פאַר די רעוואָלוציאָנערע
געדאַנקען וואָס די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געפּריידיגט
און פאַרשפּרייט צווישען די מאַסען. זיי האָבען אַלע מיטלען אָנ־
געווענדעט צו דיסקרעדיטירען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע. דאָס
איז געווען איינע פון די הויפּט מאָטיווען פאַרוואָס זיי זיינען גע־
ניגט געווען צו ענגלאַנד׳ס צד אין דער מלחמה אין אייראָפּא און

פארוואס די פעדעראליסטישע רעגירונג האט זיך באצויגען פיינד־ליך צו פראנקרייך. די עקאנאמישע אינטערעסען, דער האנדעל מיט ענגלאנד און דער קרעדיט וואס די היגע סוחרים האבען אין ענגלאנד געקראגען איז געווען דער ערשטער מאטיוו, און די שרעק פאר די פרייע ראדיקאלע געדאנקען איז געווען דער צווייטער מא־טיוו.

די רעפובליקאנער האבען זיך ארויסגעשטעלט אלס די פאר־קעמפער און פארטיידיגער פון די פארמער. זיי האבען אפע־לירט צו די פארמער זיי זאלען אומווארפען די פעדעראלע רע־גירונג ווייל זי איז די רעגירונג פון די סוחרים, די געלט־מענשען און די פאבריקאנטען און אז זיי זאלען איבערגעבען די רעגירונג צו זיי, צו די רעפובליקאנער, וועלכע גלויבען אז די סוחרים, די פאבריקאנטען און די געלט־מענשען זיינען אן אומגליק פאר׳ן לאנד.

אויף אט די ליניעס איז עס אנגעפירט געווארען דער וואל־קאמף פאר פרעזידענט אין יאר 1800. די פעדעראליסטען האבען אלס זייערע קאנדידאטען פאר פרעזידענט און וויס־פרעזידענט ארויסגעשטעלט דזשאן עדעמס און ס. ס. פינקני; די רעפובלי־קאנער האבען אלס זייערע קאנדידאטען ארויסגעשטעלט טאמאס דזשעפערסאן און אאראן באאר. דער קאמף איז געווען א פאר־צווייפעלטער. ביידע צדדים האבען זיך ניט אפגעשטעלט פאר קיינע סקאנדאלען און בלבולים צו באקעמפען דעם געגנער. דזשע־פערסאן איז אטאקירט געווארען אלס אפיקורס, אלס אנארכיסט, אלס היפאקריט. עדעמס איז אטאקירט געווארען אלס מאנאר־כיסט, אלס פארקויפטער צו ענגלאנד, אלס א שונא פון פאלק. הינטער די בלבולים זיינען אבער געלעגען די עקאנאמישע אינטע־רעסען וואס האבען דעם קאמף געמאכט אזוי ערנסט. די רייכע, די סוחרים, די שטאט־מענשען האבען מורא געהאט אז דזשעפער־סאן וועט פארניכטען זייער אייגענטום אויב ער וועט ווערען פרע־זידענט; די פארמער האבען זיך געשראקען אז אויב עדעמס וועט ווידער אויסגעקליבען ווערען, וועלען זיי צודריקט ווערען אונטער

דעם יאָך פון שטייערען וואס די רעגירונג וועט אויף זיי ארויפ־לייגען אין די אינטערעסען פון די רייכע שטאָטלייט.

דער רעזולטאַט פון די וואַלען איז געווען א פּאָלשטענ־דיגער זיג פאר די רעפּובליקאַנער. ערעמס און פינקני האָבען באקומען 65 שטימען; דזשעפערסאָן און באָאר האָבען באקומען 73 שטימען. די שטאַטען פון ניו ענגלאנד, וואו דער האנדעל און פאבריקאַנטען־קלאַס איז געווען מעכטיג, זיינען געגאנגען גע־שלאָסען פאר די פעדעראליסטען; די שטאַטען פון דער סאוט, וואו די סוחרים און פאבריקאנטען און אקציעס־באזיצער זיינען געווען ווייניג אין צאָל, זיינען געגאנגען געשלאָסען פאר די רע־פּובליקאַנער. די מיטעלע שטאַטען זיינען געווען צוטיילט.

איצטער האָט זיך אויפגעהויבען א נייע פּראָבלעם אויף וועל־כער מען האָט זיך גאָרניט געריכט. ווי עס איז שוין אין א פאָ־ריגען קאפּיטעל דערקלערט געווארען, האָט אין יענע יאָרען עק־זיסטירט אָט אזא סיסטעם פון קלייבען דעם פּרעזידענט און וויים־פּרעזידענט. יעדער עלעקטאָר פלעגט שטימען פאר צוויי פּערזאָן. ביים שטימען פלעגט ער ניט אָנדייטען וועמען פון די צוויי ער וויל פאר פּרעזידענט און וועמען פאר וויים־פּרעזי־דענט. מען פלעגט איבערציילען אלע שטימען. דער קאנדי־דאַט, וועלכער האָט באקומען די גרעסטע צאָל שטימען איז ער־קלערט געווארען אלס פּרעזידענט און דער, וואס האָט געקראגען די צווייטע גרעסטע צאָל שטימען, איז ערקלערט געווארען אלס וויים־פּרעזידענט. אין דעם איצטיגען פאל אָבער האָבעןביידע רעפּובליקאנישע קאַנדידאַטען באקומען פונקט דיזעלבע צאָל שטי־מען, יעדער צו 73. די פראגע איז אלזא געווען ווער פון זיי זאָל ווערען פּרעזידענט און ווער וויים־פּרעזידענט?

די קאָנסטיטוציע זאָגט אז אין אזא פאל זאָל די נידעריגערע הויז פון קאָנגרעס, די האוז אָוו רעפּרעזענטאטיווס, באשטימען. די קאָנגרעסלייט פון יעדען שטאַט ווארפען איין שטימע. דער קאַנדידאַט וואָס קריגט די מאַיאריטעט פון די שטימען, דאָס הייסט, דער קאַנדידאט, פאר וועמען עס שטימען א מאַיאָריטעט פון די שטאַטען, ווערט ערקלערט פאר פּרעזידענט. די לאַגע אין

יאר 1800 איז געווען אזא, אז די פעדעראליסטען האבען אין קאנגרעס געהאט די מאכט צו ענטשיידען ענטוועדער פאר דזשעפערסאן אדער פאר באאר׳ן. אין די פאראייניגטע שטאטען זיינען דאן געווען זעכצען שטאטען, און בלויז אכט פון די זעכצען זיינען קאנטראלירט געווארען פון די רעפובליקאנער. עס איז דערפאר נויטיג געווען צו קריגען איינעם פון די פעדעראליסטישע שטאטען צו געבען דזשעפערסאנ׳ען די נויטיגע מאיאריטעט. די מיינונגען פון די פעדעראליסטישע פירער זיינען געווען צוטיילט. די מערסטע פירער זיינען געווען דערפאר, אז אויב עס איז באשערט צו האבען א רעפובליקאנישען פרעזידענט, איז באאר שוין בעסער ווי דזשעפערסאן. באאר איז געווען א ניו יארקער און א רייכער און אן אריסטאקראט. האבען זיי גערעכענט, אז ער וועט זיין א קלענערע געפאר פאר די געלד־מענשען. זיי האבען אויך געגלויבט, אז ער איז ניט אזוי פרינציפיעל ווי דזשעפערסאן, און מען וועט אים קאנען באאיינפלוסען, ער וועט זיך לאזען בויגען.

אן אנדער מיינונג האט אבער געהאט אלעקסאנדער האמילטאן. ער האט געגלויבט אז דזשעפערסאן איז א פראקטישער מענש און אז ער וועט זיין „פארזיכטיג מיט זיינע רעפארמען". ער האט דאך שוין איינמאל געהאט ערפאהרונגען מיט איהם אין דער פראגע פון די חובות. אט וואס האמילטאן האט וועגען די צוויי קאנדידאטען געשריבען: „דזשעפערסאן איז בעסער. ער איז ווייט ניט אזא געפערליכער מענש ווי מען מיינט. ער האט פרעטענזיעס אויף כאראקטער. פאר באאר׳ן האב איך ניט קיין גוט ווארט".

מיט בלויזען אויפפאסען דעם כאראקטער פון די צוויי קאנדידאטען האבען זיך די פעדעראליסטישע פירער ניט באנוגענט. זיי האבען שטילערהייט אונטערהאנדעלט מיט זייביידען, אנגעבאטען זייער שטיצע פאר געוויסע פארשפרעכונגען. דער גאנצער עפיזאד איז פארוויקעלט אין סודות און סתירות. ווי עס ווייזט אויס האט באאר מורא געהאט צו געבען די פעדעראליסטען הבטחות. עס זיינען פאראן באווייזען אז דזשעפערסאן האט אזוינע הבטחות געגעבען. ער האט עס ניט געטאן דירעקט, נאר דורך

אַ פּאַרמיטלער, אַ פריינד און אַ שכן זיינעם, וועלכער איז געווען אַ פעדעראַליסט. ער האָט פאַרשפּראָכען פיר זאַכען: ערשטענס, ניט צו טשעפּען די פינאַנציעלע סיסטעם וואס האמילטאָן האָט איינגעשטעלט; צווייטענס, אָנצוהאַלטען די פּאָליטיק פון נייטראַליטעט אין דער מלחמה צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך; דריטענס, פאָרצוזעצען די פּאָליטיק פון אויפבויען אַ פלאָטע; פערטענס, ניט אַרויסצוזעצען פון זייערע עמטער די פעדעראַליסטישע בעאַמטע.*)

די פעדעראַליסטען זיינען דאַן אַריבער אויף דזשעפערסאָנ'ס זייט. דזשעפערסאָן איז געוואָרען פּרעזידענט און באַאַר וויס־פּרעזידענט. דזשעפערסאָן האָט זיין פּרעזידענט אמט געהאַט צו פאַרדאַנקען אַלעקסאַנדער האמילטאָן. ווען האמילטאָן וואָלט זיך ניט געשטעלט אויף זיין זייט וואָלטען די פעדעראַליסטישע קאָנגרעסלייט העכסט וואַרשיינליך געשטימט פאַר באַאַר'ן און אים געמאַכט פאַר פּרעזידענט.

*) צי דזשעפערסאָן האָט ווירקליך געמאַכט די דאָזיגע פאַרשפּרעכונגען איז אַ פראַגע אין וועלכע היסטאָריקער זיינען צוטיילט. דזשעפערסאָן האָט עס אבסאָלוט געלייקענט. עס זיינען אָבער דאָ שטאַרקע באַווייזען אויף יאָ. פּראָפעסאָר ביערד האָט די אַלע באַווייזען דורכגעזיפּט און קומט צום שלוס אַז דזשעפערסאָן האָט די פאַרשפּרעכונגען יע געמאַכט

## קאפיטעל 19.

# די פיאָנערען אין דער וועסט

א גרויסען חלק אין דזשעפערסאָנ׳ס זיג (און לויט דער מיי־נונג פון טייל היסטאָריקער — דעם גרעסטען חלק) האָבען ביי־געטראגען די נייע גרענעץ־שטאַטען, ווי אויך די גרענעץ־ישובים אין די אַלטע שטאַטען. ביז דער רעוואָלוציע איז די קייט פון בערג (אַפּאַלאַטשיען מאונטעינס), וואָס ציט זיך איבער דער לענג פון אמעריקע אַן ערך הונדערט מייל פון אַטלאַנטישען ברעג, געווען די גרענעץ פון די קאָלאָניעס. אויף יענער זייט פון אָט די בערג זיינען די קאָלאָניסטען ניט געגאַנגען. די סבות זיינען געווען פאַרשידענע: ערשטענס, האָט דאָרט געלויערט די געפאַהר פון די אינדיאַנער; צווייטענס, איז דאָרט שווער געווען דורכ־צוברעכען א וועג דורך די בערג און דורך די וועלדער. דריי־טענס, האָט די ענגלישע רעגירונג אַנטמוטיגט און אפילו פאַר־באָטען די קאָלאָניסטען זיך דאָרט צו באַזעצען. אָבער די רע־וואָלוציע און איר ערפאָלג האָבען געשאַפען נייע אומשטענ־דען, וואָס האָבען געווירקט אַז מאַסען מענשען זאָלען אויס־וואנדערען פון זייערע היימען אין די אַלטע קאָלאָניעס און אימי־גרירען אויף יענער זייט פון די בערג. עס זיינען געשאַפען גע־ווארען נייע ישובים אין דער נייער וועסט. אין יאָר 1800 האָט שוין די צאָל פון דער דאָרטיגער באַפעלקערונג דערגרייכט ביז א מיליאָן. ווען מען נעמט אין באַטראַכט אַז די גאַנצע באַפעל־קערונג פון די פאַראייניגטע שטאַטען איז דעמאָלט געווען ניט מער ווי פינף און א פערטעל מיליאָן, די נעגער אריינגערעכענט. ווערט קלאָר די וויכטיגקייט פון דער נייער קאָלאָניזאַציע.

דאָס לעבען אין די גרענעץ־ישובים איז געווען א גאנץ אנ־
דער לעבען ווי אין דער עלטערער היים, אין דער איסט, פון וואַ־
נען די קאָלאָניסטען זיינען געקומען. די נייע אומשטענדען האָ־
בען געהאַט א טיפע ווירקונג אויף דער גאנצער פסיכיק פון די
מענשען. דאָרט, אין דער וועסט, האָבען די מענשען אָנגעהויבען
אַנדערש צו דענקען, אָנגעהויבען אַנדערש צו פיהלען, און אַנ־
דערש צו האַנדלען ווי זייערע קרובים און פריינד, וואס זיי האָבען
געלאָזט הינטער זיך אין דער איסט. דאָס גרענעץ־לעבען האָט
געשאַפען א נייעם טיפּ אַמעריקאנער. און אָט דער נייער אמע־
ריקאנער האָט איצט אָנגעהויבען לאָזען פילען זיין ווילען און זיין
מאכט אין דער פּאָליטיק פון לאַנד. ער איז געשטאַנען שטארק
און פעסט פאַר דזשעפערסאָנ׳ען, פאַר יענער נייער פּאָליטיק וואָס
ווערט באצייכענט מיט׳ן נאָמען „דזשעפערסאָניען דעמאָקראסי״,
דזשעפערסאָנישע דעמאָקראטיע.

דער פּיאָנער וואָס האָט זיך באַזעצט אויף יענער זייט פון
די בערג האָט גענומען אויף זיינע פּלייצעס א שרעקליך שווערע
אויפגאבע. ער האָט געמוזט קעמפען מיט א גרויזאַמער נאַטור
און מיט אומפריינדליכע אינדיאַנער. זוען ער האָט שוין ענד־
ליך פאַר זיך אָפּגעראַמט א שטיקעל ערד, אויסגעהאַקט א שטיקעל
וואַלד, אויפגעבויט א שטיבעל און פאַרזייט א ביסל תבואה, האָט
ער ערשט דערפילט זיין איינזאַמקייט, זיין עלענד. די פּיאָנע־
רישע פאַמיליעס זיינען געווען צוואַוואָרפען, אָפּגערוקט איינע פון
די אַנדערע אויף לאַנגע שטרעקעס. יעדע פאַמיליע איז געווען
א וועלט פאַר זיך און אַלע צוזאַמען זיינען זיי געווען ווי פאַר־
וואָרפענע ערגעץ אויף א וויטען אינזעל, פאַרוואָרפען פון דער
ציוויליזירטער וועלט פון דער איסט. יעדע פּיאָנערן־פאַמיליע
האָט געמוזט מיט די אייגענע הענט זיך באַזאָרגען לעבענס־באַ־
דערפנישען — אַליין בויען, אַליין אַקערען און זייען און שניידען,
אַליין שפּינען און וועבען, אַליין זיך שוכען און קליידען, אַליין
מאַכען מעבעל, אַליין פאַבריצירען געצייג און געווער. עס זיי־
נען דאָרט ניט געווען קיין דאָקטוירים און קיין לערער, קיין שו־
לען און קיין קירכען.

די הייזער זיינען געבויט געוואָרען פון קלעצער, געהאַקט פון די גערדיכטע וועלדער. דער נייער פיאָנער פלעגט אליין אויסהאַקען די בוימער און דאַן פלעגט ער צוזאמענרופען די שכנים, וועלכע פלעגען קומען רייטענדיג אויף פערד פון א מהלך פון דרייסיג־פערציג מייל און זיי פלעגען איהם העלפען צונויפשטעלען דאָס הויז. אזא געלעגענהייט פלעגט דאָרט געפייערט ווערען אלס א יום טוב צו וועלכען די שכנים פלעגען מיטברייגגען זייערע פרויען און קינדער, אפילו די זויג־קינדער. דאָס לעבען איז געווען אזוי איינזאם, אז אלע פלעגען זיך אָנכאפען אָן דער מינדסטער געלעגענהייט זיך צונויפצוקומען, און העלפען א שכן אויפשטעלען א הויז איז באטראכט געוואָרען אלס די בעסטע געלעגענהייט. אָט די בשותפות'דיגע ארבייט איז באצייכענט געוואָרען מיט דעם נאָמען „לאָג־רייזינג" (הויבען בערוועגעס).

חתונות און לויות זיינען אויך אויסגענוצט געוואָרען פאר צוזאמענקונפטען. אלע פלעגען קומען און מען האָט געזוכט אין דעם איין טאָג פון טרויער אָדער פון פרייד אריינצוכאפען אזוי פיל געזעלשאפטליכקייט ווי נאָר מעגליך. אין וואָס איז באשטאַנען „געזעלשאפטליכקייט" ביי די דאָזיגע מענשען? ווי אזוי האָבען זיי געקענט פארברייגגען איינער מיט'ן אנדערן אז זיי האָבען דאָך איינע די אנדערע כמעט ניט געקענט, אז זיי האָבען זיך אזוי זעלטען געזען? האָט זיך ביי זיי אויסגעארבייט א זעהר אייגענארטיגע געזעלשאפטליכקייט: זיי פלעגען פארברייגען און הוליען אויף א ווולגארען, פרימיטיווען אופן, אין שיכור'ן, טאנצען און שפרינגען.

אָט ווי אזוי מעקמעסטער שילדערט א „לאָג־רעיזינג" יום־טוב:

„ווען א נייער קאָלאָניסט פלעגט אָנקומען, פלעגען די ארומיגע שכנים אויסבויען א הויז פאר איהם און זיי פלעגען אויסנוצען די געלעגענהייט א הוליע צו טאָן. מען פלעגט אויסקלייבען פיער מענשען אויסצוהאקען די קארבען אין די קלעצער, און בשעת די פיער האָבען געארבייט, האָבען די איבעריגע פארבראכט אין ראנגלען זיך, אין יאָגען זיך און פארשיידענע אנדערע שפי־

לען. עס פלעגט אויך קומען צו קלעפּ, און איינע די אַנדערע פלעגען אַרויסנעמען די אויגען, מען האָט געשפּילט קאָרטען, גע־שכור׳ט, און געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבען דאַן באַטראַכט אַלס אונטערהאַלטונג. ווען די קאַרבען זיינען פאַרטיג געוואָרען, פלע־גען אַלע צוזאַמען זיך אַ נעם טאָן צו דער אַרבייט, און אויפ־שטעלען דאָס הויז. דאָס פלעגט געדויערען ניט מעהר ווי עט־ליכע שטונדען".

די געזעלשאַפט איז געווען אַ ווילדע, אַ וואולגאַרע, אַ פּרי־מיטיווע. עס איז ניט געווען קיין מאָראַל, קיין געזעץ, קיין מורא פאַר גאָט און ניט פאַר לייט. די גלחים פלעגען יענע ישובים רופען „די פעסטונג פון טייפעל". צייטענווייז אָבער פלעגט דאָרט פּלוצלונג אָנקומען אַ מאָראַלע, אָדער בעסער געזאָגט, אַ „רעליגיעזע דערוואַכונג". די „דערוואַכונג" פלעגט אויך אָננעמען אין אַ ווילדע, באַרבאַרישע פאָרמע. אָט וואָס דער היסטאָריקער מעקמעסטער דערצעהלט וועגען איינער אַזאַ „דערוואַכונג":

„צוויי יונגע לייט האָבען אָנגעהויבען די גרויסע אַרבייט אין זומער פון 1799. זיי זיינען געווען ברידער, פּריידיגער. דאָס איז פאָרגעקומען ביים „רעד ריווער". עס איז געווען פאַרזאַ־מעלט אַן עולם. מען האָט געבעטען די צוויי ברידער זיי זאָלען האַלטען רעליגיעזע דרשות פאַר׳ן עולם. איינער פון די ברידער האָט זיך פאַנאַנדערגע׳דרש׳ענט מיט אַ געוואַלדיגען ברען. זיין דרשה האָט געמאַכט אַ טיפען רושם אויף די פאַרזאַמעלטע. פיל האָבען געוויינט מיט טרערן. איין פרוי וואָס איז געזעסען אויף אַ הינטערשטער באַנק, האָט פּלוצלונג גענומען שרייען. דער פּרעדיגער האָט זיך געלאָזען געהן צו איהר. דער עולם האָט איהם געבעטען ער זאָל דאָס ניט טאָן, מען האָט איהם אָבער ניט געקענט צוריקהאַלטען, און געהענדיג האָט ער זיך אויך צושריען מיט תפילות און געבעטען צו גאָט. זייערע געשרייען צו גאָט, ער זאָל זיך אויף זיי דערבאַרימען, זיינען געווען שרעק־ליך. אייניגע האָבען דערפילט אַז גאָט האָט זיי מוחל געווען, אָבער אַנדערע זיינען אַוועק גייסטיג פאַרוואונדעט, מיט אַ שרעק־ליכען ווייטאָג אין דער נשמה. די אויפרעגונג האָט זיך פאַר־

שפרייט איבער'ן גאנצען געגענד. א רעליגיעזע משוגעת האט ארומגעכאפט אלע ארומיגע ישובים. קאלאניסטען האבען אנגע־פאקט זייערע בוידען מיט בעטגעוואנט און עסענוואַרג, און זיך געשלעפט פון פופציג מייל צו הערען דעם יונגענמאן פריידיגען.

„די אידעע איז געווען א נייע. הונדערטע האבען זיך אן איר אנגעכאפט, און עס האט זיך אנגעפאנגען א באוועגונג פון „קעמפ"־מיטינגען. קיין זאך האט ניט געקענט צוריקהאלטען דעם שטראם. גאנצע פאמיליעס האבען געוואנדערט איבער לאנ־גע וועגען צו די מיטינגען. זיי האבען פארלאזען זייערע הייזער, פארלאזען די פעלדער אין רעכטען מיטען שניט, פארלאזען די וויכטיגסטע ארבייט און זיינען געפארען הערען דעם פריידיגער. די מיטינגען פלעגען פארקומען אין א וואלד. מען פלעגט אויפ־שטעלען א פלאטפארמע, דער עולם פלעגט זיך צוזעצען אויף די פעניעס פון אויסגעהאקטע ביימער און אויף קלעצער. ארום און ארום זיינען געשטאנען די בוידען און די ביידלאך פון די אנגע־פארענע. זיי האבען זיך געצויגען אין לאנגע שורות, אזוי ווי גאסען. די תפילות און די דרשות פלעגען אנהאלטען פון איינ־דערפרי ביז ביינאכט, גאנצע טעג, און אמאל גאנצע וואכען נאכ־אנאנד. די פרעדיגער זיינען געוויינליך געווען גלחים, אבער אפט פלעגען געוויינליכע מענער און פרויען, און אמאל אפילו קינדער פון עולם אויפשפרינגען פון זייערע פלעצער און אנהויבען דרשנ'ען און זאגען תפילות. אין איין ארט האט זיך א מיידעלע פון זיבען יאר ארויפגעזעצט אויף די אקסלען פון א מאן, און האט אזוי לאנג גע'דרשנ'ט פאר'ן עולם, ביז זי איז געפאלען אין חלשות. אין אן אנדער ארט האט א איינגעל פון צוועלף יאר זיך אוועק־געשטעלט אויף אן אויסגעהאקטען בוים און געשריען תפילות צו גאט ביז וואנען די כחות האבען זיך ביי אים אויסגענומען. ער האט זיך אנגעפאנגען צו וואקלען, און צוויי מענער זיינען צוגעלאפען און האבען אים אונטערגעהאלטען, אבער ער האט זיינע תפילות פארגעזעצט, ביז וואנען ער האט שוין מער ניט געקענט ריידען, א פאר צענדליג פון עולם זיינען געפאלען חלשות לעבען זיינע פיס.

„אין טייל „קעמפּס״ פלעגען די תשובה־פאַרזאַמלונגען פאָר־קומען ביינאַכט. פון די הונדערטע בוידען אוןביידלאַך האָבען געפינקעלט רויטע פייערלאַך. אַרום און אַרום זיינען געלעגען די שאָטענס און די פינסטערניש פון די וועלדער. די פּרעדי־גער האָבען גע׳מוסר׳ט און תפלה געטאָן. פון עולם האָבען איינע געקרעכצט, אַנדערע געזונגען לויב־געזאַנגען צו גאָט. געוויינט און געקרעכצט האָבען אַזוינע וואָס האָבען זיך געפילט זינדיג, געזונגען האָבען די, וואָס זיינען זיכער געווען אַז גאָט האָט זיי שוין מוחל געווען. דאָס אַלץ האָט שטאַרק געווירקט אויף די נערוועז פון די שוואַכע, וועלכע פלעגען פון אויפרעגונג און שרעק פאַלען צו דער ערד, אַזוי ווי מיט אָפּגענומענע אברים. זיי האָבען ניט געקענט שרייען, זיך ניט געקענט באַוועגען. זיי פלע־גען ליגען ווי טויטע. מאַנכע פלעגען אריינפאַלען אין ספּאַזמען. זיי פלעגען קרימען מיט די מיילער און וואַרפען מיט די הענט און פיס. מען פלעגט זיי מוזען אויפהייבען און אוועקטראָגען, ביז זיי פלעגען צו זיך קומען״

עס זיינען געווען מיטינגען, צו וועלכע עס פלעגען קומען טויזענטע מענער, פרויען און קינדער. עס ווערט דערציילט, אַז צו איינעם פון אַזוינע קעמפּ־מיטינגען האָבען זיך פאַרזאַמעלט ניט ווייניגער ווי צוואַנציג טויזענט מענשען. דעם גאַנצען טאָג און די גאַנצע נאַכט זיינען מחנות מענשען געגאַנגען, זיך געשטויסען און זיך געריסען פון איין פּרעדיגער צום אַנדערען, געזונגען, גע־שריען, געלאַכט און געוויינט. אָט זיינען זיי געלאָפען הערען אַ נייעם בעטער, וועלכער האָט זיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט אויף אַן אויסגעהאַקטען בוים און גענומען תפילה טאָן, און אָט האָבען זיי זיך אַ לאָז געטאָן צו קוקען אויף איינעם, וואָס איז געפאַלען אַ „גע׳חלש׳טער״ פון תפילה טאָן. אַזוי פיל מענער און פרויען זיינען געלעגען אויף דער ערד אין חלשות, אַז עס איז אוממעגליך געווען צו גיין, טאָמער וועט מען אויף עמיצען אַרויפטרעטען. טייל פון די געפאַלענע האָבען אפילו ניט געקענט ריידען. אַנדערע האָבען געקענט ריידען, אָבער ניט באַוועגען זיך. טייל האָבען געשליידערט מיט די פיס, זיי געקלאַפּט אין דער ערד, טייל האָבען געשריען

אזוי ווי זיי וואלטען געליטען גרויסע ווייטאגען, זיך געווארפען ווי פיש וואס מען נעמט ערשט ארויס פון וואסער. איינע האבען זיך געקייקעלט אויף דער ערד שטונדען נאכאנאנד, אנדערע זיינען געלאפען און שפרינגענדיג איבער בוימער האבען זיי געשריען: „מיר זיינען פארלארען! מיר זיינען פארלארען!" און אנטלאפען אין געדיכטען וואלד אריין.

שפעטער האט די אויפרעגונג אנגענומען נאך שרעקליכערע פארמען. איינע פון די אזעלכע פארמען האט זיך גערופען „טרייס־לען", א צווייטע — „בילען", א דריטע — „דער הייליגער גע־לעכטער". דאס „טרייסלען" פלעגט פארקומען אזוי: דער זינ־דיגער פלעגט אנהויבען ווארפען מיט'ן קאפ הין און הער, ער פלעגט עס טאן מיט אזא שנעלקייט, אז עס איז אוממעגליך געווען צו דערקענען דאס פנים. אנדערע פלעגען ווארפען מיט'ן קערפער ארויף און אראפ, אזוי ווי א באל. אין די צייטען פון אזעלכע „דערוואכונגען" האט עס אויסגעזען עפעס אזוי ווי אלע וואלטען פון זינען אראפ. מענשען האבען אנגעהויבען צו חלומ'ען ווילדע חלומות. טייל האבען גענומען גלויבען, אז זיי זיינען גאר הינט. זיי פלעגען זיך שטעלען אויף אלע פיר און בילען, ביז זיי זיינען הייזעריג געווארען. דאס איז געווען די פארמע פון „בילען". מען פלעגט אפט זען ווי עס שטייען א גרופע מענשען נעבען א בוים און בילען „אויף דעם טייפעל, וואס באהאלט זיך אין די צווייגען". די דריטע פארמע, „דער הייליגער געלעכטער", איז באשטאנען אין דעם, וואס אין מיטען תפילה טאן פלעגט זיך איינער צולאכען, און אלע איבעריגע פלעגען אנגעשטעקט ווערען מיט'ן געלעכטער. דער גאנצער קעמפ פלעגט אויף אזא אופן פארהילכט ווערען פון עפעס אן אוממענשליכען, אן אומהיימלאכען געלעכטער *).

*) די „ריוויוועל מיטינגען" („ריוויוועל" — אויפלעבונג), פאר־זאמלונגען, צו וועלכע עס קומען זיך צונויף גרויסע מאסען מענשען און הערען זיך צו צו מוסר־זאגער און טוען תשובה דערביי, קומען אין אמעריקא איצט אויך פאר, איבערהויפט אין די סאוט און אין די וועסט. אבער זיי נעמען שוין ניט אן אזעלכע ווילדע, בארבארישע פארמען, ווי אין יענער צייט פון דער פרימיטיווער וועסט.

דעם שווערסטען פּרייז פאר אָט דעם שווערען פּיאָנערען־לעבען האָבען באצאָהלט די פרויען און קינדער. זיי פלעגען אויס־שטארבען מאסענווייז. אויף די בית־עלמינ'ס פון יענע פּיאָנערען־ישובים פלעגט מען אָפט געפינען ליגען איין מאן ארומגערינגעלט פון צוויי, דריי אָדער אפילו פיר פרויען. זעלטען ווען א פרוי האָט איבערגעלעבט איר מאן. אויף איר איז געפאלען א סך א שווערערע לאסט. זי האָט געבאָרען און געהאָדעוועט די קינדער, געקאָכט און געבאקען, געשפּונען, געוועבט און געניית די קליידער פאר דער גאנצער פאמיליע. קיין וואונדער ניט, וואָס זי פלעגט פאלען אין יאָך און יונגערהייט גיין פון דער וועלט.

די אימיגראציע אין די וועסט איז געגאנגען כוואליעסווייז. די ערשטע כוואליע איז באשטאנען פון ספּעקולאנטען. די האָבען ניט געזוכט זיך צו באזעצען אין יענעם ווילדען געגענד, נאָר צו מאכען געלט פון קויפען און פארקויפען ערד. עס האָבען זיך געגרינדעט קאָמפּאניעס, וואָס האָבען געקויפט מיליאָנען אקער לאנד. עס זיינען אויך געווען איינצעלנע פּערזאָנען, וואָס האָבען געקויפט אויף קרעדיט און גלייך פארקויפט צו די קאָלאָניסטען.

די גאָר ערשטע קאָלאָניסטען פלעגען ניט בלייבען זיצען אויף זייערע ערטער. עפּעס האָבען זיי ניט געקענט רוען, זיך באזעצען און בלייבען אויף אַן אָרט. דאָס איז איינע פון די מערקווירדיגסטע ערשיינונגען אין דער אמעריקאנער גע־שיכטע, אַן ערשיינונג, וואָס האָט אָנגעהאלטען צענדליגע יאָרען. די ערשטע קאָלאָניסטען פלעגען אַנטלויפען טיפער אין לאנד אריין, ווייטער אין די וועסט, אזוי שנעל ווי ארום זיי פלעגט נאָר ווערען א שטיקעל ישוב. זיי פלעגען דאַן פארקויפען זייערע פארמס און הייזער, אָפט מיט א ריוח, און אליין פלעגען זיי זיך פארקלייבען אין א וואלד, ערגעץ ווייט פון א ישוב, און אָנהויבען איבער־א־ניים האקען בוימער, אַפּראמען שטיינער, און צוגרייטען פאר זיך א שטיקעל ערד צום אַקערען. דער היסטאָריקער מעקמעסטער שרייבט:

„אַן אלמעכטיגע בענקשאפט האָט אים געטריבען אלץ ווייטער אין די וועסט, ביז וואַנען אַן אינדיאַנער האָט אים גע'הרג'עט, אָדער

דער הונגער, די קעלט און די שלעכטע שפּייזען האָבען אים גע־טריבען אין אַ פּריצייטיגען קבר. ווי־נאָר אַזאַ קאָלאָניסט האָט אויסגעבויט זיין הויז פון קלעצער, אָפּגערייניגט אַן אַקער ערד, אויסגעהאַקט די בוימער און פאַרזייט אַ הויפען תבואה, איז ער געוואָרען אומגעדולדיג, און זיך גענומען קלייבען ווייטער אין וועג אריין. ער האָט ניט געקענט רוען, ביז וואַנען זיין קליינע פאַרם איז ענדליך פאַרקויפט געוואָרען און ער איז ווידער אריינגעקראָכען אין וואַלד און גענומען בויען אַ נייע היים פאַר זיך".

די צווייטע אָדער דריטע כוואַליע פון קאָלאָניסטען האָבען אָפּגעקויפט ביי די ערשטע, ביי די פּיאָנערען, זייערע פאַרמס. די נייע קאָלאָניסטען האָבען געמאַכט געוויסע אויסבעסערונגען אין די פאַרמס און דאַן זיי ווידער פאַרקויפט, און אַוועק ווייטער אין די וועסט. יעדער נייער קאָלאָניסט האָט געמאַכט אויסבעסערונגען, געבויט פאַר דעם נעקסטען קאָלאָניסט, און אַליין אַוועק טאָן די ארבייט אויף דאָס ניי אויף דער נעקסטער סטאַנציע. מעקמעסטער שרייבט: „מענשען וואָס האָבען געוואוינט אין וועסט ניו־יאָרק, האָבען דערציילט, אַז זיי האָבען דאָרטען ניט געטראָפען קיין איינעם, וועלכער האָט זיך ניט איבערגעקליבען פון איין ישוב אין אַן אַנדערען ווייניגסטענס זעקס מאָל. זייער שווער לעבען איז גאָר ניט צו באַשרייבען. זיי זיינען געוועזען שרעקליך אָרים. אין פילע פון די „באַטקעס" זיינען ניט געוועזען קיין פענסטער. בלויז אַ לאָך אין דאַך פאַר'ן רויך ארויסצוגיין. ווינטער פלעגט דער שניי אריינבלאָזען אין שטוב דורך די שפּאַלטען צווישען די קלעצער און פון אונטער דער טיר".

נאָך די פּיאָנערען־כוואַליעס זיינען אָנגעקומען די אמת'ע קאָלאָניסטען, די וואָס האָבען זיך ענדליך אויף שטענדיג באַזעצט אויף דער צוגעגרייטער אויסגעטראָטענער ערד און האָבען גענומען בויען דערפער און שטעדט און אַנטוויקלען אַ ציוויליזאַציע. זיי פלעגען קומען פאַמיליענווייז, אַמאָל עטליכע פאַמיליעס צוזאַמען, אַמאָל אַ גאַנצע קהלה. זיי פלעגען פאָרען אין גרויסע בוידען און פירען מיט זיך זייער גאַנצע באַלעבאַטישקייט פון דער אַלטער היים. די האָבען שוין אָנגעהויבען האַנדלען מיט די שטעדט אין

די איסט. זיי פלעגען שיקען אין די איסט קויפען געצייג, קליידער, שנאַפּס, און פלעגען פאַרקויפען צו די איסט תבואה און געהילץ.

די שטראָמען פון אימיגראַציע אין די וועסט האָבען זיך גע־צויגען אויף פאַרשיידענע וועגען. איין שטראָם האָט זיך געצויגען אין דעם נאָרדליכען טייל פון ניו יאָרק; אַ צווייטער — איבער דעם אָהייאָ טייך, פון פּענסילווייניאַ צו דער נאָרט־וועסט טערי־טאָריע; אַ דריטער — דורך ווירדזשיניאַ און די אַנדערע שטאַטען פון די סאַוט — צו טענעסי און קענטאָקי. די וואַנדערער האָבען נאַטירליך געליטען אַ סך צרות פון די אינדיאַנער. אין דער נאָרט־וועסט טעריטאָריע (דער איצטיגער שטאַט אָהייאָ) זיינען אין די ערשטע נײַנציגער יאָרען פאָרגעקומען שחיטות אויף די ווייסע. אַ פּאָר טויזענט קאָלאָניסטען זיינען אויסגעקוילעט געוואָרען. די רעגירונג האָט אַריינגעשיקט אַן אַרמיי אַהין. אין דער ערשטער שלאַכט האָבען די אינדיאַנער געהאַט אַ גרויסען זיג. זיי האָבען די ווייסע אַרמיי אינגאַנצען צוקלאַפּט. פון די 2,300 ווייסע סאָלדאַטען זיינען גאַנץ געבליבען ניט מעהר ווי 600. עס ווערט דערציילט, אַז אינדיאַנער האָבען זיך באַגאַנגען שרעקליך גרויזאַם מיט די פאַרוואונדעטע; אַז זיי האָבען זיי צוריסען אברים־וויוז. פּרעזידענט וואַשינגטאָן האָט דאַן אַריינגעשיקט אַ גרעסערע אַרמיי אונטער דער פירערשאַפט פון אַנטאָני וועין, וועלכער האָט גע־טראָגען דעם צונעמעניש „משוגע'נער אַנטאָני". ער האָט, נאָך אַ קאַמפּאַניע פון אַ פּאָר יאָר, געצוואונגען די אינדיאַנער זיך אונ־טערצוגעבען, און אָהייאָ איז געוואָרען פריי און זיכער פאַר ווייסע קאָלאָניסטען.

ווי גרויס עס איז געווען דער שטראָם פון אימיגראַציע צו די וועסט, קען מען זיך אַ באַגריף מאַכען פון די פאָלגענדע פאַקטען: דער שטאַט ניו יאָרק, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסען שטח לאַנד אין די וועסט, האָט אין 1790 געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַרום 340 טויזענט. אין 1800 איז זיין באַפעלקערונג שוין געווען 589 טויזענט. אין 1790 איז ניו יאָרק געווען דער פינפטער שטאַט אין צאָל פון באַפעלקערונג. אין 1800 איז ער שוין געווען דער

דריטער שטאט. פענסילוויינִיא, וועלכע האָט אויך געהאט א גרויסען שטח אין די וועסט, איז די זעלבע צען יאָר פארגרעסערט געוואָרען אין באפעלקערונג פון 434 טויזענט אויף 602 טויזענט. טענעסי, וועלכע איז געלעגען אינגאנצען אין די וועסט, האָט אין 1790 געהאט א באפעלקערונג פון 35 טויזענט, און אין 1800 האָט זי געציילט 105 טויזענט. קענטאָקי, אויך א שטאט פון די וועסט, איז אין די צען יאָר געוואקסען פון 73 טויזענט אויף 220 טויזענט. דער וואוקס ווערט נאָך קלערער, ווען מען פארגלייכט די אויבענ־געבראכטע ציפער מיט דער סטאטיסטיק פון די ניו־ענגלאנד שטאטען און פון די אנדערע שטאטען, וואָס זיינען געלעגען הארט ביים ים. מאסאטשוסעטס האָט אין 1790 געהאט א באפעלקערונג פון 378 טויזענט און איז געווען די פערטע אויף דער ליסטע. אין 1800 האָט זי געהאט 422 טויזענט און איז שוין געווען די פינפטע אויף דער ליסטע. זי האָט אין די צען יאָר צוגעקראָגען בלויז עטליכע און פערציג טויזענט, אָדער 11 פראָצענט פון איר פריער־דיגער באפעלקערונג, בשעת ניו יאָרק איז געוואקסען אויף אן ערך פון 90 פראָצענט, און טענעסי האָט זיך פארגרעסערט אויף 300 פראָצענט. קאָנעקטיקוט האָט אין 1790 געהאט א באפעלקערונג פון 237 טויזענט, און אין 1800 איז די באפעלקערונג געווען 251 טויזענט, א צוואוואוקס אינגאנצען פון ווייניגער ווי א האלבען פראָצענט.

דאָס איז דערפאר, וואָס דער שטראָם פון אימיגראציע איז געגאנגען פון די ניו־ענגלאנד שטאטען און פון די אנדערע שטאטען ביים אטלאנטיק צו די וועסט. אם שטארקסטען האָבען די אימי־גראציע צו די וועסט געפילט די ניו־ענגלאנד שטאטען, ווארום זייער טעריטאָריע איז געווען קליין און האָט ניט פארכאפט קיין טיילען פון די וועסט, ווי דאָס איז געווען דער פאל מיט ניו יאָרק און פענסילוויינִיא.

ווי געזאָגט, האָט זיך אנטוויקעלט א גאנץ אנדער סאָרט געזעל־שאפט ווי אין די אלטע שטאטען פון די איסט. דאָרטען האָט געהערשט אן אמת׳ע דעמאָקראטיע, ווייל דאָרטען זיינען אלע

ווירקליך גליך געווען. „אין די איסט איז דעמאָקראַטיע געווען ניט מער ווי אַ טעאָריע" — שרייבט פּראָפעסאָר פּעקסאָן, — „אין די וועסט איז דעמאָקראַטיע געווען אַ פאַקט". אַלע האָבען דאָרטען געפירט דעמזעלבען סאָרט לעבען. עס זיינען אין די וועסט אויך געווען רייכערע און אָרימערע פאַרמער. אָבער די רייכע האָבען געמוזט ארבייטען אַזוי שווער ווי די אָרימע, און זיי האָבען געפירט דעמזעלבען שטייגער לעבען ווי די אָרימע, — אַליין געמאַכט זיך קליידער, אַליין געבויט און געאַקערט. איינער איז ניט אָנגעקומען צום צווייטען, קיינער האָט ניט געקענט באַלעבאַטעווען איבער'ן אַנדערען. יעדערער האָט זיך פאַרלאָזען אויף זיינע אייגענע צען פינגער ארויסצורייסען זיינע לעבענס-מיטעל פון דער ערד. וואָס ער האָט מיט די אייגענע הענט ניט געמאַכט, דאָס האָט ער ניט געהאַט. יעדער קאָלאָניסט האָט זיך אַליין פאַרזאָרגט, און אין אים האָט זיך אַנטוויקעלט דאָס געפיל פון אַבסאָלוטע זעלבסט-שטענדיגקייט, פון אַבסאָלוטען גלויבען אין זיינע אייגענע כחות און אין זיינע אייגענע פעהיגקייטען.

דער קאָלאָניסט אין דער וועסט, דער פּיאָנער, האָט געלעבט איינזאַם, פּרימיטיוו. ער האָט פיינט געהאַט אַז מען זאָל אים טשעפּען, מען זאָל זיך מישען אין זיינע אנגעלעגענהייטען. אויף דער רעגירונג, וואָס האָט זיך געפונען אין די איסט, האָט ער געקוקט מיט חשד. צו וואָס דאַרף ער זי? די רעגירונג האָט אויף אים אַרויפגעלעגט שטייערען. זי איז אויף אים געווען אַ יאָך. ער האָט געוואוסט, אַז די שטייערען ווערען באַנוצט צו צאָלען די פּראָצענטען צו די רייכע אייגענטימער פון די רעגירונגס־פּאַפּירען. ער האָט געוואוסט, אַז מיט די געלט אָרגאַניזירט מען אַרמייען, אַז מען בויט פלאָטען. און אים האָט דאָס פאַרדראָסען. מען רייסט פון אים לטובת די רייכע אין דער איסט. ער איז דעריבער געווען אַ הייסער אָנהענגער פון דזשעפערסאָנ'ען און דער רעפּוב־ליקאַנישער פּאַרטיי, וועלכע זיינען געווען געגען די חובות און געגען די שטייערען, געגען אַרמייען און געגען פלאָטען, און וועלכע האָבען גע'טענה'ט דיזעלבע טענות, אַז די רעגירונג דריקט אַרויס

געלט ביי די אָרימע פאַרמער אין דער סאַוט און אין דער וועסט צוליב די רייכע אין דער איסט.

אין די ערשטע יאָרען נאָכדעם ווי עס איז אָרגאַניזירט געוואָרען די נאָרט־וועסט טעריטאָריע, איז די פּאָליטיק פון דער רעגירונג געווען צו פאַרקויפען לאַנד צו קאָמפּאַניעס אָדער יחידים אין גרויסע שטרעקעס מיט אמאָל. די רעגירונג האָט געהאָפט, אַז דורך דער דאָזיגער מעטאָדע וועט איר געלינגען אריינצוקריגען גרויסע סומען געלט מיט אמאָל. דער פּלאַן האָט זיך אָבער באַלד ארויסגעוויזען פאַר א דורכפאַל. בלויז דריי אזעלכע אנגראָ־מסחרים זיינען דורכגעפירט געוואָרען, און אין די דריי האָט די רעגירונג ארום און ארום פאַרקויפט אָנדערהאַלבען מיליאָן אַקער לאַנד. אין 1796, נאָכדעם ווי די אינדיאַנער זיינען פון דער טעריטאָריע פאַרטריבען געוואָרען, האָט די רעגירונג געענדערט איר פּאָליטיק. זי האָט גענומען פאַרקויפען לאַנד צו יחידים, שטרעקעס פון 640 אַקער. דער פּרייז איז געווען צוויי דאָלאַר אַן אַקער. דער קויפער האָט געמוזט באַצאָלען איין העלפט פון דער סומע באַלד אויפ'ן אָרט, און די אַנדער העלפט האָט ער גערדאַרפט אויסצאָלען אין משך פון ערשטען יאָר.

דער צווייטער פּלאַן איז אויך ניט געראָטען. זייער ווייניג קאָלאָניסטען האָבען פאַרמאָגט א סומע פון 640 דאָלאַר און נאָך ווייניגער האָבען געקענט מאַכען די צווייטע איינצאָלונג אין משך פון ערשטען יאָר. ווי פּראָפעסאָר פּעקסאָן באַמערקט: „דער קאָלאָניסט האָט זיך געפילט גליקלאַך, אויב ער האָט אין א יאָר ארום געהאַט וואָס צו עסען פאַר זיך און זיין פאַמיליע, און האָט זיך אויסגעדרייט פון די פאַרשיידענע סכנות, קראַנקהייטען און אומגליקען".

אין 1794 האָט שוין די נאָרט־וועסט טעריטאָריע געהאַט אזא גרויסע באַפעלקערונג, אַז זי האָט געראָגען די ערלויבניש צו דער־ווײלען אַן איינענע „לעדזשיסלייטשור" און שיקען א פאָרשטייער אין קאָנגרעס. דער פאָרשטייער איז געווען וויליאַם הענרי העריסאָן און א דאַנק אים האָט די רעגירונג ווידער געמאַכט אַן ענדערונג אין איר פּאָליטיק: זי האָט זיך אראָפּגעלאָזען א ביסעל נידע־

ריגער צום אָרימען פאַרמער. די נייע פּאָליטיק איז באמת געווען א גרויסע הילף פאר די קאָלאָניסטען. א געזעץ איז דורכגעפירט געוואָרען אין יאָר 1800, וואָס האָט פאָרגעשריבען, אז לאנד אין דער טעריטאָריע זאָל פארקויפט ווערען אין שטרעקעס פון 320 אקער. די רעגירונג האָט געעפענט „אָפיסעס" (קאָנטאָרען) אין עטליכע שטעדט פון דער טעריטאָריע — אין סינסינעטי, טשיליקאָט, מאַריאַטאַ און סטובענוויל. דאָרט האָט מען די ערשטע דריי וואָכען פארקויפט לאנד אין „אָקשען". נאָך די דריי וואָכען האָט מען די רעשט ערד פארקויפט צו יעדען איינעם צו צוויי דאָלאר אן אקער, אויסצוצאָלען אין פיר יאָר צייט. די ערשטע איינצאָלונג איז געווען 10 סענט פון יעדען אקער, דאָס הייסט, 32 דאָלאר פאר דעם גאנצען „לאָט". די איבעריגע געלט האָט דער קויפער געדארפט אויסצאָלען אין פאָלגענדע ראַטען: א פערטעל — פערציג טעג נאָכדעם ווי ער האָט געמאכט דעם קאָנטראַקט; א פערטעל — אין צוויי יאָר ארום; א פערטעל — אין דריי יאָר ארום, און דעם לעצטען פערטעל — אין פיר יאָר ארום. „דורך דעם פּלאַן", זאָגט פּראָפעסאָר פּעקסאָן, „איז די פאראייניגטע שטאַטען געוואָרען א שותף מיט דעם קאָלאָניסט, וואָס האָט געוואָלט פּרובען מזל אויף קהל'שער טעריטאָריע". מיט דעם נייעם פּלאַן הויבט זיך אָן א נייער קאַפּיטעל אין דער געשיכטע פון דער קאָלאָניזאַציע פון דער וועסט*).

---

*) מיט די ערשטע פּראָבעס צו פארקויפען לאַנד צו ספּעקולאַנטען־קאָמפּאַניעס איז פאַרבונדען איינער פון די שענדליכסטע סקאַנדאַלען אין דער געשיכטע פון דער קאָלאָניזאַציע אין דער וועסט. אין א פריערינען קאַפּיטעל איז דערציילט געוואָרען, ווי אַזוי די „אָהייאָ־קאָמפּאַניע" האָט גע'פּועל'ט ביים קאָנגרעס, ער זאָל איר פאַרקויפען אַ מיליאָן אַקער לאַנד. די איינפלוסרייכע לייט אין קאָנגרעס און די פּאָליטיקאַנטען פון ניו יאָרק האָבען אָבער אַנדערש ניט געוואָלט צולאָזען די רעגירונג זאָל שליסען דעם מסחר מיט דער קאָמפּאַניע סיידען די קאָמפּאַניע וועט אין דערזעלבער צייט אויך פון זייערטוועגען באַקומען א פאָר מיליאָן אַקער. די קאָנגרעסלייט און „פּאָליטישענס" האָבען אָרגאַניזירט אַן אייגענע קאָמפּאַניע מיט'ן נאָמען „די סיאָטאָ", און די אָהייאָ־קאָמפּאַניע האָט פאַר איר באַקומען לאַנד. באַצאָלט האָבען די מיטגלידער

פון דער „סיאטא“ גאָרניט. עס האָט געהייסען, אַז זיי וועלען שפּעטער צאָלען. אָבער גלייך ווי דאָס לאַנד איז זי באַוויליגט געוואָרען, האָט די „סיאטא“ אַוועקגעשיקט אַן אַגענט קיין פראַנקרייך, וואו די רעוואָלוציע האָט ערשט אויסגעבראָכען, צו ברענגען קאָלאָניסטען פון דאָרטען. דער אַגענט איז געווען אַ באַוואוסטער פּאָעט פון יענער צייט, דזשאָעל באַרלאָו. ער איז אַוועק קיין פּאַריז, און האָט דאָרטען פאַרשפּרייט די ווילדסטע ליגענס וועגען די גליקען פון אָהייאָ. ער האָט דערציילט, אַז דאָרטען איז שטענדיג זומער; אַז עס איז אַ לאַנד וואָס פליסט מילך און האָניג; די ערד איז פרוכטבאַר; די טייכען פול מיט די בעסטע פיש; פון די בוימער פליסט צוקער; אויף די קוסטען וואקסען יאַגאָדעס, פון וועלכע מען קען אַרויסקוועטשען קוואַס. און דער פּאָעט טאַקע אַליין האָט פאַרקויפט די ערד — פאַר פינף שילינג אַן אַקער.

די פראַנצויזען האָבען געגלויבט און געקויפט. אין 1791 האָבען 500 פראַנצויזען פאַרלאָזען זייערע היימען און זיינען אַרויסגעפאָרען צו זייער געקויפטען לאַנד אין אַמעריקא. אַלע זיינען געווען שטאָדט־מענשען: סטאָליאַרעס, באַרבער, שניצער. אַגענטען פון דער „סיאטא“ האָבען זיי אַרויפגעזעצט אויף אַ שיף און זיי אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקא.

די צרות וואָס די מענשען זיינען אויסגעשטאַנען פון דער מינוט וואָס זיי זיינען אַרויף אויפ׳ן שיף, זיינען ניט צו באַשרייבען. מען האָט זיי געקאָרמעט מיט פאַרפוילטע שפּייז, מען האָט זיי געגעבען פאַר־פּעסטעטע וואַסער צום טרינקען. אַ סך פון זיי זיינען קראַנק געוואָרען. דאָ אין אַמעריקא האָט מען זיי מאָנאַטען־לאַנג געהאַלטען אין אַ האַפען־שטאָדט, און ערשט דאַן זיי אַוועקגעשלעפּט אין דעם „גן־עדן“ אַריין, קיין אָהייאָ. דאָרטען האָבען זיי ערשט דערזען זייער אומגליק. מען האָט זיי געבראַכט אין אַ געדיכטען וואַלד, אָן אַ פּלאַץ דעם קאָפּ אָוועק־צולעגען. עסענוואַרג איז דאָרט שווער געווען צו קריגען, און דאָס ביסעל וואָס מען האָט געקראָגען איז געווען שרעקליך טייער. אָבער ערגער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס לאַנד געהערט גאָר ניט צו דער „סיאטא“ קאָמפּאַניע, ווייל זי האָט פאַר׳ן לאַנד ניט באַצאָלט. די פראַנצויזישע קאָלאָניסטען האָבען גאָר קיין רעכט ניט געהאַט דאָרט זיך צו באַזעצען. די קאָמפּאַניע האָט ביי זיי דאָס געלט איינפאַך אויסגענאַרט. די אימיגראַנטען וואָס האָבען זיך געקענט ראַ־טעווען זיינען אַנטלאָפען. די וואָס האָבען אָבער קיין געלט ניט געהאַט אַוועקצופאָרען, האָבען געמוזט בלייבען. זיי פלעגען שטיין ביים ברעג טייך און בעטלען עסענוואַרג פון מענשען וואָס פלעגען פאַרבייפאָרען אין שיפלאַך. אַ רייזענדער, וואָס באַשרייבט די אומגליקליכע נאָכדעם ווי זיי זיינען שוין דאָרטען אָפּגעווען אַ יאָר צייט, זאָגט וועגען זיי: „אָרימע, פאַרהונגערטע, קראַנקע פראַנצויזען! פון זייערע פּנים׳ער

קוקען אַרוים קראַנקהייט און הונגער”. די פראַגע וועגען זייער לאַגע איז אויפגעהויבען געוואָרען פאַר’ן קאָנגרעס. אין 1795 האָט דער קאָנגרעס באַשלאָסען אַוועקצושענקען צו דער גרופּע פראַנצויזען 24 טויזענט אַקער לאַנד. די וואָס זיינען געבליבען לעבען, האָבען ביסלאַכ־ווייז דאָס לאַנד אַנטוויקעלט און דאָרט אויפגעבויט אַ היים פאַר זיך.

קאפיטעל 20.

# די איסט און די סאוט אין 1800

אין יאָר 1800 האָט די באַפעלקערונג פון די פאראייניגטע שטאַטען געציילט 5 מיליאָן און 300 טויזענט מענשען. אַן ערך 900 טויזנט פון זיי זיינען געווען נעגער־שקלאַפען. דער גרעסטער שטאַט איז דאַן געווען ווירדזשיניא, מיט א באפעלקערונג פון 880 טויזענט. נאָך ווירדזשיניא איז געקומען פענסילווייניא מיט 600 טויזענט נפשות. די דריטע אין דער ריי איז געשטאַנען ניו יאָרק מיט א באפעלקערונג פון 589 טויזענט.

צוויי דריטעל פון פאָלק האָבען געוואוינט אין די אַלטע ישובים, ניט ווייטער ווי א הונדערט מייל פון אטלאַנטישען ברעג. שטעט מיט מער ווי אכט טויזענט איינוואוינער זיינען אין גאַנצען לאַנד געווען ניט מער ווי זעקס. די גרעסטע און שענסטע שטאָט איז געווען פילאַדעלפיע. אן אייראָפּייער רייזענדער האָט אפילו געשריבען, אז פילאַדעלפיע איז איינע פון די שענסטע שטעט אין דער וועלט. איר באפעלקערונג האָט דערגרייכט ביז 70 טויזענט. אין די פאָריגע צען יאָר האָט ניו יאָרק זי גענומען שנעל אָניאָגען. פון 1790 ביז 1800 האָט ניו יאָרק פארדאָפּעלט איר באפעלקערונג כמעט פון 32 טויזענט אויף איבער 60 טויזענט. באָסטאָן איז, פארקערט, אין דער צייט אָראָפּגעפאַלען. זי האָט אָנגעהויבען צו פארלירען איר וויכטיגקייט. איר באפעלקערונג האָט געציילט 25 טויזענט. אפילו באַלטימאָר האָט זי איבערגעיאָגט. די פינפטע גרויסע שטאָט איז געווען טשארלס־טאון, אין סאוט קאראליינא, וועלכע האָט פארמאָגט 15 טויזענט מענשען.

די פיזישע באדינגונגען פון לאַנד האָבען כמעט אוממעגליך געמאַכט פאַר דער באַפעלקערונג זיך אויסצושפרייטען. אין די צוויי הונדערט יאָר וואָס די אייראָפּעאישע קאָלאָניסטען האָבען דאָ געקעמפט מיט דער נאַטור האָבען זיי ווייניג פאָרטשריט געמאַכט. דאָס לאַנד איז געווען באַדעקט מיט וועלדער, די מינעראַלען און מעטאַלען זיינען געלעגען אומבאַרירט אין זייערע שטיינערנע בעטען. דער פאַרקער איז געווען אַן אומגעהייער שווערער. עס זיינען ניט געווען קיין שאָסייען, קיין וועגען און קיין שטעגען. אַפילו די אַלטע ישובים, דאָרטען וואו די קאָלאָניסטען האָבען זיך באַזעצט פון אָנפאַנג אָן און עס האָבען שוין געלעבט און גע־אַרבייט אין זיי עטליכע דורות מענשען, איז יעדער ישוב גע־ווען אַ וועלט פאַר זיך, ווייל עס איז אַזוי שווער געווען צוצוקו־מען מיט אַ פור. און די פור, די בויד, אדער „סטיידזש־קאָוטש", ווי זי האָט געהייסען, איז געווען דאָס איינציגע פאַרקער־מיטעל. פון ניו יאָרק קיין באָסטאָן פלעגען גיין בוידען דריי מאָל אַ וואָך. די בויד פלעגט פאָרען בלויז בייטאָג, און ביינאַכט פלעגט זי זיך אָפּשטעלען אונטערוועגס אין אַ קרעטשמע. צווישען ניו יאָרק און פילאַדעלפיא פלעגט לויפען אַ בויד יעדען טאָג. די רייזע פלעגט געדויערען צוויי מעת לעת.

די דריי שטעט זיינען געווען די עלטסטע און ענטוויקעלט־סטע. די שאָסייען צווישען זיי זיינען געבויט און באַאַרבייט געוואָרען אין פאַרלויף פון 150 יאָר. היינט אויב עס איז אַזוי שווער געווען צו פאָרען אויף די דאָזיגע אויסגעטראָטענע שליאַכען, קען מען זיך שוין פאָרשטעלען ווי די לאַגע איז געווען אין אַנדערע געגענדען פון לאַנד. אַם ערגסטען איז עס געווען אין דער סאַוט, וואו עס זיינען כמעט גאָר קיין שטעט ניט געווען. עס זיינען דאָרט געווען פאַרמס צו וועלכע עס איז כמעט אוממעגליך געווען ווען עס איז צוצוקומען. פאָרען אַהין מיט אַ פור איז געווען אויסגעשלאָסען; בלויז אַ רייטער אויף אַ פערד האָט געקענט רי־זיקירען דורכצוברעכען פאַר זיך אַ וועג דורך די געדיכטע וועלדער, טיפע זומפּען און אַנדערע שטערונגען. עס פלעגט געדויערען דריי וואָכען אדער אַ מאָנאַט צו ברענגען אַ פור מיט מעל אָדער טאַבאַק

פון לינטשבורג קיין ריטשמאָנד אין ווירדזשיניא, א שטרעקע פון ניט מער ווי נײנציג מייל. די פארמער וואָס האָבען גע־וואוינט פופציג מייל פון ריטשמאָנד (די וויכטיגסטע שטאָט דער־מאָלסט אין ווירדזשיניא) פלעגען קומען אין שטאָט ניט מער ווי צוויי מאָל א יאָר. די צוויי מאָל פלעגען זיי אָנפּאקען זייערע וועגענער מיט די פארם־פּראדוקטען, זיי ברענגען אין שטאָט אריין, פארקויפען, און אויך צוריקצוועגס אָנפּאקען די פורען מיט דער סחורה וואָס זיי האָבען איינגעקויפט אין שטאָט.

די פּאָסט איז געפירט געוואָרען מייסטענס דורך רייטער. א בריף פון איין עק לאַנד ביז'ן צווייטען, דאָס הייסט, פון מעין ביז ווירדזשיניא, פלעגט גיין דריי וואָכען. דערפאר טאקע האָט זיך דער עולם ווייניג־וואָס באנוצט מיט דער פּאָסט. דורכ־שניטליך האָט יעדער איינוואוינער פון לאַנד געשיקט ניט מער ווי איין בריף א יאָר.

פיל לייכטער איז געווען צו פאָרען און צו פירען סחורה מיט'ן וואסער. אָבער אפילו דער וואסער־פארקער האָט ווייניג פאָר־שריט געמאכט אין די ערשטע צוויי הונדערט יאָר. דער היסטאָ־ריקער הענרי עדעמס שרייבט, אז א רייזע קיין אייראָפּא איז דאַן געווען פארהעלטניסמעסיג באקוועמער און רעגעלמעסיגער ווי א רייזע פון ניו יאָרק קיין אָלבאַני אָדער פּראָווידענס. פּאסאַ־זשירען האָבען געמוזט ווארטען ביז א שיף האָט אַנאָנסירט אז זי איז גרייט אָפּצופאָרען. גאנץ אָפט פלעגט א שיף קיין אָל־באַני אָדער פּראָווידענס זיך שלעפּען א גאנצע וואָך.

מער ווי נײן־צענטעל פון דער באפעלקערונג האָבען געלעבט פון פארמעריי. די מעטאָדען פון אקערען, זייען, שניידען און דרעשען זיינען געווען די פּרימיטיווסטע, ניט בעסער ווי די מע־טאָדען וואָס זיינען באנוצט געוואָרען מיט טויזענט יאָר פריער. דער אקער איז געווען א הילצערנער און איז געשלעפּט געוואָרן מיט אָקסען. געשניטען די תבואה האָט דער פארמער מיט א סערפּ, געדראָשען מיט „מלייצעס" אָדער שטעקענס, אָדער זיינע אָקסען און פערד פלעגען עס „אויסטרעטען". די ערד האָט ער קיינמאָל ניט באַמיסטיגט. די פעלדער פלעגען שנעל פארלירען

זייער פּרוכטבאַרקייט. דער פּאַרמער איז געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזען די אויסגעצערטע שטיק ערד און גיין זוכען נייע פעל־דער. א רייזענדער האָט געמאכט די פאָלגענדע באַמערקונג: „לאַנדווירטשאַפט אין אַמעריקא באַשטעהט ניט אין באַארבייטען די ערד נאָר אין דערמאָרדען די ערד". ניט בעסער האָט דער פאַרמער באַהאַנדעלט זיין פי. די חזירים האָט ער געלאָזען ארומלויפען פריי, קיינער האָט אויף זיי ניט אכטונג געגעבען. די בהמות פלעגען זיך פיטערען אָן פאַסטוכער. האָבען זיי גע־פונען וואָס צו עסען איז געווען גוט, אויב ניט זיינען זיי ארומ־געגאַנגען הונגעריג. אין שטאַל פלעגט מען זיי אריינטרייבען נאָר אין די גאָר קאַלטע ווינטער טעג. די איבעריגע צייט פלע־גען זיי זיין אין דרויסען.

א רייזענדער, וועלכער איז אין 1808 דורכגעפאָרען די ניו־ענגלאַנד שטאַטען האָט וועגען זיי איבערגעגעבען אזא באַריכט: „איך האָב פון דעם „יענקי" פריער א סך מער געהאַלטען. די שולען (מיט אייניגע אויסנאַמען) זיינען פאַרלאָזענע און האַלב איינגעפאַלענע די פעלדער זיינען באַדעקט מיט שטיינער, די סעדער זיינען צרה'דיגע, אויף א שטרעקע פון צוואַנציג מייל גע־פינט מען קוים איין פעלד וואָס איז פאַרזייט. די קרעטשמעס אונטערוועגנס זיינען שמוציג און געפּאַקט מיט בטלנים, וואָס זיצען און האַמפּערען זיך איבער פּאָליטיק און איבער געריכט־פּראָצעסען. די מענשען זיינען באַרייסער, פוילענצער און שווינד־לער".

וועגען דער דאָזיגער שילדערונג באַמערקט העגרי עדעמס, אַז זי איז איבערטריבען, אָבער ער גיט צו אַז אין געוויסע גע־גענדען אין די ניו ענגלאַנד שטאַטען זיינען די אומשטענדען גע־ווען אַזוי ווי דער רייזענדער האָט באַשריבען.

די ווענט פון די הייזער זיינען געווען דינע און גאָרניט צו־געפּאַסט פאַר די קאַלטע, שטורמ'דיגע ווינטערען פון יענעם גע־גענד. די קירכעס האָט מען קיינמאָל ניט געהייצט. די קליי־דער זיינען געווען שלעכטע. פון סאַניטאַרע מעטאָדען האָט מען קיין באַגריף ניט געהאַט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז עס

פלעגען פארקומען אפטע מגפות פון פארשידענע קראנקהייטען, איבערהויפט האבען געבושעוועט די שרעקליכע חלאת'ן שווינד־זוכט, טיפוס, סקארלאטין, דיפטעריע און רומאטיזם. דאס איז געווען די לאגע אין ניו ענגלאנד, וועלכע איז פאררעכענט גע־ווען אלס דער ציוויליזירטסטער טייל פון די פאראייניגטע שטא־טען. מען קען זיך שוין אלזא פארשטעלען ווי עס איז געווען אין די אנדערע טיילען, איבערהויפט אין דער סאוט, וועלכע איז געווען פרימיטיוו אין פארגלייך מיט ניו ענגלאנד.

נאך פארמעריי איז די הויפט באשעפטיגונג פון פאלק געווען האנדעל. אמעריקא האט נאך פאר דער רעוואלוציע געפירט א באדייטענדען האנדעל מיט אייראפא און די וועסט אינדיס. די רעוואלוציע האט דעם האנדעל פיל געשטערט. נאך דער רעווא־לוציע האבען זיך אנגעהויבען די מלחמות אין אייראפא און ווי עס איז שוין דערציילט געווארען אין די פריערדיגע קאפיטלען, האבען די היגע סוחרים געהאט צרות פון אלע זייטען. דאך זיינען דער עקספארט און אימפארט שטארק געוואקסען. די אמע־ריקאנער שיפען האבען געפירט קיין אייראפא ניט בלויז אמערי־קאנישע סחורות נאר אויך די סחורות פון די וועסט אינדיס. אין יאר 1793 האבען די אמעריקאנער שיפען ארויסגעפירט פון אמעריקא פראדוקטען אין באטרעף פון 24 מיליאן דאלאר, און פון אויסלענדישע האפענס (פאר אנדערע אויסלענדישע הא־פענס) א באטרעף פון צוויי מיליאן דאלאר; אין 1801 האבען שוין די שיפען ארויסגעפירט פון די אמעריקאנער האפענס פרא־דוקטען אויף איבער 49 מיליאן דאלאר, און פון פרעמדע האפענס — אויף איבער 46 מיליאן. דער עקספארט פון די פרעמדע הא־פענס איז אנגעפירט געווארען אויף פאלגענדען אופן: פריער פלעגט די אמעריקאנער שיף ברענגען די סחורה אהער, אין א היגען האפען, און דערנאך זי אוועקפירען קיין אייראפא. דער האנדעל האט געבראכט ריזיגע פראפיטען פאר די היגע סוחרים. ניו יארק האט ארייגעקראגען דעם האנדעל אין אירע הענט. זי האט שנעל איבערגעיאגט אירע צוויי קאנקורענטען, באסטאן און פילאדעלפיא. באסטאן האט זי איבערגעיאגט ווייל ניו יארק

ליגט געהענגטער צו די וועסט אינדיס; און פילאַדעלפיא האָט זי איבערגעיאָגט ווייל דער ניו יאָרקער האַפען איז אַ בעסערער. צו פילאַדעלפיא מוז די שיף צופאָרען דורך אַ טייך, אָבער דער ניו יאָרקער האַפען ליגט האַרט ביים ים. אין 1801 איז שוין ניו יאָרק געווען דער וויכטיגסטער האַפען אין אַמעריקאַ און איז עס פאַרבליבען ביז היינטיגען טאָג.

אין 1801 האָט אַמעריקאַ אַרויסגעשיקט קיין אויסלאַנד מער סחורות ווי זי האָט אַריינגעפירט פון אויסלאַנד. אַמעריקאַ האָט קיין אויסלאַנד פאַרקויפט פאַרם און וואַלד פּראָדוקטען: ווייץ, בוימוואָל, טאַבאַק, פיש, געהילץ, פוטערוואַרג, פעל און אינדיגאָ. פון אויסלאַנד האָט זי אַריינגעפירט צוקער, טיי און פאַבריצירטע סחורות.

אין פאַבריקאַציע איז אַמעריקאַ נאָך געווען הינטערשטעליג. אין די לעצטע עטליכע צענדליג יאָר פון 18טען יאָרהונדערט איז אין ענגלאַנד פאָרגעקומען די „אינדוסטריעלע רעוואָלוציע". עס זיינען דאָרט געמאַכט געוואָרען אַ גאַנצע רייע וויכטיגע ערפינ־דונגען, מאַשינען צו שפּינען און וועבען, דאַמפ־מאַשינען און אַזוי ווייטער. מיט יענע ערפינדונגען הויבט זיך אָן די מאָדערנע עפּאָכע פון אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג. מאַשינען האָבען אָנגע־הויבען צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון מענשליכע הענט. צוליב די מאַשינען האָט מען געמוזט אָרגאַניזירען פאַבריקען. אַנשטאָט דעם וואָס פריער פלעגט אַרבייט געמאַכט ווערען אין די היימען, האָט מען איצט אָנגעהויבען צו אַרבייטען אין די פאַבריקען. די געצייג פלעגט פריער באַלאַנגען צו די אַרבייטער; איצט האָבען זיי געהערט צו די באַלעבאַטים. פריער פלעגט יעדערער וואָס האָט פאַבריצירט סחורה אַליין זיין סחורה פאַרקויפען. איצט האָט די סחורה געהערט צום באַלעבאָס פון פאַבריק; עס האָט זיך אַנטוויקעלט די סיסטעם פון לוין־אַרבייט. עס האָט זיך געגנר־מען אַנטוויקלען דער קלאַס פון פּראָלעטאַריער פון איין זייט און דער קלאַס פון קאַפּיטאַליסטען פון דער צווייטער זייט. אין אָנפאַנג פון 9טען יאָרהונדערט איז שוין די אינדוסטריעלע רע־וואָלוציע אין ענגלאַנד געווען ווייט אַוועק. ענגלאַנד האָט שוין

פראדוצירט סחורה פאר אויסלענדישע מערק אויף א גרויסען מאסשטאב.

אין אמעריקא האט עס אבער נאך געהאלטען זייער ווייט פון אן אינדוסטריעלער רעוואלוציע. ענגלאנד האט שטענדיג פארבאטען ארויסצופירען אין אן אנדער לאנד די מאדעלען אדער פלענער פון אירע מאשינען. זי האט אויך ניט ערלויבט די מעכאניקער, וואס האבען געוואוסט דעם אויפבוי פון די מאשינען, ארויסצופארען פון לאנד. אין אמעריקא איז די אינדוסטריע נאך געווען אין דער „היימישער סטאדיע". אט איז א שילדערונג פון א שטעטעל אין מאסאטשוזעטס וואס גיט א באגריף פון דעם אינדוסטריעלען צושטאנד אין יענער צייט:

„אין שטעטעל נארט ברוקפילד האבען געוואוינט ארום טויזענט מענשען. כמעט אלע האבען זיך אפגעגעבען מיט לאנדווירטשאפט. אפילו די געציילטע מעכאניקער זיינען אויך געווען פארמער. צווישען אט די האלבע מעכאניקער און האלבע פארמער זיינען געווען: א שמיד, א טשוועק־מאכער, א מעכאניקער פון ביקסען, א רעדער־מאכער, א סטאליער, א באנדער, א שוסטער, א בעזעם־מאכער און א שניידער. די שוסטער האבען געהאט זייערע ווארשטאטען אין די קיכען. זיי פלעגען אויך ארומגיין צווישען די פארמער, טראגען מיט זיך זייער געצייג, זיך אפשטעלען אין א הויז אויף א וואך אדער עטליכע טעג און דארטען נייען נייע אדער פאררירכטען די אלטע שיך פאר דער גאנצער פאמיליע. דער רעדער־מאכער פלעג פאבריצירען די רעדער און די אקסען. די איבעריגע טיילען פון דעם וואגען פלעגט דער פארמער אליין מאכען. דער סטאליער האט געהאט ווייניג ארבייט ווייל יעדער פארמער האט געקאנט אליין לייגען שינדלען אויף זיין דאך און טאן אנדערע סטאליארישע ארבייטען ארום הויז. שפינען און וועבען פלעגט יעדע פארמער־פאמיליע אליין פאר זיך, וויפיל זי פלעגט דארפען. יעדער פארמער האט געהאט א קלענערע אדער גרעסערע וועב־שטול. זייף פלעגט אויך יעדער פארמער אליין מאכען".

קליינע פאַבריקלאַך זיינען יע געווען אין איינינע פּלעצער, אויב מען קען זיי אָנרופען מיט אזא נאָמען. אזא פאַבריקעל פּלעגט באשטיין פון דריי מענשען: דער באַלעבאָס, דער מעכאַניקער און דער לערענ־אינגעל. אלע דריי פּלעגען ארביי־טען צוזאמען.

אין די שטאַטען פון דער סאוט האָבען די נעגער געטאָן די אינדוסטריעלע ארבייט. יעדע גרויסע פּלאַנטאַציע האָט גע־האַט א מיל צו מאָלען מעל, א קוזשנע, א סטאָלארניע און א וועבעריי. יעדע גרויסע פּלאַנטאַציע איז געווען א פאָלשטענ־דיגע געזעלשאַפט פאַר זיך, האָט זיך אליין באַזאָרגט מיט אלע נויטיגע זאכען. די קלענערע פּלאַנטאַציעס האָבען ניט געהאַט די אלע איינריכטונגען, אָבער זיי האָבען אויך א סך נויטיגע זאכען אליין געמאַכט.

צוויי גרויסע געשעהענישען אין דעם אינדוסטריעלען לעבען פון אמעריקא זיינען יע פאָרגעקומען אין די נײַנציגער יאָרען פון 18טען יאָרהונדערט. עס איז דאַן געמאַכט געוואָרען איינע פון די וויכטיגסטע ערפינדונגען פאַר דער טעקסטיל אינדוסטריע און עס איז געלייגט געוואָרען דער פונדאַמענט פאַר דער פאַבריק אָדער פעקטאָרי־סיסטעם.

די ערפינדונג הייסט „דהי קאטאָן דזשין“ („דזשין“ — א פארקירצונג פון דעם וואָרט „אינדזשין“). דער ערפינדער איז געווען א לערער מיט'ן נאָמען אילאַי וויטני. די ערפינדונג האָט געגעבען א געוואלדיגען שטויס פאָרווערטס דער קאטאָן אינדוס־טריע אין אמעריקע און דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין ענגלאנד. די ערפינדונג באשטייט פון א מאשין ארויסצוציען די בוימוואָל פון דער פלאַנץ אין וועלכער זי וואקסט. פריער פּלעגט מען עס מוזען טאָן מיט די הענט. דאָס איז געווען א לאַנגע און א שווע־רע ארבייט און דערפאַר איז די בוימוואָל געווען זייער טייער. די מאשין וואָס וויטני האָט ערפונדען האָט געקענט אָפּריי־ניגען די בוימוואָל פון דער פלאַנץ דריי הונדערט מאָל אזוי שנעל ווי אן ארבייטער האָט עס געקאָנט טאָן מיט די הענט. די טעקס־טיל־פאַבריקען אין ענגלאנד האָבען זיך שטענדיג גענויטיגט אין

בוימוואָל אָבער זיי האָבען עס ניט געקענט באקומען. צוליב די שווערע ארבייט פון רייניגען די בוימוואָל האָט זיך די היגע פארמער ניט געלוינט צו פלאַנצען א סך בוימוואָל. די מאַשין



אילאי וויטני

האָט אָבער אָנגעמאכט א רעוואָלוציע. די פארמערס אין דער סאוט האָבען זיך איצט אַ כאַפּ געטאָן צו זייען בוימוואָל. דער באָדען און דער קלימאַט אין דער סאַוט זיינען ווי געוואונשען

פאר דעם פראדוקט. וועהיטני׳ס ערפינדונג האט אין פארלויף פון א קורצער צייט געמאכט „קאטאן פאר׳ן קעניג" אין אמעריקא. די אינדוסטריע איז מיט אמאל געווארען די וויכטיגסטע אין לאנד.

אין איין פרט האט די ערפינדונג געהאט א שלעכטע ווירקונג. די פארמער אין דער סאוט האבען זיך גענומען נויטיגען אין ביליגע, שווערע ארבייטער פאר די גרויסע קאטאן־פעלדער. דער נעגער שקלאף איז פאר זיי איצט געווארען א סך וויכטיגער, א סך ווערטפולער ווי פריער. נאך וועהיטני׳ס ערפינדונג איז די נעגער־שקלאפעריי געווארען אין דער סאוט הונדערט מאל שטארקער איינגעווארצעלט ווי פריער.

דער ערפינדער וועהיטני האט געקראגען די באלוינונג וואס ערפינדער און אנטדעקער באקומען געוויינליך. זיין לעבענסגעשיכטע איז געווען א טראגעדיע. ער איז געבארען געווארען ביי א פארמעגליכען פארמער אין מאסאטשוזעטס אין 1765. פון קינדוויז אן האט ער ארויסגעוויזען מערקווירדיגע פייאיגקייטען מיט געצייג. צו צוועלף יאר האט ער אליין געמאכט א פידעל און איז באוואוסט געווארען אין גאנצען געגענד אלס א בחור׳ל וואס קען פארריכטען פידלען. צו זעכצען יאר האט ער פאברירט טשוועקעס פאר די פארמער אין דער נאכבארשאפט. שפעטער האט ער פאבריצירט שפילקעס פרויען־היט און שטעקענס פאר מענער. צו פיר־און־צוואנציג יאר איז ער אוועק שטודירען אין יעיל קאלעדזש. ווען ער האט געענדיגט האט ער אנגענומען א שטעלע אלס לערער ביי א רייכען פארמער אין דזשארדזשיא סטייט.

דארט האט ער זיך צום ערשטען מאל באקענט מיט דער בוימוואל־פלאנץ. ער האט געזען ווי שווער עס קומט אן ארויסצונעמען די בוימוואל פון די קערענדלאך. און ער האט גענומען טראכטען וועגען א מאשין צו מאכען לייכטער די ארבייט. א פריינד האט אים אויסגעבארגט געלט צו קויפען די נויטיגע מאטעריאלען און געצייג כדי צו קענען אנגיין מיט דער ארבייט. נאך איידער ער איז פארטיג געווארען האט זיך די נייעס פאר־

שפרייט צווישען די ארומיגע פארמער. עס איז געווארען א געלאף אנצוקוקען די מאשין. איינמאל, אין א פינסטערער נאכט האט א באנדע זיך איינגעבראכען אין וויטני'ס הויז און האט ארויסגענומען די האלב פארטיגע מאשין. וויטני איז דאן אנטלאפען פון דער סאוט און האט זיין ערפינדונג געענדיגט אין קאנעקטיקוט סטייט. אנדערע האבען אבער די מאשין נאכגעמאכט. עטליכע שטאטען האבען ביי אים דעם פאטענט געקויפט. ער האט געקראגען פופציג טויזענט דאלאר פון סאוט קאראליינא. אנדערע שטאטען האבען אבער ביי אים אויך די מאשין גענומען, אים צוגעזאגט געלט און דערנאך זיך אנטזאגט צו באצאלען. ער האט מיט זיי פארפירט פראצעסען, וועלכע האבען זיך געשלעפט יארען לאנג. צולעצט האט ער פארלארען זיין געלט און זיין געזונט, און איז געשטארבען א פאראימטער און אן אנטוישטער. די ערפינדונג האט ער געמאכט אין יאר 1793.

די ערשטע טעקסטיל פאבריק אין אמעריקא איז געגרינדעט געווארען אין פאטאקעט, ראוד איילאנד, אין 1790. די מאשינען פאר דער פאבריק האט געבראכט אן ענגלישער אימיגראנט מיט'ן נאמען סעמיועל סלייטער, וועלכער טראגט ביז היינטיגען טאג דעם טיטעל „דער פאטער פון דער אמעריקאנער פאבריק". סלייטער האט אין ענגלאנד געארבייט צוזאמען מיט די ערפינדער פון די וועב-מאשינען. אין 1789 האט ער זיך דערוואוסט, אז אין אמעריקא איז דא א גרופע מענשען, וואס באטען אן א היבשע סומע געלט צו דעם יעניגען, וואס וועט ערפינדען א מאשין צו שפינען פעדים, איז ער אוועקגעפארען קיין אמעריקא צו קריגען די באלוינונג. ער האט די מאשין ניט געדארפט אליין ערפינדען, ווייל זי איז שוין ערפונדען געווארען אין ענגלאנד, און ער איז מיט איר גוט באקאנט געוועזן.

סלייטער האט זיך דא פארבונדען מיט א גרופע, וואס האט געזוכט אויפצובויען א טעקסטיל פאבריק אין פאטאקעט, ראוד איילאנד. ער האט דארט פון זכרון אויפגעשטעלט דיזעלבע מאשין וואס מען האט געברויכט אין ענגלאנד (ארויסצופירען מאדעלען פון ענגלאנד איז, ווי שוין געזאגט, געווען פארבאטען) און מיט

אַט דער פאַבריק אין פאַטאַקעט ווערט אין אַמעריקאַ געגרינדעט די פאַבריק אָדער פעקטאָרי־סיסטעם.

---

אין אָנהויב פון 19טען יאָרהונדערט זיינען די אַמעריקאַנער געוועזן הינטערשטעליג אין בילדונג און אין קולטור, כאָטש מאַ־



סעמיועל סלעיטער

טעריעל זיינען די גרויסע מאַסען געוועזן אין אַ בעסערער לאַגע ווי די גרויסע מאַסען אין אייראָפּאַ. די אַרבייטער האָבען דאָ גע־לעבט בעסער. די צרה איז נאָר געוועזן וואָס מען האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי צו לעבען. אַט, צום ביישפּיל, די פראַגע פון עסען. דעם אַמעריקאַנער האָט ניט געפעלט קיין שפּייז. ער האָט אָבער ניט געוואוסט, וועלכע עסענוואַרג עס איז גוט פאַר'ן געזונט און וועלכע

איז שלעכט. ער פלעגט עסען געזאלצענע חזיר־פלייש דריי מאל א טאג. ער פלעגט טרינקען שטארקע טיי. די ברויט פלעגט זיין האלב רוי. און אלץ פלעגט געפרעגעלט ווערען אין א סך פעטס און פוטער. גרינס און פרוכט פלעגט ער גארניט עסען. ער פלעגט זעהר פיל טרינקען שטארקע געטראנקען, אפילו קינדער פון צוועלף יאר פלעגען זיין באזוכער אין די שיינקען. געוויינליך פלעגט זיך יעדער דערוואקסענער אנ'שכור'ן יעדען טאג. די ערשטע „פראהיבישאן"־באוועגונג האט זיך אנגעהויבען טאקע אין יענע יארען, און איז אנטשטאנען לכתחילה דערפאר, וואס די גלחים פלעגען קומען אין קירכע שכור'ע.

דער היסטאריקער הענרי עדעמס שרייבט: „דער דורכשניטליכער אמעריקאנער פארמער האט זיך געהאדעוועט אויף געזאלצענע חזיר־פלייש, קאקארוזע און קארן. דער רעזולטאט פון דער דיעטע איז געווען א פאלק פון שלעכטע מאגענס. פון דיספעפטיקער".

קיין ליטעראטור און קונסט האט נאך אמעריקא ביז דעמאלט כמעט גארניט געשאפען. אין ניו־ענגלאנד זיינען געווען קינדער־שולען, אבער זיי זיינען געווען פארנאכלעסיגט, אין שלעכטע געביידעס, מיט שלעכטע לערער. ווייניג קינדער פלעגען די שולען באזוכען. אין די סאוט זיינען כמעט גאר קיין שולען ניט געווען. בלויז די רייכערע פלאנטאטארס פלעגען לערנען די קינדער מיט פריוואטע לערער. עס זיינען געווען א היבשע צאל קאלעדזשעס, אבער קיין סך סטודענטען האבען זיי ניט געהאט. דער וויכטיגסטער אוניווערזיטעט, הארווארד, פלעגט ארויסלאזען ווייניגער ווי פערציג סטודענטען א יאר; יעיל — ארום דרייסיג און קאלאמביא — ארום צוואנציג. אין 1783 האט הארווארד געגרינדעט א מעדיצינישען פאקולטעט, דעם ערשטען אין אמעריקא. דורכשניטליך פלעגען דארט ענדיגען צוויי דאקטוירים א יאר. די קאלעדזשעס זיינען נאך דעמאלט געשטאנען אונטער דער השפעה פון דער קירכע. א גרויסע צאל פון די סטודענטען האבען שטודירט פאר גלחים.

די בעסטע פראפעסיע, אין מאטעריעלען זין, איז געווען

אדוואָקאטור. די גאָר גוטע אדוואָקאטען פלעגען פארדינען ביז צען טויזענט דאָלאר א יאָר. א גלח פלעגט פארדינען דורכשניטליך טויזענט דאָלאר א יאָר. רעגירונגס־אָנגעשטעלטע פלעגען קריגען פון פינף הונדערט ביז אכט הונדערט דאָלאר א יאָר. א פארמער פלעגט האָבען א הכנסה פון פינף הונדערט דאָלאר א יאָר.

וועגען דער לאַגע פון די ארבייטער אין יענער צייט שרייבט מעקמעסטער דאָס פאָלגענדע: „אין די גרויסע שטעדט פלעגען די ניט־קוואליפיצירטע ארבייטער ארבייטען פון טאָג. זיי פלעגען אליין קויפען עסען פאר זיך און זיך דינגען א נאכטלעגער אויף אייגענע קאָסטען. אין דאָרף אָבער, אָדער דאָרט וואו גרופעס ארבייטער פלעגען באַשעפטיגט ווערען אויף א געזעלשאפטליכער אונטערנעמונג, פלעגט דער פארמער אָדער אונטערנעמער זיי באַזאָרגען מיט שפייז און געלעגער. די ארבייטער וואָס זיינען געווען באַשעפטיגט ביים גראָבען די קאנאלען אין פענסילווייניא, האָבען געקראָגען די גרעבסטע שפייז און פלעגען נעכטיגען אין די ערגסטע ביידלאך. אלס לוין האָבען זיי באַקומען זעקס דאָלאר א חודש פון מאַי ביז נאָוועמבער און פינף דאָלאר א חודש פון נאָוועמבער ביז מאַי. ציגעל־טרעגער, וואַסער־מישער, ערד־גרעבער, וועלכע האָבען, פון 1793 ביז 1800, געארבייט ביים בויען רעגירונגס־געביידען און דורכשניידען די גאַסען אין וואַשינגטאָן, האָבען באַקומען 70 דאָלאר א יאָר. די ארבייטס־שטונדען זיינען געווען איבעראל פון זונען אויפגאַנג ביז זונען אונטערגאַנג. אין אלבאַני און אין ניו יאָרק איז דער לוין פון די ארבייטער געווען 40 סענט א טאָג; אין לאַנקעסטער — פון אכט ביז צעהן דאָלאר א חודש; אין אנדערע טיילען פון פענסילווייניא האָבען די ארבייטער זיך געמוזט באַנוגענען מיט זעקס דאָלאר א חודש זומער, און פינף דאָלאר א חודש ווינטער (זומער איז דער ארבייטס־טאָג געווען א לענגערער). אין באַלטימאָר זיינען ארבייטער געווען צופרידען ווען מען האָט זיי געצאָלט 36 סענט א טאָג. פאר א מאָנאט ארבייט האָט קיינער מער ווי 6 דאָלאר ניט פארלאַנגט. אין פרעדעריקסבורג איז דער לוין פאר א מאָנאט ארבייט געווען פון פינף ביז זיבען דאָלאר. אין ווירדזשיניא האָבען ווייסע ארבייטער געקראָגען ארום 53 דאָלאר

א יאָר. ווען עמיצער האָט דאָרט געדונגען א שווארצען שקלאַף, האָט ער געצאָלט דעם באַלעבאָס פון שקלאַף פינף דאָלאַר א מאָנאַט. דער דורכשניטליכער לוין איבער'ן לאַנד איז אַלזאָ געווען 65 דאָלאַר א יאָר מיט עסען און אמאָל אויך מיט געלעגער. מיט אָט דער קליינער סומע האָט דער ארבייטער געדאַרפט מפרנס זיין א פאמיליע".

„די מאַטראָזען אויף די שיפען האָבען באַקומען צען דאָלאַר א חודש. איינמאָל האָבען א צאָל מאַטראָזען אין ניו יאָרקער האַפען זיך צונויפגערעדט און באַשלאָסען צו סטרייקען פאַר פערצען דאָלאַר א חודש. זיי האָבען מאַרשירט איבער די גאַסען פון שטאָדט און געצוואונגען די אַנדערע מאַטראָזען זיך אַנצושליסען אָן זיי. באַלד אָבער האָבען די פּאָליציי־לייט זיי גענומען טרייבען און יאָגען. דער פירער פון די סטרייקערס איז אַרעסטירט געוואָרען און איינגעשפּאַרט געוואָרען אין טורמע".

אין אַן אַנדער פּלאַץ שרייבט מעקמעסטער אזוי: „דער מאַן וואָס האָט געטאָן די שווארצע ארבייט, דער וואָס האָט געהאַקט די האָלץ, געגראָבען די קאַנאַלען, פאַרריכט די שאָסייען, געטראָגען ברעטער פאַר'ן סטאָליאַר און ציגעל פאַר דעם מוליער, דער וואָס האָט געהאָלפען שניידען די היי אין שניט־צייט, האָט פאַר א טאָג פּראַצע באַקומען צוויי שילינג. צייטענווייז פלעגט זיין א דוחק אין ארבייטער, פלעגט ער באַקומען מער. ער פלעגט סוף וואָך ברענגען אַהיים גאַנצע פופצען שילינג — א סומע, וואָס באַטרעפט א סך ווייניגער ווי איצטער פיר דאָלאַר. דער ארבייטער האָט געמוזט זיין שטרענג עקאָנאָמיש מיט זיינע סענטען צו קענען דער־ציען זיינע קינדער. די זין פלעגען זיך פאַרדינגען אלס לערן־אינגלאַך אויסצולערנען זיך דעם טאַטענ'ס מלאכה, די טעכטער פלעגען אַוועקגיין פאַר דינסטען. דער געהאַלט פון א דינסט איז געווען פערציג דאָלאַר א יאָר".

דער דחקות אין דאָקטוירים, די הינטערשטעליגקייט אין היגיעניע, די שלעכטע שפּייזען, די אומריינקייט אין די הייזער און אין די גאַסען, האָבען זיך אָפּגערופען אויף דעם געזונט פון דער באַפעלקערונג. קינדער פלעגען פאַלען ווי די פליגען. אין יאָר

1804 איז אַ העלפט פון אַלע געשטאָרבענע אין ניו יאָרק און פילאַדעלפיא געווען קינדער אונטער צען יאָר. אין די שטעדט פלעגן אָפט אויסברעכען מגפות פון געלען פיבער און שוואַרצע פּאָקען. אין באָסטאָן זיינען אַ פערטעל פון אַלע געשטאָרבענע געשטאָרבען פון שווינדזוכט.

עפּידעמיעס פון געלען פיבער פלעגן אין די גרויסע שטעדט אויסברעכען אַלע עטליכע יאָר. די מיטלען, וואָס די דאָקטוירים האָבען אָנגעווענדט צו היילען די קרענק, זיינען געווען די גוט־באַקאַנטע פּרימיטיווע רפואות. די הויפּט רפואה איז דעמאָלט געווען — „שלאָגען אַן אָדער", אָפּצאַפּען בלוט פון קראַנקען. דאָס האָט דעם קראַנקען אָפּגעשוואַכט, אָפּגעצערט און אוועקגענומען ביי אים די כחות די קראַנקהייט אויסצוהאַלטען. פון די וואָס זיינען געטראָפען געוואָרען פון דער מגפה, איז בלויז איינער פון זעקס אַרויס אַ לעבעדיגער.

אַזוי שנעל ווי די מגפה פלעגט זיך באַווייזען אין אַ שטאָדט, פלעגט דער עולם אָנהויבען אַנטלויפען פון דאָרט. יעדער וואָס האָט נאָר געהאַט די מעגליכקייט, פלעגט איינפּאַקען זיינע זאַכען אויף אַ וואָגען, אַרויפזעצען ווייב און קינד און אוועקפאָרען ערגעץ אין אַ דאָרף, אויף אַ פאַרם. די שטאָדט פלעגט אינגאַנצען פאַראַליזירט ווערען. מענשען האָבען מורא געהאַט צו גיין אין גאַס, אַריינצוגיין אין אַ געשעפט עפּעס קויפען. יעדער האָט מורא געהאַט אָנצורירען די האַנט אָדער דעם בגד פון אַ צווייטען, טאָמער איז יענער אָנגעשטעקט. ווען איינער איז אַרויס אין גאַס, האָט ער אויסגעמידען צו גיין אויפ'ן טראָטואַר. ער פלעגט גיין אין מיטען גאַס. ווען ער פלעגט פון דערווייטענס דערזען ווי אַ פיר פּאָרט, פלעגט ער אַנטלויפען און זיך באַהאַלטען אין אַ זייטיגען געסעל. ער פלעגט אַרומגיין זעקס גאַסען כדי ניט פאַרבייצוגיין אַ הויז, אין וועלכער עס איז מיט אַ וואָך פריער געשטאָרבען אַ מענש פון דער מגפה. אַריינגיין אין אַ קראָם עפּעס קויפען פלעגט ער בלויז דעמאָלט ווען קיינער איז דאָרט ניט געווען. ער פלעגט שנעל אַריינלויפען, אַ וואָרף טאָן זיין געלט אויפ'ן טיש, אַ כאַפּ טאָן זיין פּעקעל און פליען צוריק אַהיים.

אָט ווי אזוי מעקמעסטער שילדערט די מגפה אין פילאדעלפיא אין יאָר 1798:

„די מגפה האָט אויסגעבראָכען אין מאָנאט אויגוסט. דריי און פופציג מענשען זיינען געשטאָרבען די ערשטע וואָך. אויף דער באפעלקערונג איז אָנגעפאלען א מורא. מענשען האָבען פאר־שלאָסען זייערע היימען און גענומען לויפען. פון איין „סקווער" זיינען אוועק 140 פערזאָן. אויף דעם בית־עולם זיינען די קברנים געווען פארנומען טאָג און נאכט. פאר יעדען טויטען א באזונדער קבר גראָבען איז געווען אוממעגליך. האָט מען אויסגעגראָבען א גרויסע גרוב און אריינגעוואָרפען אלע קערפער. מען האָט געפונען טויטע קערפער זיך וואלגערענדיג אין די גאסען. יעדע ארבייט האָט זיך אָפגעשטעלט, אלע קראָמען האָבען זיך פארמאכט. די ליידען פון די ארבייטער זיינען געווען שרעקליך. עס איז ניט געווען וואו א גראָשען צו פארדינען. קיין איין בעקער איז ניט פארבליבען אין שטאָדט. די צדקה אנשטאלטען האָבען אויפ־געשטעלט ביידלאך און פלאטקעס אויף יענער זייט פון סקיילקיל טייך, ביי וועלכען עס שטייט די שטאָדט, און באלד זיינען דאָרט געווען פארזאמעלט צוועלף הונדערט אויסגעהונגערטע מענער, פרויען און קינדער. אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג. מען האָט ארויסגעלאָזען א רוף נאָך הילף. די רייכע וואָס זיינען אנטלאָפען אין ווייטע שטעדטלאך און דערפער האָבען זיך אָפגערופען. עס איז אָנגעקומען הילף פון ניו דזשוירזי, פון באלטימאָר. פיר־פינפטעל פון דער באפעלקערונג זיינען אנטלאָפען פון פילאדעלפיא. די רעגירונג האָט צוגעשלאָסען אירע אָפיסעס. דער האפען האָט זיך פארמאכט, קיין שיפען זיינען ניט אריינגעפאָרען. דריי צייטונגען האָבען אויפגעהערט צו ערשיינען. א פערטע צייטונג האָט געשניטען איר געוויינלאכע גרויס אויף א העלפט.

„גנבים און רויבער האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט. זיי פלעגען זיך איינברעכען אין די פארשלאָסענע הייזער, ארויסטראָגען פון דאָרטען אלץ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט טראָגען. זיי האָבען בארויבט די באנק. ערשט אין מאָנאט נאָוועמבער האָט זיך די מגפה איינגעשטילט און דער עולם האָט אָנגעהויבען צוריק־קומען אין שטאָדט אריין".

קאפיטעל 21.

# טאָמאַס דזשעפערסאָן

טאָמאַס דזשעפערסאָן, דער פאָרקעמפער פון דעמאָקראַטיע, האָט אַליין געהערט צו דער העכסטער אַריסטאָקראַטיע אין דער אַמעריקאַ פון 18טען יאָרהונדערט, צו די גרויסע לאַנד־באַזיצער פון דער סאָוט. זיין פאָטער האָט געשטאַמט פון אַ „פּראָסטער" משפּחה, פון איינפאַכע פאַרמער; ער איז אָבער געווען אַ מענש מיט אויסערגעוויינליכע פייאיגקייטען און ענערגיע און ער האָט זיך געשאַפען אַ היבשען פאַרמעגען, אַ גרויסע פּלאַנטאַציע אין וועסטליכען טייל פון ווירדזשיניאַ. אַ דאַנק זיין ערפאָלג איז אים געלונגען זיך משדך צו זיין מיט דער סאַמע סמעטענע פון דער ווירדזשיניער אַריסטאָקראַטיע. ער האָט געהייראַט אַ טאָכטער פון דער ראַנדאָלף פאַמיליע. פון פאָטער'ס צד איז דזשעפערסאָן אַלזאָ געווען דער זון פון אַן אויפגעקומענעם גביר, פון דער מוטער'ס צד איז ער געווען דער זון פון דורכגעקנאָטענע אַריסטאָקראַטען.

ווען טאָמאַס איז אַלט געווען 14 יאָר, איז זיין פאָטער געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג אים אַ ירושה פון 1,900 אַקער לאַנד און דרייסיג נעגער שקלאַפען. דער יונגער בחור'ל איז איצט אינגאַנצען אַריבערגעגאַנגען צו דער ראַנדאָלף־פאַמיליע. מיט עטליכע יאָר שפּעטער איז ער אַריינגעטראָטען אין דעם אַריסטאָקראַטישען וויליאַם ענד מערי קאָלעדזש, וועלכער האָט זיך דאַן געפונען אין וויליאַמסבורג, די הויפּט־שטאָדט פון ווירדזשיניאַ. דאָרט איז ער געווען אַן אַריינגייער אין הויז פון דעם גאָווערנאָר און פון דער מוטער'ס פאַמיליע. נאָכדעם ווי ער האָט געענדיגט קאָלעדזש, האָט ער שטודירט אַדוואָקאַט, און צו 24 יאָר איז ער שוין געווען

אן אדוואקאט און א פארוואלטער פון א גרויסער פלאנטאציע. די פלאנטאציע האט אים אריינגעטראגען צוויי טויזענט דאלאר א יאר און זיין פראקטים—דריי טויזענט דאלאר. אין יענער צייט איז א הכנסה פון פינף טויזענט דאלאר א יאר געווען א גאנץ גרויסע. דערצו האט ער געהייראט די טאכטער פון א רייכען מאן, וועלכער איז זעכצען מאנאטען נאך דזשעפערסאנ'ס חתונה גע־



טאמאס דזשעפערסאן

שטארבען און האט איבערגעלאזען דזשעפערסאנ'ען א גרויסען פארמעגען.

צו 26 יאר איז דזשעפערסאן דערוויילט געווארען אלס מיט־גליד פון דער ווירדזשיניער אסעמבלי. דאס איז געווען אין 1769, ווען די וואלקענס פון דער אנקומענדער רעוואלוציע האבען זיך גענומען פארציען אויף דעם הימעל פון די קאלאניעס. דזשעפערסאן

האָט זיך גלייך געשטעלט אויף דער זייט פון דער לינקער פראַקציע אין דער אַסעמבלי. קיין רעדנער איז ער ניט געווען. דערפאַר אָבער איז ער געווען אַן אויסגעצייכענטער שרייבער און די אַסעמבלי האָט אים אנפארטרויט מיט פארפאַסען די דאָקומענטען, וואָס זי האָט געשיקט צו דער ענגלישער רעגירונג אַלס ענטפער אויף די גזירות פון ענגלישען פאַרלאַמענט. אין 1775 האָט ווירדזשיניאַ אים געשיקט אַלס איר פאַרטרעטער אין קאָנגרעס אין פילאדעלפיא, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרען אָנצופירען דעם געמיינשאַפט־ליכען קאַמף פון די דרייצען קאָלאָניעס געגען ענגלאַנד. דאָרט איז ער לאַנג ניט געזעסען, אומגעפער איין יאָר. אין דער קורצער צייט וואָס ער איז דאָרטען געווען, האָט ער אבער געטאָן איין זאַך, וואָס איז געווען צו פאַראייביגען זיין נאָמען אין דער אמעריקאנער געשיכטע. ער האָט פאַרפאַסט די „דעקלערײשאָן אָוו אינדעפּענ־דענס", דעם דאָקומענט, דורך וועלכען די קאָלאָניעס האָבען זיך ערקלערט אומאָפּהענגיג פון ענגלאַנד און פּראָקלאַמירט זייער געבורט אַלס אַ נייע אַמעריקאנער נאַציע.

ביז איצט איז דזשעפערסאָן אייגענטליך געגאַנגען אויפ'ן זעלבען וועג ווי פילע פון זיינע אריסטאָקראַטישע קרובים און פריינט אין ווירדזשיניאַ. פיל פון זיי זיינען אויך געווען הייסע רעוואָלוציאָנערען און האָבען צוגעשטימט צו אַלץ וואָס דזשעפער־סאָן האָט געשריבען און געטאָן. פון איצט אָבער, פון דעם טאָג וואָס דזשעפערסאָן האָט פאַרלאָזען דעם קאָנגרעס אין 1776 און איז אוועק צוריק קיין ווירדזשיניאַ, הויבט ער אָן צו גיין אויף אַן אַנדער וועג. ער קערט זיך אָפּ פון דער אַריסטאָקראַטיע און ווערט אַ דעמאָקראַט.

ער האָט זיך אָנטזאָגט צו פאַרבלייבען אין קאָנגרעס, ווייל ער האָט געפילט, אַז אין ווירדזשיניאַ, וועלכע איז איצט געוואָרען אַ שטאַט מיט אַן אייגענער אומאָפּהענגיגער רעגירונג, קען ער טאָן וויכטיגע אַרבייט פאַר דער דעמאָקראַטיע. ער איז אַהין געקומען אָפּשאַפען די אַלטע אַריסטאָקראַטישע געזעצען און איינפירען אַן אמת'ע דעמאָקראַטישע אָרדנונג.

ער איז ווידער אַריינגעטראָטען אין דער אַסעמבלי און דאָרט

גענומען אריינטראגען איין פראיעקט נאכ'ן צווייטען פאר דעמאָ־קראטישע רעפארמען. צוויי פון זיינע פראיעקטען האבען אונ־טערגעגראבען דעם פונדאמענט פון דער ווירדזשיניער לאנד אריס־טאקראטיע. לויט די אלטע געזעצען האבען די גרויסע לאנד־פלאנטאציעס געמוזט אויף אייביג פארבלייבען דאס אייגענטום פון די אריסטאקראטישע פאמיליעס. עס איז פארבאטען געווען צוצונעמען די ערד פון דער פאמיליע אפילו פאר א חוב. דאס לאנד — ווי עס איז שוין אין א פאריגען קאפיטעל געשילדערט געווארען — האט אויך ניט געטארט צוטיילט ווערען אויף קליינע חלקים. דער עלטסטער זון האט גע'ירשנ'ט די גאנצע פלאנטאציע. אט די צוויי געזעצען האט דזשעפערסאן זיך אונטערגענומען אפ־צושאפען. אין דער אסעמבלי זיינען דאן געזעסען פארטרעטער פון די רייכסטע אריסטאקראטישע פאמיליעס, און זיי האבען ביטער באקעמפט דזשעפערסאנ'ס פראיעקטען. זיי האבען ניט געקענט באגרייפען, ווי אזוי זייער אן אייגענער, איינער פון זייער משפחה, זאל ארויסטרעטען געגען זייערע הייליגסטע פרינציפען. דזשעפערסאן האט אבער זיין קאמף געפירט ביז ער האט געזיגט. פון דעמאלט אן איז דזשעפערסאן באטראכט געווארען פון די אריסטאקראטען אלס פאררעטער. א היסטאריקער שרייבט: „דער צווייטער און דריטער דור פון די אריסטאקראטען האבען געשאלטען דעם שטאטסמאן, וועלכער האט זיי אוועקגעשטעלט אויפ'ן זעלבען גראד מיט אלע מענשען אין לאנד".

דזשעפערסאנ'ס צווייטע גרויסע רעפארם איז געצילט געווען געגען דער קירכע. ער האט אריינגעטראגען א פראיעקט, אז די קירכע זאל אינגאנצען אפגעטיילט ווערען פון שטאט, אז דער שטאט זאל ניט זאמלען קיין שטייערען פאר דער קירכע, זאל זיך ניט מישען אין קיינע רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען. דאס האט שוין דזשעפערסאן אזוי לייכט ניט אויסגעפירט. די קירכע איז געווען צו מעכטיג. אבער דזשעפערסאן און זיינע נאכפאלגער האבען דעם קאמף אנגעפירט צען יאר נאכאנאנד ביז זיי האבען ענדליך געזיגט. דזשעפערסאן אליין איז אין ווירדזשיניא ניט געווען ווען דער זיג איז געקומען. אבער עס איז געווען צו פאר־

דאַנקען פאַר'ן נצחון זיין גייסט, זיין אינספּיראַציע און די מי פון זיינע תלמידים.

צווישען די אַנדערע רעפאָרמען, וואָס דזשעפערסאָן האָט דורכ־געפירט אָדער געהאָלפען דורכפירען, זיינען געווען די פאָלגענדע: צו פאַרלייכטערען, מענשליכער צו מאַכען די שטראָף פאַר פאַרברעכער; לייכטער צו מאַכען פאַר אימיגראַנטען צו ווערען בירגער; אַריבערצופירען די הויפּט־שטאָדט פון וויליאַמסבורג, וועלכע איז דאַן געווען אַ האַנדעלס צענטער. קיין ריטשמאָנד, וואָס איז דאַן געווען אַ דאָרף. דזשעפערסאָן האָט געגלויבט, אַז אין אַ שטאַט וואו עס וואוינען סוחרים און געלט־מענשען, איז דאָ אַ סכנה אַז די רעגירונג זאָל ווערען קאָרופּטירט. דזשעפערסאָן האָט אויך פיל געהאָלפען צו פאַרבעסערען די סיסטעם פון די קינדער־שולען אין ווירדזשיניא.

דזשעפערסאָן'ס שטעלונג צו דער פראַגע פון נעגער־שקלאַ־פעריי איז שוין געווען ניט אַזוי דעמאָקראַטיש און מענשליך. די דאָזיגע פראַגע איז אויך פאַרהאַנדעלט געוואָרען אין דער אַסעמב־לי פון ווירדזשיניא אין יענע יאָהרען. אין פּרינציפּ איז דזשע־פערסאָן געווען געגען נעגער־שקלאַפעריי. ער האָט וועגען דעם אָפט גערעדט און געשריבען. אָבער אין דער צייט וואָס אַ טייל פון זיינע פריינט און חברים האָבען דעם פּרינציפּ דורכגעפירט אין לעבען און אַליין זייערע שקלאַפען באַפרייט, האָט עס דזשעפער־סאָן ניט געטאָן.

דזשעפערסאָן האָט געגלויבט אַז דער נעגער שטייט נידעריי־גער אין ענטוויקלונג ווי דער ווייסער און אַז ער קען קיינמאָל דעם ווייסען ניט אָניאָגען, אַז ער וועט אייביג בלייבען נידעריגער. ער האָט אויך געגלויבט אַז די צוויי ראַסען וועלען קיינמאָל ניט קענען לעבען צוזאַמען אונטער איין רעגירונג אין איין שטאַט. זיין פּלאַן איז דערפאַר געווען אַז די רעגירונג זאָל אָפּקויפען אַלע נעגער קינדער וואָס וועלען געבוירען ווערען נאָך אַ געוויסען דאַ־טום, און ווען די דאָזיגע קינדער וועלען עלטער ווערען (מיידלאַך 18 יאָר און בחורים 21 יאָר) זאָל די רעגירונג זיי אוועקפירען ערגעץ אין אַ ווייטען אָרט און זיי דאָרטען קאָלאָניזירען, זיי פאַר־

זארגען מיט אלע נויטיגע געצייג אוןווירטשאפט און זיי געבען הילף ביז די קאלאניע וועט קענען אליין שטיין אויף די פיס.

זיין פלאן איז קיינמאל ניט ערנסט גענומען געווארען. ער האט אבער ביי א סך געלעגענהייטען פארדאמט די אינסטיטוציע פון שקלאפעריי אלס א שרעקליכען פארברעכען און געווארענט דעם אמעריקאנער פאלק אז ער וועט אמאל פאר דער זינד טייער באצאלען. איין רעפארם וועגען שקלאפעריי האט ער דאך דורכגעפירט אין דעם ווירדזשיניער אסעמבלי, צו פארבאטען דעם אריינפיר פון נעגער. דאס איז געוועזן אין 1778. ער האט זיך געטרייסט אז דאס וועט אפשטעלען די פארשפרייטונג פון שקלאפעריי און אז דאס וועט סוף כל סוף ווירקען אויפ'ן עולם ער זאל נעמען טראכטען וועגען אינגאנצען אפשאפען שקלאפעריי.

אין 1779 איז דזשעפערסאן דערוויילט געווארען אלס גאווערנאר פון ווירדזשיניא. דעם אמט האט ער געהאלטען צוויי יאר און ער האט זיך ארויסגעוויזען פאר א פולשטענדיגען דורכפאל. דאס איז געוועזן אין דער צייט ווען די ענגלישע ארמיי האט אריינגעדרונגען אין ווירדזשיניא און האט דארטען דורכגעפירט א רייע פון פאגראמען, א קאמפאניע פון טראר. די אויפגאבע פון דעם גאווערנאר איז געוועזן צו באשיצען די באפעלקערונג געגען שונא. ארגאניזירען מיליץ־ארמייען, פארזארגען זיי מיט פראוויאנט און קליידער און געווער. אויף דעם איז דזשעפערסאן ניט געוועזן קיין בריה. דאס האט געגעבען זיינע געגנער די געלעגענהייט אויף אים אנצופאלען, אים קריטיקירען און אויסלאכען. ער אליין האט זיך געפילט אנטמוטיגט און שולדיג. ווען זיין טערמין האט זיך געענדיגט האט ער זיך אנטזאגט צו לויפען ווידער פאר'ן זעלבען אמט.

דאס יאר 1782 איז געוועזן א טרויעריג יאר אין דזשעפערסאנ'ס לעבען. ער האט שרעקליך געליטען פון די פאליטישע אטאקעס און האט זיך אינגאנצען צוריקגעצויגען פון עפענטליכען לעבען. אין הויז ביי אים האט אים באגעגענט א פרישער ווייטאג. זיין פרוי איז קראנק געווארען פון א קימפעט. פינף מאנאטען האט דזשעפערסאן ביי איר קראנקען בעט פארבראכט. דאן איז

זי געשטאָרבען. דריי וואָכען נאָך איר טויט איז ער פון איר צימער ניט ארויס. דערנאָך האָט ער וואָכען לאַנג ארומגעוואַנדערט אַן איינזאַמער און אַ צובראָכענער. אין די צען יאָר וואָס ער האָט מיט זיין פרוי געלעבט איז זי כמעט קיינמאָל ניט געווען אינגאַנצען געזונט. זי האָט אין דער צייט געבוירען זעקס קינדער. פיר פון זיי זיינען געשטאָרבען עופה׳לאַך. עס ווערט דערציילט, אַז ווען זי איז געלעגען אויפ׳ן טויטען בעט, האָט זי פון אים פאַרלאַנגט אַ צוזאָג, אַז ער וועט אַ צווייטען מאָל ניט הייראַטען. ער האָט איר געגעבען זיין וואָרט און עס הייליג געהאַלטען. ער איז דעמאָלט אַלט געווען קנאַפּע 40 יאָר און איז פאַרבליבען אַן אַלמן ביז׳ן טויט. געלעבט האָט ער ביז אַ טיפען עלטער. פון די צוויי טעכטער וואָס זיינען אים געבליבען האָט בלויז איינע אים איבערגעלעבט. די אינגערע טאָכטער איז געשטאָרבען ווען ער איז געווען פּרעזידענט.

אין 1784 האָט אים דער קאָנגרעס געשיקט קיין פראַנקרייך אַלס איינעם פון דער קאָמיסיע אויסצואַרבייטען אַ האַנדעלס־אָפּמאַך. אין פראַנקרייך איז ער פאַרבליבען פינף יאָר צייט. נאָכדעם ווי די קאָמיסיע האָט איר ארבייט געענדיגט איז ער באַשטימט געוואָרען אַלס דער אַמעריקאַנישער אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרייך און ער האָט דעם אַמט געהאַלטען ביז׳ן אויסברוך פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין 1789.

די פינף יאָר אין אייראָפּא האָבען אין דזשעפערסאָנ׳ען פאַרשטאַרקט זיין שנאה צו ענגלאַנד און זיין ליבשאַפט צו פראַנקרייך. די דאָזיגע געפילען זיינען אין אים פאַרפלאַנצט געוואָרען נאָך אין אַמעריקא אַלס רעזולטאַט פון דער רעוואָלוציע. אָבער דאָס וואָס ער האָט זיך אָנגעזען און אנגעהערט אויף יענער זייט ים האָבען אים פעסטער איבערצייגט אַז זיינע באַציאונגען צו די צוויי לענדער זיינען גערעכטע. אין פראַנקרייך איז ער באַהאַנדעלט געוואָרען העפליך און פריינדליך; אין ענגלאַנד, וואוהין ער איז אָפט געפאָרען אויף דיפּלאָמאַטישע שליחות׳ן, איז ער באַהאַנדעלט געוואָרען גראָב און באַליידיגענד. אָט זיינען זיינע

איינדריקען און מיינונגען פון ענגלאַנד, וועלכע ער האָט דאָן אויסגעדריקט אין בריף צו פריינט אין אמעריקא:

„דאָס ענגלישע פאָלק האסט אונז, די מיניסטאָרען האסען אונז און דער קעניג האסט אונז מער ווי זיי אלע... איך גלויב אז זייער שנאה צו אונז איצטער איז טיפער ווי אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע... איך באַטראַכט די ענגלענדער אלס אונזערע נאַטירליכע שונאים, אלס דאָס איינציגע פאָלק אויף דער וועלט וואָס ווינשט אונז שלעכטס פון די טיפענישען פון זיין נשמה. איך בין איבערצייגט, אז ווען אונזער לאַנד וואָלט פארזונקען געוואָרען אין ים, וואָלט ענגלאַנד געפייערט א יום טוב פון איין ברעג ביז'ן צווייטען".

ער האָט געהאלטען ענגלאַנד פאראַנטוואָרטליך פאַר דעם וואָס די לענדער אין אייראָפּא האָבען זיך באַצויגען קאלט צו דער נייער רעפּובליק אין אמעריקא און פאַר דעם, וואס עס איז דער אמעריקאנער רעגירונג אָנגעקומען שווער צו קריגען הלוואות אין אייראָפּא. „די אלע לענדער זיינען געווען פריינדליך צו אונז, — שרייבט ער, — נאָר די ליגענס וואָס די ענגלישע צייטונגען דרוקען טאָג איין און טאָג אויס וועגען אונז האָט די שטימונג געענדערט. די צייטונגען קריגען וואַרשיינליך באַצאָלט פון דער רעגירונג זיי זאָלען די ליגענס פאַרעפענטליכען. עס דערשיינט ניט קיין איין אויסגאַבע אָן א פּאָרציע פאַרלוימדונגען געגען אמעריקא".

זיינע באָאַבאַכטונגען אין אייראָפּא, וואו יעדעס לאַנד איז געלעגען אונטער דעם יאָך פון א טיראַנישער רעגירונג, האָבען אויך געווירקט צו פארשטאַרקען זיין מיינונג, אז א רעגירונג אין אלגעמיין איז א צרה, און אז וואָס שוואַכער א רעגירונג איז, אלץ געזינטער איז עס פאַר'ן פאָלק. ווען ער איז געווען אין אייראָפּא זיינען אין אמעריקא פאָרגעקומען די אומרוען וועלכע האָבען דערגרייכט זייער העכסטען פונקט אין דעם „שעיס רעבעליאָן" אין מאַסאַטשוזעטס. אָט וואָס ער האָט געשריבען ווען ער האָט זיך דערוואוסט די נייעס:

„א קליינער אויפשטאַנד פון צייט צו צייט איז גוט... דאָס

איז א מיטעל איינצוהאַלטען די רעגירונג ביים געזונט... זאָל גאָט אויסהיטען אז צוואנציג יאָר זאָלען אריבער אין אונזער לאַנד אָן אַן אויפשטאַנד. דער בוים פון פרייהייט מוז פון צייט צו צייט אָפּגעפרישט ווערען מיט'ן בלוט פון פּאַטריאָטען און טיראַנען. דאָס איז די נאַטירליכע באַמיסטיגונג. עס זיינען דאָ דריי סאָרטען געזעלשאַפטען: א געזעלשאַפט אינגאַנצען אָן א רעגירונג, ווי ביי די אינדיאַנער; מיט א רעגירונג, אין וועלכער יעדער בירגער האָט א גלייכען איינפלוס; מיט א רעגירונג פון גוואַלט... איך בין ניט זיכער, אז די ערשטע סאָרט געזעלשאַפט איז ניט די בעסטע... ווען איך וואָלט געדאַרפט אַנטשיידען וואָס איז בעסער: א רעגירונג אָן צייטונגען, אָדער צייטונגען אָן א רעגירונג, וואָלט איך אויסגעקליבען דאָס ערשטע".

דזשעפערסאָן איז געווען אין אייראָפּא ווען די קאָנסטיטוציע איז דאָ פאַרפאַסט געוואָרען. פון אָנפאַנג איז ער מיט איר ניט געווען צופרידען. ער האָט אָבער שפּעטער צוגעגעבען, אז מיט אַלע אירע חסרונות, איז גלייכער זי זאָל גוטגעהייסען ווערען. ער האָט נאָר געפאָדערט עס זאָלען אריינגעשריבען ווערען אין איר פּונקטען, וואָס פאַרזיכערען פּערזענליכע פרייהייטען („ביל אָוו ראַיטס"). ער האָט אויך שטאַרק אויסגעזעצט געגען דעם, וואָס די קאָנסטיטוציע האָט ניט באַגרעניצט די צייט וואָס איינער קען האַלטען דעם פּרעזידענט-אַמט.

ווען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען איז דזשעפערסאָן נאָך געווען אין פּאַריז. ער האָט מיט דער רעוואָלוציע סימפּאַטיזירט. ביי אים אין הויז פלעגען זיך פאַרזאַמלען פילע פון די מעסיגע רעוואָלוציאָנערען און די פירער פלעגען זיך אָפּט מיט אים מישב זיין. ער האָט זיי געראַטען זיי זאָלען זען ווירקען אויף דעם קעניג ער זאָל אַליין באַווילליגען א קאָנסטיטוציע, אַן ענגליכע צו דער ענגלישער. איידער די עקסטרעמיסטען האָבען פאַרכאַפּט די מאַכט און איידער דער טעראָר האָט זיך אָנגעהויבען האָט דזשעפערסאָן פאַרלאָזען דאָס לאַנד. שפּעטער האָבען זיינע פּאָליטישע שונאים אין אַמעריקא אים פאַרווינט אַלס א יאַקאָבינער, אַלס אַן אָנהענגער פון די עקסטרעמ-

רעוואָלוציאָנערען און פון די טעראָריסטען אין פראנקרייך. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. ער האָט מיט יענע עלעמענטען קיין פארבינדונג ניט געהאט און ווי ווייט מען ווייס פון זיינע שריפטען און זיינע רייד האָט ער מיט זייערע פּרינציפּען און זייערע טאטען ניט סימפּאטיזירט. ער איז אָבער געווען און איז פארבליבען א פריינט פון פראנקרייך און א פריינט פון דער רעוואָלוציע וואָס האָט אראָפּגעוואָרפען די שרעקליכע בורבאָנישע טיראניי און געמאכט א סוף צו דער הערשאפט פון די פּריצים.

צוריקגעקומען קיין אמעריקא איז דזשעפערסאָן אין 1789. ער איז צוריקגעקומען א באגייסטערטער פאר אמעריקא. אייראָפּא האָט אים איבערצייגט אז אמעריקא איז דאָס בעסטע, דאָס פרייסטע, דאָס געזינדסטע לאנד, פיזיש און מאָראליש. גלייך ווי ער איז אָנגעקומען האָט וואשינגטאָן אים אייגעלאדען צו ווערען סעקרעטערי אָוו סטייט (אויסלענדישער מיניסטער) אין זיין ערשטען קאבינעט. קיין גרויסען חשק אָנצונעמען די איינלאדונג האָט דזשעפערסאָן ניט געהאט. דזשיימס מעדיסאן, זיין איבערגעבענסטער פריינד און תלמיד, איז צו אים געפאָרען אהיים און אים איבערגערעדט ער זאָל אָננעמען. אין מערץ, 1790, איז ער אָנגעקומען קיין ניו יארק און איז אריינגעטראטען אין אמט.

די ערשטע צייט האָט ער זיך געפילט באקוועם אין קאבינעט און אין וואשינגטאָן'ס אדמיניסטראציע אין אלגעמיין. ער האָט האמילטאָנ'ען ניט געקענט און זייערע באציאונגען זיינען פון אָנפאנג געווען פריינטליכע. ביסלאכווייז אָבער האָט ער זיך איבערצייגט אז וואשינגטאָנ'ס רעגירונג איז א רעגירונג פון אריסטאָקראטען פאר אריסטאָקראטען. אים איז צו־ווידער געוואָרען די גאנצע פירונג אין דעם פּרעזידענט'ס הויז, און די געזעלשאפט ארום דעם פּרעזידענט. ער האָט ניט געקענט פארטראָגען די קעניגליכע צערעמאָניעס, די פּאראדען מיט וועלכע דער פּרעזידענט פלעגט אויפגענומען ווערען אין קאָנגרעס, דעם פּאָמפּ מיט וועלכען ער פלעגט פּראווען אויפנאמעס אין זיין פּאלאץ. אים האָט געקרענקט וואָס דעם פּרעזידענט'ס געבורטס־טאָג פלעגט געפּראַוועט ווער'ען אלס א יום־טוב, און וואָס דער פּרעזידענט האָט זיך

געהאַלטען ווייט פון פּראַסטען עולם. אין א דעמאָקראַטישען לאַנד טאָרען אַזוינע זאַכען ניט פאָרקומען, האָט ער געזאָגט.

וואָס לענגער ער איז געווען פארבונדען מיט דער אַדמיניס־טראַציע, וואָס נעענטער ער האָט זיך צוגעקוקט צו די אַלע זאַ־כען, אַלס שטאַרקער איז געוואָרען זיין חשד אַז האַמילטאָן איז אַ מאָנאַרכיסט, און אַז האַמילטאָנ׳ס קליקע זוכט אַ געלעגענהייט צו גרינדען אַ מאָנאַרכיע אין אַמעריקאַ. דער קאַמף איבער דער אויסלענדישער פּאָליטיק, די באַציאונג פון דער אַדמיניסטראַציע פון פראַנקרייך פון איין זייט און צו ענגלאַנד פון דער צווייטער זייט האָט אין אים פאַרשטאַרקט דעם פאַרדאַכט. דאַן איז געקו־מען די פראַגע פון דער גרינדונג פון אַ באַנק, די פראַגע פון שטייערען אויף שנאַפּס, דער אויפשטאַנד פון די פאַרמער אין דער וועסט געגען דעם שטייער און דער אופן, ווי אַזוי די רעגי־רונג האָט דעם אויפשטאַנד דערשטיקט. ביי אים איז מער קיין צווייפעל ניט געווען, אַז די דעמאָקראַטיע אין אַמעריקאַ שטייט אין סכנה און אַז די פעדעראַליסטען מיט האַמילטאָנ׳ען בראש מוזען פון דער רעגירונג פאַרטריבען ווערען כדי צו ראַטעווען די דעמאָקראַטיע אין אַמעריקאַ.

אין דעם קאַמף, וואָס ער האָט דאַן אָנגעהויבען, האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פאַר אַ מערקווירדיגען אָרגאַניזאַטאָר און פיי־איגען פּאָליטישען פירער. ער האָט אָרגאַניזירט די רעפּובלי־קאַנישער פּאַרטיי און האָט זי אין די וואַלען פון 1800 דער־פירט צו אַ פולשטענדיגען זיג.

„די מענשען, וואָס באַאַרבייטען די ערד זיינען די אויס־דערוויילטע פון גאָט... אַזוי לאַנג ווי מיר האָבען ערד צו אַקע־רען און צו זייען, דאַרפען מיר ניט ווינשען אַז אונזערע ביר־גער זאָלען זיצען ביים וואַרשטאַט. זאָלען אונזערע וואַרשטאַטען בעסער שטיין אין אייראָפּאַ. עס איז בעסער צו פירען שפּייז און מאַטעריאַלען צו די אַרבייטער אַהין, איידער צו ברענגען די אַרבייטער אַהער, ווייל זיי וועלען דאָך מיטברענגען זייערע פּרינ־ציפּען און געוואוינהייטען... דער המון אין די גרויסע שטעט

העלפען אזוי אויפצוהאלטען א רעגירונג ערליך און ריין, ווי וואונדען העלפען מאכען א קערפער שטארק און געזונט".

דאס איז אן אויסצוג פון דזשעפערסאן'ס שריפטען. אין די דאזיגע ווערטער ווערען אויסגעדריקט דזשעפערסאן'ס גרונד־פרינציפען פון פאליטיק און עקאנאמיע. ער איז געווען א דע־מאקראט; ער האט געגלויבט אז דאס פאלק קען און דארף אנ־פארטרויט ווערען מיט מאכט צו רעגירען. ער האט באקעמפט די אריסטאקראטען, די קאפיטאליסטישע קלאסען, די רייכע סוחרים, פאבריקאנטען און באזיצער פון ווערט־פאפירען. אבער דאס פאלק, די מאסע אין וועלכער ער האט געגלויבט און פאר וועלכער ער איז געווען דער פארקעמפער, איז געווען פון א באַ־שטימטער עקאנאמישער גרופע — דער פארמער־קלאס. אמת, אין דזשעפערסאן'ס צייט האבען ניין־צענטעל פון דער באפעל־קערונג געוואוינט אויפ'ן לאנד און באארבייט די ערד. ער האט אלזא פארטראטען א ריזיגע מאיאריטעט פון דער דעמאלדיגער אמעריקא. אבער זיין פרינציפ אלס פרינציפ איז געווען א פאל־שער, זיכער ניט קיין דעמאקראטישער. ער האט געגלויבט, אז דער דארף איז דאס גליק פון לאנד און די שטאט איז א קללה פאר'ן לאנד. ער האט מורא געהאט פאר'ן שטאטישען ארביי־טער פונקט ווי פאר'ן שטאטישען קאפיטאליסט. ער האט גע־גלויבט, אז בלויז דער פארמער וואס לעבט מיט דער נאטור, וואס ציהט זיין חיונה פון דער ערד קען זיין א שטאלצער און פרייהייט־ליבענדער מענש. דער שטאט־מענש, אפילו דער ארבייטער, קען עס אבער ניט זיין. די שטאט פארדארבט. די ארבייט און די אפהענגיקייט אן דעם באלעבאס דערשטיקט אין דעם ארבייטער דעם געפיל פון פרייהייט, דעם שטאלץ פון זעלבסטשטענדיגקייט, די זעלבסטווירדע. אין אן אנדער פלאץ שרייבט ער:

„מיר האבען איצט גענוג ערד פאר אן אומבאגרעניצטער צאל מענשען. ערד ארבייטער זיינען די ווערטפולסטע בירגער. זיי זיינען די ענערגישסטע, די ערליכסטע און זיי זיינען צוגעבונדען צו זייער לאנד. זיי זיינען פארבונדען מיט אירע אינטערעסען מיט איר פרייהייט. אין אזא לאנד ווי אונזערע, וואו די איינ־

וואוינער קענען קריגען גענוג ערד צו באַארבייטען, וואָלט איך זיי ניט געמאכט פאַר מאַטראָזען אָדער מעכאַניקער. אין דער ווייטער צוקונפט, ווען עס וועט מער קיין ערד ניט זיין, און זיי וועלען זיך מוזען נעמען צו עטוואָס אַנדערש, וואָלט איך בעסער געוואָלט זיי זאָלען ווערען מאַטראָזען איידער גיין אין די פאַבריקען. די אַרבייטער אין די פאַבריקען באַטראַכט איך אלס מעקלער פון זינד און די ווערקצייג מיט וועלכע די פרייהייט פון א לאַנד ווערט געוויינליך פאַרניכטעט".

די ארבייטער אין שטאָט האָבען אים ווייניג אינטערעסירט. זיי האָבען דאן סיי־ווי אַ קליינע ראָלע געשפּילט. זייער צאָל איז געווען קליין, קיין פּאָליטישע רעכט האָבען זיי ניט געהאַט. אלס פאָרקעמפער פון די פאַרמער האָט ער געזוכט צו ברעכען די מאַכט פון די קאַפּיטאַליסטען אין שטאָט, די וואָס האָבען געהאַלטען די אַפּאָטעקען, די „מאָרגיידזשעס" אויף די פאַרמס, די וואָס האָבען געהאַלטען די וועקסלען פון די רעגירונגס־חובות, די וואָס האָבען געפירט האַנדעל מיט אויסלאַנד און געפאָדערט שטיצע פון דער רעגירונג. אין די געלט־מענשען האָבען די פאַרמער געזען א געפאַר פאַר זיך, א פּאָליטישע און אַן עקאָנאָמישע. זיי האָבען מורא געהאַט אז די געלד מענשען וועלען דורך דער רעגירונגס־מאַכט אוועקרויבען זייערע פּאָליטישע רעכט און פרייהייטען. די אריסטאָקראַטען און קאַפּיטאַליסטען האָבען דאָך אָפען דערקלערט, אז זיי גלויבען ניט אין די פייאיגקייט פון די מאסען צו רעגירען, אז דעמאָקראַטיע איז א סכנה און אַ קללה. די פאַרמער האָבען מורא געהאַט, אז ווען די רייכע וועלען האַלטען די רעגירונג אין זייערע הענט, וועלען זיי ארויפלייגען גרויסע שטייערען אויף די מאַסען כדי די רעגירונג זאָל האָבען געלט צו צאָלען פּראָצענט אויף די חובות, צו בויען קריגס־שיפען צו באַשיצען די האַנדעלס־אינטערעסען פון די רייכע סוחרים, צו אָרגאַניזירען אַרמייען צו אונטערדריקען אויפשטאַנדען, און אזוי ווייטער.

אין די יאָרען, וואס די פעדעראַליסטען האָבען געהאַלטען די מאַכ.. האָט דזשעפערסאָן ביטער אטאַקירט אַלץ וואָס די

רעגירונג האט געטאן אין די אינטערעסען פון די קאפיטאליס־טען. ער האט פארדאמט די גרויסע הוצאות פון דער רעגירונג און די שטייערען וואס די רעגירונג האט ארויפגעלייגט אויפ'ן פאלק. זיין פאליטישע טעאריע איז געווען, אז די פעדעראלע רעגירונג דארף וואס ווייניגער רעגירען, אז זי דארף זיך מיט אינערליכע אנגעלעגענהייטען כמעט גארניט אפגעבען, אז זי דארף בלויז דינען אלס א מין אגענט פאר די שטאטען אין אויסערליכע ענינים. ער האט גע'טענה'ט, אז די הויפט רעגירונגס־מאכט דארף געהערען צו די באזונדערע שטאט־רעגירונגען.

דאס זיינען אבער אלץ געווען טעאריעס, אידייען און פרינ־ציפען. כל זמן ער און זיין פארטיי זיינען געווען אין דער אפא־זיציע און די מאכט איז געווען ביי אנדערע, האט ער געקענט וועגען זיינע פרינציפען ריידען אזוי שטארק און אזוי שארף ווי ער האט נאר געוואלט. די לאגע האט זיך אבער געביטען ווען ער איז אריין אין מאכט. איצט האט ער שוין מיט ווערטער אליין זיך מער ניט געקענט באנוגענען. ער האט געמוזט האנד־לען. ווי ווייט האט ער אליין דורכגעפירט זיינע פאליטישע און עקאנאמישע פרינציפען? דאס וועלען מיר זען אין די ווייטער־דיגע קאפיטלען.

קאפיטעל 22.

# דזשעפערסאָן, דער ערשטער דעמאָקראַטישער פּרעזידענט

טאָמאַס דזשעפערסאָן איז געווען דער ערשטער פּרעזידענט וואָס איז איינגעשוואוירען געווארען אין דער נייער, ספּעציעל־גע־בויטער הויפּטשטאָט, וואשינגטאָן. די רעגירונגס־ביוראָס האָבען זיך אהין אריבערגעקליבען אין יוני, 1800. דער קאָנגרעס האָט זיך דאָרט צום ערשטען מאָל פארזאמעלט אין דעצעמבער, 1800, און אין מערץ, 1801, איז דזשעפערסאָן דאָרט אריינגעטראטען אין פּרעזידענטען־אמט.

וואשינגטאָן איז דעמאָלט געווען ניט מער ווי א דאָרף. דעם פּרעזידענט'ס הויז די „ווהאיט־האוז" (דאָס ווייסע הויז), איז געשטאנען אין אָן אָפענעם פעלד און ניט געהאט קיין שום באַ־קוועמליכקייטען. ווייטער אביסעל אין א וואלד, איז געשטאַ־נען די נאָך ניט געענדיגטע געביידע פון דעם קאָנגרעס (דהי קע־פּיטאָל). די גאסען זיינען געווען ניט מער ווי שליאכען דורך וועלדער, ניט ברוקירט. עס ווערט דערציילט, אז איינמאָל האָט פּרעזידענט דזשעפערסאָן ניט געקענט געפינען אין גאנץ וואַ־שינגטאָן א מענשען, וואס זאָל אים אָנהאַקען האָלץ פאר'ן אויווען.

גלייך ביי דער איינשווערונג־צערעמאָניע האָט דזשעפערסאָן באוויזען אז ער איז א מענש פון פּשוט'ן פאָלק. ער האָט ניט דערלויבט מען זאָל פאר אים מאַכען קעניגליכע פּאַראַדען, ווי מען האָט געטאָן פאר די פריערדיגע פּרעזידענטען. ער איז גע־גאַנגען צופוס פון זיין וואוינונג צום קעפּיטאָל, אָנגעטאָן אין איינ־

פאכע קליידער. באגלייט האבען אים מיליץ־סאלדאטען און א גרופע קאנגרעסלייט און סענאטארען און פאליטישע פריינט. ווען ער איז אריין אין קאנגרעס־זאל האבען זיך אלע אויפגעשטעלט. דאן האט ער זיך אוועקגעזעצט אויף דעם וויס־פרעזידענט'ס שטוהל, זיך דערנאך אויפגעשטעלט און געהאלטען זיין איינשוועד רונגס־רעדע. דער טאג איז געפייערט געווארען אלס א יום־טוב איבער'ן גאנצען לאנד. „זינט 1783, ווען די נייעס פון דער רע־ װאלוציע איז אנגעקומען, — שרייבט דער היסטאריקער מעק־ מעסטער, — האט דאס לאנד זיך ניט געפילט אזוי יום־טוב'דיג, ווי אין דעם טאג, ווען דזשעפערסאן איז אריינגעטראטען אין פרעזי־ דענט־אמט". אין אלע שטעט האט מען געקלונגען אין די גלאָ־ קען און געשאסען מיט פייערווערק, געמאכט באנקעטען און פא־ ראדען. קיינער האט דעם טאג ניט געארבייט, קיינער האט דעם טאג קיין געשעפטען ניט געפירט.

צוויי פון די פינף מיניסטארען וואס דזשעפערסאן האט פאר זיין קאבינעט באשטימט האבען געשפילט אן אונגעהייער גרויסע ראלע די גאנצע אכט יאר, וואס ער איז געווען פרעזי־ דענט. זיי זיינען ווירקליך געווען גרויסע פערזענליכקייטען און דזשעפערסאן האט קיין זאך ניט געטאן אן זייער עצה. די אדמי־ ניסטראציע איז געפירט געווארען פון דריי: פרעזידענט דזשע־ פערסאן, אויסערן־מיניסטער דזשיימס מעדיסאן, און פינאנץ־מי־ ניסטער אלבערט גאלאטין. די אנדערע דריי מיניסטארען זיי־ נען געווען מיטעלמעסיגקייטען און האבען קיין ראלע ניט גע־ שפילט.

ווען דער קאנגרעס האט זיך געעפענט אין מאנאט דעצעמבער האט דזשעפערסאן ווידער געמאכט א דעמאקראטישע ענדע־ רונג. די פריערדיגע פרעזידענטען פלעגען זייערע „מעסעדזשעס" אליין פארלייענען פאר'ן קאנגרעס. דערביי פלעגט געמאכט ווע־ רען א קעניגליכע צערעמאניע. די קאנגרעסלייט פלעגען דעם פרעזידענט אויפנעמען מיט א פראצעסיע. נאכדעם ווי דער מעסעדזש פלעגט פארגעלייענט ווערען פלעגען געהאלטען ווערען רעדעס וועגען אים, אזוי ווי עס פירט זיך אין מאנארכיסטישע

לענדער נאָך דער „טראָן־רעדע". דזשעפערסאָן האָט דאָס אַלץ אָפּגעשאַפט. ער האָט זיין מעסעדזש צום קאָנגרעס אַריינגעשיקט אָן אָנגעשריבענעם און אַ קאָנגרעס־קלערק האָט אים דאָרטען פאָרגעלייענט*).

די אַדמיניסטראַציע איז געווען אַ רעפּובליקאַנישע דורך און דורך. די רעפּובליקאַנער האָבען געהאַט אַ מאַיאָריטעט אין ביי־דע הייזער פון קאָנגרעס. דזשעפערסאָנ'ען איז דערפאַר ניט שווער אָנגעקומען דורכצופירען פיל פון זיינע רעפּובליקאַנישע רעפאָרמען. ער האָט אָפּגעשאַפט דעם שטייער אויף שנאַפּס, כדי צו באַפרי־דיגען די פאַרמער פון דער סאַוט און וועסט. ער האָט פאַרקלע־נערט די אַרמיי און די פלאָטע. ער האָט געשניטען די הוצאות פון דער רעגירונג אויף אַ דריטעל. אין 1800 זיינען די הוצאות געווען זיבען און אַ האַלב מיליאָן; אין 1801 זיינען זיי אַראָפּ־געשניטען געוואָרען ביז וויינינגער ווי פינף מיליאָן. פּרעזידענט עדעמס האָט געשאַפען נייע פעדעראַלע געריכטען און באַשטימט זעכצען נייע פעדעראַלע ריכטער. דזשעפערסאָן האָט די נייע גע־ריכטען אָפּגעשאַפט און ממילא האָבען די ריכטער ניט געהאַט וואו צו זיצען. ער האָט אויך צוריקגערופען דאָס געזעץ וואָס עדעמס האָט דורכגעפירט וועגען בירגערשאַפט; אַנשטאָט פערצען יאָר וואָס אַן אימיגראַנט האָט געדאַרפט וואוינען אין לאַנד כדי צו קענען ווערען אַ בירגער, האָט דזשעפערסאָן דורכגעפירט אַ גע־זעץ פאַר בלויז פינף יאָר.

אָט די אַלע געזעצען זיינען געווען אין איינקלאַנג מיט'ן נייעם גייסט, מיט'ן גייסט פון דזשעפערסאָנ'ס דעמאָקראַטיע — די רעגירונג זאָל זיך באַנוגענען מיט וויינינג שטייערען, זאָל ניט מאַכען קיין גרויסע הוצאות, זאָל ניט פאַרשווענדען קיין געלד אויף

*) אַלע פּרעזידענטען נאָך דזשעפערסאָנ'ען האָבען איהם נאָכגעטאָן, ביז עס איז געקומען פּרעזידענט ווילסאָן און האָט צוריק איינגעפיהרט וואַשינגטאָנ'ס און עדעמס'ס מאָדע. ווילסאָן איז געווען אַ גרויסער פאַר־עהרער פון וואַשינגטאָנ'ען און וואַשינגטאָנ'ס אַריסטאָקראַטישע פיוע־רונגען.

מיליטערישע צוועקען און זאל זיך באציען פריינטליך צו ליבע־ראלען און אימיגראנטען.

אין א בריף וואס דזשעפערסאן האט אין 1802 געשריבען צום פוילישען רעוואלוציאָנער קאָסציושקא מאכט ער א סך־הכל פון די אויפטואונגען פון זיין רעגירונג. ער שרייבט אזוי:

„די סעסיע פון דעם ערשטען קאָנגרעס וואס האט זיך פארזאמעלט ווען דער רעפובליקאניזם האט באקומען זיין אויבער־האנט, וועט דורכפירען אלע וואונשען פון פאלק. זי האט פאר־קלענערט די ארמיי און די פלאטע אויף אזויפיל ווי עס איז אב־סאלוט נויטיג. עס זיינען פארבליבען אין דינסט ניט מער סאל־דאטען ווי מען דארף פאר די גארניזאנען אין די קליינע פאָס־טענס אויף די גרענעצען... פון דעם פרעזידענט אין אוועקגענו־מען געווארען די מעגליכקייט אויסצוטיילען שטעלען — א העלפט פון די רעגירונגס־עמטער זיינען אפגעשאפט געווארען. אט די איינשפארעניש האט מעגליך געמאכט אפצושאפען אלע אינערליכע שטייערען... דער קאנגרעס האט אפגעהאקט א פאראזיט־צווייג וואס די פריערדיגע אדמיניסטראציע האט פארפלאנצט אין דער געריכטס־אפטיילונג. ער האט געעפענט די טיר פון גאסטפריינד־ליכקייט פאר אימיגראנטען וואס לויפען פון אונטערדריקונג אין אנדערע לענדער. מיר האבען אפגעשאפט די אלע עפענטליכע פאראדען און צערעמאניעס וואס געוואוינען צו דעם עולם צו דער איינפירונג פון אן אנדער סארט רעגירונג (אן אריסטאקראטישע). דאס פאלק איז כמעט אינגאנצען איינג. די פריערדיגע פירער זיינען אויפגעבראכט ווייל זיי פילען זייער שוואכקייט. באלד וועט מען פון זיי הערען בלויז אין די צייטונגען, וועלכע דינען אלס קוימענס ארויסצולאזען שלעכטע גאזען און רויך. אין לאנד איז אלץ רואיג, פעסט און אזוי גוט ווי עס באדארף צו זיין".

קאפיטעל 23.

# דער 10־יאָריגער קאמף צווישען דזשעפערסאָן און האַמילטאָן.

צען יאָר האָט זיך געצויגען דער קאמף צווישען דזשעפער־סאָנ׳ען און האמילטאָנ׳ען. דער קאמף איז געווען א ביטערער, א פארצווייפעלטער; די קאמף־מעטאָדען — פרימיטיווע, ברו־טאלע. האמילטאָן און זיין פארטיי האָבען אויף די גרויסע מאסען געקוקט מיט פאראכטונג און מיט שפּאָט. דזשעפערסאָן און זיין פארטיי האָבען באטראכט די פעדעראליסטען פאר מאָנאַר־כיסטען, טיראנען און געהיימע אגענטען פון ענגלאַנד. ביידע צדדים האָבען זייערע מיינונגען און געפילען אָפען און שארף ארויסגעזאָגט. די צייטונגען זיינען פול געווען מיט די שרעק־ליכסטע באשולדיגונגען פון איינע געגען די אנדערע. קיינעמס כבוד איז ניט געשאנעוועט געווארען, קיינעמס געפילען זיינען ניט געשוינט געווען. אין די דעבאטען אין קאָנגרעס האָבען די געג־נער חוזק געמאכט איינע פון די אנדערע. אויף די וויכטיגסטע פערזענליכקייטען זיינען פארשפרייט געוואָרען די ווילדסטע בלבולים. ריכטער אין די געריכטען האָבען אָפען ארויסגעזאָגט זייערע פאָראורטיילען געגען פּאָליטישע באשולדיגטע און זיך ניט געוואָלט רעכענען מיט באווייזען און מיט׳ן געזעץ.

די צוויי האלב־אָפיציעלע אָרגאנען פון די צוויי פארטייען זיינען געווען: „דהי גאזעט אָוו יונייטעד סטייטס“, רעדאגירט פון דזשאָן פענא, און „דהי נעשאָנאל גאזעט“, אונטער דער רע־דאקציע פון פיליפ פרענא. די ערשטע צייטונג האָט אַלעקסאַנ־דער האמילטאָן שטילערהייט געגרינדעט אין 1790. אָפיציעל

האָט ער מיט איר קיין פאַרבינדונג ניט געהאַט, אין דער ווירקליכ־קייט האָט זי צו אים געהערט אינגאַנצען. זי האָט זיך אויפ־געהאַלטען דורך דער הילף און שטיצע וואָס די פעדעראַליסטען האָבען איר געגעבען. די פעדעראַליסטישע רעגירונגס־בעאמטע האָבען דער צייטונג פאַרשאַפט הכנסה פון דער רעגירונג. ווען די צייטונג איז געווען פאַרזונקען אין חובות האָט האמילטאָן אליין געשריבען צו זיינע פעדעראַליסטישע פריינט זיי זאָלען זאמלען פאָנדען איר אַרויסצוהעלפען. די צווייטע צייטונג, „די נעשאָנעל גאַזעט", איז געגרינדעט געוואָרען פון דזשעפערסאָנ'ען און א פּאָר פון זיינע נאָכפאָלגער אין 1792. דזשעפערסאָן האָט געגעבען פרענאָ'ן א רעגירונגס־שטעלע אין זיין דעפּאַרטמענט, אלס איבערזעצער פון אויסלענדישע בריף. פאַר דער ארבייט האָט פרענאָ באַקומען 250 דאָלאַר א יאָהר. דער געהאַלט, אמת, קליין, איז פונדעסטוועגען געווען א באַדייטענדע שטיצע פאַר דער צייטונג.

דערביי איז אינטערעסאַנט, דאָס דזשעפערסאָן איז ביטער אַטאַקירט געוואָרען אין פענאָ'ס צייטונג און אין אַנדערע פעדע־ראַליסטישע צייטונגען דערפאַר וואָס ער האַלט אויס אַן אייגע־נעם פּאַרטיי אָרגאַן מיט רעגירונגס געלדער. אין דערזעלבער צייט האָבען זיי מיט רעגירונגס־געלדער געהאָלפען פענאָ'ן אַרויס־צוגעבען א צייטונג וועלכע האָט געדינט זייערע אייגענע פּאָלי־טישע אינטערעסען און וועלכע האָט געזידעלט און געשימפּט דזשעפערסאָנ'ען, כאָטש ער איז אויך געווען א גאַנץ הויכער באַאמטער, דער „סעקרעטערי אוו סטייט".

אין דער פּרעזידענטען־קאַמפּאַניע פון 1792, האָט דזשע־פערסאָנ'ס פּאַרטיי קאָנצענטרירט איר גאַנצע מאַכט דער עיקר אויף צו שלאָגען דעם פעדעראַליסטישען קאַנדידאַט פאַר וויים־פּרעזידענט, דזשאָן עדעמס (פאַר פּרעזידענט איז געלאָפען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן און קעגען אים האָבען די רעפּובליקאַנער פאָרלויפיג ניט געוואַגט צו ריידען). די קאַמפּאַניע איז אָנגע־פירט געוואָרען אויפ'ן זעלבען אופן ווי וואַל־קאַמפּען ווערען שטענ־דיג געפירט אין אַמעריקאַ. די פּאַרטייען האָבען באַשולדיגט

איינע די אנדערע אין קאָרופציע, אין כאַבאַר. אין לאַנד איז דעמאָלט געווען אַ שארפער קריזיס, וואס איז פאַראורזאכט געוואָרען דורך ספעקולאַציעס מיט ווערט־פאַפירען. דזשעפערסאָן האָט געהאַלטען די פעדעראליסטען אָדער בעסער געזאָגט, האַמילטאָנ׳ס פינאַנציעלע פאָליטיק פאַראַנטוואָרטליך פאַר׳ן קריזיס. האַמילטאָן האָט דאַן געווירקט, אז עס זאָל געגרינדעט ווערען די יונייטעד סטייטס באַנק. מיט די פאַפירען פון דער באנק האָט זיך עס צופלאַקערט די גאנצע ספעקולאַציע. און ווען די אויפגעבלאָזענע פרייזען פון די פאַפירען האָבען ענדליך געפלאַצט איז געקומען דער קריזיס. אָט איז א ביישפיל פון דעם טאָן וואס איז באַנוצט געווארען אין דער פאָליטישער פרעסע. א צייטונג אין דזשאָרדזשיא, שרייבענדיג וועגען ספעקולאַנטען, האָט געזאגט: „איר וואָלקענס, ווען איר רעגענט וואשט אים (דער ספעקולאַנט) אראָפ די הויט פון לייב, ווען איר האָגעלט ווארפט די שווערע קוילען אייז אויף זיין פארדאמטען קאָפ. איר דונערען, ווען איר דונערט פאַלט נעבען אים, צושמעטערט א בוים אָדער צורייסט אַ שטיין פאר אים אין די אויגען. זאָל דער געוויסען אים פארפאָלגען ווי א בייזער גייסט. איר ווינטען, מאכט אים קאַלט. דו פראָסט, בייס אים, פריר אים. איר גנבים און רויבער, באפאלט אים, נעמט פון אים אַלץ צו, שלאָגט אים, פייניגט אים. ער האָט פארהונגערט די פאָטערלאָזע און האָט נאַקענט געמאכט די מוטערלאָזע.״

מיט א קורצער צייט פריער האָט די רעגירונג געשיקט אן עקספעדיציע געגען די אינדיאַנער אין דער וועסט און די ארמיי האָט געהאט א שווערע מפלה. די אַרמיי האָט ניט געהאט גענוג פראָוויאַנט און קיין מעדיצין, און הונדערטער סאָלדאטען זיינען אונטערוועגנס פארהונגערט און קראנק געוואָרען. די רעפובליקאַנישע צייטונגען האָבען באשולדיגט דעם פעדעראליסטישען קריגסמיניסטער, גענעראל נאקס, אַז ער האָט פארשווענדט די רעגירונגסגעלדער אויף פאַראַדען און אויף פאָמפ צערעמאָניעס און די סאָלדאַטען האָט ער געלאָזען קראנק ווערען און פארהונגערען. איינציגע צייטונגען האָבען אפילו דערקלערט, אז נאקס האָט גע־

גנב'עט רעגירונגס־געלט, אז ער האט זיך געטיילט מיט די קאנט־ראקטארס וואס האבען געדארפט צושטעלען עסען פאר דער ארמיי.

די רעפובליקאנער האבען דעם קאמף פארלארען. עדעמס איז דערוויילט געווארען. אבער דער וואל־קאמף האט באוויזען אז די רעפובליקאנער זיינען אן ארגאניזירטע מאכט, אז זיי „פארשטייען" ווי צו פירען פאליטישע קאמפאניעס, און אז זיי ציען די אויפמערקזאמקייט פון די מאסען.

דער ווינטער פון 1792 איז געווען זייער א שווערער פאר האמילטאנ'ען. עס האבען פאסירט אייניגע זאכען וואס האבען אים שיער ניט פאליטיש פארניכטעט און וואס האבען שטארק געטראפען זיין פארטיי. פון פריער נאך האבען זיך ארומגעטראגען קלאנגען, אז האמילטאן האט פערזענליך פארדינט פון די פינאנציעלע פראיעקטען וואס ער פירט דורך אין דער רעגירונג, אז ער מאכט פראפיטען פון דער רעגירונגס־באנק, אז ער מאכט פראפיטען פון זיין פארגעשלאגענעם פלאן די רעגירונג זאל שטיצען דער אנטוויקלונג פון פאבריקאציע, און אזוי ווייטער. אין מיטען דערינען האט געפלאצט א באמבע איבער האמילטאנ'ס קאפ. א געוויסער דזשיימס רענאלדס, וועלכער איז געזעסען אין געפענגניש פאר פארברעכענס אין פארבינדונג מיט רעגירונגס־געלט, האט דערקלערט, אז ער איז געווען ניט מער ווי א ווערקצייג פון „א געוויסען מיניסטער אין קאבינעט". ער האט באוויזען בריף און אנדערע פאפירען וועלכע האבען ווירקליך באשטעטיגט אז ער האט געהאט פינאנציעלע געשעפטען מיט האמילטאנ'ען.

צוויי קאנגרעסלייט און א סענאטאר זיינען אוועק צו האמיל־טאנ'ען פרעגען וואס ער האט צו זאגען וועגען דעם. דער סענאטאר איז געווען דזשיימס מאנראו, א תלמיד פון טאמאס דזשעפערסאן און א פארקאכטער רעפובליקאנער. האמילטאן האט זיך פון אנפאנג גע'כעס'ט, האט צוריקגעשליידערט די באשולדיגונגען און די אינסינואציעס. באלד אבער האט ער זיך בארואיגט און געבעטען די קאמיסיע, זי זאל אין אוונט קומען צו אים אהיים, וועט ער זיי אלץ דערקלערען. זיי האבען מסכים געווען. אין הויז

האָט ער זיי העפליך אויפגענומען, האָט אוועקגעלייגט אויפ׳ן טיש א פעקעל פאפירען און האָט פאר די דריי קאָמיטעליים דערציילט א סענסאציאָנעלען סוד:

אין א זומער טאָג, אין 1791 — האָט האמילטאָן דערציילט — איז מרס. רענאלדס, די פרוי פון דעם ארעסטאַנט, געקומען צו אים, האמילטאָנ׳ען, אין הויז מיט א פאטעטישער געשיכטע, אז איר מאן האָט זי פארלאָזען און אז זי מוז קריגען שטיצע צו קאָנען פאָרען צו איר פאמיליע קיין ניו יאָרק. האמילטאָן איז פון אירע רייד גערירט געווארען. קיין געלט האָט ער אָבער ביי זיך גראד דעמאָלט ניט געהאט, האָט ער ביי זיך פארשריבען איר אדרעס און צוגעזאָגט איר דאָס געלט צו ברענגען אין אָוונט. זי האָט געוואוינט אין אן ארימען ביליגען קווארטיראנטען־הויז, אין דעם אָרימען קווארטאל פון שטאָט. ביינאכט איז האמילטאָן אהין אוועק. זי האָט אים אויפגענומען אין איר צימער. דערנאָך האָט ז אָפט באזוכט האמילטאָנ׳ען ביי אים אין הויז. האמילטאָנ׳ס פרוי און קינדער זיינען יענעם זומער געווען צו גאסט ביי אירע עלטערען אין אן אנדער שטאָט, און האמילטאָן האָט דאָ מיט׳ן ווייבעל געפירט א לינקע ליבע. ער האָט שוין געוואוסט, אז די גאנצע מעשה וואָס זי האָט אים דערציילט וועגען איר מאן איז ניט אמת. זי האָט געוואוינט מיט איר מאן צוזאמען און די ליבע איז געפירט געוואָרען הינטער דעם מאנ׳ס רוקען. האמילטאָן איז געווען אין איין שרעק טאָמער וועט דער מאן אים כאפען.

ענדליך איז געשעהן דאָס פאר וואָס ער האָט זיך געשראָקען. אין א שיינעם פרימאָרגען האָט האמילטאָן באקומען א בריף פון זיין געליבטער, אז איר מאן האָט אַלץ אויסגעפונען און אז ער סטראשעט צו דערציילען דער מאדאם האמילטאָן. האמילטאָן האָט געשיקט׳ט יופען מר. רענאלדס און דער באטראָגענער מאן האָט איינגעוויליגט צו שווייגען אויב האמילטאָן וועט אים דערפאר באפרידיגען. ער האָט געפאָדערט טויזענט דאָלאר. „מיט׳ן געלט וועל איך פון דאנען אוועקפאָרען — האָט ער געזאגט — און איך וועל מיין פרוי איבערלאָזען אין גאנצען פאר אייך״.

האמילטאָן האָט אים דאָס געלט געגעבען. אָבער רענאלדס

איז געבליבען אין דערהיים. האמילטאן האט זיין ראמאן מיט דער פרוי פארטגעזעצט. רענאלדס אליין האט אים צוגערעדט דערצו. ווען האמילטאן פלעגט קומען צו דער געליבטער, פלעגט רענאלדס אים אליין אויפנעמען. א שטיקעל צייט שפעטער האט רענאלדס געפאדערט נאך געלט, און שפעטער האט ער געפאדערט נאך און נאך. אזוי איז האמילטאן אריינגעצויגען געווארען אין נעץ אלץ טיפער און טיפער. ער האט קיין ברירה ניט געהאט און געמוזט צאלען.

„אט אין דעם באשטייען מיינע געלט־פארבינדונגען מיט רענאלדס'ן" — האט האמילטאן פארענדיגט זיין ווידוי.

די קאמיטע האט דורכגעקוקט די אלע צעטעלאך, בריף און דאקומענטען וואס האמילטאן האט פאר זיי פארגעלייגט און זיי האבען זיך איבערצייגט, אז ער האט זיי דערציילט דעם אמת. זיי האבען אים דערקלערט, אז וויבאלד זיין ווידוי האט ניט צו טאן מיט זיין רעגירונגס־אמט און זיינע רעגירונגס־פליכטען, נאר איז פון א שטרענג פריוואטען כאראקטער, פארפליכטען זיי זיך די פאקטען קיינמאל ניט ארויסצוגעבען פון דער עפענטליכקייט. זיי האבען זיך מיט האמילטאן'ען פריינדליך געזעגענט און זיינען אוועק.

אבער די רענאלדס סענסאציע האט זיך דערמיט ניט גע־ענדיגט. די אטאקעס אויף האמילטאן'ען זיינען פארטגעזעצט געווארען. מיט א צייט שפעטער האט האמילטאן אליין פאר־עפענטליכט די גאנצע געשיכטע אין א פאמפלעט וואס ער האט אפגעדרוקט. ער האט דערציילט די אלע איינצעלהייטען וועגען זיין ראמאן מיט דער פארהייראטער פרוי. קיין גוטס האט עס אים, פארשטייט זיך, ניט פארשאפט. אבער מערקווירדיג איז, וואס שטארק געשעדיגט האט עס אים אויך ניט. טראץ דעם וואס די קירכע איז דאן געווען אזוי שטארק און די פרומאקעס האבען געהאט א גרויסע מאכט און גרויס איינפלוס, איז די מאראל ניט געשטאנען צו־הויך. אזא סקאנדאל וואלט היינטיגע צייטען אין אמעריקע געגעבען א טויט־קלאפ דער קאריערע פון א שטאטסמאן.

האַמילטאָנ׳ס איינפלוס און מאכט אין דער רעגירונג און אין דער פּאָליטישער וועלט זיינען דורכדעם ניט אפּגעשוואכט געוואָרען.

אין דער האלטונג פון די פעדעראליסטען און דער פעדעראַ־ליסטישער פּרעסע צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָבען זיך אַם שאַרפסטען אַרויסגעוויזען די געפילען פון האַס און פאַראכטונג וואָס די האַמילטאָניסטען האָבען געהאַט צו די גרויסע מאסען. וויס־פּרעזידענט עדעמס האָט אין יאָר 1790 דערקלערט, אז „אין פראַנקרייך, פּונקט ווי אין אַמעריקע, זיינען דאָ צופיל מענשען וואָס לעכצען נאָך פערזענליכער און אייגענטום־גלייכהייט״. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע און די פּאָליטישע פּלאָנטערס מיט ענגלאַנד און פראַנקרייך, אין וועלכע די היגע רעגירונג איז דורך איר אריינגעצויגען געוואָרען, האָבען געפירט צו אָפטע צוזאמענ־שטויסען צווישען די פעדעראַליסטען און רעפּובליקאנער. די פעדעראַליסטישע צייטונגען האָבען געדרוקט „שרעקליכקייטס״־באַריכטען וועגען דער הינריכטונג פון דעם קעניג און דער קעניגין. דערויף האָבען די רעפּובליקאנישע צייטונגען געענט־פערט מיט חוזק. אין אַלגעמיין אָבער האָט די קעניגליכע הינ־ריכטונג געהאַט א שלעכטע ווירקונג. א סך רעפּובליקאנער האָבען שאַרף קריטיקירט די דאָזיגע טאַט פון די רעוואָלוציאָנערען. די עפענטליכע מיינונג איז געווען אויף דער זייט פון האַמילטאָן און די אַריסטאָקראַטען. דאָס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. דזשעפערסאָן איז געווען פּאָרזיכטיג. אין א פּריוואַטען בריף האָט ער בלויז דערקלערט אַז אים פרייט צו זען, אַז מאָנאַרכען קענען באַשטראָפט ווערען פּונקט ווי אַנדערע פאַרברעכער. מעדיסאָן האָט געשריבען: „אויב דער קעניג איז א פאַררעטער דאַרף ער באַשטראָפט ווערען פּונקט ווי אנדערע וואָס פאַרראַטען זייער לאַנד.״ דער גרויסער עולם איז אָבער צוטומעלט געוואָרען און האָט אויף א ווייַלע זיך געלאָזט הינרייסען פון א רחמנות־געפיל צו די הינגעריכטעטע הערשער.

די כוואַליע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אין דער פאַרקערטער ריכטונג ווען ענגלאַנד האָט דערקלערט קריג דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דער אַמעריקאנער עולם האָט באַלד פאַרגעסען אָן

דעם קעניג און האָט זיך דערמאָנט אָן זיין אייגענער רעוואָלוציע, אָן זיין אמאָליגען שונא, ענגלאנד, און זיין אמאָליגען פריינד, פראנקרייך. אָבער האמילטאָן האָט פון ערשטען מאָמענט אָן גענומען פירען די אמעריקאַנער פּאָליטיק אין איין ריכטונג — אין דער ריכטונג פון ענגלאנד געגען פראנקרייך. און עס איז גאַנץ מעגליך, אז אים וואָלט זיך איינגעגעבען דאָס דורכצופירען ווען ניט דער ווידערשטאַנד פון דזשעפערסאָן און די רעפּובּ־ליקאנער. פּרעזידענט וואשינגטאָן איז געווען ווי א ווערקצייג אין האמילטאָנ'ס הענט. האמילטאָן האָט פּאַקטיש אים דיקטירט ווי צו האנדלען און צו ריידען. און דעמאָלט האָבען זיך עס צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען אין די רעפּובּליקאַנישע צייטונגען די אטאַקעס אויף וואשינגטאָנ'ען, אטאַקעס וואָס זיינען געוואָרען שאַרפער און ביטערער ביז וואנען ער האָט געענדיגט זיין צווייטען טערמין און איז אראָפּ פון פּרעזידענטען־שטול.

די מאַסען זיינען געווען באַגייסטערט פאר דער פראנצויזישער רעוואָלוציע. ווי ווייט די באַגייסטערונג האָט דערגרייכט קען מען אורטיילען פון דער פאָלגענדער קליינער פּאַסירונג. אין א טעאַטער איז אַן אַקטיאָר אויפגעטראָטען אויף דער בינע אין א ראָלע פון אַן ענגלישען אָפיצער. דער עולם האָט גענומען פייפען און שרייען און פאָדערען ער זאָל גלייך אויסטאָן דעם ענגלישען מונדיר. דער אַקטיאָר האָט דערקלערט דעם אויפגערעגטען עולם, אז דאָס שטעלט ער פאָר א כאַראַקטער פון א ברוטאַלען, גראָבען מענשען און אַזאַ פאַרשוין מעג טראָגען אַן ענגלישען מונדיר. די ערקלערונג האָט דעם עולם צופרידענגעשטעלט און מען האָט דערלויבט דעם אַקטיאָר פאָרטצוזעצען זיין שפּילען.

אין ניו יאָרק זיינען די דעמאָנסטראַציעס פאר פראנקרייך און געגען ענגלאנד אנגעפירט געוואָרען פון „טעמעני האָל", א פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט זיך געהאַט געגרינדעט מיט דריי יאָר פריער און וואָס האָט זיך געשטעלט אלס אויפגאַבע צו באַקעמפען די אַריסטאָקראַטען. ענליכע אָרגאַניזאַציעס אונטער'ן נאָמען „דעמאָקראַטישע קלובס" האָבען זיך איצט גענומען גרינדען איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון לאַנד. די גרויסע מאַיאָ־

ריטעט פון די מיטגלידער אין די קלובס זיינען געווען אָרימע ארבייטער, פאַרמער און קליין־הענדלער. עס זיינען אין זיין אויך געווען אַ צאָל אינטעליגענטען, פּראָפעסיאָנאלען. דזשעפערסאָן האָט די קלובען דערמוטיגט. די קלובען האָבען שפּעטער געטאָן א גרויסען טייל פון דער פּראקטישער ארבייט פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי. די פעדעראַליסטען האָבען גלייך פון אָנפאַנג אויף זיי געקוקט מיט האַס און חשד. איינער, אַ באַוואוסטער פעדעראַליסט, האָט זיי באַצייכענט מיט'ן טיטעל „טייפלישע געזעלשאפטען", א צווייטער האָט זיי אָנגערופען „די וויגעלאך פון פאַרראַט". אין אַ פּאָר יאָר ארום האָט פּרעזידענט וואשינגטאָן אַטאַקירט די קלובען אין זיינעם אַ מעסעדזש צום קאָנגרעס. ביי די פעדעראַליסטען און ביי וואשינגטאָנ'ען איז אויסגעקומען, אַז בירגער באַגעהען אַ פאַרראַט געגען דער רעגירונג ווען זיי אָרגאַניזירען זיך אין קלובען פאר פּאָליטישע צוועקען. זיי אליין, די פעדעראַליסטען, האָבען אזוינע קלובען שטענדיג געהאט. זייערע געזעלשאפטען האָבען זיי באַטראַכט ניט נאָר פאר כשר נאָר פאר העכסט פּאַטריאָטיש. די קלובען פון די מאַסען זיינען אָבער געווען „נעסטען פון בונטאָוושטשיקעס".

דער אָפּגרונד צווישען די צוויי ריכטונגען איז געוואָרען טיפער און טיפער. דזשעפערסאָן, וועלכער איז אליין געווען א רייכער ערד־באַזיצער, אַן אַריסטאָקראט און אַ מיניסטער, איז שיער ניט אויסגעשלאָסען געוואָרען פון די אַריסטאָקראַטישע קרייזען. מאַדאַם וואַשינגטאָן האָט אָנגערופען די וואָס האָבען סימפּאטיזירט מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, „שמוציגע דעמאָקראַטען". די אריסטאָקראַטישע סאַלאָנען האָבען אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס די פראַנצויזישע אַריסטאָקראַטען וואָס האָבען זיך גראד דאָ געפונען. דזשעפערסאָן האָט געמוזט אויסמיידען די אַלע הייזער, וואו ער איז פריער געווען אַן אריינגייער, איבערהויפּט די אריסטאָקראַטישע דאַמען האָבען אים געשטאָכען מיט זייערע בליקען, אים געמאכט פילען, אז זיין געזעלשאפט איז זיי ניט אנגענעם. ער האָט געפילט, אז אים ווערט ענג ניט בלויז אין דער פּריוואטער געזעלשאפט פון די דאָזיגע לייט, נאָר אויך

אין די רעגירונגס-קרייזען. אין אויגוסט, 1793, האט ער אריינ־געשיקט זיין רעזיגנאציע. אין זיין בריף צו וואשינגטאנ'ען האט ער געשריבען: „מיין אמט צווינגט מיך צו קומען אין קרייזען וועלכע קענען מיך ניט ליידען. די מענשען כאפען דארט אויף יעדעם ווארט מיינס און טראגען עס פאנאנדער, פארדרייען עס, מאכען דערפון גאר עפעס אנדערש, און פארשפרייטען עס כדי מיר צו שעדיגען". אבער וואשינגטאן האט פארלאנגט ער זאל בלייבען אין אמט ביז אנהויב 1794, און ער האט איינגעשטימט.

אין 1794, ווען עס האט זיך אנגעהויבען דער ערנסטער סכסוך צווישען אמעריקע און ענגלאנד איבער די גוואלדטאטען וואס ענגלאנד איז באגאנגען געגען די אמעריקאנער האנדעלס־שיפען, איז שוין דזשעפערסאן אין קאבינעט ניט געווען. די ענגלענדער האבען געפילט אז זיי האבען אין האמילטאנ'ען אן איבערגעבענעם פריינד, און אז ער וועט פאר זיי אלץ פארגלעטען. און זיי האבען זיך ניט גענארט אין חשבון. אויף האמילטאנ'ס עצה איז דזשאן דזשעי געשיקט געווארען קיין ענגלאנד אויסצוארבייטען א פריי־דענס־פלאן. פריער האט האמילטאן אליין געוואלט פארען. אבער די רעפובליקאנער האבען אויפגעהויבען אזא פראטעסט, אז ער האט זיין נאמען צוריקגעצויגען, און געהייסען דזשעי'ען אנצונעמען. דזשעי איז דעמאלט געווען דער הויפט־ריכטער פון סופרים קאורט. דזשעי איז געווען א געטרייער נאכפאלגער פון האמילטאנ'ען: אזוי ווי האמילטאן האט ער פאראכט דעם המון, אזוי ווי יענער האט ער געהאסט די פראנצויזישע רעוואלוציע און געהאט די וואַ־רימסטע געפילען פאר ענגלאנד. די רעפובליקאנער האבען אין סע־נאט אנגעפירט א ביטערען קאמף געגען דזשעי'ען אלס שליח. זיי האבען אבער ניט אויסגעפירט. די דעמאקראטישע קלובען האבען אויך פראטעסטירט און אויפגעפאדערט וואשינגטאנ'ען ער זאל דעם שריט ניט מאכען. אבער וואשינגטאן האט די פראטעסטען איגנארירט.

אין זעלבען יאר איז פארגעקומען דער שנאפס־אויפשטאנד („די וויסקי רעבעליאן"). דער שטייער אויף שנאפס איז לכתחילה באקעמפט געווארען פון די רעפובליקאנער אין קאנגרעס. זיי האבען

גע'טענה'ט, אז דער שטייער ווערט ארויפגעלעגט אויף די אָרימע פארמער, כדי די רעגירונג זאָל האָבען געלט צו צאָלען פּראָצענט די רייכע באזיצער פון רעגירונגס־פּאַפּירען. ווען די אומרוען האָבען זיך אָנגעפאנגען אין דער וועסט, האָט האמילטאָן גלייך געגומען צורעדען וואשינגטאָנען ער זאָל שיקען אַן ארמיי. די פעדעראַליסטישע צייטונגען האָבען אין זייערע אטאקעס גערעדט וועגען „פרעמדע", וועגען אימיגראַנטען. זיי האָבען אָנגעדייט דערויף, אַז צווישען די פארמער אין דער וועסט זיינען דאָ אַ סך איירישע אימיגראַנטען, און אַז זיי זיינען עם די פירער פון די בונטאָוושטשיקעס. פענא האָט אין זיין צייטונג געשריבען: „דער אָפּפאָל פון אייראָפּא וועט פארפלייצען אונזערע ברעגען, אויב מיר וועלען זיך ניט באוואָרענען מיט געזעצען געגען זיי". מר. וואָל־קאט, דער נייער אויסלאנדס־מיניסטער, האָט געשריבען, אַז „דער אויפשטאנד איז אַ ביישפּיל פון דעם, וואָס מיר קענען דערווארטען פון אייראָפּעאישע אימיגראַנטען". די פעדעראַליסטישע צייטונגען זיינען יעדען טאָג פול געווען מיט אַזוינע פראַזען, ווי: „ארונטער מיט די דעמאָקראַטען! ארונטער מיט אַלע, וואָס קריטיקירען באַאמטע און געזעצען! ארונטער מיט די אויסלענדישע טייוואָלים!"

די דעמאָקראַטישע קלובען זיינען איצט געוואָרען טעטיג אין לאָקאַלע וואַל־קאַמפּאניעס. זיי האָבען אָנגעהויבען פירען אַ סיס־טעמאַטישע פּראָפּאַגאנדע אונטער דזשעפערסאָנ'ס אויפזיכט. אין די וואַלען פון 1794 איז זיי געלונגען צו שלאָגען אַ היבשע צאָל פעדעראַליסטישע קאנדידאַטען, טייל פון זיי גאַנץ אָנגעזעענע. אין מאסאטשוסעטס האָבען זיי זיך אָפּגעלעגט צו באַזיגען דעם אָנגע־זעענעם פעדעראַליסטישען קאָנגרעסמאַן, פישער עימס. ער איז דערוויילט געוואָרען מיט אַ קליינער מאַיאָריטעט. אָבער מעדיסאָן האָט דערקלערט, אַז ער האָט זיין זיג צו פארדאַנקען דאָס, וואָס זיינע חסידים האָבען געבראַכט צום שטימקאַסטען נעגער און ענגלישע מאַטראָזען, וועלכע האָבען זיך גראַד געפונען אין באָס־טאָנער האַפען.

דער האַס געגען די אריסטאָקראַטען האָט זיך אויסגעדריקט

אויף פארשידענע אופנים, און אפטמאל וואולגארע אופנים. די צייטונגען פון יענער צייט דערציילען, אז אין פילאדעלפיא האבען די גאלעריע-זיצער אין טעאטער אויסגעפונען א נייעם סארט שפאס. זיי פלעגען מיט'ן אויג אויסקלייבען אן אריסטאקראט, וואס איז געזעסען אונטען אין ארקעסטער און פאדערען, ער זאל אראפנעמען זיין הוט און זיך פארנייגען פאר דער גאלעריע. ווען ער האט זיך אנטזאגט, פלעגט מען אים נעמען באמבארדירען מיט עפעל, בארען, שטיקער האלץ, און אפילו שטיינער. דערביי פלעגט מען אים אויך שימפען און זידלען מיט שמוציגע ווערטער. אויב ער האט זיך אלץ ניט אונטערגעגעבען, פלעגט מען אויף אים אראפשפייען און אראפגיסען אויף אים פון ביר-פלעשער. פון אזעלכע אטאקעס פלעגען נאטירליך ליידען ניט בלויז דער אויסגעקליבענער קרבן, נאר אויך אלע אין די ארומיגע פלעצער. איינמאל האט פאסירט, אז צוליב אזעלכע סצענעס האט כמעט דער גאנצער ארקעסטער געמוזט פארלאזען דאס טעאטער. די סקאנדאלען זיינען געגאנגען אזוי ווייט, אז אפילו די רעפובליקאנישע צייטונגען האבען גענומען פראטעסטירען.

אין אנהויב יאר 1795 האט האמילטאן רעזיגנירט פון וואשינג-טאנ'ס קאבינעט. ער האט זיין ארבייט אפגעטאן. אלע זיינע פינאנציעלע פלענער זיינען דורכגעפירט געווארען, און איצט האט ער באשלאסען זיך צוריקצוציהען אין פריוואטען לעבען און פריי-וואטע געשעפטען. די פעדעראליסטישע צייטונגען האבען אויס-גענוצט די געלעגענהייט צו רימען און צו באזינגען זיין גרויסע ארבייט. די רייכע לייט, די גרויסע סוחרים און אריסטאקראטען פון פילאדעלפיא, האבען פאר אים געמאכט אן אבשידס-באנקעט. ווען ער איז געקומען אין זיין היים-שטאדט, ניו יארק, איז ער דא אויך פון דיזעלבע קלאסען אויפגענומען געווארען מיט גרויס פאראד. אלע גרויסע געשעפטסלייט האבען אים אנגעשטעלט אלס זייער אדוואקאט. אין די ערשטע פאר מאנאטען האט ער פארדינט מער געלט ווי זיין געהאלט פאר א גאנץ יאר אלס מיניסטער האט אנגעטראפען. ער האט דעמאלט דערקלערט, אז ער איז מיד פון פאליטיק און האט פארזיכערט, אז ער וועט זיך מער אין פאליטיק

ניט מישען. דאָס איז אָבער געווען ניט מער ווי גערעדט. אין אמת'ן איז ער אויף אַ מאָמענט ניט אָפּגעטראָטען פון זיין פּלאַץ אלס פירער פון דער פעדעראַליסטישער פּאַרטיי־קליקע. ער איז פאַרבליבען דער „באָס" פון זיי פּאַרטיי ביז'ן סאַמע סוף, ביז זי איז פאַקטיש צושמעטערט געוואָרען אין די וואַלען פון 1800.

מיר האָבען אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל דערציילט וועגען דער פּיאַסקאָ פון דזשעי'ס אָפּמאַך. דזשעי האָט פאַקטיש נאָכגעגעבען אַלץ וואָס ענגלאַנד האָט געוואָלט. טייל היסטאָריקער וואַרפען די גאַנצע שולד אויף האַמילטאָנ'ען. נאָך זייער מיינונג האָט האַמילטאָ פשוט פאַרראַטען אַמעריקא צו ענגלאַנד. ווען דזשעי איז אָנגעקומען קיין ענגלאַנד, האָט ענגלאַנד געהאַט אורזאַכען זיך צו שרעקען פאַר אַמעריקא. מיט איייניגע מאָנאַטען פריער האָבען שוועדען און דענמאַרק באַשלאָסען אויפצופאָדערען אַלע נייטראַלע לענדער צו פאַראייניגען זייערע פלאָטעס און צוזאַמען זיך צו שטעלען געגען ענגלאַנד. די ענגלישע רעגירונג האָט מורא געהאַט טאָמער וועט אַמעריקא אויך צושטיין צום פּלאַן. און דזשעי האָט ווירקליך אין זינען געהאַט צו באַנוצען די דאָזיגע בייטש אין זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט ענגלאַנד. אָבער פונקט דעמאָלט ווען דזשעי האָט אָנגעהויבען זיינע שמועסען מיט דער ענגלישער רעגירונג, האָט זי געקראָגען אַ ידיעה פון איר אַמבאַסאַדאָר אין אַמעריקא, אַז האַמילטאָן האָט אים פאַרזיכערט, אַז אונטער קיינע אומשטענדען וועט אַמעריקא ניט צושטיין צום פאָרשלאַג פון די נייטראַלע לענדער. ענגלאַנד האָט געוואוסט, אַז האַמילטאָנ'ס דעה אין דער אַמעריקאַנער רעגירונג איז גרעסער אפילו ווי וואַשינגטאָנ'ס. האָט זי זיך פון דזשעי'ס סטראַשונאָק אויסגעלאַכט און אים געצוואונגען אָנצונעמען באַדינגונגען, וואָס זיינען געווען אַ דערנידערונג פאַר אַמעריקא.

ווען דער ברייטער עולם האָט זיך דערוואוסט די איינצעלהייטען פון דעם אָפּמאַך, האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם פון פּראָטעסטען. דזשעי'ס בילד איז געברענט געוואָרען אין די גאַסען אין פיל שטעדט און שטעדטלאַך. קאָפּיעס פון דעם אָפּמאַך זיינען געטראָטען געוואָרען אונטער די פיס און געריסען געוואָרען אויף

פּיצלאַך ביי די גרויסע פּראָטעסט מיטינגען. שטאָדטישע אסיפות האָבען אָנגענומען פּראָטעסט רעזאָלוציעס. האמילטאָן האָט איינ־מאָל געפּרובט רעדען ביי אַ מאסען־פאַרזאמלונג אין ניו יאָרק צו פּארטיידיגען דעם אָפּמאַך, אָבער דער עולם האָט אים ארונטער־געפּייפט פון דער פּלאַטפּאָרמע. אימיצער פון עולם האָט אים דאַן געוואָרפען אַ שטיין אין קאָפּ. די אויפרעגונג פון פאָלק האָט אָנ־געוואָרפען אַ שרעק אויף האמילטאָנ'ען, און ער האָט גענומען טראַכטען וועגען צוגרייטען אַן ארמיי צו אונטערדריקען אַ מעג־ליכען אויפשטאנד. ער האָט וועגען דעם געלאָזט וויסען די קאבי־נעט־מיניסטאָרען אין פילאדעלפיא. אין אַ רעדע האָט ער דער־קלערט, אז פאר דער רעגירונג זיינען דאָ צוויי ברירות: ענטוועדער צוריקצעווייזען דעם אָפּמאַך און גיין אין מלחמה געגען ענגלאַנד, אָדער אָנצונעמען דעם אָפּמאַך און האָבען אַ בירגער־קריג אין לאַנד גופא. פון די צוויי ברירות, האָט ער געזאָגט, איז בעסער די צווייטע. איידער אַ מלחמה מיט ענגלאַנד, איז בעסער אַ בירגער־קריג.

אַ גאַנץ זומער האָט זיך געקאָכט מיט דזשעי'ס אָפּמאַך. אין באָסטאָן האָט אַ המון אויפגעשריבען אויפ'ן הויז פון אַ רייכען פעדעראַליסט: „פארדאמט זאָל ווערען דזשאָן דזשעי! פאר־דאמט זאָל זיין יעדערער וואָס פארדאמט ניט דזשאָן דזשעי! פארדאמט זאָל זיין יעדערער וואָס וועט ניט אָנצינדען קיין ליכט אין פענסטער און וועט ניט זיצען אַ גאַנצע נאַכט און פארדאמען דזשאָן דזשעי!" אַ היסטאָריקער שרייבט, אַז דאָס אמעריקאַנישע פאָלק איז נאָך קיינמאָל ביז דעמאָלט ניט געווען אַזוי ארויסגע־בראַכט פון זיך. וואו נאָר עס האָבען זיך געטראָפען צוויי מענשען, האָבען זיי זיך גלייך גענומען אמפּערען וועגען דעם אָפּמאַך. אין די שיינקען האָט מען, ניכטערער אָדער שיכור'ערהייט, דעבאַטירט וועגען דעם אָפּמאַך, זיך געקריגט און זיך געשלאָגען. אין קראָמען, אויף די בוידען, אין די קרעטשמעס — אומעטום האָט מען גערעדט נאָר וועגען דער איין זאַך. פּרעזידענט וואשינגטאָן איז געווען אומרוהיג און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. ער האָט מורא געהאַט אונטערצושרייבען דעם אָפּמאַך. זיבען וואָכען האָט ער זיך גע־

שלאָגען מיט דער דעה. די רייכע פירער פון די פעדעראַליסטען האָבען געמוזט שטאַרק איינ'טענה'ן מיט אים איידער ער האָט מסכים געווען צו חתמ'ענען דעם דאָקומענט

אין 1796 זיינען פאָרגעקומען פּרעזידענט־וואַלען. וואַשינג־טאָן האָט זיך אַנטזאָגט ווידער צו לויפען. די פעדעראַליסטען האָבען אַרויסגעשטעלט די צוויי קאַנדידאַטען, דזשאָן עדעמס און טשאַרלס פינקני. די רעפּובליקאַנער האָבען אַרויסגעשטעלט טאָמאַס דזשעפערסאָן און דזשאָרדזש קלינטאָן. האַמילטאָן האָט עדעמס'ען קיינמאָל ניט ליב געהאַט און ער האָט ביי זיך באַשלאָסען צו זעהן, אַז פינקני זאָל קריגען מער עלעקטאָר'שע שטימען, כדי עדעמס זאָל דורכפאַלען אַלס פּרעזידענט. אָבער דאָ האָט האַמילטאָן געהאַט זיין ערשטע מפּלה. עדעמס האָט געקראָגען די גרעסטע צאָל שטימען פון אַלע קאַנדידאַטען און איז דערוויילט געוואָרען פּרע־זידענט. נאָך אים איז געקומען דזשעפערסאָן, וועלכער איז דער־ווייל געוואָרען וויס־פּרעזידענט.

די פּאָליטישע לאַגע אין דער אַדמיניסטראַציע די פיר יאָר וואָס עדעמס איז געווען פּרעזידענט, איז געווען אַ מאָדנע: דער פּרעזידענט איז געווען אַ פעדעראַליסט, דער וויס־פּרעזידענט אַ רעפּובליקאַנער. די מיניסטאָרען אין קאַבינעט זיינען געווען גע־טרייע אָנהענגער פון האַמילטאָנ'ען, און זיי האָבען געטאָן ניט וואָס עדעמס האָט געוואָלט, נאָר וואָס האַמילטאָן האָט אין געהיים באַ־פוילען. די ערשטע צייט האָט עדעמס ניט געוואוסט, אַז זיינע מיניסטאָרען, זיינע וויכטיגסטע עצה־געבער, פאַרראַטען אים. ווען ער האָט זיך ענדליך דערוואוסט, האָט ער זיי אַלעמען אַרונטער־געזעצט. דאָס האָט צושפּאָלטען די פעדעראַליסטישע פּאַרטיי. האַמילטאָן איז דאַן אַרויס אין אָפענעם קאַמף געגען עדעמס'ען. אין די וואַלען פון 1800 איז די פעדעראַליסטישע פּאַרטיי געווען צוריסען, און דאָס האָט אַ סך צוגעהאָלפען צו איר מפּלה. אין די פיר יאָר פון עדעמ'סעס אַדמיניסטראַציע האָבען די אַלע ביז איצטיגע פּאָליטישע קאַמפען דערגרייכט דעם קלימאַקס. אין 1798 איז דאָס לאַנד געווען אין אַ קריגס־צושטאַנד, און די רעגירונג האָט נע'רודפ'ט אירע געגנער מיט מיליטערישע טעראָר־מיטלען.

די שענדליכסטע בלבולים זיינען געמאכט געוואָרען אויף די אָנ־געזעענסטע פערזענליכקייטען. עס זיינען פאָרגעקומען געשלעגען אין קאָנגרעס. גלחים אין די קירכען האָבען געהאלטען פּאָליטישע רעדעס פון ערגסטען סאָרט. דער שטורם איז פאָרגעקומען צוליב דער אַלטער אורזאך: ענגלאנד און פראנקרייך. די פעדעראַליסטען האָבען געהאַט די אויבערהאַנט דורכדעם, וואָס די פראנצויזישע דיפּלאָמאַטען האָבען געטאָן איינינע זאכען, וואָס האָבען ארויס־גערופען פאררדום צווישען די מאַסען אין אמעריקא. עס פאר־שטייט זיך, אז די פראנצויזען זיינען געטריבען געוואָרען צו מאַנכע פון זייערע האַנדלונגען דורך דזשעי'ס אָפּמאַך. פראַנקרייך איז אטאַקירט געוואָרען אין שאַרפע רעדעס אין קאָנגרעס, און דער ענגלישער אמבאסאַדאָר האָט זיך געפילט אזוי ווי ביי זיך אין דער היים, אזוי ווייט, אז ער פלעגט אָפּט ארומגיין אין קאָנגרעס־זאַל און זיך סוד'ען מיט די קאָנגרעסלייט.

צוויי פון די וויכטיגסטע רעפּובליקאנישע קאָנגרעסלייט,ביידע גוטע רעדנער און קעמפער, האָבען געהאַט דאָס אומגליק צו זיין אויסלענדער, אימיגראַנטען. איינער פון זיי איז געווען מעטיו לייען, אַן אירלענדער פון ווערמאָנט; דער צווייטער — אַלבערט גאַלאַטין, א שווייצאַריער פון פּענסילווייניא. האָט מען זיי אין קאָנגרעס אויפגעוואָרפען, אַז זיי זיינען אימיגראַנטען. די פעדע־ראַליסטישע קאָנגרעסלייט האָבען פון זיי חוזק געמאַכט. גאַלאַטין האָט נאָך צום אומגליק געהאַט אַן אויסלענדישען אַקצענט. האָט מען דאָס אויך אים אויפגעוואָרפען ניט בלויז אין קאָנגרעס, נאָר אויך אין דער פעדעראַליסטישער פּרעסע. (גאַלאַטין איז שפּעטער געוואָרען פינאַנץ מיניסטער און ווערט באַטראַכט אַלס איינער פון די גרעסטע פינאַנץ מיניסטאָרען וואָס אמעריקא האָט געהאַט).

דער ביטערסטער צאָרן פון די פעדעראַליסטען איז אויסגע־גאָסען געוואָרען אויף דזשעפערסאָנ'ען. זיי האָבען געוואוסט, אז ער איז די נשמה פון דער רעפּובליקאנישער פּארטיי און אז ער שטייט אין וועג און דערלאָזט ניט, אז אמעריקא זאָל דערקלערען קריג געגען פראַנקרייך. דזשעפערסאָן איז אין דער געגנערישער פּרעסע פאָרגעשטעלט געוואָרען ווי א טייפעל אין מענשען גע־

שטאַלט. אַלע טירען אין די אַריסטאָקראַטישע הייזער זיינען פאַר אים געווען פאַרשלאָסען. ער פלעגט די אָוועגטען פאַרברענגען אַליין אין זיין צימער, אָדער אין דער געזעלשאַפט פון זיינע פּאָלי־טישע קאָלעגען.

די פעדעראַליסטען האָבען זיך רעכט צובושעוועט, ווען עס איז אָנגעקומען די נייעס וועגען דעם קבלת־פנים, וואָס די אַמעריקאַנישע קאָמיסיע האָט געקראָגען אין פּאַריז. ווי עס איז פריער דערציילט געוואָרען, האָט די אַמעריקאַנישע קאָמיסיע געקראָגען צו פאַרשטיין, אַז זי וועט אַנדערש ניט אויפגענומען ווערען אָפיציעל, סיידען אַמעריקאַ וועט פריער צוזאָגען צו געבען פראַנקרייך אַ גרויסע הלואה, און געוויסע פערזאָנען פון דער פראַנצויזישער רעגירונג וועלען קריגען אַ היבשע מטבע כאַבאַר. דער דאָזיגער פאָרשלאַג האָט אַרויסגערופען אַן אמת'ע היסטעריע פון צאָרן אין אַמעריקאַ. די פעדעראַליסטען זיינען געוואָרען די העלדען פון טאָג. „זעט, וואָס פראַנקרייך איז!״ — האָבען זיי געשריען מיט נצחון. דאָס הויז פון דעם רעפּובליקאַנישען רעדאַקטאָר באַך (אַן אייניקעל פון בענדזשאַמין פרענקלין) איז באַפאַלען געוואָרען פון אַ פעדעראַליס־טישען המון, וואָס האָט געמאַכט אַ פּאָגראָם אויפ'ן הויז. פון באַכ'ס הויז איז דער המון אַוועק צום סקווער, וואו בענדזשאַמין פרענקלינ'ס סטאַטוע איז געשטאַנען, און האָט די סטאַטוע אויס־געשמירט מיט בלאָטע. די פעדעראַליסטישע צייטונגען האָבען גענומען דרוקען אויסגעטראַכטע מעשיות פון פראַנצויזישע רציחות. אַ פילאַדעלפיער צייטונג האָט דערציילט, אַז אַ פראַנצויזישע שיף איז אָנגעקומען קיין טשאַרלסטאָן, סאַוט קאַראָליינאַ, און די פראַנ־צויזישע מאַטראָזען זיינען דאָרט באַפאַלען הייזער און זיי באַרויבט. די פעדעראַליסטישע צייטונגען האָבען אויך געשריבען, אַז מען האָט אויפגעדעקט אַ גאַנצע פאַרשווערונג פון פראַנצויזישע אַגענטען אין אַמעריקאַ צו באַוואַפענען די נעגער שקלאַפען און מאַכען אַן אויפשטאַנד געגען די ווייסע.

אין די גאַסען האָט מען געקענט זען גרופּעס יונגע לייט אָנ־געטאָן אין מונדירען, וועלכע האָבען זיך מושטירט און געגרייט צו מלחמה. דזשעפערסאָן האָט דערהאַלטען בריף, אין וועלכע מען

האט אים געסטראשעט מיט'ן טויט. ער איז פארפאלגט געווארען פון שפיאנען, וואס די פעדעראליסטען האבען אנגעשטעלט צו היטען זיינע טריט. ער האט מורא געהאט צו שיקען א בריף דורך דער פאסט; ער האט געוואוסט, אז זיינע בריף ווערען געעפענט. ביי יעדען באנקעט פון די פעדעראליסטען איז געהאלטען געווארען א טאסט געגען דזשעפערסאן'ען. איינער פון די טאסטען איז געווען פאלגענדער פזמון: „זאל זיין הארץ ענטוועדער געלייטערט ווערען אין דעם ריינעם פייער פון פעדעראליסטען, אדער ס'זאל פארניכטעט ווערען אין א קאלך־אויווען".

אין זומער פון 1798 האבען זיך אין קאנגרעס אנגעהויבען די ויכוחים איבער די פארגעשלאגענע גזירות געגען אימיגראנטען (אז דער פרעזידענט זאל זיי מעגען ארויסשיקען פון לאנד) און געגען בונטאוושטשיקעס (שטראפען פאר באליידיגען דעם פרעזידענט אדער דעם קאנגרעס). די גזירות אויף אימיגראנטען זיינען גע־צילט געווארען הויפטזעכליך געגען די איירישע. האמילטאן און די אנדערע פעדעראליסטישע פירער האבען שרעקליך געהאסט די איירישע אימיגראנטען, וועלכע האבען זיך דאן געלאזט פילען אין דער פאליטיק. די איירישע זיינען דאן אלע געווען רעפובליקאנער שוין דערפאר אליין, וואס זיי האבען געהאסט ענגלאנד. אין איר־לאנד האט זיך דאס פאלק דאן געבונטעוועט געגען דער ענגלישער הערשאפט. די היגע רעפובליקאנישע פארטיי האט סימפאטיזירט מיט'ן איירישען אויפשטאנד אזוי ווי מיט דער פראנצויזישער רעוואלוציע. ביי רעפובליקאנישע באנקעטען פלעגען טאסטען גע־האלטען ווערען פאר א פרייער אירלאנד. א סך פון די איירישע אימיגראנטען זיינען געקומען קיין אמעריקא ווייל זיי זיינען אין דער היים געווען רעוואלוציאנערען און זיינען גע'רודפ'ט געווארען פון דער ענגלישער רעגירונג. די פעדעראליסטישע רעגירונג האט נאטירליך געהאלטען מיט ענגלאנד און די רעפובליקאנישע אפא־זיציע — מיט אירלאנד. דעריבער זיינען די איירישע געווארען הייסע אנהענגער פון דזשעפערסאנ'ס פארטיי. דאס געזעץ, אז דער פרעזידענט זאל מעגען ארויסשיקען אימיגראנטען פון לאנד

האָט געצילט טיילווייז געגען פראַנצויזישע, אָבער הויפּטזעכליך געגען די איירישע אימיגראַנטען.

די צוויי געזעצען זיינען אָנגענומען געוואָרען און אין לאַנד האָט זיך אָנגעהויבען אַן אמת'ער טעראָר, אַ געיעג אויף ראַדיקאַלען, אויף די וואָס האָבען געוואַגט אַרויסצוזאָגען אַ מיינונג, וואָס האָט ניט געשטימט מיט דער מיינונג פון דער רעגירונג אָדער פון דער פעדעראַליסטישער פּאַרטיי.

דער ערשטער קרבן פון דעם „סעדישאָן" געזעץ איז געווען דער איירישער קאָנגרעסמאַן לייען. ער איז אָנגעקלאָגט געוואָרען פאַר זאָגען ניט־איידעלע ווערטער וועגען פּרעזידענט און איז פאַר־משפּט געוואָרען צו פיר חדשים געפענגעניש און אַ געלט־שטראָף פון טויזענט דאָלאַר. אין דעם שטעדטעל וואו דער פּראָצעס איז פאָרגעקומען, איז געווען אַ געפענגעניש, נאָר אַזוי ווי די תפיסה איז געווען אַ גראַמע און ריינע האָט דער ריכטער געהייסען, מען זאָל דעם פאַר'משפּט'ן אָפּפירען אין אַ שטעדטעל פערציג מייל ווייטער. דאָרט האָט זיך געפונען איינע פון די שרעקליכסטע טורמעס אין לאַנד. די צעל אין וועלכער מען האָט דעם קאָנגרעס־מאַן פאַרשפּאַרט, איז געווען אַ קליינע, אַן ענגע. קיין באַהייצונג איז אין איר ניט געווען. אין אַ ווינקעל איז געווען אַן אָפּגאַנגס־אָרט, פון וועלכען עס האָט געשלאָגען אַ שרעקליכער געשטאַנק.

לייען'ס אַרעסט האָט אויפגערודערט דעם שטאַט ווערמאָנט. מחנות מענשען פלעגען זיך פאַרזאַמלען אַרום דער טורמע און מאַכען דעמאָנסטראַציעס. איינמאָל האָט דער פאַרזאַמעלטער עולם געוואָלט אויפרייסען די תפיסה און באַפרייען דעם אַרעסטאַנט. ער האָט אָבער אַליין זיך געבעטען, זיי זאָלען עס ניט טאָן דער־ווייל. איידער לייען'ס געפענגעניש טערמין האָט זיך געענדיגט, זיינען אָנגעקומען נייע קאָנגרעס־וואַלען און לייען דער „פאַררעטער" איז דערוויילט געוואָרען מיט 4,500 שטימען געגען 2,400.

די לייען־אַפערע האָט באַוויזען, אַז די שטימונג אין לאַנד האָט זיך גענומען בייטען. די פעדעראַליסטען זיינען מיט זייער טעראָר אַוועק צו ווייט. און דער עולם האָט זיך גענומען אויס־טשוכען פון דער מלחמה־משוגעת. יעדער פּראָצעס פון אַ „בונ־

טאוושטשיק" האט געבראכט נייע פראטעסטען. דשזעפערסאן האט דאן געמאכט דעם געוואגטען שריט, פון וועלכען עס איז שוין פריער גערעדט געווארען: ער האט געווירקט אויף זיינע אנהענגער אין ווירדזשיניא און קענטאקי, זיי זאלען אריינטראגען רעזאלוציעס אין די דארטיגע לעדזשיסלייטשורס צו פארדאמען די דאזיגע געזעצען אלס אומקאנסטיטוציאנעל, און אויפצופאדערען אנדערע שטאטען צו טאן דאסזעלבע.

האמילטאן איז געווען זיכער, אז אמעריקא וועט אריינגיין אין דער מלחמה. ער האט באצייטענס גענומען אינטריגירען, ער זאל קריגען דעם אמט פון הויפט קאמאנדיר פון דער ארמיי. די מיניס־טארען האבען אים אין די אינטריגעס געהאלפען. פרעזידענט עדעמס וואלט האמילטאן'ען זיכער אזא כבוד ניט צוגעטיילט, אבער האמילטאן האט געשאפען אזא לאגע, אז עדעמס האט זיך ניט גע־קענט העלפען. אלס הויפט קאמאנדיר איז באשטימט געווארען דזשארדזש וואשינגטאן, אבער האמילטאן און זיינע מיניסטארען האבען געווירקט אויף וואשינגטאן'ען, ער זאל פאדערען, עדעמס זאל באשטימען האמילטאן'ען אלס דעם צווייטען אין ראנג נאך וואשינגטאן'ען. אזוי ווי וואשינגטאן איז שוין געווען אן אלטער מאן, האט עס געהייסען, אז האמילטאן איז דער פאקטישער הויפט קאמאנדיר.

האמילטאן האט זיך אריינגעווארפען אין דער ארבייט פון ארגאניזירען די ארמיי. עס איז אים אבער שווער געווען צו קריגען רעקרוטען. און אפילו פאר די רעקרוטען, וואס זיינען יע געקומען, איז ניט געווען גענוג מלחמה מאטעריאל. עס האבען געפעלט ביידלאך, קליידער, פראוויאנט און אמוניציע.

האמילטאן האט געפאדערט, מען זאל באזארגען די אלע נויטיגע זאכען, און די רעגירונג האט געמוזט בארגען געלט פאר דעם צוועק. דאס געלט איז, נאטירלאך, געווען אין די הענט פון „פאטריאטישע" פעדעראליסטען, וועלכע האבען אליין געטריבען דאס לאנד אין מלחמה. אבער ווען עס איז געקומען צו געבען געלט, האבען זיי ניט געוואלט געבען קיין הלואה, סיידען די רעגי־רונג וועט זיי צאלען אכט פראצענט, מיט צוויי פראצענט מער ווי

פריוואַט פערזאָנען האָבען געצאָלט. פּרעזידענט עדעמס האָט פּראָטעסטירט, אָבער האַמילטאָן און די מיניסטאָרען האָבען גע־טענה'ט, אַז מען מוז די רייכע לייט נאָכגעבען, אַז מלחמה איז מלחמה און געשעפט איז געשעפט. עדעמס האָט זיך ווידער אונ־טערגעגעבען און די רעגירונג האָט געבאָרגט פינף מיליאָן דאָלאַר אויף אַכט פּראָצענט.

די מלחמה איז נאָך דערווייל ניט געקומען אָבער דאָס לאַנד האָט שוין געליטען פון מלחמה־שרעק. דער מיליטערישער גייסט האָט געבושעוועט. איינמאָל איז אַ גרופּע סאָלדאַטען אריין אין דער רעדאַקציע פון דער „אַראַרא", אַ רעפּובליקאַנישע צייטונג, און שיער ניט דערמאָרדעט דעם רעדאַקטאָר וויליאַם דואיין. די סאָלדאַטען האָבען זיך באַטראַכט פאַר די באַלעבאַטים אין לאַנד. אין גאַס פלעגען זיי אַראָפּשטויסען פאַרבייגייער פון די טראָטואַרען, פלעגען זיך דערלויבען אַלערליי פרייהייטען מיט פרויען, פלעגען זיך אָנ'שכור'ן און זיך ווארפען שלאָגען אויף מענשען. עס האָט פּאַסירט, אַז אַ גנב האָט זיך באַהאַלטען אין אַ קאַזאַרמע און די סאָלדאַטען האָבען ניט געלאָזען דער פּאָליציי אים אַרעסטירען. די פּאָליסלייט האָבען די סאָלדאַטען באַוויזען אַ „וואַראַנט" אויף אַרעסט, אָבער די סאָלדאַטען האָבען ניט געאַכט דעם באַפעל פון געריכט און האָבען דער פּאָליציי געענטפערט מיט אַ האָגעל פון קלעפּ. די פּאָליסלייט האָבען זיך קוים מיט זייערע לעבענס גע־ראַטעוועט.

ביסלאַכווייז אָבער האָט זיך די לאַגע גענומען בייטען לטובת דזשעפערסאָנ'ען און געגען האַמילטאָנ'ען. דאָס לאַנד האָט מער און מער דערקענט די מלחמה־קליקע אין איר ריכטיגען געשטאַלט. עדעמס האָט איינגעזען, אַז די האַמילטאָן־לייט האָבען אים פאַר־פירט, אַז זיי שלעפּען זיין אַדמיניסטראַציע אין זומפּ. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז די מיניסטאָרען אין זיין קאַבינעט זיינען זיינע געגנער און אַז זיי פאַרראַטען אים צו זיין געגנער האַמילטאָן, און ער האָט זיי באַפוילען צו רעזיגנירען. ער האָט גענומען שריט צו קומען צו אַ פאַרשטענדיגונג מיט פראַנקרייך און אויסמיידען אַ קריג. געגען דעם ווילען פון די האַמילטאָניסטען האָט ער גע־

שיקט א קאמיסיע קיין פראנקרייך. דער ברוך צווישען האמילטאן און עדעמס איז איצט געווארען אן אפענער.

אין דעם וואל־קאמף פון 1800 האט האמילטאן געארבייט אפען געגען עדעמס'ען. ער האט אנגעשטרענגט אלע זיינע כחות, איז ארומגעפארען איבער פארשיידענע שטאטען צו ווירקען, אז פינקני זאל קריגען מער שטימען ווי עדעמס. האמילטאנ'ען האבען איצט געשטיצט גאר גרויסע אריסטאקראטען, אבער די גרויסע מיטגלי־דערשאפט פון דער פעדעראליסטישער פארטיי איז געשטאנען מיט עדעמס'ען. עדעמס האט אויך געהאט אויף זיין זייט די ערליכערע פירער פון דער פארטיי.

די פעדעראליסטישע פרעסע און די פעדעראליסטישע פארטיי־פירער האבען אנגעווענדט זייער גאנצע ענערגיע צו פארלוימדען דזשעפערסאנ'ען. די גלחים אין די קלויסטערס האבען אים פאר־דאמט אלס אפיקורס. זיי האבען דערציילט, אז ער מאכט חוזק פון דער ביבעל און פון יעזוס'ען. די צייטונגען האבען דערציילט מעשיות, אז דזשעפערסאן האט בארויבט אלמנות און יתומים, וועלכע האבען אים אנגעטרויט זייער געלט. א גלח אין ווירדזשיניא האט אין א דרשה דערציילט, אז דזשעפערסאן איז אמאל פארביי־געגאנגען א האלב איינגעפאלענע קירכע און געזאגט מיט חוזק: „פאר א גאט וואס איז געבארען געווארען אין א שטאל, איז אזא קירכע גוט גענוג”.

אבער גאר די פארלוימדונגען און בלבולים האבען ניט גע־האלפען. די רעפובליקאנישע פארטיי האט געזיגט. דזשעפערסאן און באאר זיינען דערוויילט געווארען.

קאפיטעל 24.

# דזשעפערסאן׳ס קאמף געגען סופרים קאורט.

דער זיג פון די רעפובליקאנער אין די וואלען פון 1800 האט איבערגעגעבען אין זייערע הענט צוויי צווייגען פון דער רעגירונג, דער קאנגרעס און די עקזעקוטיווע. דער דריטער צווייג, די געריכטען, איז פארבליבען ביי די פעדעראליסטען. אין משך פון די עטליכע מאנאטען צווישען דעם וואל־טאג אין נאוועמבער, 1800, און דעם איינשווערונגס־טאג אין מערץ, 1801, האבען די פעדעראליסטען דורכגעפירט צוויי געזעצען צו באפעסטיגען זייער מאכט אין אט דעם דריטען צווייג. איין געזעץ איז געווען צו גרינדען נייע פעדעראלע געריכטען מיט זעכצען נייע ריכטער; דאס צווייטע געזעץ האט געגעבען דער שטאט וואשינגטאן צוויי און פערציג „דזשאסטיסעס אוו די פיעס" (פרידענס־ריכטער). כאטש זיין טערמין האט שוין געהאלטען ביים סוף, דאך האט עדעמס אוועקגעזעצט א סך פון די ריכטער און אנדערע באאמטע אין די נייע געריכטען, ניט איבערלאזענדיג עס פאר זיין נאכ־פאלגער צו טאן. דער סענאט האט עס גוטגעהייסען. עס ווערט דערציילט, אז עדעמס האט די נאכט פון דעם דריטען מערץ געארבייט ביז צוועלף אזייגער, ביז דער לעצטער מינוט פון זיין טערמין, כדי די אלע געזעצטע באאמטע ריכטיג צו פארצייכענען און פארזיגלען, לויט אלע פארמאליטעטען פון געזעץ.

דזשעפערסאן האט שטארק פראטעסטירט געגען דער האנדלונג פון עדעמס׳ן. ער האט אויסגעדריקט די מיינונג, אז פון דער מינוט אן וואס ס׳איז באקאנט געווארען אז ער, דזשעפערסאן, האט געזיגט אין די וואלען, האט עדעמס מער ניט געטארט באשטימען

קיין ריכטער און באאמטע. ער האט אויך גע'טענה'ט, אז די וואלען פון 1800 זיינען געווען מער ווי געוויינליכע וואלען, זיי זיינען געווען א רעוואלוציע. דאס פאלק האט פאקטיש געמאכט א נייע ארדנונג אין לאנד און אז דערפאר איז נויטיג אז די איבערקערעניש זאל פארקומען אין אלע צווייגען פון דער רעגירונג. דזשעפערסאן און די גאנצע רעפובליקאנישע אדמיניסטראציע האט זיך פארמאסטען אויפצוהויבען א קאמף געגען דער „דזשודי־שערי" (די געריכטליכע אפטיילונג פון דער רעגירונג).

דער קאמף איז געווען פון דער גרעסטער באדייטונג, ניט אזוי פאר יענעם מאמענט, ווי פאר דער גאנצער ווייטערדיגער געשיכטע פון לאנד. אין א פאר קליינע פונקטען האט דזשעפערסאן געוואו־נען; אין דעם עיקר אבער, אין דעם הויפט פרינציפ וואס איז געלעגען הינטער דעם קאמף, האבען די געריכטען געוואונען.

אויפ'ן שטול פון הויפט־ריכטער פון סופרים קאורט איז געזעסען דזשאן מארשאל, איינער פון די פייאינגסטע, שטארקסטע פערזענליכקייטען אין דעם לאגער פון די פעדעראליסטען. עדעמס האט אים דערהויבען צום דאזיגען אמט קורץ פאר זיין פארלאזען דעם פרעזידענט־שטול. און מארשאל איז עס געווען דער יעניגער וואס האט געפירט די מלחמה געגען דזשעפערסאנ'ען, און מארשאל איז ארויס דער זיגער.

אין קאנקרעטע פראגען האט, ווי געזאגט, דזשעפערסאן אויסגעפירט. ער האט, צום ביישפיל, אפגעשאפט די נייע געריכטען וואס עדעמס האט געגרינדעט. און ממילא האבען די נייע פעדעראליסטישע ריכטער פארלארען זייערע עמטער. ער האט אויך דורכגעפירט א געזעץ, אז דער סופרים קאורט זאל האבען ווייניגער זיצונגען, און אז די ריכטער פון סופרים קאורט זאלען שווערער ארבייטען. אבער דאס האט ניט אנגערירט דעם עיקר. די אלע נצחונות האבען אויף א האר ניט אפגעשוואכט די מאכט פון די געריכטען. די פראגע, ווער איז שטארקער אין דער רעגי־רונג: דער פרעזידענט, דער קאנגרעס, אדער די געריכטען, — אט די פראגע וואס איז געווען פון ערשטער וויכטיגקייט, איז אויס־געפאכטען געווארען אין א פראצעס איבער איינעם פון עדעמס'עס

ריכטער, א פּראָצעס וואָס איז בארימט געווארען אין דער געשיכטע אלס דער פּראָצעס פון „מארבורי געגען מעדיסאָן".

מארבורי איז געוועזן איינער פון די פרידענס־ריכטער אין וואשינגטאָן וואָס עדעמס האָט אוועקגעזעצט. אזוי ווי די לעצטע פאָרמאליטעטען זיינען געמאכט געווארען אין דער לעצטער מינוט



דזשאָן מאַרשאל

אין גרויס איילעניש, איז קיין צייט ניט געווען אָפּצושיקען צו מארבורי'ן דעם דאָקומענט מיט דער אָפיציעלער באשטעטיגונג. דער דאָקומענט איז אונטערגעשריבען געווארען פון פּרעזידענט און פארזיגעלט געווארען פון סעקרעטערי אָוו סטייט. ער איז אָבער געבליבען ליגען אויפ'ן פּרעזידענט'ס טיש ווען עדעמס איז ארויס און דזשעפערסאָן איז אריין אין אמט.

דזשעפערסאן האט דאן באפוילען זיין נייעם סעקרעטערי אוו סטייט, מר. מעדיסאן, ער זאל די אפיציעלע פאפירען ניט אפשיקען צו מארבורי'ן. האט מארבורי אנגעקלאגט מעדיסאנ'ען אין סופרים קאורט. ער האט געפאדערט, אז דער סופרים קאורט זאל צווינגען מעדיסאנ'ען אים אפצושיקען די דאקומענטען כדי ער זאל קענען אריינטרעטען אין זיין אמט אלס „דזשאסטיס אוו די פיעס". מעדיסאן און דזשעפערסאן האבען גע'טענה'עט, אז כל זמן די אנווייזונג איז ניט ארויסגעשיקט געווארען, איז די „אפאינטמענט", די באשטימונג, ניט געמאכט געווארען און דער־פאר האט ער, דער נייער פרעזידענט, דאס רעכט צו פארהאלטען די אפיציעלע מעלדונג און דערמיט אפצושטעלען די „אפאינט־מענט". מארבורי'ס טענה איז געווען, אז וויבאלד די מעלדונג איז אונטערגעשריבען און פארזיגעלט געווארען איז שוין די „אפאינטמענט" דערמיט געווען אין קראפט און דער סעקרעטערי אוו סטייט האט דעריבער קיין רעכט ניט דעם דאקומענט צו פאר־האלטען.

דער פראצעס האט זיך פארצויגען ביז פעברואר, 1803. און דאן האט דער הויפט־ריכטער, מארשאל, ארויסגעגעבען זיין אנט־שיידונג, א זייער מערקווירדיגע אבער א זייער וויכטיגע אנט־שיידונג.

די אנטשיידונג באשטייט פון דריי טיילען.

דער ערשטער טייל זאגט, אז מארבורי'ס טענה איז א גערעכטע, אז וויבאלד די מעלדונג איז אונטערגעשריבען געווארען איז ער אין אמט, און עס איז ניט נויטיג געווען דער דאקומענט זאל אים פריער איבערגעגעבען ווערען.

דער צווייטער טייל זאגט, אז טראץ דעם וואס מארבורי איז גערעכט, קען דער סופרים קאורט גארניט טאן צו צווינגען מעדיסאנ'ען אריינצוזעצען מארבורי'ן אין אמט. די קאנסטיטוציע זאגט, אז דער סופרים קאורט קען משפט'ן בלויז אין אפעלאציעס. דער פראצעס מוז פריער געבראכט ווערען אין א נידעריגערען געריכט, און נאכדעם ווי די ריכטער דארטען גיבען ארויס א פסק, קען מען זיך ווענדען צום סופרים קאורט ער זאל דעם פסק רעווי־

דירען און ארויסגעבען אן אורטייל צי ער איז א געדעכטער. מארשאַל האָט דערפאר געראטען מארבורי'ן ער זאָל אנגעבען זיין קלאגע אין א נידעריגערען געריכט.

דער דריטער טייל איז דער וויכטיגסטער. דער טייל פארנעמט זיך מיט א דיסקוסיע איבער דעם פאָריגען, דעם צווייטען טייל. דער קאָנגרעס האָט מיט א צייט פריער געהאט דורכגעפירט א געזעץ וואס האָט געגעבען דעם סופרים קאָורט דאָס רעכט צו אורטיילען געוויסע פראָצעסען, אפילו ווען א נידעריגער געריכט האָט זיי נאָך ניט פארהאנדעלט. אָט וועגען דעם רעדט מארשאַל אין דעם דריטען טייל. ער זאָגט אזוי: דער קאָנגרעס האָט קיין רעכט ניט געהאט דורכצופירען יענעם געזעץ, ווייל די קאָנסטיטוציע זאָגט אויסדריקליך פארקערט. אלע אָפטיילונגען פון דער רעגירונג זיינען אונטערוואָרפען אונטער דער קאָנסטיטוציע. ווען דער קאָנגרעס מאכט א געזעץ וואס איז געגען דער קאָנסטיטוציע איז דאָס געזעץ בטול.

מארשאַל האָט מיט דעם לעצטען פונקט אוועקגעשטעלט דעם סופרים קאָורט העכער ווי די אנדערע צוויי צווייגען פון דער רעגירונג, העכער פון קאָנגרעס, העכער פון פרעזידענט. ער האָט מבטל געמאכט א געזעץ וואָס א קאָנגרעס האָט אָנגענומען און וואָס א פרעזידענט האָט אונטערגעשריבען. דאָס האָט פאסירט צום ערשטען מאָל. מארשאַל האָט גענומען דעם געוואגטען שריט, און עס האָט זיך ארויסגעוויזען אז ער האָט קיין טעות ניט געמאכט. ער האָט ניט איבערגעשאצט די כחות פון סופרים קאָורט. ווי ער האָט גע'פסקנ'ט אזוי איז עס ביז היינטיגען טאָג געבליבען. דער סופרים קאָורט האָט ביז היינטיגען טאָג די מאכט וואָס קיין געריכט אין דער וועלט פארמאָגט ניט: מבטל צו מאכען געזעצען פון דער נאציאָנאלער רעגירונג אָדער פון אלע שטאט רעגירונגען, אויב די מאיאָריטעט פון זיינע ריכטער גלויבען אז דאָס געזעץ איז געגען א פונקט אָדער א וואָרט אָדער אפילו געגען דעם גייסט פון דער קאָנסטיטוציע.

מארשאַל'ס אנטשיידונג אין דעם מארבורי פראָצעס האָט אויפגעבראכט די פירער פון דער רעפובליקאנישער פארטיי. איבער־

הויפט האט דאס דערוועקט דעם צארן פון פרעזידענט דזשעפערסאן. „אויב עס איז ווי מארשאל זאגט" — האט דזשעפערסאן דער־קלערט, — „דאן איז אונזער קאנסטיטוציע באגאנגען זעלבסט־מארד. דער הויפט ציל פון דער קאנסטיטוציע איז געווען, אז די רעגירונג זאל באשטיין פון דריי אפטיילונגען וואס זאלען זיין אומ־אפהענגיג איינע פון די אנדערע. נאך מארשאל'ס פסק קומט אויס אז די קאנסטיטוציע האט געגעבען צו איין צווייג, דעם סופרים קאורט, דאס רעכט צו באפעלען די אנדערע צוויי וואס צו טאן און וואס ניט צו טאן. לויט דער דאזיגער טעאריע איז די קאנסטיטוציע א שטיק וואקס אין די הענט פון די ריכטער. זיי קענען זי אויס־קנעטען אין וואס פאר א פארמע זיי גלוסט זיך." דזשעפערסאן האט אין זיין ערקלערונג ווייטער אנגעוויזען דערויף, אז די סופרים קאורט ריכטער זיינען פריי פון וועלכער עס איז קאנטראל. זיי ווערען ניט אויסגעקליבען, נאר באשטימט. זייער טערמין ענדיגט זיך ניט. זיי דינען דאס גאנצע לעבען. אראפזעצען קען מען זיי ניט. „גראד אט דער צווייג פון דער רעגירונג, איבער וועלכען קיינער האט קיין דעה ניט, וועלכער איז אבסאלוט אומ־אפהענגיג, — אט דער צווייג, טענה'טע דזשעפערסאן, — קריגט, לויט מארשאל'ס פסק, די מאכט צו דיקטירען צו די אנדערע צוויי צווייגען. ווי אזוי איז דאס מעגליך אין א דעמאקראטישע רעגירונג?"

דזשעפערסאנ'ס פראטעסטען האבען ניט געהאלפען. עס איז געבליבען ווי מארשאל האט גע'פסקנ'ט. מארשאל איז אין זיין אמט פון הויפט־ריכטער פון סופרים קאורט געזעסען ביז דעם יאר 1835. אין די 35 יאר האט ער געהאט א סך געלעגענהייטען מבטל צו מאכען געזעצען פון קאנגרעס און פון באזונדערע שטאט־רעגירונגען. און ער האט די געלעגענהייטען ניט פארנאכלעסיגט. ער האט זיין טעאריע באפעסטיגט דורך לאנג־יאריגער פראקטיק. און אזוי איז עס געבליבען ביז היינטיגען טאג, טראץ דעם וואס פילע שטאטסלייט און הויכע באאמטע האבען, אזוי ווי דזשעפערסאן, פראטעסטירט געגען דעם מיט די שארפסטע ווערטער.

קאפיטעל 25.

# די „לואיזיאַנאַ טעריטאָריע“, א מיליאָן סקווער מייל אָפּגעקויפט פון פראנקרייך

די וויכטיגסטע פּאסירונג אין דזשעפערסאָנ'ס אדמיניסטראציע און איינע פון די וויכטיגסטע געשעענישען אין דער געשיכטע פון אמעריקע איז געווען דאָס אָפּקויפען פון דער אזוי־גערופענער „לואיזיאַנאַ טעריטאָריע“, א שטרעקע לאַנד פון א מיליאָן סקווער מייל, וואָס איז געלעגען אויפ'ן וועסטליכען ברעג פון טייך מיסי־סיפּי. אָט די גרויסע פּאסירונג איז געקומען כמעט ווי דורך א צופאַל. דזשעפערסאָן האָט דאָס לאַנד לכתחילה געקויפט ניט ווילעדיג, אזוי ווי איבערגעוואלד.

די גרעניץ פון די פאראייניגטע שטאַטען איז געווען דער טייך מיסיסיפּי. דאָס לאַנד אויף יענער זייט פון דעם מיסיסיפּי איז נאָך ניט געווען אויסגעפאָרשט. די ערשטע רייזענדע, וואָס האָבען יענע טעריטאָריע באַזוכט, זיינען געווען פראנצויזען, אין אָנפאַנג פון 19טען יאָרהונדערט, און זיי האָבען זי ערקלערט פאַר אַ פראנ־צויזישער קאָלאָניע. מיט דער צייט האָבען דאָרט די פראנצויזען אויפגעבויט אַ רייע ישובים צווישען וועלכע ניו אָרליענס איז געווען די וויכטיגסטע שטאָדט. נאָך דער גרויסער מלחמה צווישען ענגלאַנד און פראנקרייך איבער דער הערשאפט אין אמע־ריקא, וועלכע האָט זיך געענדיגט אין 1763, האָט פראנקרייך די טעריטאָריע אויף יענער זייט מיסיסיפּי אוועקגעגעבען שפּאַניען. די פראנצויזען האָבען יענע מלחמה מיט ענגלאַנד פארלאָרען, און ענגלאַנד האָט צוגענומען קענעדע. איבער לואיזיאַנאַ האָבען זיך אָבער די צוויי רעגירונגען ניט געקריגט. ענגלאַנד האָט ניט געארט,

ווער עס וועט יענע גרויסע ווילדערנישען האָבען. פראַנקרייך האָט אַלזאָ געקענט דאָרטען פאַרבלייבען די באַלעבאָסטע ווי פריער. זי האָט אָבער מער ניט געוואָלט האָבען צו טאָן אין אַמעריקע; זי האָט זיך ניט געריכט, אַז פון דער לואיזיאַנאַ טעריטאָריע וועט אַמאָל עפּעס ווערען און זי האָט דאָס אַוועקגעגעבען אַלס מתנה צו איר דעמאָלטדיגער פריינדין שפּאַניען.

די פאַראייניגטע שטאַטען אין יאָהר 1803 נאָכדעם ווי זי האָט אָפּגעקויפט די לואיזיאַנאַ טעריטאָריע

ווען די אַמעריקאַנער האָבען נאָך דער רעוואָלוציע גענומען אריינדרינגען טיפער אין די וועסט, איז דער מיסיסיפּי טייך פאַר זיי געוואָרען אַלץ וויכטיגער און וויכטיגער. קיין וועגען, קיין שאָסייען דורכ'ן לאַנד זיינען דאָרט נאָך ניט געווען. עס איז דער־פאַר אוממעגליך געווען פאַר די פאַרמער אין אָהייאָ, קענטאָקי און טענעסי צו שיקען זייערע פאַרם־פּראָדוקטען אויף די מערק פון דער איסט מיט פערד־און־וואָגען. זיי האָבען עס אָבער געקענט טאָן מיט שיפען אויף דעם טייך מיסיסיפּי. זיי פלעגען אָנפּאַקען

די פּראָדוקטען אויף קליינע, פלאַכע שיפלאַך און אראָפּשווימען מיט זיי ביז ניו אָרליאַנס. דאָרט פאַלט דער מיסיסיפּי אריין אין דעם „גאָלף אָוו מעקסיקאָ". ביים האַפען פלעגען שוין שטיין גרויסע ים־שיפען, וואָס פלעגען די סחורה איבערנעמען און אוועקפירען אין די האַפען־שטעדט פון דער איסט, אין טשאַרלסטאָן, פילאַדעלפיא, ניו יאָרק, א. א. וו. אויף דעמזעלבען וועג פלעגען די סוחרים פון דער איסט שיקען זייערע פאַבריצירטע סחורות צו די פאַרמער אין דער וועסט.

איבער דער האַפען־שטאָדט ניו אָרליאַנס און איבער דעם גאַנצען געגענד דאָרטען, וואו דער טייך פאַלט אַריין אין דעם גאָלף, איז שפּאַניען געווען די באַלעבאָסטע. זי האָט די ערשטע צייט אָנגעטאָן די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען אין דער וועסט אַ סך צרות. אין 1795 האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג ענדליך געשלאָסען מיט שפּאַניען אַן אָפּמאַך, לויט וועלכען די אַמעריקאַנער האָבען געקראָגען דאָס רעכט זיך צו באַנוצען מיט'ן טייך מיסיסיפּי און מיט'ן האַפען פון ניו אָרליאַנס. פון דעמאָלט אָן איז דאָרט געווען רואיג.

אין 1800 האָט נאַפּאָלעאָן אין געהיים צוריק אָפּגענומען לואי־זיאַנאַ ביי שפּאַניען. ער האָט פאַרשפּראָכען דעם שפּאַנישען קעניג, אַז ער וועט מאַכען זיין איידים פאַר קעניג איבער אַ שטיק טעריטאָריע אין איטאַליען, און דערפאַר האָט דער שפּאַנישער קעניג איינגעוויליגט אים אַוועקצוגעבען צוריק לואיזיאַנאַ. נאַפּאָ־לעאָן האָט דעמאָלט גע'חלומ'ט וועגען אויפבויען אַ גרויסע אימ־פּעריע מיט קאָלאָניעס אין אַלע וועלט־טיילען. לואיזיאַנאַ האָט געזאָלט ווערען אַ וויכטיגער טייל פון דעם אימפּעריאַליסטישען בנין. דעם אָפּמאַך מיט שפּאַניען האָט נאַפּאָלעאָן געהאַלטען פאָרלויפיג אין געהיים צוליב צוויי אורזאַכען: ערשטענס, האָט ער דאַן געפירט מלחמה מיט ענגלאַנד, און ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועט די ענגלישע רעגירונג שיקען אַ פלאָטע קיין ניו אָר־ליאַנס. צווייטענס, האָט ער פריער געוואָלט אין לואיזיאַנאַ אריינ־שיקען אַן אייגענע אַרמיי און אַרייננעמען דאָס לאַנד אין זיינע הענט. ער האָט געוואַרט אויף אַ געלעגענהייט דאָס צו טאָן.

דער סוד איז אויפגעדעקט געוואָרען אין 1801, נאָכדעם ווי עס איז געשלאָסען געוואָרען פרידען צווישען ענגלאנד און פראנקרייך. נאפאָלעאָן האט באלד גענומען גרייטען אן ארמיי צו פארנעמען לואיזיאנא. די ארמיי האָט געזאָלט אָנקומען אהער אין די לעצטע מאָנאטען פון 1802.

קלאנגען וועגען נאפאָלעאָנ'ס פּלענער האבען זיך דערטראָגען צו דזשעפערסאָנ'ען נאָך אין די זומער מאָנאטען פון 1801. ער האָט גלייך אָפּגעשאצט די פאסירונג אלס א זייער ערנסטע פאר די פאראייניגטע שטאטען. ער האָט געוואוסט, אז פאר די פאראייניגטע שטאטען וועט קיינמאָל ניט זיין גוט צו האבען א שטארקע מאכט פאר א שכן. כל זמן שפאניען איז געווען די אייגענטימערין פון לואיזיאנא, האָט מען ניט געדארפט מורא האבען. שפאניען איז שוין דעמאָלט געווען א שוואכע מאכט, מיט וועלכער די פאראייניגטע שטאטען האָט זיך געקענט ספּראווען. פראנקרייך איז אָבער געווען גרויס און מעכטיג, און נאפאָלעאָנ'ס אמביציעס זיינען געווען נאָך גרעסער. אין 1802 האָט דזשעפערסאָן געשריבען א בריף צו מר. ליווינגסטאָן, דעם אמעריקאנישען אמבאסאדאָר אין פאריז, אין וועלכען ער האָט דערקלערט, אז „אין יענעם טאָג ווען פראנקרייך וועט איבערנעמען ניו אָרליאנס, וועט זי ווערען א שונא פון אמעריקא". אויב דאָס וועט געשען, האָט ער אין דעם דאָזיגען בריף געזאָגט, וועט פאר די פאראייניגטע שטאטען ניט בלייבען קיין אנדער ברירה ווי זיך צו פארבינדען מיט ענגלאנד און צוזאמען באהערשען די ימ'ען.

א שטיקעל צייט נאָכדעם ווי דזשעפערסאָן האָט געשריבען דעם בריף, האָט דער שפּאנישער גאָווערנאָר פון ניו אָרליאנס פּלוצלינג אוועקגענומען דאָס רעכט פון די אמעריקאנער קאָלאָניסטען צו באנוצען זיך מיט דעם ניו אָרליאנס'ער האפען. שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דער שפּאנישער קאָמאנדיר האָט געהאנדעלט אָהן דעם וויסען פון דער שפּאנישער רעגירונג און אז ער האָט ניט געהאט קיין אויטאָריטעט דאָס צו טאָן. דערווייל אָבער איז מען אין אמעריקא זיכער געווען, אז הינטער דער האנדלונג שטייט נאפאָלעאָן, אז ער האָט שוין אָנגעהויבען ארויפצוצווינגען זיין

מאַכט אויף אַמעריקאַ. אין לאַנד האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם. איבערהויפּט האָט עס געקאָכט אין דער וועסט. די פעדעראַליסטען האָבען אויסגענוצט די געלעגענהייט צו אַגיטירען פאַר קריג געגען פראַנקרייך. זיי האָבען אריינגעטראָגען רעזאָלוציעס אין קאָנגרעס, אויפפאָדערענדיג דעם פּרעזידענט גלייך אַריינצושיקען אַן אַרמיי אין ניו אָרליאַנס און פאַרטיידיגען דאָס רעכט פון די אַמעריקאַנער אין דער וועסט. דזשעפערסאָן איז אָבער געווען געגען דעם. זיין פּאַרטיי האָט אין קאָנגרעס געהאַט די מאַיאָריטעט און די רעזאָלוציעס זיינען נידערגעשטימט געוואָרען. ער האָט באַשלאָסען צו פּרואווען דורכקומען מיט שפּאַניען און מיט פראַנקרייך אויף אַ פרידליכען וועג.

דער מזל האָט צוגעשפּילט דזשעפערסאָנ׳ען.

אין אָנפאַנג 1803 האָט נאַפּאָלעאָן באַשלאָסען ווידער אָנצו־פאַנגען קריג געגען ענגלאַנד. די אַרמיי וואָס ער האָט געשיקט צו פאַרנעמען לואיזיאַנאַ האָט זיך אויפ׳ן וועג אָפּגעשטעלט צו דערשטיקען אַן אויפשטאַנד אויף דעם פראַנצויזישען אינזעל סען דאָמינגאָ, אין די וועסט אינדיעס, און די אַרמיי איז דאָרטען פאַר־ניכטעט געוואָרען דורך אַ מגפה פון געלען פיבער. נאַפּאָלעאָן איז געצוואונגען געווען זיינע אַמביציעס וועגען אַן אימפּעריע אין אַמעריקאַ אויפצוגעבען. ער האָט איינגעזען, אַז ער וועט איצט ניט האָבען קיין מעגליכקייט אפילו צו באַשיצען לואיזיאַנאַ געגען אַן אָנפאַל פון אַן ענגלישער פלאָטע.

דערווייל האָט דזשעפערסאָן אינסטרואירט דעם אַמעריקאַ־נישען אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרייך, ער זאָל דאָרטען אָנהויבען אונטערהאַנדלען וועגען אָפּקויפען אַ שטיק לאַנד ביי דעם „מויל" פון מיסיסיפּי, דאָרט, וואו דער טייך פאַלט אריין אין דעם גאָלף. צו דער זעלבער צייט האָט ער אַרויסגעשיקט דזשיימס מאָנראָו אַלס אַ ספּעציעלען שליח קיין פראַנקרייך און קיין שפּאַניען צו העלפען אין די פאַרהאַנדלונגען. דער קאָנגרעס האָט באַשטימט פאַר דעם צוועק אַ סומע פון צוויי מיליאָן דאָלאַר.

דעם ערשטען שאַך־צוג האָט געמאַכט דער אַמעריקאַנער אַמ־באַסאַדאָר אין פראַנקרייך. ער האָט צוערשט אונטערהאַנדעלט

מיט דעם בארימטען, כיטרען אויסלאנדס־מיניסטער פון פראנק־רייך, טאלעיראן. פון אים איז אבער אוממעגליך געווען צו דער־גיין א טאלק. דאן האט ער זיך געווענדט צו נאפאלעאנ'ען אליין. ער האט אים געשריבען א בריף, אין וועלכען ער האט אנגעוויזען, אז פון יעדען שטאנדפונקט וואלט עס געווען פאר פראנקרייך א גליק צו פארקויפען אמעריקע דאס שטיק לאנד וואס ליגט ביים גאלף. פונקט דעמאלט האט אויף דאס ניי אויסגעבראכען די מלחמה צווישען ענגלאנד און פראנקרייך. אין ענגלאנד האט מען גערעדט גאנץ שטארק וועגען שיקען א פלאטע צו פארנעמען לואיזיאנא.

נאפאלעאן האט דאן געהייסען זיין אויסלאנדס־מיניסטער פארצולעגען אמעריקא, זי זאל אפקויפען די גאנצע לואיזיאנא טעריטאריע. מאנראו איז גראד דעמאלט געקומען צו פארען קיין פאריז. די צוויי אמעריקאנער פארשטייער האבען זיך מישב געווען אין באשלאסען דעם אנבאט אנצונעמען, כאטש זיי האבען אויף דעם קיין באפאלמעכטיגונג פון זייער רעגירונג ניט געהאט. א וואך צייט האט מען זיך געדונגען איבער'ן פרייז, און אין אפריל 1803 איז מען געקומען צו אן אויסגלייך. נאפאלעאן האט פאר דער גאנצער לואיזיאנא פראווינץ געקראגען די סומע פון פופצען מיליאן דאלאר.

די נייס וועגען דעם מסחר איז אין אמעריקא אויפגענומען געווארען מיט געמישטע געפילען. דזשעפערסאן אליין האט לכתחילה געהאט געוויסענביסע. ער און זיין פארטיי האבען דאך שטענדיג גע'טענה'ט, אז די נאציאנאלע רעגירונג טאר זיך ניט נעמען קיין רעכט, וואס זיינען איר ניט אויסדריקליך געגעבען געווארען אין דער קאנסטיטוציע, און אין דער קאנסטיטוציע שטייט אין ערגעץ ניט קייןווארט וועגען צוקויפען נייע טערי־טאריע. ווי קען ער פארשוועכען זיינע אייגענע פרינציפען?

די פעדעראליסטען, ווידער, האבען ענדליך געפונען א פונקט צו אטאקירען די רעפובליקאנישע אדמיניסטראציע. זיי האבען אויפגעהויבען דעם קאמף אין דער פרעסע און אין סענאט. זיי האבען געפאדערט, אז דער סענאט זאל דעם לואיזיאנא־מסחר

צוריקוווייזען. זייערע טענות זיינען געווען פאָלגענדע: ערשטענס, איז דער פרייז אַ צו גרויסער. פופצען מיליאָן דאָלאַר פאַר אַ ווילדערניש! זיי האָבען אָנגעוויזען אויף דעם, אַז וויליאַם פּען האָט פאַר פענסילוויינייא באַצאָלט ניט מער ווי אַרום זעקס־און־צוואַנציג טויזענט דאָלאַר, פאַר מעין איז באַצאָלט געוואָרען בלויז פיר טויזענט דאָלאַר. זייער צווייטע טענה איז געווען, אַז עס איז אַ סכנה איבערצונעמען לואיזיאַנאַ, ווייל אַזוי שנעל ווי די טעריטאָריע וועט ווערען פריי פון דער שפּאַנישער און פראַנצויזישער הערשאַפט, וועלען אַ סך אַמעריקאַנער אַהין אימיגרירען און די איסט וועט פאַרלירען אַ גרויסען טייל פון איר באַפעלקערונג. ווען די לואיזיאַנאַ טעריטאָריע וועט האָבען אַ גרויסע באַפעלקערונג, וועט זי זיך אָפּרייסען פון די פאַראייניגטע שטאַטען און גרינדען אַן אייגענע רעגירונג. עס איז אוממעגליך זיך פאָרצושטעלען, האָבען די פעדעראַליסטען געזאָגט, אַז אַ לאַנד וואָס ליגט אַזוי וויים, אַזש אַריבער דעם טייך מיסיסיפּי, וועט איינוויליגען צו פאַרבלייבען אונטער דער וואַשינגטאָנער רעגירונג. אויב עס וועט יאָ בלייבען, וועלען די שטאַטען, וואָס וועלען דאָרט אַנטשטיין, קריגען די אויבערמאַכט און באַהערשען די איבעריגע שטאַטען.

די צוויי פּאַרטייען האָבען זיך אַלזאָ איצט געביטען מיט די ראָלען. די פעדעראַליסטען, וועלכע האָבען שטענדיג גע'טענה'ט, אַז די רעגירונג מעג אַלץ טאָן און אַז זי דאַרף זען צו מאַכען דאָס לאַנד גרעסער און מעכטיגער, האָבען איצט געשריען, אַז דזשעפערסאָן האָט איבערגעטראָטען זיין מאַכט, אַז די רעגירונג דאַרף זיך באַנוגענען מיט דער טעריטאָריע, וואָס זי האָט, און ניט זוכען צו ווערען גרעסער און שטאַרקער. די רעפּובליקאַנער, וועלכע האָבען שטענדיג גע'טענה'ט, אַז די רעגירונג טאָר זיך ניט נעמען אַן איבעריגע רעכט און אַז דאָס לאַנד דאַרף ניט קיין נייע דעראָבערונגען, האָבען איצט געזאָגט, אַז דער פּרעזידענט האָט אַ רעכט געהאַט די ריזיגע שטיק לאַנד צו קויפען און אַז מען דאַרף די טעריטאָריע האָבען.

אין אָקטאָבער 1803 האָט דער סענאַט גוטגעהייסען דעם מסחר. אין די שפּעטערע יאָרען האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס

איז געווען ניט נאָר א מציאה פון געלט־שטאנדפונקט, נאָר אויך א נאציאָנאלער גליק. אין דער טעריטאָריע געפינען זיך היינט די פאָלגענדע שטאטען: לואיזיאנא, מיזורי, ארקאנסאָ, אייאָווא, קענזעס, נעבראסקא, נאָרט דאקאָטא, סאוט דאקאָטא און טיילען פון מינעסאָטא, קאָלאָראדאָ און אָקלאהאָמא. די דאָזיגע שטאטען זיינען דער שפייכלער פון אמעריקא. די פעלדער פון אייאָווא, קענזעס, נעבראסקא און די דאקאָטאס זיינען צווישען די פעטסטע אין דער וועלט. אין אייניגע פון די שטאטען געפינען זיך אומגעהויער רייכע מינען און אויל־קוואלען. אָן דער לואיזיאנא־טעריטאָריע וואָלטען די פאראייניגטע שטאטען היינט ניט געווען האלב אזוי גרויס, מעכטיג און רייך ווי זיי זיינען.

קאפיטעל 26.

# די מלחמה מיט די פיראטען אין אפריקא.

דעם הייליגען פארשפרעכען, וואס דזשעפערסאן האט געגעבען די בירגער, אז ער וועט ניט בויען קיין נייע קריגס־שיפען און וועט נאך פארקלענערען די פלאטע, האט ער לאנג ניט געקענט האלטען. דעם ערשטען יאהר האט ער געפרובט פארקלענערען די הוצאות פון דעם פלאטען־מיניסטעריום. אבער באלד האט זיך אמעריקא פאר־פלאנטערט אין א מלחמה אויפ'ן ים און דזשעפערסאן איז גע־צוואונגען געווען צו בויען נייע קריגס־שיפען און אויפהאלטען א פיל גרעסערע פלאטע ווי די פריערדיגע אדמיניסטראציעס, וועלכע ער האט פאר דעם חטא אזוי שטארק אטאקירט.

די מלחמה האט דזשעפערסאן געפירט מיט דער האלב־ציוויליזירטער טריפאלי, וואס ליגט אויפ'ן אפריקאנישען ברעג פון מיטעללענדישען ים.

הונדערטע יארען נאכאנאנד האבען די פיר לענדער, אלזשיר, טוניס, טריפאלי און מאראקא געצויגען כאבאר פון די אייראפע־אישע מלוכות. „דאס איז איינע פון די שטוינענדסטע ערשיינונגען אין דער וועלט־געשיכטע", שרייבט דער היסטאריקער טשענינג. „די דאזיגע פיר אפריקאנער לענדער זיינען געווען ווי מילבען אין פארגלייך מיט די מעכטע פון אייראפא. דאך האבען זיי גע־צוואונגען די גרויסע ציוויליזירטע לענדער צו צאלען זיי צינזען." יענע מלוכה, וואס האט זיך אנטזאגט צו צאלען, האט ניט געקענט פירען קיין האנדעל אויף די ים'ען. די דאזיגע לענדער פלעגען ארויסשיקען ים־רויבער, וועלכע פלעגען באפאלען די האנדעלס־שיפען פון די ווידערשפעניגע מלוכות, זיי נעמען געפאנגען, צו־

נעמען די סחורה, און די מאטראזען פארקויפען פאר שקלאפען. עס איז א סברא, אז ענגלאנד האט שטילערהייט געשטיצט די פיראטען־לענדער. פאר איר איז ניט שווער געווען צו צאלען צינזען. אבער די קלענערע לענדער, ענגלאנד'ס קאנקורענטען, האבען אפט די קאנטריבוציעס ניט געקענט באצאלען, און די פיראטען פלעגען זיי פארטרייבען פון ים. אינדירעקט האבען די פיראטען געהאלפען ענגלאנד אריינצוקריגען דעם ים־האנדעל אין אירע הענט.

כל־זמן אמעריקא איז געווען אן ענגלישע קאלאניע, האבען די פיראטען ניט געטשעפעט אירע שיפען. ענגלאנד'ס צינזען האבען שוין באשיצט אויך אמעריקא. אבער אזוי שנעל ווי אמעריקא איז געווארען אן אומאפהענגיג לאנד, האבען זיך אנגעהויבען צרות. אין 1793 האט אלזשיר געפאנגען עלף אמעריקאנישע האנדעלס־שיפען מיט 112 מאטראזען און פאסאזשירען. אמעריקא האט דאן געטאן דאסזעלבע וואס די אייראפעאישע לענדער און האט גענומען צאלען. זי האט געשיקט דעם הערשער פון אלזשיר א מיליאן דאלאר, און האט פארשפראכען אים צו צאלען צוויי און צוואנציג טויזענט דאלאר א יאר. אין 1796 האט אלזשיר געפאדערט נאך „מתנות", און אמעריקא האט איר צוגעשיקט נאך א מיליאן. אין 1795 האט מאראקא געשטעלט אן אולטימאטום, און אמעריקא האט איר באצאלט דרייסיג טויזענט דאלאר. אין 1797 האט טונים געפאדערט איר חלק, און האט באקומען דריי און אכטציג טויזענט דאלאר. און אזוי האט אמעריקא געהאלטען אין איין צאלען.

אין 1801, נאכדעם ווי דזשעפערסאן איז אריין אין אמט, האט טריפאלי דערקלערט קריג אמעריקא. טריפאלי פלעגט קריגען דריי און אכטציג טויזענט דאלאר א יאר. זי האט זיך אבער דער־וואוסט, אז אירע שכנים, אלזשיר און טונים, באקומען פון אמעריקא מער, האט זי זיך „באליידיגט" און דערקלערט קריג. דזשעפערסאן, ניט אנפרעגענדיג דעם קאנגרעס, האט ארויסגעשיקט א פלאטע געגען טריפאלי און די מלחמה האט זיך אנגעהויבען. דער קריג האט זיך געצויגען פיר יאר. אין משך פון דער צייט האט אמעריקא אויפגעבויט א היבשע פלאטע. טייל פון אירע נייע קריגס־שיפען האבען זיך געקענט פארגלייכען מיט די בעסטע פון ענגלאנד'ס

פּלאַטע. די אַמעריקאַנער האָבען אין דער מלחמה ארויסגעוויזען אזוי פיל העלדישקייט און אָנגעטאָן די פיראַטען אזוי פיל צרות, אז ניט בלויז טריפּאָלי, נאָר די אַנדערע אַפריקאַנער לענדער אויך האָבען פאַר איר געקראָגען דרך־ארץ. טריפּאָלי האָט זיך פּאַקטיש אונטערגעגעבען. אַמעריקא האָט איר בלויז באַצאָלט זעכציג טויזענט דאָלאַר אויסלייז־געלט פאַר די אַמעריקאַנער געפאַנגענע און מער קיין צינזען ניט געדאַרפט צאָלען.

די גרעסטע העלדישע טאַט אין דער מלחמה האָט באוויזען אַ יונגער פלאָטען־אָפיצער סטיפען דיקייטור. די פיראַטען האָבען געפאַנגען די אַמעריקאַנישע קריגס־שיף „פילאַדעלפיא" און זי אריינגעפירט אין זייער האַפען. דער אַמעריקאַנער אדמיראַל האָט באַשלאָסען, איידער צו לאָזען די „פילאַדעלפיא" זאָל בלייבען ביים שונא בעסער זי פאַרניכטען. דער יונגער דיקייטור האָט זיך אונ־טערגענומען דורכצופירען די געפערליכע ארבייט. ער האָט מיט־גענומען דריי און זיבעציג מאַטראָזען, זיך ארויפגעזעצט אויף אַ קליין שיפעל, און איז צוגעשוואומען צו דער „פילאַדעלפיא". אויפ'ן ברעג זיינען געשטאַנען טריפּאָליאַנער סאָלדאַטען מיט ביקסען און האַרמאַטען. דיקייטור און זיינע מאַטראָזען האָבען ארויפגעקלע־טערט אויף דער „פילאַדעלפיא", געטויט עטליכע צענדליג פון די פיראַטען, אונטערגעצונדען די שיף, און זיינען צוריק אַוועקגע־שוואומען. פון ברעג האָט מען די גאַנצע צייט אויף די אַמערי־קאַנער געשאָסען מיט הונדערטער ביקסען און האַרמאַטען. מען האָט אויף זיי אויך געשאָסען פון די שיפען און שיפלאַך פון האַפען. זיי האָבען זיך אָבער ניט אָפּגעשראָקען און זיך ניט פאַרלאָרען, דורכגעפירט זייער ארבייט און זיך צוריקגעקערט צו זייער אדמיראַל.

קאַפּיטעל 27

# אַראָן באַאַר, זיין פארשווערונג

אַראָן באַאַר איז געווען איינער פון די מערקווירדיגסטע פּער־זענליכקייטען אין דער געשיכטע פון אַמעריקא. זיין לעבענס־געשיכטע לייענט זיך ווי אַ שונד־ראָמאַן — פול מיט דראַמאַטישע און ראָמאַנטישע מאָמענטען. ער איז געווען אי אַ בוך־מענש, אי אַ פּראַקטישער מענש. ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינליכע קראַפט צו געווינען דעם צוטרויען פון מענשען און צו באַצויבערען פרויען. ער האָט ליב געהאַט דאָס גייסטיגע, דאָס שיינע, דאָס קינסטלערישע אין לעבען, און אין דערזעלבער צייט האָט ער זיך אָפּגעגעבען מיט פּאָליטישע אינטריגעס און זיך געבאָדען אין די זומפּען פון פּאָליטישער קאָרופּציע. זיין כאַראַקטער איז געווען אַ פּלאָנטער פון אַריסטאָקראַטישען שטאָלץ און דעמאָקראַטישע איינפאַכקייט, פון טיפען ערנסט און אויסגעלאַסענער לייכטזיניג־קייט. ער איז אַ טעמע פאַר אַ גרויסען ליטעראַרישען קינסטלער.

געשטאַמט האָט באַאַר פון אַ פאַמיליע פון גלחים. זיין פאָטער איז געווען אַ גלח אין נואַרק און איז שפּעטער געוואָרען דער פּרע־זידענט פון פּרינסטאָן אוניווערזיטעט. זיין מוטער׳ס פאָטער איז געווען דער באַרימטער דזשאָנאַטאַן עדוואַרדס, איינער פון די גרעסטע, אויב ניט דער סאַמע גרעסטער, פון די פּוריטאַנישע גלחים אין מאַסאַטשוסעטס. שוין אין זיין קינדהייט האָט אַראָן אַרויס־געוויזען מערקווירדיגע פייאיגקייטען צום לערנען. צו זעכצען יאָר האָט ער געענדיגט פּרינסטאָן אוניווערזיטעט. זיין פאַמיליע האָט געוואָלט, ער זאָל גיין אין די טריט פון די עלטערען און שטודירען פאַר גלח. ער האָט אָבער פאַר זיין קאַריערע אויסגעקליבען אַ

וועלטליכע פּראָפעסיע. ער איז געוואָרען אַן אדוואָקאט. אין 1775, ווען די רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכען, איז ער אַלט געוועזן ניט מער ווי ניינצען יאָר. ער האָט זיך גלייך אָנגעשלאָסען אָן דער רעוואָלוציאָנערער ארמיי. ער האָט געדינט אונטער בענעדיקט ארנאָלד אין דער עקספּעדיציע געגען קענעדע און אין די שלאַכטען אין ניו יאָרק. אויפ'ן שלאַכטפעלד האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין העלדישקייט און האָט געצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די גענעראַלען און פון די רעגירונגס־באַאמטע.

אַלס אדוואָקאט איז ער אויך געוועזן זייער ערפאָלגרייך. ער האָט זיך באַזעצט אין ניו יאָרק, וואו ער איז באַלד באַרימט געוואָרען אַלס איינער פון די גרעסטע יוריסטען אין דעם שטאַט. ער האָט פאַרדינט אַ סך געלט, געפירט אַן אריסטאָקראַטיש לעבען, האָט זיך אויסגעבויט אַ פּראַכטפולען פּאַלאַץ, האָט געהאַלטען דינער און דינסטען, און האָט זיך געפּוצט אין די שענסטע מאָדעס.

און אַזוי ווי די מערסטע ערפאָלגרייכע אדוואָקאַטען האָט אויך באאר זיך אָפּגעגעבען מיט פּאָליטיק. די פּאָליטיק פון ניו יאָרק איז דעמאָלט געלעגען אין די הענט פון די גרויסע רייכע פאַמיליעס, די קלינטאָנס, די ליווינגסטאָנס, די סקיילערס, די מאָריסעס. טייל פון זיי זיינען געוועזן פעדעראַליסטען, טייל רעפּובליקאַנער, אָבער אַלע זיינען זיי געוועזן „פון די הויכע פענסטער". די גרויסע מאַסען האָבען דעמאָלט אין דער פּאָליטיק אַ קנאַפּע ראָלע געשפּילט. זייער ווייניג פון זיי האָבען געהאַט שטימרעכט, און די וואָס האָבען יע געהאַט, האָבען ניט געוואוסט, ווי אַזוי זיך צו באַנוצען דערמיט פאַר זייערע אייגענע אינטערעסען. די וויכטיגסטע פיגור אין דער ניו יאָרקער פּאָליטיק איז געוועזן אַלעקסאַנדער האַמילטאָן, וועלכער איז געוועזן אַן איידים פון דעם רייכען אריסטאָקראַטישען סקיילער.

אאראָן באאר האָט זיך גלייך געשטעלט אויף דער זייט פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, אָבער טראָץ זיינע גרויסע פעהיג־קייטען האָט מען אים דאָרט ניט געלאָזט גיין צו ווייט. די אריס־טאָקראַטישע קלינטאָנס און ליווינגסטאָנס זיינען אים געשטאַנען אין וועג. זיין ערשטע גרויסע געלעגענהייט האָט ער געקראָגען אין יאָר 1800. דאָס איז געוועזן דאָס היסטאָרישע יאָר, ווען די

צוויי פארטייען האבען זיך באגעגענט אין דעם גרויסען קאמף, וואס האט געדארפט באשטימען זייער צוקונפט און די צוקונפט פון אמעריקא. אין די ערשטע מאנאטען פון יענעם יאר זיינען אפגעהאלטען געווארען וואלען פאר גאווערנאר אין ניו יארק. דאס גאנצע לאנד האט געהאלטען די אויגען געווענדעט אויפ'ן רעזולטאט פון יענע וואלען. עס איז געווען קלאר, אז די פארטיי וואס וועט זיגען אין ניו יארק אין אפריל, וועט געווינען די פרעזידענט-וואלען אין לאנד אין נאוועמבער. אאראן באאר האט זיך ארייגעווארפען אין דעם קאמף מיט אלע כחות, און געארבייט האט ער צווישען דעם פראסטען המון, צווישען די מיטגלידער פון דער ערשט-ארגאניזירטער „טאמאני האל" (די ארגאניזאציע פון ארבייטער, קליינע הענדלער און פארהאסטע איירישע אימיגראנטען). ער האט זיי ארגאניזירט, האט דורך זיי פראפאגאנדירט צווישען די בירגער. אין דערזעלבער צייט האט ער אליין געהאלטען רעדעס, געשריבען, געמאכט פלענער. זיין געגנער, דער פירער פון דער פעדעראליסטישער פארטיי, איז געווען אלעקסאנדער האמילטאן. געזיגט האט באאר. זיין רעפובליקאנישער צעטעל איז דערוויילט געווארען.

דזשעפערסאן און די גאנצע רעפובליקאנישע פארטיי איבער'ן לאנד האבען אנערקענט באאר'ס גרויסע ארבייט. ער איז באלד בארימט געווארען אלס וויכטיגער פאליטישער פירער. ער האט פאקטיש דורכגעבראכען דעם וועג פאר דער רעפובליקאנישער ארמיי צו מארשירען צו א פעדעראלען זיג. אין די פרעזידענטוואלען אין נאוועמבער האבען די רעפובליקאנער אים ארויסגעשטעלט אלס קאנדידאט צוזאמען מיט דזשעפערסאן'ען.

עס איז שוין אין א פאריגען קאפיטעל דערציילט געווארען וועגען דעם רעזולטאט פון די וואלען, ווי אזוי די פעדעראליסטען אין קאנגרעס האבען טעג נאכאנאנד געזוכט צו דערווילען באאר'ן פאר פרעזידענט און דזשעפערסאן'ען פאר וויים-פרעזידענט. ווען ניט אלעקסאנדער האמילטאן, וואלט עס אזוי טאקע געווען. האמילטאן האט ניט געקענט מוחל זיין באאר'ן זיין זיג אין ניו יארק, און ער האט געארבייט הינטער די קוליסען פון דער פעדעראליסטישער פארטיי, ביז וואנען ער האט איבערגעוואונען גענוג פעדעראליס-

טישע שטימען און דזשעפערסאָן האָט באַקומען דעם פּרעזידענט־אמט. באַאר האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט'ן אמט פון וויצע־פּרעזידענט.

פון די דאָזיגע וואַלען אָן הויבט זיך אָן צו וועבען די קייט פון פּאָליטישע פאַרפאָלגונגען און אינטריגעס ארום דער פּערזאָן פון אאַראָן באַאר. אויסער פריערדיגע שונאים וואָס ער האָט געהאט, האָט ער אויך אַרויסגערופען געגען זיך דעם צאָרן פון דזשעפערסאָן און די וויכטיגע דעמאָקראַטישע פירער אין זיין אייגענעם שטאַט ניו יאָרק. זיי האָבען אים חושד געווען, אז ער האָט אינטריגירט מיט די פעדעראַליסטען, אז ער האָט געזוכט דערוויילט צו ווערען פאַר פּרעזידענט מיט דער הילף פון פעדעראַליסטישע שטימען, כאָטש ער האָט גוט געוואוסט, אז זיין פּאַרטיי האָט געוואָלט דזשעפערסאָנ'ען פאַר פּרעזידענט. קלאַנגען האָבען זיך ארומגעטראָגען, אז ער האָט געהאט געהיימע קאָנפערענצען מיט די פעדעראַליסטען און זיי געמאכט געהיימע פאַרשפּרעכונגען. צי די דאָזיגע קלאַנגען האָבען געהאט א גרונד, איז קיינמאָל ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען. באַווייזען זיינען פאַראן, אז באַאר האָט זיך אָנטזאָגט צו געבען די פעדעראַליסטען א באַשטימטען ענטפער. זיינע פריינט האָבען דער־קלערט, אז ווען ער וואָלט באמת געווען נעגעבען וועלכע עס איז הבטחות, וואָלט ער זיכער געווען דערוויילט ווערען. אָבער ווי די מעשה איז ניט געווען, די רעפּובליקאַנער האָבען פון דעמאָלט אָן אים גענומען פּאָליטיש אונטערדריקען. דער ניו יאָרקער גאָווער־נאָר, ועמען ער האָט פּאַקטיש מיט זיינע כחות דערוויילט, האָט זיך אָנטזאָגט צו געבען שטעלען באַאר'ס פריינט און אָנהענגער. דער־מיט האָט ער געזוכט צו פאַרניכטען באַאר'ס פּאָליטישען איינפלוס. אין וואשינגטאָן האָבען אויך באַאר'ס פריינט ווייניג אנערקענונג געקראָגען. באַאר האָט געפילט, אזוי זיין אייגענע פּאַרטיי האָט אים פאַרראַטען.

אין 1804, ווען זיין טערמין אַלס וויס־פּרעזידענט האָט זיך שוין געהאַלטען ביים ענדיגען, האָט ער געמאכט א פּארזוך ווידער אויפצושטעלען זיין פּאָליטישע מאכט אין ניו יאָרק. זיינע אָנ־הענגער האָבען אים נאָמינירט פאַר גאָווערנאָר. די צוויי ארים־

טאקראטישע פאמיליעס, די ליווינגסטאנס און די קלינטאנס, האבען זיך גלייך פאראייניגט אים צו באקעמפען. אלס געגען־קאנדידאט האבען זיי נאמינירט אן אומבאדייטענדע פערזענליכקייט, מארגאן לואיס. די פעדעראליסטען זיינען געווען צו שוואך ארויסצושטעלען אן אייגענעם קאנדידאט, און עס האט זיך ווידער אנגעהויבען ביי זיי דער אלטער קאמף, וועלכען פון די צוויי רעפובליקאנישע קאנדידאטען זאלען זיי שטיצען. די מערסטע פעדעראליסטישע פירער זיינען געווען פאר באר'ן. אבער דא איז ווידער געקומען האמילטאן און האט זיך געשטעלט אלס דער שטן מקטרג געגען בארר'ן. יענער וואל־קאמף איז געווען איינער פון די שענדליכסטע און שמוציגסטע. די צוויי רעפובליקאנישע פראקציעס האבען אטאקירט איינע די אנדערע אויף דעם מיאוס'טען אופן. האמילטאן האט שטילערהייט געווארפען הויפענס שמוץ אויף באאר'ן.

דער רעזולטאט איז געווען ווידער א מפלה פאר באאר'ן. אין דער שטאדט ניו יארק האט ער געהאט א מאיאריטעט, אבער אין די אנדערע טיילען פון דעם שטאט איז ער געשלאגען געווארען. עס איז פאר אלעמען קלאר געווען, אז האמילטאנ'ס טעטיגקייט צווישען די פעדעראליסטישע בירגער אין יענע געגענדען האט גע־קאסט באאר'ן זיין זיג.

קורץ נאך די וואלען האט באאר אויפגעפאדערט האמילטאנ'ען, ער זאל עפענטליך אפלייקענען געוויסע פארלוימדונגען, וואס זיינען אין דער וואל־צייט געמאכט געווארען געגען בארר'ן אין האמיל־טאנ'ס נאמען. האמילטאן האט זיך אנטזאגט דאס צו טאן. האט אים באאר ארויסגערופען צו א דועל. אין יענע יארען זיינען דועלען אין אריסטאקראטישע קרייזען געווען א געוויינליכע זאך, כאטש דאס געזעץ האט זיי פארבאטען. דער דועל איז פארגעקומען אין וויהאקען, ניו דזשוירזי, דעם 11טען יולי פארטאג, 1804. האמיל־טאן איז געפאלען מיט א קויל אין בויך און איז אין א טאג ארום געשטארבען.

האמילטאנ'ס טויט האט ארויסגערופען א שטורם פון צארן געגען באאר'ן. עס האבען זיך באלד פארשפרייט מעשיות, אז באאר האט דעם דועל אויף האמילטאנ'ען ארויפגעצוואונגען, אז

האַמילטאָן האָט זיין קויל אויסגעשאָסען אין דער לופטען און אַז באַר האָט דאַן אים איינפאַך דערמאָרדעט. אַ „גרענד דזשורי" אין ניו דזשוירזי האָט באַר'ן אָנגעקלאָגט פאַר מאָרד. באַר איז אַנטלאָפען קיין פילאַדעלפיא און דערנאָך קיין וואַשינגטאָן. ער איז נאָך דעמאָלט געווען וויים־פּרעזידענט.

קומען צוריק אין זיין אַלטער היים האָט ער ניט געקענט. ווען זיין טערמין אַלס וויים־פּרעזידענט האָט זיך געענדיגט, איז זיין לאַגע געווען אַ טרויעריגע. ער איז געווען פּאָליטיש און פינאַנציעל רואינירט. ער האָט גענומען זוכען נייע וועגען, מאַכען נייע פּלענער צו שטעלען זיך ווידער אויף די פיס, אויפצובויען פאַר זיך אַ נייע קאַריערע.

אָבער דאָס וואָס ער האָט איצט אונטערנומען האָט אים אַראָפּ־געשטויסען נאָך טיפער אין אָפּגרונט. די געשיכטע פון זיין נייער אונטערנעמונג איז אַזוי פאַרפּלאָנטערט אין סתירות, אינטריגעס, אין ליגענס און בלבולים, אַז ביז היינטיגען טאָג קען מען ניט זאָגען זיכער, וואָס עס איז פאָרגעקומען.

צוויי יאָר צייט האָט זיך די געשיכטע געצויגען. אין דער וועסט איז דעמאָלט געווען אַן אומרואיגע צייט. די וואַשינגטאָנער רעגירונג האָט ערשט געהאַט אָפּגעקויפט די לואיזיאַנאַ טעריטאָריע. שפּאַניען האָט נאָך געהאַלטען די פלאָרידאַ פּראָווינצען אַרום דעם טייך מיסיסיפּי. די באַפעלקערונג אין לואיזיאַנאַ, שפּאַניער און פראַנצויזען, איז שטאַרק ניט צופרידען געווען מיט דער נייער אמעריקאַנער הערשאַפט. דער אַמעריקאַנער גאָווערנאָר האָט ניט געקענט ריידען די שפּראַך פון דער באַפעלקערונג, ער האָט ניט פאַרשטאַנען זייערע אינסטיטוציעס און געוואוינהייטען, ער האָט געטאָן אַ סך זאַכען וואָס האָבען אַרויסגערופען פאַרביטערונג געגען אים און געגען דער אַמעריקאַנער רעגירונג. ווידער, די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען אין דער וועסט, אין טענעסי און קענטאָקי, זיינען געווען אויפגעבראַכט געגען די שפּאַניער אין פלאָרידאַ און זיי האָבען געוואָלט די שפּאַניער פון דאָרט אַרויסטרייבען. אַ שטאַרקע שטימונג געגען שפּאַניען האָט אויך געהערשט אין די רעגירונגס־קרייזען אין וואַשינגטאָן. אַ לאַנגע צייט האָט מען גע־

מיינט, אז אט־אט וועט אויסברעכען א מלחמה צווישען די צוויי לענדער איבער פלארידא.

אַאראָן באַאר האָט זיך אוועקגעלאָזט אין יענע מקומות. ער



אַאראָן באַאר

האָט זיך דאָרט געשטעלט אין פארבינדונג מיט פארשידענע פער־זאָנען, מיט'ן אמעריקאנישען גענעראל אין לואיזיאנא, מיט'ן הויפּט פון די מיליץ אין טענעסי, מיט געלט־מענשען, מיט געשעפטס־לייט.

ער האָט אויך געפירט געהיימע אונטערהאַנדלונגען מיט'ן ענגלישען און מיט'ן שפּאַנישען אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן. וואָס זיינע אמת'ע פּלענער זיינען געווען, וועט מען אויף זיכער קיינמאָל ניט וויסען. קלאָר איז נאָר, אַז ער האָט געהאָפט, אַז אזוי שנעל ווי ס'וועט אויסברעכען אַ מלחמה צווישען אַמעריקא און שפּאַניען, וועט אים געלינגען צו אָרגאַניזירען אַן אייגענע ארמיי און אריינדרינגען אין מעקסיקא (וועלכע האָט דאַן געהערט צו שפּאַניען), זי איינצונעמען און דאָרט גרינדען אַן אומאָפּהענגיגע רעגירונג. עס איז אויך זיכער, אַז ער האָט געפּלאַנעוועט צו גרינדען אַ גרויסע קאָלאָניע אויף יענער זייט פון טייך מיסיסיפּי. די היסטאָריקער אָבער קענען זיך ניט אייניגען אויף דעם, צי ער האָט געהאַט ווייטערע, טיפערע פּלענער, צו גרינדען אַ באַזונדער רעגירונג אויף דער טערעטאָריע פון די פאַראייניגטע שטאַטען.

נאָך אין 1805, ווען ער האָט געהאַלטען אין ארומפאָרען אין יענע פּראָווינצען און האָט געפירט זיינע געהיימע קאָנפערענצען, זיינען אָנגעקומען מסירות צו דזשעפערסאָנ'ען, אַז באַאר פּלאַנעוועט אַן אויפשטאַנד געגען די פאַראייניגטע שטאַטען. דזשעפערסאָן האָט די מסירות איגנאָרירט. אָבער און ווידער זיינען געמאַכט געוואָרען באַשולדיגונגען געגען באַאר'ן, און די וואַשינגטאָנער רע־גירונג האָט זיי ניט גענומען ערנסט. ערשט שפּעט אין 1806 האָט דזשעפערסאָן געביטען זיין שטעלונג. ער האָט באַקומען אַ ידיעה פון גענעראַל ווילקינסאָן, דעם הויפּט פון דער אַמעריקאַנער אַרמיי אין לואיזיאַנאַ, אַז ער האָט באַוויזען, אַז באַאר האָט שוין אַלץ צוגעגרייט צו אַן אויפשטאַנד. ווילקינסאָן איז געווען איינער פון באַאר'ס אַלטע פריינט. דעם אמט אַלס גענעראַל אין לואיזיאַנאַ האָט באַאר פאַר אים געקראָגען. אין זיינע איצטיגע אונטער־נעמונגען האָט זיך באַאר מיט אַלץ פאַרטרויט צו ווילקינסאָנ'ען. ער האָט געהאָפט, אַז ווילקינסאָן וועט זיין איינער פון זיינע מיט־העלפער. אָבער פּלוצלינג האָט ווילקינסאָן אים פאַר'מסר'ט אַלס פאַררעטער.

דזשעפערסאָן האָט עפענטליך באַשולדיגט באַאר'ן אין פאַר־ראַט. די באַשולדיגונג איז געווען, אַז באַאר האָט אין געהיים אָר־

גאניזירט אן ארמיי פון צוואנציג טויזענט מענשען און אז ער פלאנעוועט איינצונעמען לואיזיאנא און די שטאטען קענטאקי און טענעסי, און דערנאך אפנעמען מעקסיקא פון שפאניען, און דאן גרינדען א מלוכה, פון וועלכער ער אליין וועט זיין דער הערשער.

באאר איז ארעסטירט געווארען. צוזאמען מיט אים זיינען אויך ארעסטירט געווארען אייניגע פון זיינע לייטענאנטען. ער איז איצט אטאקירט געווארען פון אלעמען, פון די פעדעראליסטען, וועלכע האבען אים געהאסט פאר דערשיסען האמילטאנ'ען, און פון די רעפובליקאנער, וועלכע האבען אים באטראכט אלס א שונא פון דזשעפערסאנ'ען. דזשעפערסאן האט אנגעשטרענגט אלע כחות צו פארגיפטען די מוחות פון פאלק געגען אים. עס האט אויס־געוויזען, אז באאר איז א פארלארענער.

זיין פראצעס איז פארגעקומען אין ריטשמאנד, ווירדזשיניא. אלס ריכטער איז געזעסען דער הויפט פון סופרים קאורט, דזשאן מארשאל. גע'משפט האט אים א דזשורי. די אדוואקאטען פוןביידע צדדים זיינען געווען די פייאינגסטע אין לאנד. דער פראצעס האט זיך געצויגען וואכען לאנג. דער הויפט עדות געגען באאר'ן איז געווען ווילקינסאן, זיין אמאליגער פריינט.

אבער די דזשורי האט באאר'ן פרייגעשפראכען. אלע עדות, וואס זיינען געגען אים אויפגעטראטען, האבען קיינע ממשות'דיגע באווייזען ניט געבראכט. יעדערער האט דערציילט, וואס ער האט געהערט פון אנדערע, אבער עס איז ניט באוויזען געווארען, אז באאר האט ווירקליך געטאן א פאררעטערישע טאט געגען אמעריקע.

די רעפובליקאנישע פרעסע האט א לאנגע צייט געשימפט דזשאן מארשאל'ן, אז ער איז שולדיג, וואס דער פאררעטער באאר איז ריינגעוואשען געווארען. מארשאל איז געווען א פעדעראליסט. האט די רעפובליקאנישע פרעסע אים באשולדיגט, אז ער האט באפרייט באאר'ן אויף צו להכעיס דזשעפערסאנ'ען, דעם רעפוב־ליקאנישען פרעזידענט.

מיט א סך יארען שפעטער, ווען ווילקינסאן איז שוין געווען טויט, האט מען זיך פלוצלינג דערוואוסט, אז ער האט געדינט

אלס שפּיאָן ביי דער שפּאנישער רעגירונג. מען האָט אויך אויסגעפונען, אז נאָכדעם ווי ער האָט אריינגעשיקט זיין מסירה געגען באאר'ן, האָט ווילקינסאָן געפאָדערט פון דער שפּאנישער רעגירונג פופציג טויזענט דאָלאר פאר דער דאָזיגער ארבייט. ער האָט דערקלערט, אז באאר האָט געפּלאנעוועט אָנצופאלען אויף מעקסיקא און אז דורך זיין מסירה האָט ער פארהיט די געפאר, און דערפאר קומט אים די באלוינונג. אויפ'ן סמך פון דער דאָזיגער אנטדעקונג זיינען טייל היסטאָריקער געניינגט אינגאנצען ריינצוואוואשען באָאר'ן. זיי האלטען, אז ווילקינסאָן האָט אויף אים געמאכט דעם בלבול, כדי צו קריגען געלט פון שפּאניען. אנדערע היסטאָריקער גלויבען, אז ביידע, אי באָאר, אי ווילקינסאָן, האָבען געפּלאנעוועט אָפּצורייסען די וועסט פון די פאראייניגטע שטאטען, און אז ווילקינסאָן האָט זיך אין לעצטען מאָמענט דערשראָקען און באשלאָסען צו ראטעווען זיך אליין דורך פאררעטען זיין קאָלעגע.

באָאר'ס ענדע איז געווען א טרויעריגע. נאָכ'ן פּראָצעס איז ער אוועקגעפאָרען קיין אייראָפּא אויף עטליכע יאָר. נאכער איז ער צוריקגעקומען קיין ניו יאָרק, וואו ער האָט אויסגעלעבט זיינע עלטערע יאָרען א פארשטויסענער. ער האָט אויך א היבש ביסעל געהאט צו טאָן מיט פרויען: ליבעס, חתונות און גט'ן. אין דעם דאָזיגען פּרט האָט זיין טאלאנט און ערפאָלג אָנגעהאלטען ביז'ן לעצטען טאָג פון זיין לעבען.

קאפיטעל 28

# ווידער סכסוכים מיט ענגלאנד און מיט פראנקרייך

די ווייכטיגסטע געשעענישען אין דזשעפערסאָנ'ס צווייטער אדמינסטראציע (פון 1805 ביז 1809) זיינען געווען פארבונדען מיט אויסערליכע ענינים. אמעריקא איז ווידער אריינגעצויגע געוואָרען אינ'ם קעסעל-גרוב פון אייראָפּעאישע מלחמות. די קאָנפליקטען און סכסוכים זיינען געווען פון זעלבען סאָרט וואָס אמעריקא האָט געהאט מיט ענגלאנד און מיט פראנקרייך אין דער צייט פון וואַשינגטאָנ'ס און עדעמס'עס אדמיניסטראציעס. איצט האָבען זיי אָבער אָנגענומען א פיל ערנסטערען כאראקטער, ווייל די מלחמות אין אייראָפּא זיינען געווען מער פארביטערט, מער פארצווייפעלט ווי פריער. דער קאמף צווישען פראנקרייך און ענגלאנד איז געווען א קאמף אויף לעבען און טויט. אמעריקא, זייענדיג דאָס ווייכטיגסטע נייטראַלע האנדעלס-לאנד, האָט פון דער לאגע אם שטארקסטען געליטען.

איבער צוויי זאכען זיינען פאָרגעקומען די סכסוכים און די רייבונגען. ערשטענס, וואָס די צוויי קריגערישע לענדער, ענגלאנד און פראנקרייך, פלעגען אָפּשטעלען אמעריקאנישע האנדעלס-שיפען, און אמאָל אפילו קריגס-שיפען, און ארונטערנעמען פון זיי מאַט-ראָזען מיט'ן אויסרייד, אז זיי זיינען ענגלענדער אָדער פראנצויזען. צווייטענס, וואָסביידע לענדער האָבען ארויסגעגעבען איין גזירה נאָך דער צווייטער צו באגרענעצען דאָס רעכט פון די אמעריקאנישע שיפען צו פירען סחורה קיין אייראָפּא און אין די וועסט אינדיעס. אין די ביידע פּרטים האָט ענגלאנד געזינדיגט מער ווי פראנקרייך, ווייל ענגלאנד האָט געהאט מער מעגליכקייטען צו זינדיגען. די

גאַנצע צייט וואָס די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות זיינען אָנגעגאַנגען, האָט ענגלאַנד באַהערשט די ים׳ען. אויף ווי ווייט איר איז דאָס מעגליך געווען, האָט פראַנקרייך אויך אָנגעטאָן אַמעריקא צרות. זי האָט אָבער ווייט ניט געקענט גיין. ענגלאַנד האָט אויף די ים׳ען געקענט טאָן כמעט אַלץ וואָס זי האָט געוואָלט, און זי האָט געמאַכט די לאַגע פאַר אַמעריקא זייער שווער.

אין 1803 האָט נאַפּאָלעאָן, נאָך אַ קורצען שלום, ווידער דער־קלערט קריג געגען ענגלאַנד. ווען די נייע מלחמה האָט זיך רעכט פאַנאַנדערגעפלאַקערט אין די נעקסטע פאָר יאָר, האָט זיך אָנ־געהויבען די נייע סדרה פון צרות פאַר די אַמעריקאַנער שיפען און פאַר׳ן אַמעריקאַנישען אויסלענדישען האַנדעל. אָט זיינען צוויי אינצידענטען, וואָס האָבען פּאסירט אין 1806 און 1807. זיי גיבען אַ באַגריף פון די פרייהייטען, וואָס די ענגלישע קריגס־שיפען האָבען זיך גענומען מיט די אַמעריקאַנער שיפען.

אין פרילינג פון 1806 איז די ענגלישע קריגס־שיף „לעאַנדער" אָנגעקומען צום ניו יאָרקער האַפען. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינפאָר צום האַפען און געשיקט אַ שיפעל אין שטאָדט ברענגען וואַסער און עסענוואַרג. וואַרטענדיג ביז די שיפעל וועט צוריק־קומען, האָט דער קאַפּיטאַן פון דער „לעאַנדער" דערווייל אָפּגע־שטעלט אַלע אַמעריקאַנער שיפען, וואָס זיינען אַריין און אַרויס פון האַפען, און זיי דורכגעזוכט, צי זיי פירען ניט קיין ענגלישע מאַט־ראָזען אָדער קאָנטראַבאַנד. זיין סיגנאַל צו אַ שיף, אַז זי זאָל זיך אָפּשטעלען, איז געווען אַ שאָס פון אַ האַרמאַט. איינע פון די באָמבעס האָט געטראָפען אַן אַמעריקאַנער שיפעל נעבען ברעג און געטויט אַ ציווילען מענשען, אַן אַמעריקאַנער. דאָס האָט אויפ־געבראַכט די גאַנצע שטאָדט. די אויפרעגונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז די ענגלענדער, וועלכע זיינען געקומען קויפען עסענוואַרג, האָבען זיך געמוזט באַהאַלטען. עס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען פראָ־טעסט פאַרזאַמלונגען, און דזשעפערסאָן האָט אַרויסגעגעבען אַ באַפעל, אַז די „לעאַנדער" זאָל גלייך פאַרלאָזען די אַמעריקאַנער וואַסערען און האָט פאַרבאָטען אַמעריקאַנער צו פאַרקויפען דער שיף עסענוואַרג.

דער צווייטער פאל איז פון דעם שטאנדפונקט פון נאציאנא־לער ערע געווען א פיל ערגערער. דאס האט פאסירט אין דזשון 1807. די אמעריקאנער פלאטע האט דאן ארויסגעשיקט די קריגס־שיף „טשעסעפיק" אויף א רייזע אין מיטעללענדישען ים. אין דער צייט ווען די „טשעסעפיק" האט זיך געגרייט צו דער נסיעה, האבען עטליכע מאטראזען אויף די ענגלישע שיפען ביים אמעריקאנער האפען דעזערטירט, און עס האבען זיך פארשפרייט קלאנגען, אז די מאטראזען זיינען אריינגעטראטען אין דינסט פון דער „טשע־סעפיק". די אמעריקאנער רעגירונג האט געמאכט אן אונטער־זוכונג און געלאזט וויסען די ענגלישע קאמאנדירען, אז בלויז דריי געוועזענע ענגלישע מאטראזען געפינען זיך אויף דער שיף, אבער אז זיי האבען א רעכט דארט צו זיין, ווייל זיי זיינען אמעריקאנער בירגער. די פארזיכערונג האט די ענגלענדער ניט צופרידענגע־שטעלט. דער ענגלישער הויפט קאמאנדיר האט געשיקט א געהיים־באפעל צו זיינע קריגס־שיפען ביים האפען, אז ווען די „טשעסעפיק" וועט ארויספארען אויפ'ן ים, זאלען זיי זי אפשטעלען און מאכען אן אויספארשונג וועגען די מאטראזען. דער באפעל איז דורכ־געפירט געווארען. די „טשעסעפיק" האט זיך פון אנפאנג געשטעלט אנטקעגען. האט אן ענגלישע קריגס־שיף אויף איר געשאסען. די באמבעס האבען געטויט דריי און פארוואונדעט אכטצען אמערי־קאנער. דאן האט זיך די „טשעסעפיק" אפגעשטעלט. די ענגלענ־דער זיינען ארויף און האבען אראפגענומען איין מאטראז, וועלכער איז ווירקליך געווען אן ענגלענדער.

די האנדלונג איז געווען א גרויסע באליידיגונג פאר אמעריקא. פאסירט האט עס ביים ווירדזשיניער ברעג. די דארטיגע שטעדט האבען אנגענומען שארפע רעזאלוציעס געגען ענגלאנד. זיי האבען אויפגעהערט צו פארקויפען פראוויאנט צו ענגלישע שיפען. זיי האבען געפאנגען א שיף, וועלכע האט געפירט וואסער פאר די ענגלישע קריגס־שיפען.

פרעזידענט דזשעפערסאן האט באפוילען אלע ענגלישע שיפען צו פארלאזען די אמעריקאנער וואסערען. ער האט פארבאטען אמעריקאנער צו האבען וועלכע עס איז עסקים מיט זיי און איבער־

הויפּט, אַז מען זאָל זיי מער קיין עסען ניט פאַרקויפען. די פּאַסי־רונג האָט שיער ניט געפירט צו אַ מלחמה. דזשעפערסאָן האָט עס אָבער דורך אַ קלוגען שריט פאַרמיטען. ער האָט פאַררופען אַ ספּעציעלע זיצונג פון קאָנגרעס אויף עטליכע וואָכען שפּעטער. ביז דער קאָנגרעס האָט זיך פאַרזאַמעלט, איז די אויפרעגונג שוין געווען אַריבער און די פראַגע פון אַ קריגס־ערקלערונג איז גאָרניט פאַרהאַנדעלט געוואָרען.

די האַנדעלס־גזירות זיינען פאַר אַמעריקאַ געווען נאָך שעד־ליכער ווי דער געיעג אויף די שיפען און מאַטראָזען. די גזירות זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין פאַרשיידענע צייטען צווישען די יאָרען 1805 און 1807. ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען מיט די גזירות געזוכט צו טרעפען איינע די אַנדערע, דערוויילע האָבען זיי אָבער געשעדיגט אַמעריקאַ. אין 1807 זיינען אַלע האַפענס אין איירראָפּאַ און אין די וועסט אינדיעס געווען פּאַקטיש פאַרשלאָסען פאַר׳ן אַמעריקאַנישען מסחר.

אין 1805 האָט ענגלאַנד אַרויסגעגעבען אַ באַפעל, אַז נייט־ראַלע לענדער טאָרען ניט פירען קיין סחורה פון די פראַנצויזישע וועסט אינדיעס קיין פראַנקרייך אפילו ווען די סחורה וועט פריער געבראַכט ווערען אין די אַמעריקאַנער האַפענס. אין 1806 האָט ענגלאַנד דערקלערט דעם גאַנצען איירראָפּעאישען ברעג, פון האַמבורג ביז ברעסט, אונטער אַ בלאָקאַדע און פאַרבאָטען נייטראַלע שיפען אַהין צו פאָרען. אַלס ענטפער דערויף האָט נאַפּאָלעאָן אַרויסגע־געבען אַ באַפעל, אַז אַלע ענגלישע ברעגען זיינען אונטער אַ בלאָ־קאַדע און האָט פאַרבאָטען נייטראַלע לענדער צו האַנדלען מיט ענגלאַנד. אין 1807 האָט ענגלאַנד פאַרבאָטען שיפען צו פירען סחורה פון איין פראַנצויזישען האַפען אין אַ צווייטען. שפּעטער, אין זעלבען יאָר, האָט ענגלאַנד גוזר געווען, אַז יעדער האַפען, וואָס איז פאַרשלאָסען פאַר ענגלאַנד, איז אין אַ צושטאַנד פון בלאָקאַדע און אַז סחורות וואָס ווערען פאַבריצירט אין די פאַר־בלאָקאַדירטע לענדער זיינען קאָנטראַבאַנד. אויף די דאָזיגע גזירות האָט נאַפּאָלעאָן געענטפערט מיט אַ באַפעל, אַז אַ נייטראַלע שיף, וואָס פאָרט קיין ענגלאַנד, אָדער וואָס ערלויבט אַז אַן ענגלישע שיף

זאל זי אפשטעלען און אונטערזוכען, ווערט באטראכט אלס אן ענגלישע שיף און יעדע פראנצויזישע שיף מעג זי פאנגען.

די פראנצויזישע גזירות זיינען געווען ערגער ווי די ענגלישע. די פראנצויזען האבען אבער זייערע גזירות ניט געקענט דורכפירען, ווייל זיי האבען אויפ׳ן ים וויניג מאכט געהאט. די ענגלענדער, וועלכע האבען באהערשט דעם ים, האבען געהאט די מעגליכקייט זייערע באפעלען דורכצופירען אין לעבען. די ענגלענדער האבען געפאנגען א סך מער שיפען ווי די פראנצויזען און דערפאר איז די אויפרעגונג אין אמעריקא געווען א פיל שטארקערע געגען ענגלאנד ווי געגען פראנקרייך.

דזשעפערסאן האט באנוצט אלערליי מיטלען צו ווירקען אויף ענגלאנד, זי זאל אפשאפען אירע גזירות. ער האט איר געסטראשעט, אז ער וועט פארבאטען אירע שיפען אריינצופירען אהער ענגלישע סחורות. ער האט געשיקט פארשטייער קיין ענגלאנד צו פארהאנדלען וועגען אן אפמאך. קיין זאך האט ניט געהאלפען, און די לאגע איז געווארען ערגער און ערנסטער.

דזשעפערסאן האט דאן אריינגעשיקט א „מעסעדזש" צום קאנגרעס מיט א רעקאמענדאציע, אז דער קאנגרעס זאל פארבאטען איינגאנצען דעם אויסלענדישען האנדעל אין אמעריקא. דערביי דארף מען אין זינען האבען, אז דזשעפערסאן און די גאנצע רעפובליקאנישע פארטיי האבען אין אלגעמיין באטראכט האנדעל אלס אן אומגליק פאר א לאנד. זיי האבען געגלויבט, אז א געזונט פאלק דארף זיך אפגעבען וואס מער מיט לאנדווירטשאפט און וואס וויי־ניגער מיט קאמערץ. דזשעפערסאן האט איצט געקראגען א געלע־גענהייט צו שיסען צוויי האזען מיט איין מאל — ערשטענס, א שטראף פאר ענגלאנד, און צווייטענס, א סוף צו דער צרה פון מסחר אין אמעריקא.

דזשעפערסאנ׳ס רעקאמענדאציע איז לייכט דורכגעפירט גע־ווארען אין ביידע צווייגען פון קאנגרעס. דאס געזעץ האט גע־לויטעט אזוי:

איינס, קיינע שיפען טארען ניט ארויספארען פון אן אמערי־קאנער האפען נאך אן אויסלענדישען האפען.

צוויי, אַ שיף וואָס וויל פירען סחורה פון איין אַמעריקאַנער האַפען אין אַ צווייטען אַמעריקאַנער האַפען, מוז איינלייגען „באָנדס" אויף אַ סומע צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי דער ווערט פון די סחורה וואָס זי פירט. די באָנדס זיינען געווען אַ גאַראַנטיע, אַז די שיף וועט ניט אַוועקפירען די סחורה קיין אויסלאַנד.

די רעזולטאַטען, וואָס דזשעפערסאָן האָט דערוואַרטעט, זיינען ניט פאַרווירקליכט געוואָרען. געליטען פון דעם פאַרבאָט האָבען די אַמעריקאַנער. די ענגלענדער האָבען אין געוויסע הינזיכטען געוואונען, כאָטש די ענגלישע פאַבריקאַנטען און אַרבייטער האָבען פאַרלאָרען, ווייל זיי האָבען ניט באַקומען די רויע מאַטעריאַלען פון אַמעריקאַ. אָט די קלאַסען האָבען אָבער ביי דער ענגלישער רעגירונג דאַן קיין גרויסע ראָלע ניט געשפּילט. די ענגלישע שיף־אייגענטימער האָבען פון דעם גענוג געוואונען, ווייל ער האָט אָפּ־געשאַפט זייער הויפּט־קאָנקורענט — די אַמעריקאַנער שיפען. די ענגלישע לאַנד אייגענטימער האָבען איצט אויך געקענט העכערען די פרייזען אויף תבואה, ווייל פון אַמעריקאַ איז מער קיין תבואה ניט געקומען.

אין אַמעריקאַ האָט דאָס געזעץ אין געוויסע געגענטען אָנגע־מאַכט אַ חורבן. אין פאַרלויף פון איין יאָר איז דער עקספּאָרט געפאַלען פון 110 מיליאָן אויף 22 מיליאָן. איבערהויפּט האָט זיך דער פאַרלוסט געפילט אין די ניו־ענגלאַנד שטאַטען און אין ניו יאָרק, — די הויפּט צענטערען פון שיף־אינדוסטריע און אויס־לענדישען האַנדעל. די שיף־אייגענטימער האָבען אַלערליי מיטלען אָנגעווענדעט דאָס געזעץ אויסצומיידען. די שיפען פלעגען זיך אַרויס'גנב'ענען און צוריק אַריינ'גנב'ענען אין די האַפענס. די רעגירונג האָט באַפוילען די גאָווערנאָרס פון די שטאַטען, זיי זאָלען באַנוצען די מיליץ צו באַוואַכען די האַפענס. אַ טייל פון די ניו־ענגלאַנד גאָווערנאָרס האָבען זיך אַנטזאָגט דאָס צו טאָן. אין יענע שטאַטען האָט מען אפילו גענומען ווידער רעדען וועגען אָפּ־רייסען זיך פון די פאַראייניגטע שטאַטען. דער שטורם פון פראָ־טעסטען איז געוואָרען אַזוי גרויס, אַז פיל רעפּובליקאַנער קאָנגרעס־לייט האָבען זיך דערשראָקען. אין אָנפאַנג יאָר 1809 איז דער

קאָנגרעס געצוואונגען געווען אָפּצושוואכען די גזירה. עס איז אָנ־גענומען געוואָרען אַ פאָרשלאַג, אַז אַמעריקאַנער שיפען מעגען האנדלען מיט אַלע אויסלענדישע לענדער אויסער ענגלאַנד און פראַנקרייך.

אין פאַרלויף פון דעם שטורם איבער די געזעצען זיינען פאַר־געקומען נייע וואַלען פאַר פּרעזידענט. דאָס איז געווען אין נאָ־וועמבער 1808. דזשעפערסאָן וואָלט לייכט געקענט אויסגעקליבען ווערען אַ דריטען מאָל, ניט קוקענדיג אויף דער אויפרעגונג אין ניו ענגלאַנד. ער האָט זיך אָבער אַנטזאָגט צו לויפען. ער האָט נאָך מיט אַ יאָר פריער דערקלערט, אַז מער ווי צוויי טערמינען טאָר אַ פּרעזידענט ניט זיין, ווייל עס איז דאָ אַ סכנה, אַז דער אַמט וועט פאַרוואַנדעלט ווערען אין אַ ירושה־אַמט, אַז דער פּרעזידענט וועט ווערען אַ מין קעניג. דזשעפערסאָן האָט אָבער אויסגעקליבען זיין נאָכפאָלגער. אויף זיין ראַט האָט די פּאַרטיי נאָמינירט דזשעימס מעדיסאָן, דזשעפערסאָנ'ס סעקרעטערי אָוו סטייט, און מעדיסאָן איז דערוויילט געוואָרען. פאַר וויס־פּרעזידענט איז דערוויילט געוואָרען דזשאָרדזש קלינטאָן פון ניו יאָרק.

קאפיטעל 29

# אינדיאנישע אונרועו אין דער וועסט

גלייך נאכדעם ווי די רעגירונג האט פארקלענערט דעם פרייז אויף ערד אין 1800, האט א כוואליע פון אימיגראציע א שטראם געטאן אין דער טעריטאריע פון דער וועסט. מען איז אהין גע־פאהרען פון אלע אלטע שטאטען — פון ניו ענגלאנד, פון ניו יארק, פון פענסילווייניא, אבער מער ווי איבעראל — פון דער סאוט. די צאל פון די וואס האבען פארלאזען זייערע היימען אין נארט קאראליינא און אין ווירדזשיניא איז געוועזן אזוי גרויס, אז פאר־שלאגען זיינען געמאכט געווארען אין די דארטיגע לעדזשיסלייטשורס צו פארווערען ווייטערע אויסוואנדערונגען צו דער וועסט. אין 1802 איז די באפעלקערונג פון אהייא, אין דער נארט־וועסט טעריטאריע, שוין געוועזן אזוי גרויס, אז דער קאנגרעס האט איר ערלויבט צו פארפאסען פאר זיך א קאנסטיטוציע און אריינטרעטען אלס א שטאט. דאס האט זי נאטירליך געטאן. אין 1803 איז אהייא אריינגענומען געווארען אלס א גלייכער מיטגליד פון די פאראייניגטע שטאטען. דאס שטיק לאנד, וואס ליגט וועסט פון אהייא, איז מיט א פאר יאר פריער ארגאניזירט געווארען אלס א טעריטאריע אונטער'ן נאמען אינדיאנא. די כוואליע פון אימי־גראציע האט זיך איצט פארשפרייט איבער די גרעניצען פון אהייא אין דער אינדיאנא'ר טעריטאריע אריין.

אבער דא האט זיך די כוואליע אנגעשלאגען אן א וואנט — די אינדיאנער. און עס האט געקאסט די קאלאניסטען א היבש ביסעל בלוט איידער די וואנט איז אפגעראמט געווארען. דער צו־

זאמענשטויס מיט די אינדיאנער אין דער דאזיגער טעריטאריע איז פארגעקומען אין די יארען 1810 און 1811.

אלס גאווערנאר פון אינדיאנא טעריטאריע איז באשטימט געווארען וויליאם הענרי העריסאן, וועלכער האט פריער פארטראטען די גאנצע נארט־וועסט טעריטאריע אין קאנגרעס. כל זמן דזשעפערסאן איז געווען פרעזידענט, האט העריסאן געהאנדעלט מיט



וויליאם ה. העריסאן

די אינדיאנער „פילאנטראפיש", לויט דזשעפערסאן'ס רעצעפט. ער האט געזוכט צוצונעמען ביי זיי דאס לאנד אויף „א געזעצליכען, ערליכען אופן" און צו ווירקען אויף זיי, זיי זאלען זיך אנהויבען פירען ווי די ווייסע ציוויליזירטע קאלאניסטען, באארבייטען די ערד און וואוינען אויף איין ארט אין דערפער. אט די פאליטיק, וועלכע

האָט פון אויבען אויף אויסגעוויזען א גאַנץ געזונטע, האָט אין דער אמת'ן אונטערגעגראָבען די עקזיסטענץ פון די אינדיאַנישע שבטים. דער היסטאָריקער הענרי עדעמס האַלט, אַז דזשעפערסאָן האָט עס גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, נאָר אים האָט ניט געאַרט, וואָס פון די אינדיאַנער וועט ווערען, אבי די ווייסע וועלען קריגען די ערד.

די אינדיאַנישע שבטים האָבען געצווינגען זייער חיונה הויפּט־זעכליך פון יאַגד. זיי פלעגען שיסען הירשען, בערען און בופעלען אין די וועלדער, די פלייש פלעגען זיי עסען, די פעל פלעגען זיי פאַרקויפען די ענגלישע פעל־הענדלער אין קענעדע. יעדעס מאָל וואָס די ווייסע האָבען גענומען אריינדרינגען ווייטער אין דער אינ־דיאַנישער טעריטאָריע, פלעגען די אינדיאַנער זיך שטעלען אנט־קעגען. עס פלעגען פאָרקומען צוזאַמענשטויסען, וועלכע פלעגען זיך ענדיגען מיט אַן אָפּמאַך, וואָס האָט באַשטימט א געוויסע גרעניץ: ביז אהער מעגען זיך די ווייסע באַזעצען און ווייטער געהער צו די אינדיאַנער. די ווייסע פלעגען אָבער דעם אָפּמאַך ניט היטען. פון אָנפאַנג פלעגען זיי טאַקע ניט פאַרנעמען די אינדיאַנישע ערד. זיי פלעגען אָבער דאָרטען יאָגען און שיסען די חיות, אויף וועלכע די אינדיאַנער האָבען זיך דערנערט. און אַז די ווייסע האָבען די חיות פאַרטריבען אָדער אויסגעשאָסען, האָבען די אינדיאַנער במילא געמוזט פון דאָרט אוועקגיין. די ווייסע פלעגען דאַן דאָס לאַנד פאַרנעמען אויפ'ן גרונט, וואָס דער גאַנצער באָדען פון אַמעריקא געהער צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג און אַז ווען קיין אַנדער באַלעבאָס אויף א שטיק ערד איז ניטאָ, קען די רעגירונג דערמיט טאָן וואָס זי וויל.

טייל אינדיאַנישע שבטים פלעגען ניט וואַרטען ביז זיי וועלען מוזען פון דעם לאַנד אוועק,און זיי פלעגען באַצייטענס פאַרקויפען די ערד צו דער רעגירונג. די פאַרקויפער זיינען געווען די טשיפס (די הויפּט מענער) פון די שבטים. אָפט פלעגען די שבטים נעמען אַלס פרייז פאַר זייער ערד א באַשטימטע יערליכע סומע. זיי פלעגען בלייבען וואוינען נעבען די ווייסע ישובים און פלעגען לעבען פון די יערליכע געלט וואָס די רעגירונג האָט זיי געצאָלט. אויף די דאָזיגע אינדיאַנער איז געווען נאָך א גרעסערער רחמנות ווי אויף

יענע, וואס זיינען אוועק זוכען נייע היימען. אט וואס גאווערנאר העריסאן האט אליין וועגען דעם געשריבען: „ווען איך באגעגען אן אינדיאנער, קען איך אויפ'ן ערשטען בליק דערקענען, צי ער וואוינט נעבען ווייסע, אדער ניט. אן אינדיאנער, וואס קומט פון א ווייטען שבט, איז געזונט, שטארק, און גוט געקליידט. דער וואס וואוינט נעבען אונז, איז האלב־נאקעט, שמוציג, און קראנק פון שכרות". די לעצטע פאר ווערטער אנטהאלטען די אורזאך: די אינדיאנער, וואס זיינען געווען אין שטענדיגער בארירונג מיט די ווייסע, פלעגען דעגענערירט ווערען פון שכרות. דאס געזעץ האט פארבאטען צו פארקויפען אינדיאנער שנאפס, אבער דאס געזעץ איז איגנארירט געווארען. אין א באריכט צו דער וואשינגטאנער רע־גירונג, האט גאווערנאר העריסאן געשריבען: „איך האב גרויסע שוועריגקייטען מיט די קליינע אינדיאנער שבטים פון דער נאכ־בארשאפט. זיי קומען אפט אין שטאדט שכור'ע, דרייסיג, פערציג מיט אמאל. אין דעם דאזיגען צושטאנד מאכען זיי די גרעסטע שטערונגען. זיי רייסען זיך אריין אין הייזער, הרג'ענען די חזירים און די בהמות. מייסטענס אבער ליידען זיי אליין. זיי טראגען לאנגע מעסערס און מארדען איינער דעם אנדערען".

דאס זיינען געווען די ערגסטע צוויי צרות: די ווייסע האבען אויסגעשאסען די חיות אין די אינדיאנישע וועלדער, און זיי האבען די אינדיאנער פארגיפטעט מיט שנאפס. א דריטע צרה איז געווען, וואס די אינדיאנער זיינען געווען הפקר אומעטום וואו די ווייסע האבען פארפלאנצט זייער מאכט. דאס געזעץ פון די ווייסע האט זיי ניט באשיצט. ווען א ווייסער פלעגט דערמארדען אן אינדיא־נער, פלעגט ער גע'משפט ווערען אין א ווייסען געריכט, און עס איז אוממעגליך געווען דעם מערדער צו באשטראפען. ווי שטארק די באווייזען געגען דעם מערדער זיינען ניט געווען, האט די דזשורי אים באפרייט. פילע ווייסע האבען עס אפילו געהאלטען פאר א מצוה צו טויטען אן אינדיאנער.

די רעגירונגס אגענטען פלעגען אנווענדען שווינדלערישע מע־טאדען כדי אוועקצונעמען דאס לאנד פון די אינדיאנער. זיי פלעגען בכיון לייען געלט די אינדיאנישע עלטסטע, די עלטסטע פלעגען דאס

געלט פאַרשווענדען און דערנאָך ניט קענען באַצאָלען. פלעגען זיי געצוואונגען זיין אוועקצוגעבען די ערד פון זייער גאַנצען שבט. געוויינליך פלעגען די ווייסע אַגענטען איינ׳שכור׳ן די „טשיפס״ בשעת מען האָט געדאַרפט שליסען דעם מסחר און קריגען זייער חתימה אויף די קאָנטראַקטען.

אין 1806 זיינען אויף דער סצענע דערשינען צוויי אינדיאַנער ברידער: איינער האָט זיך גערופען „דער פּראָפעט״, און דער צווייטער — טעקאמסע. זיי זיינען ניט געווען קיין „טשיפס״. זיי האָבען אָבער אָרגאַניזירט ארום זיך אַ גאַנצע באַוועגונג פון יונגע לייט, קריגער, פון די פאַרשידענע שבטים. זיי האָבען גע־טענה׳ט, אַז די עלטסטע האָבען קיין רעכט ניט צו פאַרקויפען דאָס לאַנד, ווייל די ערד געהער צום אינדיאַנישען פאָלק. זייער באַווע־גונג האָט געצילט צו אָרגאַניזירען אַ פאַרבאַנד פון די אינדיאַנישע שבטים איבער דער גאַנצער לענג פון גרעניץ, און בלויז די אַקטיווע מיטגלידער פון פאַרבאַנד זאָלען האָבען דאָס רעכט צו פאַרקויפען ערד. די צוויי ברידער האָבען אויך געפּרעדיגט צווישען די אינ־דיאַנער, זיי זאָלען ניט שכור׳ן און זאָלען באַאַרבייטען די ערד. פאַר אַ מאָדעל האָבען זיי געגרינדעט אַ קאָלאָניע אין מיטען פון דער „אינדיאַנא״ טעריטאָריע, ביים טייכעל טיפּעקאַנו. פון דאָרטען האָבען די צוויי ברידער געפירט זייערע דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנד־לונגען מיט גאָווערנאָר העריסאָן אין זייער אַגיטאַציע צווישען די אינדיאַנער אין די נאָהענטע און ווייטע שבטים.

דזשעפערסאָן און העריסאָן האָבען געדאַרפט זיין העכסט צו־פרידען מיט דער באַוועגונג. די ברידער האָבען דאָך געפאָלגט דזשעפערסאָנ׳ס עצה און אַגיטירט געגען טרינקען און געפּריידיגט דעם געדאַנק פון ערד־אַרבייט. וואָס אַנבאַלאַנגט דעם פּונקט וועגען ערד־פאַרקויפען, האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג נאָכגעגעבען טעאָ־רעטיש. נאָך אין 1795 איז אַריינגעשריבען געוואָרען אַ פּונקט אין אַן אָפּמאַך מיט אינדיאַנער, אַז די „טשיפס״ האָבען קיין רעכט ניט צו האַנדלען מיט דער ערד, אַז די ערד קען פאַרקויפט ווערען בלויז מיט דער צושטימונג פון גאַנצען שבט. צי דזשעפערסאָן איז אין האַרצען געווען צופרידען מיט דער באַוועגונג צי ניט, פאַקטיש

האט ער זי אָבער ניט געקענט שטיצען. די ווייסע אין דער טערי־טאָריע האָבען געפאָדערט ערד, און גאָווערנאָר העריסאָן האָט זיך גערעכענט מיט זייער פארלאנג און מיט זייערע אינטערעסען. מיט'ן מויל האָט העריסאָן גערעדט זייער שיין צו אינדיאנישע פאָר־שטייער, אָבער געהאנדעלט האָט ער ניט אנדערש ווי פריער.

אין סעפטעמבער 1809 האָט העריסאָן פאררופען די „טשיפס" פון עטליכע שבטים אין הארץ פון אינדיאנא און האָט ביי זיי אָפּ־געקויפט ניט ווייניגער ווי דריי מיליאָן אַקער לאנד. דאָס לאנד איז פאר די אינדיאנער געווען פון סאמער גרעסטער וויכטיגקייט, ווייל פון דער יאגד דאָרטען האָבען אלע שבטים געצויגען זייער חיונה. דער מסחר האָט אויפגערודערט אלע אינדיאנער פון דעם געגענד, און פיל שבטים, וואָס האָבען פריער איגנאָרירט די באַ־וועגונג פון די צוויי ברידער, האָבען זיך איצט אָן איר אָנגעשלאָסען. טעקאמסע'ס איינפלוס האָט זיך געשטארקט. העריסאָן האָט פאר־שטאנען, אז ער שפילט זיך מיט פייער און האָט גענומען מאכען הכנות פאר אן אינדיאנישען אויפשטאנד.

הינטער די אינדיאנער זיינען געשטאנען די ענגלענדער פון קענעדע. ערשטענס, האָבען די דאָרטיגע ענגלענדער געפירט האנ־דעל מיט די אינדיאנער. זיי פלעגען ביי זיי קויפען פוטערווארג און זיי פארקויפען געווער, שנאפּס און אנדערע זאכען. איצט, אז די אמעריקאנער האָבען צוגענומען די וויכטיגסטע יאגד־טעריטאָריע, האָבען די ענגלישע סוחרים אין קענעדע פאר זיך געזען א סכנה צו פארלירען דעם האנדעל. צווייטענס, זיינען די באציאונגען צווישען ענגלאנד און אמעריקא געווען אָנגעצויגענע צוליב די פּאסירונגען אין אייראָפּא. די ענגלענדער אין קענעדע האָבען זיך געריכט אויף א מלחמה, און זיי האָבען דערוואַרט, אז די אינדיאנער וועלען זיי אין אזא פאל שטארק צונוץ קומען. די קענעדער ענגלענדער האָבען דעריבער זיך שטארק אינטערעסירט מיט טעקאמסע'ס באוועגונג. אין וואשינגטאָן זיינען אָנגעקומען באריכטען, אז די אינדיאנער האָבען דערהאלטען געווער פון קענעדע, און אז באראטונגען זיינען פאָרגעקומען צווישען אינדיאנישע פאָרשטייער און קאנאדישע רע־גירונגס־באאמטע.

אין 1810 האָט העריסאָן פאַררופען צו זיך טעקאַמסע'ן אויף א קאָנפערענץ וועגען דער לאַגע. דער אינדיאַנישער פירער איז געקומען אין דער באַגלייטונג פון א באַוואָפענטער ארמיי. זיין דערקלערונג ביי דער קאָנפערענץ איז געווען א מוטיגע און א קלאָרע. ער האָט ארויסגעלעגט זיינע קריוודעס און זיינע פּלענער. ער האָט געזאָגט: „ברידער, זינט אונזער פרידענס־אָפּמאַך פון 1795 האָט איר אויסגע'הרג'עט מאַסען אינדיאַנער פון פאַרשידענע שבטים און צוגענומען אונזער לאַנד. איך זע ניט, ווי אַזוי מיר קענען לעבען אין פרידען, ווען איר האַנדעלט אַזוי. איר טרייבט אונז צו גוואַלדטאַט. איר ווילט ניט דערלאָזען, אַז די אינדיאַנער זאָלען זיך פאַראייניגען און באַטראַכטען זייער לאַנד אלס דאָס געמיינשאַפטליכע אייגענטום פון אַלע שבטים. איר האַלט אונז אין איין טרייבען אַלץ ווייטער און ווייטער. ענדליך וועט איר אונז אריינטרייבען אין טייך אריין. זינט איך האָב זיך באַזעצט אין טיפּעקאַנו, האָבען מיר געזוכט אָראָפּצוזעצען די לאָקאַלע „טשיפס", וואָס פאַרקויפען לאַנד די ווייסע. מיר ווילען, אַז אונזערע געשעפטען זאָלען געפירט ווערען פון אַלע מיטגלידער פון די שבטים. די ערד איז ביז איצט פאַרקויפט געוואָרען דורך עטליכע מענשען. מיר וועלען אין דער צוקונפט באַשטראָפען יעדען „טשיף", וואָס וועט וואַגען צו פאַרקויפען לאַנד. אויב איר וועט ווייטער ביי זיי קויפען, וועט דאָס פירען צו מלחמות צווישען די אינדיאַנער שבטים, און איך קען ניט פאָראויסזאָגען, ווי אַזוי די ווייסע וועלען אָפּשניידען".

טעקאַמסע האָט געפאָדערט, אַז העריסאָן זאָל צוריק אָפּגעבען די ערד וואָס די אמעריקאַנער האָבען די לעצטע צייט אָפּגעקויפט. ער האָט אָפען געזאָגט, אַז אויב די אמעריקאַנער וועלען זיך אַנטזאָגען, וועט ער געצוואונגען זיין צו פאַרבינדען זיך מיט די ענגלענדער אין פאַל פון א מלחמה. העריסאָן האָט זיין פאָדערונג צוריקגעוויזען. דערמיט האָט זיך די קאָנפערענץ געענדיגט. ביידע צדדים האָבען זיך איצט גענומען גרייטען צו קריג.

א יאָר איז פאַרביי געלאָפען. טעקאַמסע האָט פאָרטגעזעצט זיין אגיטאַציע פאַר פאַראייניגונג צווישען די אינדיאַנישע שבטים. די

ווייסע קאלאניסטען אין דער טעריטאריע זיינען געווען אין שרעק. זיי האבען גענומען פאדערען, אז טעקאמסע׳ס טעטיגקייט זאל אפגעשטעלט ווערען, און אז די אינדיאנישע קאלאניע אין טיפעקאנו זאל פארניכטעט ווערען. העריסאן האט זיך דורכגעשריבען וועגען דעם מיט׳ן קריגס־דעפארטמענט אין וואשינגטאן. מען האט אים פון דארט געענטפערט, אז דער פרעזידענט וויל ניט קיין קריג מיט די אינדיאנער, אז זיין פארלאנג איז, אז אלע מיטלען זאלען אנגעווענדעט ווערען צו שליכטען די סכסוכים מיט גוטען. טעקאמסע פון זיין זייט האט פארזיכערט, אז כל־זמן די ווייסע וועלען זיך ניט אריינרייסען אין אינדיאנישער טעריטאריע, וועלען די אינדיאנער זיי ניט טשעפען. ער האט געבעטען העריסאנ׳עןווארטען ביז ער, טעקאמסע, וועט אליין באזוכען דעם פרעזידענט און באשפרעכען די לאגע מיט אים. דערווייל האט דער קריגס־דעפארטמענט צוגעשיקט העריסאנ׳ען עטליכע הונדערט סאלדאטען. העריסאן האט אויך ארגאניזירט די מיליץ. פון קענטאקי זיינען געקומען א הונדערט באוואפענטע פרייוויליגע.

דעם 18טען סעפטעמבער 1811 האט העריסאן באקומען א בריף פון קריגס־דעפארטמענט, וואס האט מיט אמאל געענדערט די לאגע. וואס אין בריף איז געשטאנען, איז א געהיימנים ביז היינטיגען טאג. אין די ארכיוועז פון קריגס־דעפארטמענט איז קיין קאפיע פון בריף ניטא. אבער גלייך ווי דער בריף איז אנגעקומען האט העריסאן צונויפגערופען זיינע סאלדאטען און אוועקגעמארשירט קיין טיפעקאנו. טעקאמסע איז גראד אין דער היים ניט געווען. זיין פלאץ האט פארנומען זיין ברודער, דער פראפעט.

דעם גאנצען וועג האט העריסאן קיין שום ווידערשטאנד ניט באגעגענט. ווען ער איז אנגעקומען נאענט צו דער קאלאניע, האט ער צוגעשיקט פאדערונגען צום פראפעט, און דער פראפעט האט אים געענטפערט, אז ער איז וויליג וועגען זיי צו פארהאנדלען. די אינדיאנער האבען אפילו אנגעוויזען העריסאנ׳ען א פלאץ הינטער׳ן שטאדט, וואו ער זאל זיך אפשטעלען מיט זיין ארמיי. דאס איז געשען דעם 10טען נאוועמבער.

אויף מארגען, אזייגער פיר פארטאג, האט א פאטרול־סאלדאט

פון העריסאָנ׳ס ארמיי פּלוצלונג אויסגעשאָסען. די אינדיאַנער אין דער קאָלאָניע האָבען זיך דאַן אַ וואָרף געטאָן אַטאַקירען העריסאָנ׳ס אַרמיי. די שלאַכט האָט אָנגעהאַלטען אַ פּאָר שטונדען. אויפ׳ן פעלד זיינען געבליבען ליגען 38 אינדיאַנער טויט. העריסאָן האָט פאַרלאָרען אין טויטע און פאַרוואונדעטע 181 מאַן. לויט העריסאָנ׳ס באַריכט איז זיין אַרמיי באַשטאַנען פון 900 מאַן, און די אינדיאַנער האָבען געהאַט 600. טייל היסטאָריקער זיינען מיט דער מיינונג, אַז העריסאָן האָט געהאַט 1,200 מאַן, און די אינדיאַנער ניט מער ווי 400.

העריסאָנ׳ס לאַגע איז איצט געווען אַ פאַרצווייפעלטע. ער איז געווען ווייט פון זיין מיליטערישען הויפּט־לאַגער. די אינדיאַנער האָבען אין צוזאַמענשטויס באַוויזען, אַז זיי זיינען שטאַרק. די ווייסע האָבען זיך געריכט, אַז ביי טאָג וועלען די אינדיאַנער מאַכען אַ צווייטע אַטאַקע אויף זיי. עס איז אָבער פאַראיבער אַ מעת־לעת און די אינדיאַנער האָבען קיין אַטאַקע ניט געמאַכט. ווען העריסאָנ׳ס אויספאָרשער האָבען דעם 12טען נאָוועמבער זיך אריינגעגנב׳עט אין דער קאָלאָניע, האָבען זיי דאָרט געפונען אַ פּוסטען, אָפּגעברענטען ישוב. די אינדיאַנער זיינען ביינאַכט אַנטלאָפען. זיי האָבען אַלץ צוגענומען און די הייזער אונטער־געצונדען.

העריסאָן איז גלייך געוואָרען דער העלד פון טאָג. די פעדע־ראַליסטישע צייטונגען האָבען אפילו אים אַטאַקירט און באַוויזען, אַז ער האָט די שלאַכט ניט געוואונען, אַז ווען די אינדיאַנער וואָלטען אליין ניט אַוועק, וואָלט זיין אַרמיי פאַרניכטעט געוואָרען. דער פאַקט איז אָבער דאָך געווען, אַז די קאָלאָניע פון טיפּעקאַנו, וואָס איז געווען פאַר די ווייסע ווי אַ דאָרן אין זייט, איז פאַרניכטעט געוואָרען, און מען האָט עס צוגעשריבען צו העריסאָנ׳ס פאַרדינסט.

אָבער גלאַט איז עס פאַר די ווייסע ניט אָפּגעלאָפען. אין אַפּריל 1812 איז פאָרגעקומען אַ רייע פאָגראָמען אויף די ווייסע קאָלאָניעס אין אינדיאַנאַ און אין דעם אַרומיגען געגענד. אַ שטיק צייט האָבען די ווייסע געלעבט אין שרעק. פילע האָבען פאַרלאָזען זייערע פאַרמס און זיך באַהאַלטען אין די פעסטונגען. טעקאַמסע

האט אבער די אינדיאנער געראטען, זיי זאלען די פאגראמען אפ־שטעלען. אין א רעדע, וואס ער האט געהאלטען אין מאי ביי א קאנפערענץ פון אינדיאנישע שבטים, האט ער דערקלערט, אז ווען ער וואלט געווען אין טיפעקאנו, וואלט קיין בלוט־פארגיסונג ניט פארגעקומען. ער האט נאך אלץ געגלויבט, אז די וואשינגטאנער רעגירונג וועט זיך ארייננמישען און וועט שליכטען די סכסוכים צווישען די ווייסע און די אינדיאנער אין יענער טעריטאריע.

קאפיטעל 30.

# אמעריקע ערקלערט קריג געגען ענגלאנד

דזשיימס מעדיסאָן איז געווען אַ געטרייער תּלמיד פון טאָמאַס דזשעפערסאָן. ער איז אָבער געווען אַ בוך־מענש, אַ קאַבינעט־מענש. אים האָט געפעלט די פייאיגקייט פון פּראַקטישען אומגיין מיט מענשען און פּאַרטייען. ער האָט הייליג געגלויבט אין דזשעפער־סאָנ׳ס פּרינציפּ פון פּאַציפיזם אויסצומיידען מלחמה אונטער אַלע אומשטענדען. די ערשטע פּאָר יאָר פון זיין אַדמיניסטראַציע האָט ער אָנגעווענדט דיזעלבע מעטאָדען וואָס דזשעפערסאָן; ער האָט געשריבען נאָטעס צו ענגלאַנד און צו פראַנקרייך, האָט זיך מיט זיי געדונגען, געסטראַשעט מיט האַנדעלס־באָיקאָטען. אָבער דערפירען די פּאָליטיק ביז צום סוף האָט ער ניט געקענט. ער האָט ניט געהאַט די קראַפט אַרויפצוצווינגען זיין ווילען אויפ׳ן קאָנגרעס, כאָטש די מאַיאָריטעט פון קאָנגרעס האָט געהערט צו זיין פּאַרטיי. אין פערטען יאָר פון זיין אַדמיניסטראַציע האָט זיין אייגענע פּאַרטיי אין קאָנגרעס אים געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגען פון זיינע פּאַציפיס־טישע פּרינציפּען און דערקלערען קריג געגען ענגלאַנד.

די אויסלענדישע פּאָליטיק אין די ערשטע צוויי יאָר פון מעדי־סאָנ׳ס אַדמיניסראַציע איז געווען אַ קנויל פון דיפּלאָמאַטישע פּלאָנ־טערס, אין וועלכע עס איז שווער געווען זיך פונאַנדערצוקלייבען. פון אָנפאַנג האָט עס אויסגעוויזען, אַז ענגלאַנד וועט אירע גזירות צוריקרופען און עטליכע מאָנאַטען נאָכאַנאַנד האָט דאָס לאַנד גע־זונגען שבחים דעם נייעם פּרעזידענט פאַר זיין גרויסען דיפּלאָ־מאַטישען זיג. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די גאַנצע פרייד איז געווען אומזיסט. ענגלאַנד האָט זיך באַצויגען צו

אמעריקא נאך שענדליכער ווי פריער און מעדיסאן האט זיך אנטזאגט ווייטער צו פירען פארהאנדלונגען מיט'ן ענגלישען אמבאסאדאר אין וואשינגטאן.

ניט בעסער איז עס געגאנגען בנוגע פראנקרייך. נאפאלעאן האט אויך געגעבען דיפלאמאטישע הבטחות, אז ער וועט בטל מאכען זיינע גזירות, אבער ווייטער ווי די הבטחות איז ער ניט געגאנגען.




דזשיימס מעדיסאן

און די אמעריקאנער שיפען זיינען געטריבען און געיאגט און קאנפיסקירט געווארען פון ביידע לענדער. מעדיסאן האט פריער געפרובירט אנווענדען דזשעפערסאנ'ס מיטעל פון פארווערען די אמעריקאנער שיפען צו האנדלען מיט ענגלאנד און פראנקרייך. דאן האט ער געפרובט געבען די אמעריקאנער שיפען די פולע פרייהייט

צו האַנדלען מיט ביידע לענדער. דערנאָך האָט ער אויסגעפּרובירט אַ שפּאָגעל נייעם מיטעל: ער האָט געלאָזט וויסען, אַז אויב איינע פון די צוויי לענדער וועט אָראָפּנעמען די גזירות, וועט ער פאַר־באָטען די אַמעריקאַנער שיפען צו האַנדלען מיט׳ן אַנדערען לאַנד, ביז וואַנען יענע וועט אויך אָראָפּנעמען די גזירות. דאָס האָט גע־פירט צו נייע פּלאָנטערס, נייע צרות און נייע נאָטעס.

וואָס איז שייך די שטימונג אין לאַנד, האָט זי זיך אין די אַלע יאָרען כמעט ניט געענדערט. די שיף־אייגענטימער און די סוחרים פון ניו ענגלאַנד און ניו יאָרק זיינען געוועזן פריינדליך צו ענגלאַנד און פיינדליך צו פראַנקרייך. די אורזאַך איז געוועזן דיזעלבע וואָס אַמאָל: דער ענגלישער האַנדעל איז פאַר זיי געוועזן וויכטיגער. ענגלאַנד האָט זיי געגעבען גרעסערע מעגליכקייטען. זיי האָבען דעריבער געוואָלט, אַז אַמעריקאַ זאָל נאָכגעבען אַלץ וואָס ענגלאַנד פאָדערט, דאָס הייסט, אַז אַמעריקאַ זאָל פאַקטיש העלפען ענגלאַנד אין איר קריג געגען פראַנקרייך. די גרויסע מאַסען זיינען, פאַר־קערט, געוועזן פריינדליכער צו פראַנקרייך ווי צו ענגלאַנד: זיי האָבען נאָך ניט פאַרגעסען די אַמעריקאַנישע רעוואָלוציע און די באַהאַנדלונג וואָס דאָס לאַנד האָט געקראָגען פון ענגלאַנד אפילו נאָך דער רעוואָלוציע.

אַם שטאַרקסטען האָט זיך די שנאה געגען ענגלאַנד געפילט אין דער וועסט און אין דער סאַוט. אין דער וועסט זיינען די קאָלאָניסטען געוועזן איבערצייגט, אַז ענגלאַנד העצט די אינדיאַנער, באַזאָרגט זיי מיט געווער און גרייט זיי צו צו אַן אויפשטאַנד. די אַמעריקאַנער אין די אַלע גרענעץ־שטאַטען און טעריטאָריעס האָבען געהאַלטען די ענגלענדער אין קענעדע פאַראַנטוואָרטליך פאַר די בלוטיגע געשעהענישען אין אינדיאַנאַ. די סאַוט און די וועסט האָבען געוואָלט, אַז די פאַראייניגטע שטאַטען זאָל אָפּנעמען קענעדע פון ענגלאַנד און פלאָרידאַ פון שפּאַניען. די וועסט האָט עס געוואָלט כדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל פּטור צו ווערען פון דער אינדיאַנער סכנה; די סאַוט האָט געהאַט אַן אַנדער חשבון. זי האָט געוואוסט, אַז די נאָרט וועט ניט דערלויבען, אַז נעגער שקלאַפעריי זאָל זיך פאַרשפּרייטען אין די נייע שטאַטען אין דער סאַוט סיידען זי וועט

האבען אויסזיכטען צוצוקריגען אין דערזעלבער צייט, אלס געגען־געוויכט, נייע שטאטען אן שקלאפעריי אין דער נארט. ווען די נארט וואלט אלזא צוגעקראגען קענעדע אין איר ווינקעל, וואלט זי ניט געשטערט די פארשפרייטונג פון שקלאפעריי אין די נייע שטאטען פון די סאוט.

די קאנגרעס־וואלען פון 1810 האבען באוויזען, וואוהין דער ווינט בלאזט. א העלפט פון די אלטע קאנגרעסלייט זיינען דורכ־געפאלען. אין קאנגרעס זיינען אריינגעקומען א גרופע יונגעלייט פון דער סאוט און דער וועסט, וועלכע האבען באלד אריינגע־קראגען די פירערשאפט אין זייערע הענט. צווישען די פרישע יונגע קרעפטען זיינען געווען הענרי קלעי פון קענטאקי, און דזשאן קאלהון פון סאוט קאראליינא. קלעי איז גלייך דערוויילט געווארען אלס „ספיקער" (פארזיצער). קאלהון איז אריינגעטראטען אין דער קאמיטע פאר אויסלענדישע ענינים.

די נייע יונגע גרופע איז געקומען אין קאנגרעס אין א פאט־ריאטישער שטימונג, אנטשלאסען אז אמעריקא זאל דערקלערען ענגלאנד קריג. אין נאוועמבער פון 1811 האט זיך דער קאנגרעס געעפענט. אין די ערשטע פאר וואכען האבען זיך פאנאנדערגע־פלאקערט מלחמה־דעבאטען. די יונגע פארשטייער פון דער וועסט און דער סאוט האבען אין פייערדיגע רעדעס דערקלערט, אז דאס לאנד מוז זיך גלייך נעמען גרייטען צו קריג. די רעדנער האבען זיך ניט באנוגענט מיט סתם רעדעס. זיי האבען אפילו פאר־געלעגט פלענער, ווי אזוי צו פירען די מלחמה. קאנגרעסמאן גראנדי פון טענעסי האט אין זיין רעדע געזאגט: „מיר וועלען ארויסטרייבען ענגלאנד פון אמעריקאנער וועלט־טייל. דאס וועט אויפהאלטען דעם גלייכגעוויכט אין אונזער רעגירונג. ווען לואי־זיאנא וועט באזעצט ווערען, וועלען די שטאטען פון דער נארט פארלירען זייער מאכט. די אנדערע טיילען פון לאנד וועלען דאן באהערשען די רעגירונג און וועלען קענען אונטערדריקען די נארט. דערפאר וויל איך, אז קענעדע זאל ווערען א טייל פון די פאראיי־ניגטע שטאטען".

די פאליטישע לאגע איז איצט געווען פונקט א פארקערטע

ווי אין דער צייט פון וואשינגטאָנ'ס און עדעמס'עס אדמיניסטראַ־ציעס. דעמאָלט האָבען די פעדעראַליסטען געפירט אַ מלחמה־אגיטאציע און די רעפּובליקאנער זיינען געשטאַנען פאַר שלום; איצט האָבען די רעפּובליקאנער אגיטירט פאַר מלחמה און די פעדעראליסטען האָבען געפאָדערט שלום. ממילא איז אויסגעקו־מען, אַז די רעפּובליקאנער האָבען איצט איבערגענומען דאָס גאַנצע פּראָגראם פון די אַמאָליגע פעדעראַליסטען, דאָס פּראָגראם וואָס זיי האָבען אין די 90ער יאָרען פאַרדאַמט אַלס מיליטאַריסטיש, אַלס מאָנאַרכיסטיש. די רעפּובליקאַנישע פירער אין קאָנגרעס האָבען אריינגעטראָגען אַ געזעץ־פּראָיעקט צו פאַרגרעסערען די אַרמיי פון 10 טויזענט אויף 25 טויזענט מאַן און דער פּראָיעקט איז אָנגע־נומען געוואָרען; זיי האָבען פאָרגעשלאָגען, אַז די מיליץ פון די שטאַטען זאָל געשטעלט ווערען אונטער דער קאָנטראָל פון דעם פּרעזידענט און דער דאָזיגער פאָרשלאַג איז אויך אָנגענומען גע־וואָרען; זיי האָבען אריינגעטראָגען „בילס" וועגען שטייערען אויף זאַלץ און אַנדערע זאַכען און זיי זיינען אָנגענומען געוואָרען. דעם איינציגען פאָרשלאַג, וועלכען זיי איז ניט געלונגען דורכצופירען, איז געווען, אַז די רעגירונג זאָל גלייך נעמען בויען אַ גרויסע פלאָטע. דער ווידערווילען געגען אַ גרויסער פלאָטע איז געווען אַזוי טיף איינגעוואָרצעלט אין די הערצער פון די רעפּובליקאנער, אַז פיל פון זייערע פאָרשטייער אין קאָנגרעס האָבען געשטימט געגען דעם „ביל".

וואָס איז געוואָרען פון דזשעפערסאָנ'ס הייליגע פּרינציפּען? וואו זיינען אַהינגעקומען די גרונד־אידעען פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי? דזשעפערסאָן האָט אָרגאַניזירט זיין פּאַרטיי כדי צו באַקעמפען דעם פעדעראַליסטישען געדאַנק פון אַ שטאַרקער צענ־טראַליזירטער נאַציאָנאַלער רעגירונג; זיין פּאַרטיי האָט זיך גע־גרינדעט מיט'ן צוועק צו באַקעמפען גרויסע אַרמייען, פלאָטען, שטייערען. זי האָט אונטער קיינע אומשטענדען ניט געטאָרט צו־לאָזען צו אַ מלחמה. צוליב וואָס מלחמה האַלטען, — האָט זי גע'טענה'ט, — צוליב האַנדעל? האַנדעל איז גאָרניט וויכטיג פאַר אַמעריקאַ. בעסער אָפּשאַפען האַנדעל איידער גיין אין קריג.

און דערפאר טאקע האט דזשעפערסאן, און נאכער מעדיסאן, ארויפ־געלעגט אן „עמבארגא". די יונגע רעפובליקאנער האבען אבער די פרינציפען פארגעסען. זיי זיינען איצט געשטאנען פאר גרויסע ארמייען, פאר שטייערען, פאר פלאטעס, פאר געבען דער נאציא־נאלער רעגירונג וואס מער מאכט. און זיי זיינען געשטאנען פאר קריג צו פארטיידיגען דעם אמעריקאנער האנדעל און דעם אמערי־קאנעם כבוד.

אין די דעבאטען אין קאנגרעס האבען די עלטערע פעדערא־ליסטען אויפגעווארפען די רעפובליקאנער און זיך געוויצעלט איבער זיי, וואס זיי האבען פארגעסען זייערע אמאליגע פרינציפען. „איר רעדט דאך איצט פונקט ווי מיר האבען גערעדט אין 1798, — האבען די פעדעראליסטען גע'טענה'ט. — דעמאלט האט איר אונז פאר־דאמט אלס מאנארכיסטען. וואו זיינען איצט אייערע אמאליגע אידעאלען פון דעמאקראטיע?"

די מלחמה שטימונג אין קאנגרעס איז געווארען שטארקער. אין ענגלאנד האט מען שוין דאן גענומען ריידען וועגען נאכגעבען די אמעריקאנער פאדערונגען, אראפנעמען די גזירות געגען די שיפען וואס פארען אין אייראפעאישע האפענס. די אמעריקאנער רעגירונג האט זיך שוין אבער דאן געהאט ארייגעפלאנטערט אין דיפלאמאטישע הבטחות צו פראנקרייך און זי האט שוין געהאט געשיקט אן אולטימאטום צו ענגלאנד. דעם ערשטען יוני 1812 האט פרעזידענט מעדיסאן אריינגעשיקט א „מעסעדזש" צום קאנ־גרעס, אין וועלכען ער האט פארגעלעגט פיר קלאגען געגען ענגלאנד: ערשטענס, אז זי שטעלט אפ אמעריקאנער שיפען אין מיטען ים, נעמט אראפ אמעריקאנער מאטראזען און צווינגט זיי אריינצו־טרעטען אין איר פלאטען־דינסט; צווייטענס, אז ענגלישע שיפען פארפאלגען שיפען, וועלכע פאהרען אריין אדער ארויס פון אמערי־קאנער האפענס; דריטענס, אז ענגלאנד האלט אן א פאלשע בלאקאדע אויף אייראפעאישע האפענס (זי דערקלערט, אז געוויסע האפענס זיינען פארבלאקאדירט, בשעת אין אמת'ן האט זי דארט גארניט קיין קריגס־שיפען דורכצופירען די בלאקאדע און זי מאכען פאר א פאקט); פערטענס, אז ענגלאנד לעגט ארויף בלאקאדעס

אויף לאַנגע ברעג־שטרעקעס פון גאַנצע לענדער און מאַכט עס אומ־מעגליך פאַר אמעריקאַנער שיפען אריינצופאָרען אין די האַפענס, וואָס ליגען אין יענע גרויסע שטרעקעס.

דער קאָנגרעס האָט גלייך געהאַנדעלט. דעם 18טען יוני האָט ער אָנגענומען אַ „ביל”, וואָס האָט דערקלערט ענגלאַנד קריג. נאָך דעמזעלבען טאָג האָט פרעזידענט מעדיסאָן אונטערגעשריבען דעם ביל און די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען. אינטערעסאַנט איז, אַז פיר־און־צוואַנציג שטונדען איידער אמעריקא האָט דערקלערט קריג, האָט די ענגלישע רעגירונג צוריקגעצויגען די גזירות געגען די אמעריקאַנער שיפען, די גזירות איבער וועלכע די צוויי לענדער האָבען זיך יאָרען לאַנג אַרומגעקריגט. די איינציגע פאָדערונג, וואָס ענגלאַנד האָט ניט נאָכגעגעבען, איז געווען די ערשטע — וועגען די מאַטראָזען. אָבעיר די דאָזיגע פאָדערונג האָט אמעריקא קיינמאָל ניט געהאַלטען פאַר וויכטיג, געוויס ניט אַזוי וויכטיג, אַז מען זאָל גיין אין קריג צוליב איר. נייס איז אָבער אין יענער צייט געגאַנגען זייער לאַנגזאַם, קיין טעלעגראַף איז נאָך ניט געווען, און די נאַכריכט וועגען ענגלאַנד'ס האַנדלונג האָט מען זיך דאָ דער־וואוסט ערשט מיט וואָכען שפּעטער, ווען די מלחמה איז שוין געווען אין פולען גאַנג. ווען אין יענער צייט וואָלט געווען אַ קאַבעל־פאַרבינדונג, וואָלט עס ניט געקומען צו קיין מלחמה צווישען די צוויי לענדער. אָבער אָפּצושטעלען איצט די מלחמה איז שוין געווען צו שפּעט. פרעזידענט מעדיסאָן האָט איצט דערקלערט, אַז די מלחמה ווערט געפירט פאַר דער פאַרטיידיגונג פון די אמעריקאַנער מאַטראָזען. אַלע האָבען געוואוסט, אַז דאָס איז געווען ניט מער ווי אַן אויסרייד *).

---

*) וועגען מעדיסאָנ'ס ראָלע בנוגע דער מלחמה זיינען היסטאָריקער צוטיילט. טייל זיינען מיט דער מיינונג, אַז ער איז אַריבער צו דער מלחמה־פראַקציע אין זיין פאַרטיי, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט זיך שטעלען אַנטקעגען, וועט ער ניט נאָמינירט ווערען פאַר אַ צווייטען טערמין. ער האָט זיך אונטערגעגעבען אין 1812, פונקט דעמאָלט ווען נאָמינאַציעס פאַר פרעזידענט האָבען געדאַרפט געמאַכט ווערען. אַנדערע היסטאָריקער, ווידער, אפילו אַזעלכע וואָס קריטיקירען אים

די פעדעראליסטען אין די ניו־ענגלאנד שטאטען און אין ניו יארק זיינען געווען אויסגעשפראכען געגען דער מלחמה אפילו נאך דער קריגס־דערקלערונג. די 34 פעדעראליסטען אין קאנגרעס האבען אפגעהאלטען א קאקוס־מיטינג און ארויסגעגעבען אן ערקלערונג, וועלכע האט פארדאמט די מלחמה אלס א „פארטייאישע און ניט נאציאנאלע". אין פיל שטעדט אין ניו־ענגלאנד איז די נייס פון קריגס־דערקלערונג באגריסט געווארען מיט טרויער דעמאנסטראציעס. מען האט דארטען ארונטערגעצויגען די פאנען און גע־קלונגען אין קלויסטער־גלאקען אזוי ווי ביי א לויה. די דאזיגע אפאזיציע פון ניו־ענגלאנד, ווי מיר וועלען שפעטער זען, האט אין די לעצטע יארען פון דער מלחמה אנגענומען אן ערנסטען כאראקטער און האט שיער ניט געפירט צו א בירגער־קריג.

די פרעזידענט־וואלען פון 1812 זיינען אויסגעקעמפט גע־ווארען איבער דער פראגע פון קריג און פרידען. מעדיסאן איז געלאפען אלס קריגס־קאנדידאט. געגען אים איז געלאפען דע וויט קלינטאן פון ניו יארק אלס פרידענס־קאנדידאט. די ניו־ענגלאנד שטאטען און ניו יארק האבען געשטימט פאר קלינטאן'ען. די סאוט און אלע שטאטען פון דער וועסט האבען געשטימט פאר מעדיסאנ'ען. קלינטאן האט באקומען 89 עלעקטאר'שע שטימען און מעדיסאן האט געקראגען 128 שטימען.

---

שארף, דענקען אבער פארקערט. זיי האלטען, אז נאך אין 1811 איז ער געווארען אן אויפריכטיגער אנהענגער פון דער מלחמה־פראקציע און אז ער האט געהאלפען שטויסען דאס לאנד אין דער ריכטונג פון קריג. יעדענפאלס גיבען אלע צו, אז אין לעצטען יאר פון זיין ערשטען טערמין האט ער זיך געביטען. די ערשטע דריי יאר איז ער געגאנגען אינגאנצען אין דזשעפערסאנ'ס פאציפיסטישע טריט.

קאפיטעל 31.

# די מלחמה פון 1812

אמעריקא איז ניט געווען צוגעגרייט צו קיין מלחמה. די אמעריקאנער ארמיי און פלאָטע זיינען אין פארגלייך מיט דער ענגלישער געווען ווי א קארליק געגען א ריז. די גאנצע אמעריקאנער ארמיי איז באשטאנען פון 67 הונדערט מאן, צעוואָרפען אין פארשיידענע טיילען פון לאנד. ווינפילד סקאט, אַן אָפיצער, האָט זיינע קאָלעגען אָפיצערען כאראקטעריזירט אַלס „אומווי־סענדע, פוילע שכורים". די פלאָטע האָט געהאט בלויז פינף קריגס־שיפען, וואָס האָבען געקענט גלייך גיין אין שלאכט. וואָס פאַר א באטרעף האָט עס געהאט געגען דער גרויסער ענגלישער ארמיי און דער ריזיגער ענגלישער פלאָטע, וואָס האָט באהערשט די ימים?

דער קאָנגרעס האָט באשלאָסען צו פארגרעסערען די באשטענדיגע ארמיי ביז 35 טויזענט מאן, און האָט אויך געגעבען דעם פּרעזידענט דאָס רעכט צו אָרגאניזירען א פרייוויליגע ארמיי פון 50 טויזענט מאן. (אין דער רעגולערער ארמיי איז דער טערמין געווען פינף יאָר, אין דער פרייוויליגער — ניט מער ווי איין יאָר). דער פּרעזידענט האָט אויך געקראָגען די פולמאכט צו באנוצען די 100 טויזענט מיליץ־סאָלדאטען פון די באזונדערע שטאטען. די אַלע באשלוסען פון קאָנגרעס זיינען אָבער געבליבען אויפ'ן פּאַפּיר. ניט קוקענדיג אויף אַלע אָנשטרענגונגען איז עס ניט געלונגען צונויפצוקלייבען מער ווי עטליכע צענדליג טויזענט סאָלדאטען. די רעגירונג האָט אָנגעבאָטען באלוינונגען (באָנוסעס) פון זעכצען ראָלאר צו יעדען, וואָס וועט אריין אין דער ארמיי, און דער

געהאלט פון די סאלדאטען איז געהעכערט געווארען פון פינף דאלאר א מאנאט אויף צען. אבער די אלע מיטלען האבען ווייניג־וואס געהאלפען. מיט דער פרייוויליגער ארמיי און דער מיליץ איז געווען אן אנדער צרה. די סאלדאטען פלעגען זיך צולויפען אהיים אזוי שנעל ווי זייער טערמין פלעגט זיך ענדיגען. די ארמיי איז אפט צוקראכען געווארען אין מיטען א סטראטעגישען צוג. א פאר שטאטען אין ניו־ענגלאנד האבען זיך איינגאנצען אנטזאגט צו שיקען זייערע מיליץ־ארמייען אין דער מלחמה. די רעגירונגען פון יענע שטאטען זיינען געווען געגען דער מלחמה און זיי האבען גע'טענה'ט, אז די מיליץ קען לויט דער קאנסטיטוציע באנוצט ווערען בלויז צוריקצושטויסען א שונא ווען ער דרינגט אריין אין דעם שטאט גופא, אדער צו אונטערדריקען אן אויפשטאנד אין דעם שטאט גופא. אפט האט פאסירט, אז די מיליץ־סאלדאטען, וואס זיינען שוין געגאנגען אין דער מלחמה, האבען זיך אנטזאגט אין מיטען א שלאכט צו מארשירען, צו גיין וואו די קאמאנדירען האבען זיי געשיקט. דאס איז פארגעקומען אין די שלאכטען ביי דער קענעדער גרענעץ. זיי האבען גע'טענה'ט אז מיליץ־סאלדאטען טארען ניט ארויסגעשיקט ווערען פון לאנד און ארויסטרעטען אויף יענער זייט גרענעץ.

לויט'ן פלאן פון קאנגרעס האט די פאראייניגטע ארמיי, באשטייענדיג פון די רעגולערע, די פרייוויליגע און די מיליץ־סאלדאטען, געדארפט ציילען נאענט צו 200 טויזענט סאלדאטען. אין אמת'ן איז קיינמאל אין משך פון דער מלחמה ניט געלונגען צונויפצוקלייבען מער ווי 35 טויזענט מאן אויף איין מאל. זייער אפט איז די ארמיי געווען נאך פיל קלענער.

דאס גליק איז געווען, וואס ענגלאנד האט די ערשטע צייט קיין גרויסע ארמיי אהער ניט געקענט שיקען. זי האט אירע סאלדאטען געמוזט האבען פאר דער מלחמה אין אייראפא געגען דעם מעכטיגען נאפאלעאן. ווען ניט די הילף וואס די ענגלענדער האבען באקומען פון די אינדיאנישע שבטים אין דער וועסט און אין דער סאוט, וואלט די קליינע אמעריקאנער ארמיי זיך מיט זיי געקענט לייכט ספראווען.

אפיציעל האט די מלחמה אויסגעבראכען צו פארטיידיגען די אינטערעסען פון די האנדעלס־שטאטען ניו־ענגלאנד און ניו יארק, צו באשיצען די שיפען וואס האבען געפירט סחורה קיין אייראפא און די מאטראזען אויף די שיפען. אין אמת׳ן אבער האט די מלחמה־פארטיי געהאט גאנץ אנדערע מאטיווען. די האנדעלס־שטאטען האבען די מלחמה ניט געוואלט. אין קאנגרעס האבען פאר דער מלחמה געשטימט די פארטרעטער פון דער סאוט און דער וועסט, וועלכע האבען קיין שייכות ניט געהאט מיט שיפען, מאטראזען און אויסלענדישען האנדעל. זיי האבען דורכ׳ן קריג געהאפט צו דערגרייכען אנדערע צילען: אפצונעמען קענעדע פון ענגלאנד און פלארידא פון שפאניען, און צו פארניכטען דעם שטילען בונד צווישען די ענגלענדער אין קענעדע און די אינדיאנער אין דער וועסט.

דערפאר טאקע איז גלייך ביים אויסברוך פון דער מלחמה די גאנצע האפנונג און דאס גאנצע געוויכט געלעגט געווארען אויף דער ארמיי און אויף די שלאכטען אויף דער יבשה. וועגען דער פלאטע האט מען אין וואשינגטאן ווייניג־וואס געטראכט. מען האט פון איר ווייניג־וואס דערווארט. דער ערשטער געשריי איז געווען: „לאמיר גיין אויף קענעדע!״

עס זיינען אויסגעארבייט געווארען פלענער אריינצודרינגען אין קענעדע מיט דריי ארמייען. דעם אנפאנג האט געמאכט גענעראל וויליאם האל, וועלכער האט מיט זיין ארמיי פון 25 הונדערט מאן מארשירט פון אהייא קיין דעטראיט. דארטען איז ער מיט א טייל פון דער ארמיי אריבער דעם טייך, אריין אין קענעדע און ארויסגעלאזען א פראקלאמאציע צו די איינוואוינער, זיי זאלען אנערקענען די אמעריקאנער הערשאפט. באלד האט ער אבער איינגעזען, אז ער געפינט זיך אין א געפערליכער פאזיציע און האט זיך צוריקגעצויגען. אן ענגלישע ארמיי, געשטיצט פון אינדיאנער, האט אים נאכגעיאגט און גענומען ארומרינגלען זיין פעסטונג. האל האט אפילו קיין פרואוו ניט געמאכט זיך צו פארטיידיגען. ער האט זיך אונטערגעגעבען צוזאמען מיט זיין גאנצער ארמיי.

דאס האט פאסירט אין אויגוסט, בלויז עטליכע וואכען נאך

דער קריגס־דערקלערונג. די מפלה האט געטראפען די אמעריקאנער ווי א דונער. גענעראל האל איז געשטעלט געווארען צו א קריגס־געריכט און איז פאראורטיילט געווארען צום טויט (דער פרעזידענט האט אים באגנאדיגט). אין אמת'ן איז ער גארניט געווען אזוי שולדיג. דער גאנצער קריגס־דעפארטמענט און די הויפט גענע־ראלען זיינען געווען ניט ווייניגער שולדיג ווי ער: עס זיינען ניט געמאכט געווארען אפילו די סאמע נויטיגסטע הכנות פאר אזא צוג. עס זיינען ניט געווען קיין וועגען דורך די וועלדער און זומפען. עס איז ניט געווען קיין פראוויאנט. צו ברענגען א פעסעל מעל פון ניו יארק אדער פילאדעלפיא קיין דעטראיט האט געקאסט זעכציג דאלאר. האל האט מורא געהאט, אז אויב ער וועט פארבלייבען אין דער פעסטונג אין דעטראיט, וועט ער פארהונגערט ווערען. די אנדערע צוויי ארמייען אין דער איסט, וועלכע האבען געדארפט אריינדרינגען אין קענעדע פון א צווייטער זייט און אים קומען צו הילף, האבען זיך פון ארט ניט גערירט. דערצו האט דער ענגלישער גענעראל אים געלאזט וויסען, אז אין פאל פון א שלאכט, קען ער ניט גאראנטירען, וואס די אינדיאנער וועלען טאן, ער קען ניט זיין זיכער, אויב אים וועט געלינגען זיי איינצוהאלטען פון מאכען א שחיטה אויף די געפאנגענע און אויף די פרויען און קינדער אין דעטראיט. די אלע אומשטענדען האבען געווירקט אויף האל'ן ער זאל זיך אונטערגעבען.

אין משך פון עטליכע וואכען האט זיך אלזא די לאגע אינ־גאנצען געביטען: פריער האבען די אמעריקאנער גערעדט און געטראכט וועגען אריינדרינגען אין קענעדע; איצט אבער זיינען גאר די ענגלענדער אריינגעדרונגען אין דער אמעריקאנער טערי־טאריע. די ענגלענדער האבען פארנומען דעטראיט און גאנץ מישיגען.

די צווייטע ארמיי, וועלכע האט מיט עטליכע מאנאטען שפע־טער געמאכט א פארזוך אריינצודרינגען אין קענעדע דורך ניאגרא, ביי לעיק אירי, האט אויך ניט פארשאפט קיין כבוד דעם אמערי־קאנער פאלק. די ארמיי איז באשטאנען טיילוויז פון רעגולערע סאלדאטען און טיילוויז פון ניו יארקער מיליץ. געפירט די ארמיי

האָט פריער גענעראַל װען רענסיליער, אַ מיליץ־קאָמאַנדיר, און דערנאָך גענעראַל סמיט פון דער רעגולערער אַרמיי. צװיי פאַר־זוכען זיינען געמאַכט געװאָרען אַריבערצושװימען דעם טייך און אַטאַקירען די ענגלענדער אין קענעדע און ביידע האָבען זיך ניט




די פונקטען אין די נאָרט װאו עס זיינען פאָרגעקומען די װיכטיגסטע שלאַכטען אין דער מלחמה פון 1812

איינגעגעבען. אין ערשטען פאַל איז די שולד געפאַלען דער עיקר אויף די מיליץ־סאָלדאַטען. אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך דערשראָקען און זיך אַנטזאָגט צו מאַרשירען צום שלאַכטפעלד.

„אזוי שנעל ווי די מיליץ האט דערזען אן אמת'ע שלאכט", — שרייבט דער היסטאריקער מעקמעסטער, — „אזוי שנעל ווי זיי האבען דערזען ווי מען ברענגט טויטע און האבען דערהערט די קרעכצען פון די פארוואונדעטע, איז אויף זיי אנגעפאלען א פחד, און זיי האבען זיך אנטזאגט ארייינצוגיין אין די שיפלאך, וועלכע האבען זיי געדארפט פירען צום שלאכטפעלד. די זעלבע מיליץ־סאלדאטען, וועלכע האבען מיט א טאג פריער געפאדערט מען זאל זיי פירען אין שלאכט, זיינען איצט באשטאנען אויף זייערע קאנסטיטוציאנעלע רעכט און גע'טענה'ט, אז מיליץ־סאלדאטען טאר מען פון לאנד ניט ארויספירען". פאר'ן צווייטען דורכפאל איז פאראנטוואָרטליך געווען דער נייער קאמאנדיר, גענעראל סמיט. ער האט געמאכט אלע הכנות אנצוהויבען די שלאכט, אבער ווען עס איז געקומען צום פונקט, האט ער זיך צוריקגעצויגען. ער האט שפעטער זיך פארענטפערט, אז ער האט זיך איבערצייגט, אז מיט זיין ארמיי וועט ער גארניט קענען אויפטאן. דאס לאנד האט אבער ניט אנגענומען דעם תירוץ. מען האט אים פארדאמט אלס א טרוס. די אטאקעס אויף אים זיינען געווען אזוי ביטער, אז ער איז אינגאנצען ארויסגעטראטען פון דער ארמיי.

די דריטע ארמיי איז געפירט געווארען פון גענעראל דירבארן. ער האט געהאט די אויפגאבע, דורך דעם מזרח־טייל פון ניו יארק, ארייינדרינגען אין קענעדע און גיין אויף מאנטרעאל. מיט אים האט פאסירט דאסזעלבע ווי מיט וואן־רענסעליער. די מיליץ האט זיך אנטזאגט אריבערצוגיין די גרעניץ.

די ארמיי האט זיך אין אלע פרטים ארויסגעוויזען פאר א דורכפאל. דער קריגס־מיניסטער, די גענעראלען, די סאלדאטען— קיינער האט ניט געטויגט. פרעזידענט מעדיסאן און זיינע ראטגעבער האבען זיך א נעם געטאן איבערצובויען אלץ אויף דאס ניי. עס איז באשטימט געווארען א נייער קריגס־מיניסטער — דזשאן ארמסטראנג. אויף האל'ס פלאץ איז באשטימט געווארען גענעראל העריסאן, דער העלד פון „טיפאקענו". העריסאן האט גלייך ארגאניזירט א נייע ארמיי און מארשירט נאך דעטראיט ארויסצוטרייבען פון דארט די ענגלענדער. די דאזיגע אונטערנעמונג האט

זיך אויך געענדיגט מיט א מפּלה פאר די אמעריקאנער. א סך סאָלדאטען זיינען געפאנגען געוואָרען, א סך זיינען אויסגעקוילעט געוואָרען פון אינדיאנער. דאָס מאָל אָבער האָבען שוין די אמערי־קאנער געקעמפט ווי סאָלדאטען. אין די מפּלות זיינען שולדיג געווען הויפּטזעכליך די טעות'ן, וואָס די גענעראַלען און אָפיצערען האָבען געמאכט.

מיט אָט דער קאמפּאניע איז פארבונדען איינער פון די שווי־דערליכסטע פּאָגראָמען, וואָס די אינדיאנער האָבען געמאכט אויף די אמעריקאנער. אין דעם שטעדטעל פרענטשטאון, אין מישיגען, ביים לעיק, איז אַן אָפּטיילונג פון נאָהענט 400 אמעריקאנער ארומ־גערינגעלט געוואָרען פון ענגלענדער און אינדיאנער, און די אמערי־קאנער האָבען זיך אונטערגעגעבען. זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען אויף צוויי תנאים: ערשטענס, אז דער ענגלישער גענעראל זאָל שיקען שליטענס אריבערצופירען די קראנקע און פארוואונדעטע אויפ'ן אנדערען זייט טייך (לעיק), און צווייטענס, אז ער זאָל דעם באגאזש פון די אמעריקאנער ניט טשעפּען. אָבער גלייך ווי די סאָלדאטען האָבען ארויסגעמארשירט אלס געפאנגענע פון שטעדטעל, האָבען די אינדיאנער דאָרט צורויבט אלץ וואָס זיי האָבען געפונען. אויף מאָרגען אינדערפרי זיינען די אינדיאנער ווידער געקומען אין שטעדטעל. זיי זיינען געווען שכור און האָבען זיך ארויפגעוואָרפען אויף די קראנקע און פארוואונדעטע אמעריקאנער, אראָפּגעריסען פון זיי די קליידער, און זיי באפוילען ארויסצוגיין אין גאס. די וואָס האָבען זיך געקענט רירען, זיינען אראָפּגעקראָכען פון די בעטען און זיינען ארויס. אין גאס האָבען שוין אנדערע אינדיאנער אויף זיי געווארט מיט ביקסען אין די הענט. יעדער וואָס איז ארויס איז דערשאָסען געווארען. דערנאָך האָבען די אינדיאנער אונטער־געצונדען די הויז, און די גאָר קראנקע, וואָס זיינען געבליבען אין די בעטען, ארום דרייסיג אין צאָל, זיינען פארברענט געווארען.

---

די ערשטע זעקס מאָנאטען פון דער מלחמה האָבען געבראכט א גאנצע רייע מפּלות פאר די אמעריקאנער אויף דער יבשה. די טרייסט איז אָבער געקומען פון דאָרט, פון וואנען מען האָט זיך אם

וועניגסטען געריכט — פון דער קליינער, אומבאדייטענדער פלאטע אויפ'ן ים. אין דיזעלבע זעקס מאנאטען, וואס די אמעריקאנער האבען געליטען איין מפלה נאך דער אנדערער אויפ'ן לאנד, האבען זיי איבערראשט די וועלט און אנגעווארפען א שרעק אויף ענגלאנד דורך א גאנצער ריי פון נצחונות אויפ'ן ים.

דעם ערשטען גרויסען זיג אויפ'ן ים האט געוואונען די קריגס־שיף „קאנסטיטושאן". ביז היינטיגען טאג איז דער נאמען פון דער שיף בארימט און באליבט ביים אמעריקאנישען פאלק. זי איז אויך באקאנט אונטער'ן צונאמען „אייראנסייד" (אייזען־זייטיגע). (דער צונאמען ווייזט, וואס פאר א הויכע מיינונג די אמעריקאנער האבען געהאט פון איר: כאטש זי איז געווען ניט מער ווי א הילצערנע זעגעל־שיף, דאך איז זי גערופען געווארען „די אייזען־זייטיגע").

די „קאנסטיטושאן" האט איר ערשטע העלדישקייט באוויזען אין מיטען מאנאט יולי, 1812. זי האט דאן, פארענדיג פון מערי־לאנד קיין ניו יארק, פארבלאנדזשעט צווישען א גאנצער פלאטע פון ענגלישע קריגס־שיפען. און דאך איז איר געלונגען פון דעם שונא זיך ארויסצודרייען. אין דער גאנצער געשיכטע פון ים־מלחמות — זאגען היסטאריקער — איז ניט פארגעקומען אזא דראמאטישער געיעג. דריי נעכט און צוויי טעג, 66 שטונדען נאכ־אנאנד, האט דער געיעג אנגעהאלטען. דער קאפיטאן, אייזיק האל, און זיינע מאטראזען האבען ארויסגעוויזען וואונדערבארע בריה'ש־קייט אין פירען די שיף אזוי, אז קיינע פון די ענגלישע שיפען האבען זי ניט געקענט דעריאגען.

מיט א מאנאט שפעטער, דעם 19טען אויגוסט, האט די „קאנ־סטיטושאן" זיך אנגעטראפען מיט דער ענגלישער קריגס־שיף „גערריער" ניט ווייט פון קענעדער ברעג. „גערריער" איז געווען איינע פון די שיפען, וואס האבען געיאגט די „קאנסטיטושאן" מיט פיר וואכען פריער. איצט, אז זי איז געווען איינע אליין, האט קאפיטאן האל באשלאסען מיט איר זיך צו פארמעסטען. קאפיטאן דאברעס פון דער „גערריער" האט אויך געזוכט א געלעגענהייט צו ווייזען די אמעריקאנער וואס ער קען. נאך מיט א צייט פריער

האָט ער געהאַט אַרויסגעגעבען אַ „טשעלענדזש" (אַן אַרויספאָ־דערונג) צו אַלע אַמעריקאַנער קריגס־שיפען, זיי זאָלען אַרויסטרע־טען אין קאַמף מיט אים. די שלאַכט האָט געדויערט אינגאַנצען אַ האַלבע שעה. די אַמעריקאַנער זיינען אַרויס די זיגער. די „גערריער" איז אַזוי צושאָסען געוואָרען, אַז נאָכדעם ווי זי האָט זיך אונטערגעגעבען און מען האָט פון איר אַראָפּגענומען די ענג־לישע מאַטראָזען אַלס געפאַנגענע, איז זי געזונקען, ניט קענענדיג זיך מער האַלטען אויפ'ן וואַסער. די צאָל טויטע און פאַרוואונ־דעטע אויף דער ענגלישער שיף האָט דערגרייכט ביז ניין־און־זיבעציג.

ווען די „קאָנסטיטושאָן" איז אַריינגעפאָהרען אין באָסטאָנער האַפען מיט די נייס פון איר זיג, איז די שטאָדט ווילד געוואָרען פאַר פרייד. די באָסטאָנער האָבען געהאַט אַ דאָפּעלטע אורזאַך זיך צו פרייען. ערשטענס, דער נצחון גופא. צווייטענס, איז באָסטאָן געווען אַ פעדעראַליסטישע שטאָדט, און די פעדעראַליסטען האָבען דאָך שטענדיג אַגיטירט פאַר אַ גרויסער, שטאַרקער פלאָטע. די „קאָנסטיטושאָן" גופא איז אויפגעבויט געוואָרען אין 1797, ווען דער פעדעראַליסט עדעמס איז געווען פּרעזידענט. דערצו איז דער זיג פון דער „קאָנסטיטושאָן" פאָרגעקומען פּונקט דעמאָלט, ווען דאָס לאַנד איז געווען אין טרויער פון דער שרעקליכער מפּלה אין דעטראָיט. עס איז אַלזאָ אויסגעקומען, אַז די רעפּובליקאַנישע אַרמיי האָט פאַרלאָרען, בשעת די פעדעראַליסטישע פלאָטע האָט געוואונען. (אייזיק האָל, דער קאַפּיטאַן פון דער „קאָנסטיטושאָן", איז געווען אַ פּלימעניק פון וויליאַם האָל, דעם גענעראַל ביי דעטראָיט).

אָבער ניט בלויז אין באָסטאָן האָט די נייס וועגען דער „קאָנ־סטיטושאָן" אַרויסגערופען פרייד און באַגייסטערונג. דאָס גאַנצע לאַנד, אַלע פּאַרטייען, די אָנהענגער פון קריג און די געגנער — אַלע האָבען זיך געפרייט אין דעם יום־טוב.

אין די נעקסטע עטליכע מאָנאַטען זיינען פאָרגעקומען נאָך פיר שלאַכטען צווישען איינצעלנע אַמעריקאַנער שיפען מיט איינ־צעלנע ענגלישע שיפען. און אַלע האָבען זיי זיך געענדיגט מיט

א פולשטענדיגען זיג פאר די אמעריקאנער. אין ענגלאנד איז מען פון די אמעריקאנער נצחונות שטארק צוטומעלט געווארען. ווי קומט עס, — האט מען דארט געפרעגט, — וואס די גרויסע, מעכ־טיגע ענגלישע פלאטע, וועלכע האט באזיגט אלע אייראפעאישע לענדער אויפ'ן ים, וועלכע האט אלע אייראפעאישע פלאטען גע־האלטען אין שרעק, ווי קומט עס אז זי זאל פארלירען געגען דער שוואכער אמעריקאנער פלאטע? בסך־הכל האט אמעריקא געהאט א הייפעלע שיפען, און מיט זיי האט זי אויפגעטאן מער ווי ענגלאנד מיט איר גרויסער פלאטע. די ענגלישע פרעסע איז ארויס מיט א געשריי, אז די אמעריקאנער פלאטע איז א צוקונפטיגע געפאר פאר ענגלאנד. די צייטונגען האבען געפאדערט דין וחשבון ביי דער רעגירונג, ביי די אדמיראלען.

אין אנהויב יוני, 1813, איז ניט ווייט פון באסטאנער ברעג פארגעקומען א שלאכט, וואס די אמעריקאנער האבען פארלארען, אבער וואס איז פונדעסטוועגען געבליבען בארימט אין דער אמערי־קאנער געשיכטע צוליב דער העלדישקייט פון דעם קאמאנדיר פון דער שלאכט. די אמעריקאנער שיף האט געהייסען „טשעסעפיק", און איר קאפיטאן איז געווען דזשיימס לאורענס, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט אין א ים־שלאכט מיט אייניגע מאנאטען פריער. אן ענגלישע שיף, „שענאן", האט אים ארויסגערופען פון האפען צו א שלאכט, און לאורענס האט דעם ארויסרוף אנגענומען, כאטש זיין שיף איז ניט געווען צוגעגרייט צו א שלאכט. ווען די „טשע־סעפיק" האט פארלאזען דעם האפען, זיינען אויפ'ן ברעג געשטאנען הונדערטע מענשען, וועלכע זיינען געקומען בייוואוינען די שלאכט. זיי זיינען אבער אנטוישט געווארען. די „טשעסעפיק" איז ארויס־געשוואומען גאנץ ווייט ביז זי האט באגעגענט דעם שונא, און דאן האט מען געהערט בלויז דאס קראכען פון עטליכע קאנאנען און אלץ איז שטיל געווארען.

דריי וואכען האט מען פון דער „טשעסעפיק" ניט געהערט. דאן איז אנגעקומען די טרויעריגע נייס, אז די שיף איז א גע־פאנגענע ביי די ענגלענדער אין דעם קענעדער האפען האליפאקס, און אז דער קאפיטאן לאורענס ליגט א באערדיגטער אין דער־

זעלבער שטאָדט. שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט איינצעל־הייטען פון דער שלאַכט. די „טשעסעפּיק" איז באַזיגט געוואָרען גלייך ווי די שיפען האָבען אָנגעהויבען צו שיסען איינע אויף די אַנדערע. קאַפּיטאַן לאָורענס איז געפאַלען מיט אַ טויטליכער וואונד און מען האָט אים אַראָפּגעטראָגען אונטען אין אַ קאַיוטע. ליגענדיג אַ גוסס'ער, האָט ער ניט אויפגעהערט צו שרייען צו די מאַטראָזען: „דאָנט גיוו אַפּ די שיפּ!" (גיט ניט אונטער די שיף). די ענג־לענדער זיינען אָבער אַריבערגעשפּרונגען פון זייער שיף אויף דער „טשעסעפּיק". לאָורענס האָט דאַן געגעבען אַ באַפעל מען זאָל די שיף אויפרייסען. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. די ענגלענדער האָבען געהאַט די שיף אין זייערע הענט. לאָורענס איז פון זיינע וואונדען געשטאָרבען איידער די שיף איז אָנגעקומען אין קענעדער האַפען. מען האָט אים באַערדיגט אין האַליפאַקס. מיט עטליכע וואָכען שפּעטער האָבען די ענגלענדער, אויף'ן פאַר־לאַנג פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג, דעם קערפּער אַרויסגענומען און אָפּגעשיקט קיין ניו יאָרק. ער ליגט איצט אויפ'ן בית־עולם פון טריניטי טשוירטש, דער עלטסטער בית־עולם אין ניו יאָרק. לאָורענס'עס לעצטער באַפעל צו זיינע מאַטראָזען — די פראַזע „דאָנט גיוו אַפּ די שיפּ!" — איז ביז היינטיגען טאָג געבליבען באַרימט ביים אַמעריקאַנער פאָלק. די פראַזע איז אַריין אין דער פאָלקס־שפּראַך.

אָנהויב 1813 האָט ענגלאַנד געשיקט אַ פלאָטע צו בלאָקירען די ברעגען פון די פאַראייניגטע שטאַטען. די אַמעריקאַנער קריגס־שיפען האָבען איצט מער ניט געקענט אַרויספאָרען אויפ'ן ים. זיי האָבען מורא געהאַט צו פאַרלאָזען זייערע האַפענס. וואָרום ווי אַזוי האָבען זיך די געציילטע שיפען געקענט שטעלען געגען אַ גאַנצער ענגלישער פלאָטע? די וויכטיגסטע שלאַכטען זיינען דעם יאָר פאָרגעקומען אויף די וואַסערען צווישען די פאַראייניגטע שטאַ־טען און קענעדע, און אין די שלאַכטען האָבען די אַמעריקאַנער געהאַט צוויי גרויסע נצחונות: איינעם אויף לעיק אירי, אין סעפּטעמבער 1813, און איינעם אויף לעיק שאַמפּליין, אין 1814. דער העלד פון דער ערשטער שלאַכט איז געווען קאַפּיטאַן

אָליווער העזארד פערי, א יונגערמאַן פון 28 יאָר. אין מאָנאַט מערץ איז ער אָנגעקומען אין שטעדטעל אירי, אויפ'ן לעיק אירי. זיין אויפגאַבע איז געווען דאָרטען אויפצובויען א פלאָטע. ער האָט די גאַנצע ארבייט געמוזט אליין טאָן: קריגען די מעכאַניקער, די מאַטעריאַלען, די וואפען, די מאַטראָזען. אין עטליכע מאָנאַטען צייט האָט ער די ארבייט פאַרענדיגט. ער האָט געהאַט א פלאָטע פון צוויי גרויסע קריגס־שיפען און אכט קליינע. די שיפען זיינען געווען גוט באַוואפענט, מיט א געניגענדער צאָל פון גוט דיסציפּ־לינירטע סאָלדאַטען.

די ענגלענדער האָבען פון קענעדער ברעג ארויסגעשיקט א סקאַדראָן שיפען צו פאַרטרייבען פערי'ס פלאָטע. אין סעפּטעמבער איז פאָרגעקומען די גרויסע שלאַכט. פערי האָט איצט באַוויזען, אז אלס אדמיראַל איז ער נאָך פייאיגער ווי אלס אָרגאַניזאַטאָר און שיף־בויער. ער האָט די ענגלישע פלאָטע צושמעטערט. די שיפען וואָס ער האָט ניט פאַרזונקען, האָט ער געפאַנגען. ווען די שלאַכט איז געווען געענדיגט, האָט ער געשיקט פאָלגענדען קורצען באַריכט צו גענעראַל העריסאָן: „מיר האָבען באַגעגענט דעם שונא און ער איז אונזערער" („ווי העוו מעט די ענעמי ענד טהעי אר אורז"). די דאָזיגע פראַזע איז אויך פאַרבליבען באַרימט ביז היינטיגען טאָג און איז אריין אין דער פאָלקס־שפּראַך.

פערי'ס זיג אויף לעיק אירי איז איבער'ן גאַנצען לאַנד באַ־גריסט געוואָרען נאָך מיט מער באַגייסטערונג ווי דער זיג פון דער „קאָנסטיטושאָן". פערי איז געוואָרען דער גרעסטער העלד פון דער מלחמה. איבעראַל זיינען געפייערט געוואָרען ימים־טובים לכבוד דעם נצחון. אין פילאַדעלפיא, ניו יאָרק און באַלטימאָר האָבען די שטאָדט־רעגירונגען באַשטימט א יום־טוב לכבוד דער געשעעניש. א סך שטעדט און שטעדטלאַך האָבען געשיקט פערי'ן שווערדען אלס מתנות.ביידע פּאָליטישע פּאַרטייען האָבען זיך ארומגעריסען פאַר אים, יעדע טענה'נדיג, אז ער באַלאַנגט צו איר.

דער דאָזיגער זיג האָט געפירט צו נאָך א זיג, נאָך א פיל וויכ־טיגערען. איצט אז דער לעיק איז באַהערשט געוואָרען פון דער אמעריקאַנער פלאָטע, האָט גענעראַל העריסאָן זיך אונטערנומען

ארויסצוטרייבען די ענגלענדער פון דעטראָיט און פון מישיגען. ער האָט צונויפגעקליבען אַן אַרמיי פון עטליכע טויזענט מאַן און אוועקגעמאַרשירט קיין דעטראָיט. די ענגלענדער האָבען באַצייטענס איינגעזען די סכנה, אַז זיי קענען אַטאַקירט ווערען אי פון ים, אי פון דער יבשה, און האָבען זיך צוריקגעצויגען קיין קענעדע. הערי־סאָן איז מיט זיין אַרמיי אַריינגעדרונגען אין קענעדע. ביידע אַרמייען האָבען זיך דאָרט באַגעגענט אויפ'ן טייך טעימס. עס איז פאָרגעקומען אַ שלאַכט, אין וועלכער די ענגלישע אַרמיי איז באַ־זיגט געוואָרען. די אַמעריקאַנער האָבען ענדליך, נאָך אַ יאָר צייט, צוריקגעוואונען דעטראָיט און די גאַנצע מישיגען טעריטאָריע.

די שלאַכט אויף דער טעימס איז געווען פון גרויסער וויכטיג־קייט אויך דערמיט, וואָס אין איר איז געפאַלען דער פירער פון די אינדיאַנישע שבטים, טעקאַמסע. די גאַנצע צייט זינט דעם אויס־ברוך פון דער מלחמה האָט טעקאַמסע אָרגאַניזירט די אינדיאַנער און זיי געפירט אין שלאַכט געגען די אַמעריקאַנער. אים האָבען עס די אַמעריקאַנער געהאַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די אינדיאַ־נישע אָנפאַלען אויף די ווייסע און פאַר די רציחות אויף אַמערי־קאַנער געפאַנגענע און פאַרוואונדעטע סאָלדאַטען. אין דער שלאַכט אויף דער טעימס האָט ער אַליין אַנטייל גענומען, און ווען די שלאַכט איז געווען פאַריבער, האָבען די אַמעריקאַנער אים געפונען אַ דער'הרג'עטען אויפ'ן שלאַכטפעלד. ווי גרויס עס איז געווען דער האַס געגען אים, קען מען זיך פאָרשטעלען פון פאָלגענדען שוידער־ליכען פאַקט: די סאָלדאַטען האָבען פון זיין טויטען קערפער אָפּ־געשונדען שטיקער הויט און עס מיטגענומען אַלס אָנדענקען. מיט טעקאַמסע'ס טויט האָט דער אויפשטאַנד פון די אינדיאַנער אין דער נאָרט־וועסט צוזאַמענגעבראָכען. פון דעמאָלט אָן האָבען די ווייסע געקראָגען אַ פרייע האַנט אין דער דאָזיגער טעריטאָריע און זיינען מער ניט געשטערט געוואָרען.

די צווייטע ים־שלאַכט איז פאָרגעקומען מיט אַ יאָר שפּעטער, אין סעפּטעמבער 1814, אין לייק שאַמפּליין, נעבען פּלאַצבורג, ניו יאָרק. די ענגלענדער האָבען דאַן געמאַכט אַ פּרואוו אַריינצודרינגען אין ניו יאָרק מיט אַ גרויסער אַרמיי, באַגלייט פון אַ גרויסער פלאָטע.

די אמעריקאנער ארמיי, וועלכע איז דאן געשטאנען אין פלאצבורג, איז געווען א קליינע — ביי 1,500 מאן. זייער איינציגע האפנונג אפצושטויסען די ענגלענדער איז געווען — די פלאָטע, וועלכע איז באשטאנען פון פיר גרויסע שיפען און צען קלענערע שיפען. די ענגלישע פלאָטע איז געווען עטוואס א גרעסערע: פיר גרויסע שיפען און צוועלף קליינע. די שלאכט איז פארגעקומען דעם 12טען סעפטעמבער. זי ווערט פארעכנעט אלס די גרעסטע ים־שלאכט אין דער מלחמה. דער אמעריקאנער קאָמאנדיר מעקדאָנאָו האָט ארויסגעוויזען ניט בלויז פייאיגקייט פון גאָר א גרויסען גראד אלס אדמיראל, נאָר אויך וואונדערבארע פערזענליכע העלדישקייט. די אמעריקאנער זיינען ארויס די פולשטענדיגע זיגער. די ענגלישע פלאָטע איז טיילווייז פארזונקען געוואָרען, טיילווייז געפאנגען געוואָרען. בלויז א פאָר שיפען איז געלונגען צו אנטלויפען.

די מלחמה אויף דער יבשה, ארום די וואסערען ביי קענעדע, האָט זיך אין די צוויי יאָר, 1813 און 1814, מיט גאָרניט אויסגעצייכענט. ביידע ארמייען, די ענגלישע און די אמעריקאנישע, זיינען געפירט געוואָרען פון אומפייאיגע גענעראלען, און אלע קאמפאניעס וואס זיינען אונטערנומען געוואָרען פון ביידע צדדים האָבען צו גאָרניט געפירט. די אמעריקאנער האָבען געפרואווט זיך ארייניייסען אין קענעדע איבער'ן לעיק אָנטאריאָ און איבער'ן סט. לאָורענס טייך. זיי האָבען געפרואווט ארייננדרינגען דורך נייאגראַ און לעיק אירי. עס זיינען פאָרגעקומען שלאכטען און אָנפאלען. די אמעריקאנער האָבען פארברענט טאָראָנטאָ (דעמאָלט האָט זי געהייסען „יאָרק" און איז געווען ניט מער ווי א דאָרף). די ענגלענדער האָבען א ביסעל שפעטער פארברענט באפאלאָ. עס האָט פאסירט א פאָר מאָל, אז עטליכע הונדערט ענגלענדער האָבען פארטריבען א פאָר טויזענט אמעריקאנער, און עס האָט אויך פאסירט פארקערט, אז א הייפעלע אמעריקאנער האָבען פאריאָגט גרויסע ענגלישע מיליטער־אָפטיילונגען.

ארום מיטען פון 1814 זיינען פאָרגעקומען א ריי שלאכטען אויפ'ן נייאגראַ טייך, אין וועלכע די אמעריקאנער האָבען אָפגעהאלטען עטליכע באדייטענדע נצחונות. אָבער קיין ממשות'דיגע

רעזולטאטען האָבען זיי ניט געבראַכט. סוף יאָר איז די לאַגע אין יענער געגענד געווען דיזעלבע ווי בשעת די מלחמה האָט זיך אָנגעפאַנגען. די אַמעריקאַנער זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון קענעדע, און די ענגלענדער זיינען ארויסגעטריבען געוואָרען פון דער אַמעריקאַנער טעריטאָריע. אין די לעצטע שלאַכטען ארום נייאַגראַ, וועלכע זיינען געווען די בלוטיגסטע אין דער מלחמה, האָבען זיך אויסגעצייכענט די צוויי יונגע גענעראַלען, ווינפילד סקאַט און דזשייקאָב בראַון.

נאָך אַ פיל וויכטיגערע ראָלע אפילו ווי די אַמעריקאַנער קריגס־שיפען, האָבען געשפילט די „פּרייוועטיערס”. דאָס זיינען געווען שיפען, וואָס פּריוואַטע בירגער האָבען באַוואפענט און ארויסגעשיקט אויפ׳ן ים צו פאַנגען ענגלישע האַנדעלס־שיפען. איצט איז דאָס ניט דערלויבט פון אינטערנאַציאָנאַלען געזעץ. אָבער אין יענע יאָרען האָט אין מלחמה צייט יעדער בירגער אָדער גרופּע פון בירגער געקענט קריגען אַן ערלויבניש פון דער רעגירונג צו שיקען אַן אייגענע שיף צו פאַנגען דעם שונא׳ס שיפען. די פּריוואַטע פּערזאָנען פלעגען דאָס טאָן, פאַרשטייט זיך, ניט צוליב פּאַטריאָטיזם, נאָר צוליב פּראָפיט: ווען זיי פלעגען פאַנגען אַ שיף, פלעגען זיי זי ברענגען אין אַן אַמעריקאַנער האַפען. אַ רעגירונגס־באַאַמטער פלעגט זי אונטערזוכען, און דאַן פלעגט די רעגירונג פאַרקויפען די סחורה און די שיף. דאָס געלט פלעגט צוטיילט ווערען צווישען די אייגענטימער פון דעם „פּרייוועטיער” און זיינע מאַטראָזען, לויט׳ן אָפּמאַך צווישען זיך. די רעגירונג פלעגט אויך קריגען אַ געוויסען חלק, אַלס שטייערען און אַנדערע אָפּצאָלונגען.

אין משך פון דער מלחמה זיינען פון די אַמעריקאַנער האַפענס ארויסגעפאָרען ניט ווייניגער ווי פינף הונדערט אַזעלכע „פּרייוועטיערס”. זיי פלעגען זיך ארויס׳גנב׳ענען פון די היגע האַפענס אפילו ווען ענגלאַנד האָט שוין געהאַלטען פאַרבלאָקירט דעם אַמעריקאַנער ברעג. די „פּרייוועטיערס” פלעגען לויערען אויף ענגלישע האַנדעלס־שיפען אין אַלע ים׳ען, ביי די ברעגען פון קענעדע, ארום די איסט און וועסט אינדיס, און הויפּטזעכליך ביי די ברעגען פון ענגלאַנד גופא. די אַמעריקאַנער „פּרייוועטירס” האָבען

זיך אויסגעצייכענט מיט זייער שנעלקייט. ווען זיי פלעגען נאר דערזען א האנדעלס־שיף פלעגט זיך שוין יענע ניט קענען ארויס־דרייען פון זיי.

די ענגלישע רעגירונג און די ענגלישע סוחרים האבען באנוצט פארשידענע מיטעל צו באשיצען זייערע האנדעלס־שיפען. דאס ערשטע מיטעל איז געווען צו פירען די שיפען אין גרויסע עסקאד־ראנען באוואכט פון קריגס־שיפען. דאס האט אבער ניט געהאלפען. דער עסקאדראן פון האנדעלס־שיפען פלעגט זיין אויסגעשפרייט איבער א גרויסער שטרעקע אין ים. די אמעריקאנער „פרייוועט־טירס" פלעגען זיך אריינ'גנב'ענען צווישען זיי און צווינגען איינע אדער צוויי פון דעם עסקאדראן אפצופארען אן א זייט, און דארטען זיך אונטערגעבען. די אמעריקאנער מאטראזען האבען אין דער ארבייט ארויסגעוויזען א באזונדערע געוואגטקייט און געשיקטקייט. די ענגלישע סוחרים האבען געפרובט באוואפענען זייערע האנדעלס־שיפען, אדער שיקען יעדע האנדעלס־שיף באגלייט פון א קליינער קריגס־שיף. אבער אפילו דאס האט ניט געהאלפען. די אמערי־קאנער „פרייוועטירס" פלעגען זיך מיט זיי ווי עס איז ספראווען.

די „פרייוועטירס" האבען אזוי פיל היזק אנגעטאן דעם ענגלי־שען האנדעל, אז די פארזיכערונגס־קאמפאניעס אין ענגלאנד און אין קענעדע האבען פאר געוויסע נסיעות זיך אנטזאגט ארויסצו־געבען פארזיכערונגען צו די שיפען. זיי האבען געפאדערט אזא הויכע ראטע, אז די שיפען האט זיך ניט געלוינט צו צאלען. די גרעסטע סכנה פאר די ענגלישע שיפען איז געווען ארום די ברעגען פון אירלאנד. אין 1814 האבען די סוחרים פון ליווערפול געשיקט א פעטיציע צו דעם פלאטען־מיניסטער, ער זאל זיי באשיצען געגען די אמעריקאנער „פרייוועטירס", וועלכע „פאנגען און ברענגען אונ־זערע שיפען". די סוחרים פון גלאסגאו האבען זיך מיט זייער פעטיציע געווענדט צום קעניג. אין דער פעטיציע באקלאגען זיי זיך, אז די אמעריקאנער „פרייוועטירס" „האבען רואינירט אונזער האנדעל, דערנידעריגט אונזער שטאלץ און דיסקרעדיטירט די ים־מאכט פון ענגלאנד". „אין צוויי יאר צייט", זאגט ווייטער די פעטיציע, „האבען זיי געפאנגען מער ווי 800 פון אונזערע שיפען".

עס ווערען אָנגעגעבען אַ ריי מיט פאַקטען וועגען די ערפאָלגען פון געוויסע „פּריוועטיר״־שיפען. די שיף „פּערי״, פון באַלטימאָר, האָט אין דריי מאָנאַט צייט געפאַנגען 22 ענגלישע שיפען. די שיף „סורפּרייז״ האָט אין 103 טעג פאַרניכטעט 13 שיפען. די שיף „גאָווערנאָר טאָמפּקינס״ האָט פאַרברענט 14 ענגלישע שיפען נעבען די ברעגען פון ענגלאַנד.

אַמעריקאַנישע שיפען האָבען אויך שרעקליך געליטען. די ענגלישע קריגס־שיפען האָבען פאַריאָגט, געפאַנגען און פאַרניכטעט הונדערטע אַמעריקאַנער האַנדעלס־שיפען. דיביידע לענדער האָבען פאַרלאָרען האַנדעלס־שיפען אין דער מלחמה וואַרשיינליך גלייך אויף גלייך. אָבער ענגלאַנד האָט דעם היזק געפילט טיפער און שאַרפער. פאַר איר איז, אויסער דעם געלט־פאַרלוסט, געווען שווער צו פאַרטראָגען די שאַנדע, אַזא אַזא קליינע, אומאַנטוויקעלטע מדינה ווי די פאַראייניגטע שטאַטען, אַ מדינה וואָס האָט גאָר כמעט קיין פלאָטע ניט געהאַט און קיינמאָל קיין שום ראָלע אויפ׳ן ים ניט געשפּילט, זאָל קענען אויפטאָן פּונקט אַזוי פיל ווי די גרויסע מעכטיגע ים־הערשערין, ענגלאַנד. אָט איבער דעם האָבען עס די פּרעסע, די שטאַטס־לייט און די סוחרים פון ענגלאַנד ניט אויפגעהערט צו קלאָגען.

## קאפיטעל 32.

# ענגלישע פּאָגראָמען; וואשינגטאָן פארברענט

אין אָנהויב פון יאָר 1813 האָט ענגלאנד אָנגעהויבען איר בלאָקאדע אויפ'ן אמעריקאנער ברעג. די ערשטע צייט האָבען די ענגלישע שיפען באוואכט בלויז די וואסערען פון די זידליכע שטאַטען. ביסלאכווייז זיינען אהער אריבערגעשיקט געוואָרען מער און מער קריגס־שיפען, און צום סוף יאָר איז דער גאנצער אמעריקאנער ברעג — פון מעין ביז דזשאָרדזשיא — שוין געווען אונטער דער בלאָקאדע. דער ים־האנדעל פון די פאראייניגטע שטאַטען איז פאראליזירט געוואָרען. ניט נאָר האָט זיך אָפּגעשטעלט דער מסחר צווישען אמעריקא און אויסלאנד, נאָר אויך דער מסחר צווישען די אמעריקאנער שטאַטען גופא. קיין שאָסייען זיינען נאָך דעמאָלט כמעט ניט געווען, און די סחורה פון איין שטאַט אין צווייטען איז געפירט געוואָרען הויפּטזעכליך מיט שיפען.

די בלאָקאדע האָט זיך געלאָזט שנעל פילען. דער יקרות איז געוואָרען גרויס. אין אויגוסט 1813 איז דער פרייז פון א פונט טיי געווען 1 דאָלאר מיט 70 סענט. אין דעצעמבער האָט עס שוין געקאָסט פון 3 ביז 4 דאָלאר א פונט. רייז האָט אין דער סאַוט געקאָסט 3 דאָלאר 100 פונט, אָבער אין פילאדעלפיא איז דער פרייז געווען 12 דאָלאר. צוקער האָט אין באָסטאָן געקאָסט 18.75 ד. 100 פונט; אין באלטימאָר—26.50. דאָס איז געווען אין מאָנאַט אויגוסט. אין מאָנאַט דעצעמבער האָט מען אין דער נאָרט געצאָלט 40 דאָלאר פאר 100 פונט צוקער.

די פאָלגענדע ציפער ווייזען, וויפיל היזק די בלאָקאדע האָט אָנגעטאָן דעם אמעריקאנער אויסלענדישען האנדעל. דער עקספּאָרט

פון ניו יאָרקער האַפען האָט אין 1811 אָנגעטראָפען צוועלף־און־א־פערטעל מיליאָן דאָלאַר; אין 1814 האָט ער אָנגעטראָפען ניט מער ווי 209 טויזענט דאָלאַר. ווירדזשיניא האָט אין 1811 ארויס־געשיקט פּראָדוקטען אין ווערט פון פיר־און־דריי־פערטעל מיליאָן דאָלאַר; און אין 1814 האָט איר עקספּאָרט באַטראָפען ניט מער ווי 17,581 דאָלאַר.

דער פארלוסט אין האנדעל און דער יקרות זיינען געוועזן בלויז א טייל פון די צרות, וואָס די בלאָקאַדע האָט אָנגעמאַכט. די ענגלישע קריגס־שיפען האָבען זיך ניט באַנוגענט מיט פארשפּארען די האַפענס און מיט פאַריאָגען די האַנדעלס־שיפען. זיי האָבען געהאַלטען די שטעדט און דערפער ביים ברעג אין שטענדיגען שרעק פון אָנפאַלען. פון צייט צו צייט פלעגען זיי מאַכען אַן אַטאַקע, באָמבאַרדירען א ישוב, אָדער צווינגען א שטאָדט צו באַצאָלען אויסלייז־געלט. גאַנץ אָפט פלעגען די מאַטראָזען אָפּשטאַטען א וויזיט אין א שטעדטעל און דאָרטען מאַכען א פּאָגראָם. איבער־הויפּט האָבען געליטען די שטעדט און דערפער פון ווירדזשיניא און מערילאַנד. דער ענגלישער אַדמיראַל, סיר קאָקבורן, האָט זיך אויסגעצייכענט אין די פּאָגראָם־אַרבייט. זיין נאָמען איז אין אַמעריקא פאַרהאַסט ביז היינטיגען טאָג.

קאָקבורן האָט אויף זיינע שיפען געהאַט איינגאַנצען א פינף הונדערט סאָלדאַטען און מאַטראָזען. מיט דעם קליינעם הייפעלע איז אים געלונגען אָנצואוואַרפען א שרעק אויף דער גאַנצער באַ־פעלקערונג ביי די ברעגען פון ווירדזשיניא און מערילאַנד. ער האָט פאַרנומען די אינזלען וואָס ליגען ביי די דורכגאַנגען פון טייכען נעבען ים. מעקמעסטער שרייבט: „די דאָרטיגע איינוואוינער האָבען פאַרבראַכט די צייט ניט אין אָרגאַניזירען זיך אין קאַמף געגען קאָקבורן, נאָר אין באַהאַלטען זייער גוטס און אין אַנט־לויפען". די ענגלענדער זיינען באַפאַלען דאָס שטעדטעל פרענטש־טאַון און האָבען דאָרט פאַרברענט פינף שיפען, און גרויסע זאַפּאַסען פון מעל, קליידער, זאָטלען און שפּאַנען, וועלכע מען האָט דאָרטען אָנגעזאַמעלט פאַר דער אַרמיי. שפּעטער מיט א פּאָר וואָכען איז קאָקבורן באַפאַלען דאָס שטעדטעל האַוור־דע־גראַס, און דאָרט פאַר־

ברענט דרייצען הייזער, צען שטאלען, פיר שיפען, די „פערי" און די קוזניע. די סאלדאטען האבען צוגענומען פעק מיט קליידער וואס זיי האבען ארויסגעטראגען פון די וואוינונגען. פערציג פא־מיליעס זיינען געבליבען אן א דאך איבער'ן קאפ. מען האט פאר זיי געמוזט ברענגען עסען און קליידער פון באלטימאר. שפעטער א ביסעל האבען די סאלדאטען צורויבט און אונטערגעצונדען די צוויי דערפער, פרעדעריקסטאון און דזשארדזשטאון. די ניים וועגען די פאגראמען האט זיך פאנאנדערגעטראגען איבער'ן גאנצען געגענד און די שטעדטלאך און דערפער האבען גענומען שיקען קאמיטעס צו קאקבוירן מיט ביטעס, ער זאל זיי ניט טשעפען. זיי האבען אים פארשפראכען, אז זיי וועלען זיך ניט שטעלען געגען אים און פארזיכערט, אז ביי זיי געפינען זיך ניט קיין סאלדאטען און קיין אמוניציע.

אין יולי איז קאקבוירן אראפגעפארען מיט זיינע שיפען נידע־ריגער צו זיד־צו. ער האט דארט דורכגעפירט ענליכע פאגראמען אויף די דערפער און שטעדטלאך ביים ברעג פון דזשארדזשיא. ער האט אויך געהאלפען די נעגער שקלאפען צו אנטלויפען אין די וועסט אינדיעס. דער אפיצער נאפיער, וועלכער האט געהאלפען קאק־בוירנ'ען אין דער ארבייט, האט וועגען דעם געשריבען אזוי: „ווי פיינט איך האב אט דעם טייל פון מיין ארבייט — צו בארויבען און רואינירען די פארמער! מיר נעמען ביי זיי אוועק די בהמות און רואינירען זיי. מיינע אייגענע הענט זיינען ריין, אבער עס איז העסליך צוצוקוקען ווי די ארימע מענשען ווערען בארויבט, און צו זיין איינער פון די רויבער".

אין 1814 האט זיך ענגלאנד א נעם געטאן צו ניו־ענגלאנד, וועלכע זי האט די גאנצע צייט כמעט ניט געטשעפעט. אין די זומער מאנאטען זיינען קריגס־שיפען באפאלען די אינזלען ארום די מעין און זיי איינגענומען איינציגווייז. דערנאך זיינען די ענגלישע סאלדאטען אריינגעדרונגען אין מעין גופא און איינגענומען די שטעדט ביים ברעג. מיט דעם דאזיגען צוג האט ענגלאנד גע־וואלט אנעקסירען דעם איסטליכען טייל פון מעין צו קענעדע. דער־פאר האט דער ענגלישער קאמאנדיר געצוואונגען די דארטיגע

אַמעריקאַנער איינוואוינער צו שווערען טרייהייט צו ענגלאַנד. אַט איז אַ ביישפּיל, ווי אַזוי די ענגלישע קאָמאַנדירען האָבען גע־האַנדעלט אין די שטעדט אין מעין: אַן עסקאַדראָן שיפען איז צוגעשוואומען צו דער שטאָדט באַנגאָר. דער קאָמאַנדיר האָט גע־פאָדערט, די שטאָדט זאָל זיך אונטערגעבען. ווען די שטאָדט האָט געשטעלט באַדינגונגען, האָט דער ענגלישער קאָמאַנדיר באַפוילען: „אָן שום תנאים. איר דאַרפט מיר אויך צושטעלען פערציג פערד, פּראָוויאַנט פאַר די סאָלדאַטען און באַזאָרגען די אָפיצערען מיט קוואַרטיר אין פּריוואַטע הייזער". די שטאָדט האָט געמוזט נאָכ־געבען. אין דער שטאָדט האָט מען געהאַלטען אין בויען שיפען, האָבען די באַאַמטע זיך געמוזט פאַרפליכטען, אַז זיי וועלען די שיפען פאַרטיג מאַכען און זיי איבערגעבען צום ענגלישען קאָמאַנדיר פאַר דעם 30טען אָקטאָבער. אויב ניט, וועלען זיי באַצאָלען דרייסיג טויזענט דאָלאַר שטראָף.

ענגלישע שיפען זיינען געפאָרען פון איין שטעדטעל צו דער צווייטער ביי די ברעגען פון ניו־ענגלאַנד, און זיי ענטוועדער פאַר־ניכטעט, אָדער ביי זיי גענומען אויסלייז־געלט. דאָס שטעדטעל וועלפריט האָט באַצאָלט צוועלף טויזענט דאָלאַר; וואוסטער האָט באַצאָלט פיר טויזענט; איסטהעם — צוועלף הונדערט. די קאָ־מאַנדירען פון די שיפען האָבען דערקלערט פאַר די איינוואוינער, אַז זיי האָבען אַ באַפעל צו פאַרניכטען אַלע שטעדטלאַך ביים ברעג, נאָר אַזוי ווי זיי איז דאָס ניט צום האַרצען, זיינען זיי גרייט צו איגנאָרירען דעם באַפעל און זיך באַנוגענען מיט אויסלייז־געלט.

די קאַמפּאַניע פון פּאָגראָמען האָט דערגרייכט איר העכסטען פּונקט אין מאָנאַט אויגוסט 1814, ווען די ענגלענדער האָבען זיך גענומען צו דער הויפּט־שטאָדט פון די פאַראייניגטע שטאַטען — וואַשינגטאָן.

וואַשינגטאָן איז ניט געווען באַפעסטיגט. אין די צוויי יאָר פון דער מלחמה איז דער מינדסטער פאַרזוך ניט געמאַכט געוואָרען צו באַשיצען די שטאָדט אין פאַל פון אַן אַטאַקע. דעם 20טען אויגוסט איז אַן ענגלישע פלאָטע אריינגעשוואומען אין טייך פּאַטאַק־סענט און דאָרט אַראָפּגעלאָזט אַן אַרמיי פון אַ פּאָר טויזענט מאַן.

די ארמיי האט אוועקגעמארשירט קיין וואשינגטאן. אין דער שטאדט איז געווארען אן אמת'ע פאניק. די מענער האבען זיך גענומען ארגאניזירען פאר מיליטערישע ארבייט. די פרויען און די קינדער האבען איינגעפאקט די זאכען אין בוידען און וואגענס און גענומען אנטלויפען פון שטאדט. פון די ארומיגע שטאטען זיינען אנגעקומען מיליץ און סאלדאטען. דער פרעזידענט און די קאבינעט־מיניסטארען זיינען אלע אוועק אין לאגער, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען ביי דער שטעדטעל בלאדענסבורג, עטליכע מייל פון וואשינגטאן. דער פלאן איז געווען צו באפעסטיגען דאס שטעדטעל און דארט זיך צו שטעלען געגען דער ענגלישער ארמיי.

דער צוזאמענשטויס איז פארגעקומען דעם 24טען אויגוסט. די ענגלענדער האבען אטאקירט. די אמעריקאנער האבען ניט גע־וויזען קיין שטארקען ווידערשטאנד. דעמזעלבען טאג האט די ענגלישע ארמיי אריינגעמארשירט א זיגרייכע קיין וואשינגטאן. דער קאמאנדיר איז געווען דערזעלבער קאקבורן, פאר וועלכען די איינוואוינער פון דעם גאנצען ברעג האבען געציטערט.

די ענגלענדער זיינען אין וואשינגטאן געשטאנען בלויז א נאכט און א טאג, אבער זיי האבען דארט פונדעסטוועגען באוויזען אנצומאכען א חורבן. די ערשטע זאך האבען זיי אונטערגעצונדען דעם „קעפיטאל" — די געביידע פון קאנגרעס און סענאט. דאן האבען זיי אוועקגעמארשירט צום פרעזידענט'ס וואוינונג, זי צו־ראבירט און אונטערגעצונדען. זיי האבען אויך פארברענט די פינאנץ־געביידע. דאס אלץ האבען זיי אפגעטאן די ערשטע נאכט. אויף מארגען האבען זיי אונטערגעצונדען נאך א פאר רעגירונגס־געביידעס און עטליכע הייזער. זיי האבען פארניכטעט די געביידע פון דער וואשינגטאנער צייטונג. ווען זיי זיינען פארטיג געווארען מיט'ן פאגראם, האבען זיי די שטאדט פארלאזען.

מיט א פאר וואכען שפעטער האט אן ענגלישע פלאטע און אן ארמיי אטאקירט באלטימאר. דער פארזוך האט זיך ניט איינ־געגעבען. דאס איז געווען דעם 13טען סעפטעמבער. די ענגלישע קריגס־שיפען האבען באמבארדירט די באלטימארער פעסטונג א גאנצען טאג און א האלבע נאכט, אבער דער פעסטונג האט עס

גאָרניט געשאַדט. די ענגלישע באָמבעס האָבען ניט געקענט דער־גרייכען ביז'ן ברעג, און צושווימען נעהענטער האָבען די שיפען ניט געקענט, ווייל דאָס וואַסער איז געווען ניט גענוג טיף. די ארמיי אויפ'ן לאַנד, ווידער, האָט ניט געוואַגט צו מאַרשירען אויף דער שטאָדט, כל־זמן די פעסטונג איז ניט געווען באַזיגט. געענדיגט האָט זיך די אטאַקע דערמיט, וואָס די ענגלישע אַרמיי און פלאָטע האָבען זיך אַליין צוריקגעצויגען. באַלטימאָר איז געבליבען גאַנץ *).

מיט'ן דורכפאַל ביי באַלטימאָר האָבען זיך געענדיגט די ענג־לישע אָנפאַלען אויף די שטעדט ביים ברעג.

---

*) די אַמעריקאַנישע הימנע „סטאַר ספּענגעלד בעננער" („די שטערן־באַשפּריצטע פאָן") איז געשריבען געוואָרען בשעת דער באָמבאַרדירונג פון באַלטימאָר. דער מחבר, פרענסיס סקאָט קי, איז געווען אַ געפאַנגענער אויף אַן ענגלישער שיף, און ער האָט פון זיין געפאַנגענשאַפט געזען ווי די שטאָדט ווערט באָמבאַרדירט. ווען ער האָט אין דער פרי באַמערקט, אַז די אַמעריקאַנער פאָן פלאַטערט נאָך אַלץ אויף דער פעסטונג, האָט ער פאַרפאַסט דאָס ליד, וואָס דריקט אויס די באַגייסטערונג פאַר דער העל־דישער פאַרטיידיגונג פון די אַמעריקאַנער און בכלל אַלגעמיינע געפילען פון פאַטריאָטיזם. קי האָט געשריבען אַנדערע לידער אויך, אָבער זיי זיינען געווען פון אַ קליינעם ליטעראַרישען ווערט. די „סטאַר ספּענגעלד בעננער" איז די איינציגע פון זיינע שאַפונגען וואָס איז געבליבען לעבען.

קאפיטעל 33.

# די מלחמה אין דער סאַוט. — דער זיג ביי ניו אָרליענס

אין דער סאַוט האָט דער קריג מיטגעבראַכט אַן אויפשטאַנד פון אינדיאַנער שבטים, וועלכע האָבען געוואוינט אין דער מיסיסיפּי טעריטאָריע, דאָרט וואו דער שטאַט אַלאַבאַמאַ געפינט זיך איצט. די שבטים האָבען זיך גערופען „קריקס". זיי זיינען געווען פרידליכע מענשען, געוואוינט אין דערפער, באַארבייט די ערד און זיך געלערענט פון די ווייסע ווי צו האָדעווען פי און ווי צו שפּינען און וועבען. אָבער געטאָן האָבען זיי עס ניט וויל זיי האָבען ליב געהאַט דאָס ציוויליזירטע לעבען, נאָר וויל די נויט האָט זיי דערצו געטריבען. די ווייסע קאָלאָניסטען האָבען אויסגעשאָסען און פאַרטריבען די חיות פון די וועלדער. פון יאַגד אַליין האָבען זיך אַלזאָ די אינדיאַנער ניט געקענט דערנערען, האָבען זיי זיך געמוזט נעמען צו ערד־אַרבייט און פי־האָדעוואַניע. אין האַרצען האָבען זיי געבענקט נאָכ'ן אמת'ן אינדיאַנישען וואַלד־לעבען פון אַמאָל. אין טייל פון זיי, וועלכע האָבען זיך ניט געקענט איבערברעכען, האָבען זיך אוועקגעלאָזען זוכען אַ נייע היים.

די לאַגע איז דאָ געווען ענליך צו דער לאַגע אין דער נאָרדליכער טעריטאָריע, וואָס איז באַשריבען געוואָרען אין אַ פריערדיגען קאַפּיטעל. די ווייסע שבטים האָבען זיי אַלץ ענגער און ענגער געמאַכט, צוגענומען ביי זיי אַלץ מער און מער לאַנד. די רעגירונג האָט אפילו די אינדיאַנער באַשיצט; מיט געוואַלד האָט מען די ערד ניט געטאָרט צונעמען. אָבער די ווייסע האָבען געטריבען זייערע סטאַדעס חזירים, פערד און בהמות זיך צו פיטערען אין

די אינדיאַנישע װעלדער. די װײַסע האָבען אױך, װי שױן געזאָגט, אױסגעראָט די װילדע חיות פון די װעלדער. האָבען די אינדיאַנער קײן אַנדער ברירה ניט געהאַט װי צו פאַרקױפען אײן שטיק לאַנד נאָכ'ן אַנדערען.

װען טעקאַמסע האָט אין 1811 אָנגעהױבען זײַן באַװעגונג צו אָרגאַניזירען די אינדיאַנישע שבטים פון דער נאָרט, האָט זײַן אַרבײט געקראָגען אַן אָפּקלאַנג אין דער סאַוט. אין אָקטאָבער 1811 איז טעקאַמסע געקומען צום יערליכען ראַט פון די טשיפס פון די „קריקס" אין דעם דאָרף טאַקאַבאַטשי. דער אַמעריקאַנער פאַר־טרעטער האָקינס איז דאָרט אױך געװען. טעקאַמסע האָט זיך געהיט מיט זײַנע װערטער. ער האָט ניט געפּרעדיגט קײן אױפ־שטאַנד. ער האָט נאָר אַגיטירט דערפאַר, אַז אַלע אינדיאַנישע שבטים זאָלען זײַן פאַראײניגט. נאָכדעם װי ער איז אַװעק, האָבען זיך גענומען באַװײַזען „נביאים" און „כשוף־מאַכער", װעלכע האָבען געפּרעדיגט האַס און פאַרניכטונג דער װײַסער ציװיליזאַציע. די „נביאים" האָבען פאַרזיכערט דעם אינדיאַנישען עולם, אַז זײ קענען ברענגען אַן ערד־ציטערניש, און װען די װײַסע װעלען שיקען אַן אַרמײ געגען די אינדיאַנער, װעלען די „נביאים" באַפעלען די ערד אַז זי זיך עפענען, און די װײַסע אַרמײ װעט אײַנגעזונקען װערען. די נביאים האָבען זײער פּראָפּאַגאַנדע אָנגעפירט אין געהײם. גע־טאָן האָבען זײ עס צוליב אַ גאַנץ נאַטירליכער אורזאַך: אָן דער הילף פון איבערנאַטירליכע כחות װאָלט דער אינדיאַנער פון דער סאַוט ניט געװאַגט צו רעװאָלטירען געגען די װײַסע. זײ האָבען ניט געהאַט קײן ביקסען און קײן פּולװער. זײער אײנציגער געװער איז געװען — פײַל־און־בױגען און רױטע שטעקענס. זײ האָבען פאַרשטאַנען, אַז מיט אַזױנע װאָפען װעלען זײ זיך ניט קענען שטעלען געגען די ביקסען און האַרמאַטען פון די װײַסע. אָבער אַז די „נביאים" האָבען זײ פאַרזיכערט, אַז דער הימעל װעט פאַר זײ מלחמה האַלטען, האָבען זײ זיך פאַר קײן זאַך ניט געשראָקען.

דאָס איז געװען די לאַגע װען די מלחמה פון 1812 איז דער־קלערט געװאָרען. אַרום אַ יאָר צײַט האָבען זעקס טשיפס פון די „קריקס" פאַרבראַכט אױף אַ שליחות צו אינדיאַנישע שבטים אין

דער נארט. די טשיפס האבען שוין אין איין וועג באזוכט טעקאמסע, וועלכער האט זיך דאן באטייליגט אין דער מלחמה ביים קענעדער גרענעץ. זיי האבען אויך באקומען א בריף פון אן ענגלישען אפיצער אין קענעדע צו דעם שפאנישען באאמטען אין פלארידא, ער זאל די אינדיאנער געבען ביקסען און פולווער. אויפ'ן וועג צוריק האבען די טשיפס אנגעטראפען אויף א ישוב פון דריי ווייסע פאמיליעס ביים אהייא טייך. זיי זיינען באפאלען די פאמיליעס און זיי אויס-געקוילעט. דאס האט פאסירט אין מאנאט פעברואר 1813 .

די עלטערע טשיפס פון די „קריק"-אינדיאנער האבען געוואלט ווייטער אנהאלטען דעם פרידען מיט די ווייסע. ווען די זעקס זיינען געקומען צוריק און דערציילט פון זייער שליחות, האבען די עלטערע טשיפס זיי ארויסגעטריבען פון ראט-הויז. באלד נאכדעם האבען די עלטערע טשיפס באקומען א ידיעה פון האוקינס'ן וועגען דער גרויזאמער שחיטה וואס די זעקס האבען באגאנגען. ער האט געפאדערט, אז די מערדער זאלען אויסגעליפערט ווערען צו דער רעגירונג. די זעקס טשיפס זיינען אבער באצייטענס אנטלאפען אין די וועלדער. די עלטערע האבען ביי א בעראטונג באשלאסען, אז די מערדער מוזען הינגעריכט ווערען. א פארטיע פון באוואפענטע אינדיאנער איז אוועקגעשיקט געווארען נאכצויאגען די אנטלאפענע. געענדיגט האט זיך דאס דערמיט, וואס די אלע זעקס טשיפס זיינען דערשאסען געווארען.

די פאסירונג האט אויפגערודערט די אינדיאנישע דערפער. עס האט באלד אויסגעבראכען אן אויפשטאנד. די עלטערע טשיפס האבען געמוזט אנטלויפען צו די ווייסע. די וואס האבען הינגע-ריכט די זעקס זיינען אייניציגווייז דערמארדעט געווארען. צום אויפשטאנד האבען זיך אנגעשלאסען ארום צוויי טויזענט אינדיא-נער. צווישען די ווייסע איינוואוינער האט אויסגעבראכען א פאניק. דעם 30טען אויגוסט איז פארגעקומען די ערשטע גרויסע שחיטה אויף די ווייסע. דאס איז געשען אין א ישוב פארט מימז, 35 מייל פון מאביל. אין דער פעסטונג דארטען זיינען צוזאמענ-געלאפען 550 קאלאניסטען פון דעם געגענד, מענער, פרויען און קינדער. די מערסטע פון זיי זיינען געווען ווייסע, אבער עס האבען

זיך אויך געפונען א ביסעל אינדיאַנער און נעגער צווישען זיי. די פעסטונג איז באַלד אַרומגערינגעלט געוואָרען פון א טויזענט אינדיאַנער, וועלכע האָבען זי אונטערגעצונדען. בלויז פופצען ווייסע איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. די אינדיאַנער האָבען אָפגעהאַקט די שאַרבענס פון 250 טויטע, זיי אַרויפגעשטאָכען אויף הויכע שטאַנגען און אַוועקגעמאַרשירט מיט זיי אין דער שפּאַנישער שטאָדט פענסאַקאַלא, אין פלאָרידא.

דער „זיג" האָט פּאַנאַנדערגערייצט דעם אַפּעטיט ביי די אינדיאַנער. זיי האָבען גענומען ברענען און מאָרדען. זיי האָבען פאַרניכטעט די תבואה אויף די פעלדער. די ווייסע האָבען פאַרלאָזען זייערע היימען און זיינען געלאָפען זיך באַהאַלטען אין די פעסטונגען. פון דאָרטען האָבען זיי געשיקט הילפס־רופען צו די גאָווערנאָרס פון די אַרומיגע שטאַטען: לואיזיאַנא, דזשאָרדזשיא און טענעסי.

די ערשטע האָט זיך אָפּגערופען טענעסי. די נייס וועגען דער שחיטה אין מימז איז אָנגעקומען אין נעשוויל, די הויפּט־שטאָדט פון טענעסי, אין מיטען סעפּטעמבער. ענדרו דזשעקסאָן, דער קאָמאַנדיר פון דער פרייוויליגער אַרמיי, איז דאַן געלעגען א קראַנקער אין בעט. ער האָט אָבער גלייך אַרויסגעגעבען א באַפעל צו די צוויי טויזענט סאָלדאַטען זיי זאָלען זיך מאָביליזירען. אין צוויי וואָכען אַרום האָט ער שוין מיט זיי געמאַרשירט צו דער אינדיאַנישער טעריטאָריע. שפּעטער א ביסעל האָבען די אַנדערע שטאַטען — דזשאָרדזשיא און לואיזיאַנא — אויך אַרויסגעשיקט אַרמייען. יענע האָבען אָבער ווייניג וואָס אויפגעטאָן. די מלחמה געגען די „קריקס", וועלכע האָט זיך פאַרצויגען אויף דריי־פערטעל יאָר, איז אָנגעפירט געוואָרען פון דזשעקסאָנ'ען.

דער שונא איז ניט געווען קיין שטאַרקער. די „קריקס" זיינען געווען אינגאַנצען אַרום פיר טויזענט אין צאָל. ביקסען האָבען זיי געהאַט פיליכט א טויזענט. קוילען אויך זייער ווייניג. די אינדיאַנער האָבען געמוזט שיסען מיט פיילען געגען קוילען. דזשעקסאָנ'ען וואָלט ניט שווער אָנגעקומען זיי צו באַזיגען, האָט ער אָבער געגען זיך געהאַט צוויי אַנדערע שונאים. ערשטענס, זיינע אייגענע

סאלדאטען, וועלכע האבען זיך געהאלטען אין איין בונטעווען. זיין ארמיי איז באשטאנען הויפטזעכליך פון פרייוויליגע און מיליץ. זיי פלעגען זיך אנשליסען אויף קורצע טערמינען, און אזוי שנעל ווי זייער צייט פלעגט זיך ענדיגען, פלעגען זיי פאדערען, מען זאל זיי לאזען גיין אהיים. דער צווייטער שונא איז געווען די נאטור. דאס לאנד איז געווען באדעקט מיט וועלדער און זומפען, אן שום וועגען.



ענדרו דזשעקסאן

עס איז שווער געווען צו מארשירען און פירען פראוויאנט. אפט איז די סאלדאטען אויסגעקומען צו הונגערען, און דאס איז געווען נאך אן אורזאך פאר זייער בונטעווען זיך.

דזשעקסאן האט אבער געהאט אן אייזערנעם ווילען און אן אומערשעפליכע ענערגיע. ער האט אלע שונאים ביינעקומען. ער

האָט די אייגענע סאָלדאַטען געסטראַשעט מיט'ן טויט, אויב זיי וועלען ניט פאָלגען. ער האָט באַנוצט איין טייל פון דער אַרמיי צו צווינגען דעם צווייטען טייל צו פאָלגען זיינע באַפעלען. איין סאָלדאַט האָט ער טאַקע הינגעריכט. אין אַ צווייטען פאַל האָט ער געגען אַ צובונטעוועטען רעגימענט אָנגעשטעלט צוויי קאַנאָנען און דערקלערט, אַז אויב זיי וועלען ניט טאָן וואָס ער הייסט, וועט ער שיסען. די נאַטור־שווערינקייטען איז ער בייגעקומען דורך אויס־דויער. ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך, זיך ניט גע־שראָקען פאַר הונגער, פאַר מידקייט, און האָט געמאַרשירט ווייטער און ווייטער, ביז וואַנען ער האָט דערגרייכט זיין ציל.

און געגען די אינדיאַנער איז ער געווען גרויזאַם. זיין כלל איז געווען: אויסראָטען, אויסקוילענען וויפיל מען קען נאָר. „דזשעקסאָנ'ס פּאָליטיק פון אויסראָטען — שרייבט הענרי עדעמס — „האָט אויפגעשווידערט יעדען אַמעריקאַנער מיט אַ מענשליך געפיל אין הארצען. פיליכט וואָלט זיין האַנדלונג ניט געווען אַזוי אָפּשטויסענד, ווען די „קריקס" וואָלטען געווען אַרויסגעוויזען מער ווידערשטאַנד. און נאָך אַן ערנסטערע טענה געגען דזשעקסאָנ'ען איז דאָס, וואָס די שטעדט, וועלכע ער האָט פאַרניכטעט, זיינען ניט געווען די הויפּט־שולדיגע אין דעם אויפשטאַנד".

אין יולי 1814 האָט דזשעקסאָן באַקומען אַ באַפעל פון וואַ־שינגטאָן, ער זאָל שליסען פרידען מיט די באַזיגטע „קריקס". אין דער טעריטאָריע האָבען זיך דאַן קיין אינדיאַנער שבטים מער ניט געפונען. זיי זיינען ענטוועדער אויסגע'הרג'עט געוואָרען, אָדער זיי האָבען זיך אַריבערגעכאַפּט די גרעניץ און זיינען אַנטלאָפען צו די שפּאַניער אין פלאָרידאַ. די אינדיאַנישע טשיפּס, וואָס האָבען זיך געפונען אין דער טעריטאָריע, זיינען געווען פריינדליך צו די ווייסע. טייל פון זיי האָבען אפילו געהאָלפען די ווייסע געגען זייערע אייגענע ברידער. אין יעדער שלאַכט האָבען זיך באַ־טייליגט אינדיאַנער אויף דער זייט פון די אַמעריקאַנער. אָט די פריינדליכע טשיפס האָט איצט דזשעקסאָן איינגעלאַדען צו ריידען מיט זיי וועגען שלום.

דער פרידען, וואָס דזשעקסאָן האָט ביי דער דאָזיגער האַנ־

פערעניץ פארגעלעגט די אינדיאנער, שרייבט מעקמעסטער, איז געווען איינע פון די שענדליכסטע עולות, וואס זיינען באגאנגען געווארען געגען די אינדיאנער, און איז א שאנד־פלעק אויפ׳ן אמע־ריקאנישען פאלק. די אינדיאנער, מיט וועמען דזשעקסאן האט אונטערהאנדעלט, זיינען געווען זיינע פארבינדעטע אין דער מלחמה. זיי האט געוויס געקומט ניט קיין שטראף, נאר א באלוינונג. אבער אט זיינען די וויכטיגסטע פונקטען, וואס דזשעקסאן האט ארויס־געשטעלט:

1) אלס א שטראף פאר׳ן אויפשטאנד, זאל פון די אינדיאנער צוגענומען ווערען א טייל פון זייער טעריטאריע.

2) די „קריקס" טארען קיינמאל ניט האבען קיין שום פאר־קער מיט קיין שפאנישער שטאדט אדער פירען מסחר מיט א סוחר, וואס האט ניט קיין האנדעלס־צייגניש פון דער אמעריקאנער רעגירונג.

3) די אמעריקאנער רעגירונג זאל האבען דאס רעכט צו בויען שאסייען, פעסטונגען און האנדעלס־פאסטענס איבעראל אין דער טעריטאריע וואס געהערט צו די „קריק"־שבטים.

די טשיפס זיינען געווען דערשטוינט פון די פאדערונגען. די לעצטע צוויי פונקטען וואלטען זיי שוין ווי עס איז איינגעביסען, אבער דעם ערשטען פונקט — אפצוגעבען א גרויסען טייל פון זייער לאנד — דאס האבען זיי ניט געוואלט נאכגעבען. דזשעקסאן האט זיי דאן דערקלערט, אז דער יעניגער צווישען זיי, וואס וועט ניט לעגען זיין חתימה אויפ׳ן אפמאך, וועט באטראכט ווערען אלס א בונטאווישטשיק און וועט גלייך הינגעריכט ווערען. ער האט פשוט מיט א רעוואלווער אין האנט געצוואונגען זיי אונטערצושרייבען, און זיי האבען קיין אנדער ברירה ניט געהאט און געפאלגט.

דער דאקומענט איז גע׳חתמ׳עט געווארען דעם 9טען אויגוסט 1814, א יאר נאך דעם פאגראם, וואס די זעקס „קריק"־טשיפס האבען געמאכט אויף די ווייסע פאמיליעס. דער רעזולטאט פון דעם אויפשטאנד איז געווען, אז דער גרעסטער טייל פון די „קריקס" זיינען אויסגע׳הרג׳עט געווארען, און מער ווי א העלפט פון דער טעריטאריע וואס האט באלאנגט צו זיי, איז צוגענומען געווארען.

אַן ערך אין דערזעלבער צייט, ווען דזשעקסאָן איז פאַרטיג געוואָרען מיט די „קריקס", האָט דער ענגלישער גענעראַל דאָ באַקומען אַ באַפעל צו אָרגאַניזירען אַן אַטאַקע אויף לואיזיאַנאַ. די ענגלענדער האָבען געהאָפט, אַז זיי וועט געלינגען, טיילווייז מיט גוטען און טיילווייז מיט בייזען, צו ווירקען אויף די איינוואוינער פון לואיזיאַנאַ, זיי זאָלען זיך צוריק אונטערוואַרפען אונטער דער הערשאַפט פון שפּאַניען. דער פּלאַן איז געווען צו אַטאַקירען ניו־אָרליענס, די האַפען־שטאָדט פון לואיזיאַנאַ, און אַרויסלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציע צו די איינוואוינער, מיט דער הבטחה, אַז ענגלאַנד וויל ניט איינגעמען דאָס לאַנד פאַר זיך, נאָר זי וויל „באַפרייען דאָס לאַנד פון דער טיראַנײ פון די פאַראייניגטע שטאַטען".

דזשעקסאָן איז איצט געווען דער הויפּט קאָמאַנדיר פון די אַמעריקאַנער אַרמייען אין דער גאַנצער סאַוט. ער האָט באַקומען אָפיציעלע ידיעות פון דעם קריגס־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן וועגען ענגלאַנד'ס געפּלאַנטען אָנפאַל אויף ניו־אָרליענס, אָבער ער האָט זיך וועגען דעם ניט געקימערט. זיין אַמביציע איז געווען דיזעלבע וואָס ביי די אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען אין דער סאַוט און אין דער וועסט—אָפּצונעמען פלאָרידאַ ביי שפּאַניען. ער האָט איצט נאָר געטראַכט ווי אַזוי עס דורכצופירען. אין דער צייט וואָס די ענגלענדער האָבען צוגעגרייט זייער עקספּעדיציע געגען ניו־אָרליענס, האָט דזשעקסאָן צוגעגרייט זיין עקספּעדיציע געגען פלאָרידאַ. איידער די ענגלענדער זיינען געווען פאַרטיג אָנצופאַנגען זייער מאַרש, איז דזשעקסאָן באַפאַלען די שפּאַנישע שטאָדט פּענסאַקאָלאַ אין פלאָרידאַ און זיי איינגענומען. דערנאָך האָט ער זיך גענומען גרייטען צו באַגעגענען די ענגלענדער אין ניו־אָרליענס.

די ענגלישע עקספּעדיציע איז געווען די גרעסטע, וואָס האָט זיך ביז דאַן באַטייליגט אין אַן אַטאַקע. זי איז באַשטאַנען פון פופציג שיפען און צען טויזענט סאָלדאַטען. אין מיטען דעצעמבער האָבען זיך די ענגלישע שיפען גענומען באַווייזען נעבען די ברעגען פון לואיזיאַנאַ. דזשעקסאָן האָט אין גרויס איילעניש צונויפגעקליבען אַלע סאָלדאַטען וואָס ער האָט נאָר געקענט געפינען. ער האָט געשטעלט די שטאָדט ניו־אָרליענס אין קריגס־צושטאַנד, און

האט ארויסגעגעבען א באפעל, אז יעדער מאן פון מיליטערישען עלטער מוז גלייך קומען העלפען פארטיידיגען די שטאדט.

די ערשטע צוזאמענשטויסען צווישען די צוויי ארמייען האבען באוויזען, אז די אמעריקאנער קענען זיך פארטיידיגען פיל בעסער ווי די ענגלענדער האבען געמיינט. די ענגלישע אטאקעס האבען זיך געענדיגט דערמיט, וואס די אמעריקאנער זיינען געבליבען אין זייערע פאזיציעס. דעם 8טען יאנואר 1815 האט דער ענגלישער קאמאנדיר, סיר עדווארד פעקענהעם, קאנצענטרירט אלע זיינע כחות צו געבען דעם שונא א גענעראל־שלאכט. ער האט געבראכט זיינע בעסטע רעגימענטען און די העלדישסטע אפיצירען. אבער די אטאקע, וועלכע איז געווען די לעצטע שלאכט אין דער גאנצער מלחמה, האט זיך געענדיגט מיט א שרעקליכער מפלה פאר ענג־לאנד. די אמעריקאנער האבען זיך ארויסגעוויזען פאר וואונדער־בארע ציל־שיסער. זיי האבען די ענגלישע ארמיי פשוט צושאסען אויף שטיקלאך. די ענגלענדער האבען פארלארען זייער הויפט־גענעראל און די וויכטיגסטע אפיצירען. די צאל פון זייערע טויטע און פארוואונדעטע האט דערגרייכט ביז צוויי טויזענט. די אמע־ריקאנער האבען פארלארען אכט טויטע און פופצען פארוואונדעטע — אן אומבאדייטענדע צאל אין פארגלייך מיט'ן פארלוסט פון די ענגלענדער.

די שלאכט פון ניו־ארליענס האט בארימט געמאכט ענדרו דזשעקסאנ'ס נאמען איבער'ן גאנצען לאנד. אין דער סאוט, און איבערהויפט אין דער וועסט, איז ער געווארען דער העלד פון טאג.

## קאפיטעל 34.

# ניו־ענגלאנד בונטעוועט זיך

דאָס לאַנד איז ניט געווען באַגייסטערט פאַר דער מלחמה. לכתחילה האָבען די קאָלאָניסטען אין דער וועסט און אין דער סאוט זיך געריכט עפּעס צו געווינען פון דעם קריג. זיי זיינען זיכער געווען, אַז עס וועט אָנקומען גאַנץ לייכט אָפּצונעמען קענעדע פון ענגלאַנד און פלאָרידאַ פון שפּאַניען. באַלד אָבער האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז די האָפנונגען קענען ניט פארווירקליכט ווערען, און די באַגייסטערונג האָט זיך אַ היבש ביסעל אָפּגעקילט.

אין די ניו־ענגלאַנד שטאַטען האָבען די הערשענדיגע קלאַסען, די סוחרים, די שיף־אייגענטימער און די פּאָליטיקער, זיך אָפען דער־קלערט אַלס געגנער פון דער מלחמה. זיי האָבען אַלץ געטאָן צו שטערען דער נאַציאָנאַלער רעגירונג אין דער מלחמה ארבייט, צו שטערען איר מאָראַליש, גייסטיג און פיזיש. אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג, אָן ערך אַ העלפט, האָט געגלויבט, אַז די נאַציאָ־נאַלע רעגירונג דאַרף יע געשטיצט ווערען. דאָס איז אָבער געווען דער אָרימער טייל פון דער באַפעלקערונג. די דעה־זאָגער האָבען געהערט צום צווייטען צד. די ניו־ענגלאַנד שטאַטען זיינען מיט זייערע עפענטליכע האַנדלונגען פאַקטיש געשטאַנען פאַר ענגלאַנד און געגען די פאַראייניגטע שטאַטען.

די לאַגע האָט געטראָגען אַ טראַגיש־קאָמישען כאַראַקטער. די מלחמה איז דערקלערט געוואָרען דערפאַר, וואָס ענגלאַנד האָט גע־שטערט דעם אַמעריקאַנישען האַנדעל אויפ'ן ים און דערפאַר וואָס זי האָט אַראָפּגענומען מאַטראָזען פון אַמעריקאַנער שיפען. ווער האָט געליטען דערפון? הויפּטזעכליך די ניו־ענגלאַנד שטאַטען,

ווייל דארט איז געלעגען דער ווichטיגסטער טייל פון דער אמערי־קאנער שיף־אינדוסטריע און האנדעל. די סאוט און די וועסט האבען דערמיט קיין גרויסע שייכות ניט געהאט. די מלחמה איז אלזא געפירט געווארען צו באשיצען די אינטערעסען פון ניו־ענג־לאנד, און דוקא ניו־ענגלאנד האט געשריען, אז זי וויל ניט די מלחמה; אז די מלחמה מאכט זי אומגליקליך.

די גלייכגילטיגקייט פון איין טייל און די אפענע געגנערשאפט פון דעם אנדערען טייל האט זיך גאנץ שטארק געפילט אין אלץ וואס די רעגירונג האט געטאן צו פירען די מלחמה. יעדער פרוב צו קריגען געלט דורך הלוואות, דורך שטייערען, דורך די שטאט־רעגירונגען, האט געבראכט טרויעריגע רעזולטאטען. מיט סאל־דאטען איז אויך געווען דאסזעלבע. עס איז כמעט אוממעגליך געווען צו קריגען רעקרוטען פאר דער ארמיי. די מיליץ־סאלדאטען האבען זיך אנטזאגט צו גיין אהין, וואו די פעדעראלע קאמאנדירען האבען זיי געשיקט. אין דער פרייוויליגער ארמיי זיינען די רייען אויך שטענדיג געווען א העלפט אדער דריטעל ליידיג.

פראפעסאר דואי, אין זיין ווערק „די פינאנציעלע געשיכטע פון די פאראייניגטע שטאטען", שרייבט אזוי: „דער פארלוסט וואס די רעגירונג האט געהאט שאפענדיג די הלוואה־געלדער אין פארלויף פון דער מלחמה־צייט, פון 1812 ביז 1816, איז געווען א ריזיג־גרויסער. אין 1830 האט א קאמיטע פון קאנגרעס אויס־גערעכענט, אז פון די הלוואות פון איבער 80 מיליאן דאלאר האט די רעגירונג אין אמת'ן געקראגען מזומן ניט מער ווי 34 מיליאן". דאס הייסט, אז די רעגירונג האט געמוזט צאלען די קאפיטאליסטען אזעלכע גרויסע פראצענטען און „קאמישאנס", אז פון יעדען דאלאר וואס זי האט געבארגט, איז איר געבליבען ניט מער ווי עטליכע און פערציג סענט. אלס ביישפיל וועט דינען דער פאלגענדער פאקט: אין אנפאנג יאר פון 1813 האט די רעגירונג באשלאסען צו בארגען זעכצען מיליאן דאלאר. די קאסע איז געווען פוסט, און מען האט געמוזט האבען וועניגסטענס די דאזיגע סומע כדי צו קענען פארטזעצען די מלחמה. אויפרופען זיינען געמאכט געווארען צום פאלק צו קויפען הלוואה־פאפירען. דער עולם האט זיך אבי־

סעל אָפּגערופען. אין פאַרלויף פון אַ פּאָר מאָנאַטען זיינען פאַר־קויפט געוואָרען פּאַפּירען פאַר אַ זעקס מיליאָן דאָלאַר. צו די פּאַפּירען פאַר די איבעריגע צען מיליאָן האָט מען זיך ניט צוגערירט. דער פינאַנץ־מיניסטער האָט פאַרשטאַנען די אורזאַך: די רייכע ווילען ניט צאָלען דעם פולען פּרייז. האָט ער אָנגעבאָטען אַראָפּ־צולאָזען צוועלף דאָלאַר פון יעדען הונדערט, דאָס הייסט, ער האָט אָנגעבאָטען אַ הונדערט־דאָלאַרדיגען באָנד פאַר 88 דאָלאַר. עס איז גלייך געוואָרען אַן אויסכאַפּעניש אויף די פּאַפּירען צווישען די רייכע. אַסטאָר אַליין האָט געקויפט פאַר צוויי מיליאָן דאָלאַר ווערט־פּאַפּירען.

שפּעטער האָט די רעגירונג געמוזט אַראָפּלאָזען נאָך מער פון דעם פּרייז, און אַזוי האָט זיך אין פיר יאָר צייט אָנגעקליבען אַ חוב פון 80 מיליאָן דאָלאַר, כאָטש די רעגירונג האָט באַקומען ניט מער ווי 34 מיליאָן אין איר קאַסע.

מיט סאָלדאַטען איז געווען דאָסזעלבע. עס איז שווער גע־ווען צו קריגען רעקרוטען, און די וואָס מען האָט שוין געקראָגען, האָבען ניט שטענדיג געטויגט פאַר'ן שלאַכטפעלד. טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען איז ניט מעגליך געווען צו פאַרגרעסערען די אַרמיי אויף מער ווי עטליכע טויזענט מאַן. אין יוני 1813 האָט די אַרמיי געציילט קנאַפּע 28 טויזענט סאָלדאַטען. אין דעצעמבער 1813 האָט די צאָל דערגרייכט ביז איבער 35 טויזענט. אין יולי 1814 איז זי אַראָפּגעפאַלען צו 31 טויזענט.

אין הערבסט 1814 האָט מאַנראָ, דער קריגס־מיניסטער, גע־מאַכט אַ פאַרצווייפעלטע אָנשטרענגונג צונויפצושטעלען אַן אַרמיי פון הונדערט טויזענט מאַן. די מיליטערישע לאַגע איז דעמאָלט געווען אַ קריטישע. די ענגלענדער האָבען אָקאָרשט געהאַט פאַר־ברענט וואַשינגטאָן. אַ גרויסע ענגלישע אַרמיי האָט זיך געגרייט צו אַטאַקירען ניו־אָרליענס. אַ שטרעקע פון אַרום הונדערט מייל־ברעג, אין מעין, איז געווען פאַרנומען פון די ענגלענדער. מאַנראָ האָט געגלויבט, אַז כדי צו קענען זיך פאַרטיידיגען און צוריק אָפּ־צונעמען דאָס פאַרנומענע לאַנד, איז נויטיג געווען אין פאַרלויף פון די עטליכע וואָכען צייט אַריינצוקריגען אין דער אַרמיי פרישע

70 טויזענט מאן. אויפ'ן געוויינליכען אופן, דורך אנבאטען „באַ־גוסעס" און דורך אגיטאציע, האָט ער געוואוסט, וועט ער זיין ציל ניט דערגרייכען. ער האָט דעריבער פאָרגעלייגט פאר'ן קאָנגרעס פיר נייע פּלענער. דער ערשטער און דער וויכטיגסטער פון זיי איז געווען פאָלגענדער: די גאנצע מענער־באפעלקערונג צווישען די יאָרען פון 18 ביז 45 זאָל רעגיסטרירט ווערען און צוטיילט ווערען אין גרופען פון הונדערט. יעדע גרופע זאָל אין משך פון דרייסיג טעג צושטעלען פון צווישען זיך א געוויסע צאָל רעקרוטען. אזוי שנעל ווי איינער פון די צוגעשטעלטע וועט ארויספאלען פון דער ארמיי — וועט גע'הרג'עט אָדער פארוואונדעט, אָדער געפאנגען ווערען — זאָל זיין גרופע שיקען פון צווישען זיך אן אנדערען צו פארנעמען זיין פּלאַץ. אויב די גרופע וועט אליין ניט צושיקען איר באשטימטע צאָל, זאָל די רעגירונג ווארפען גורל און אליין נעמען די סאָלדאטען.

אין אנדערע ווערטער, דער פּלאַן איז געווען — געצוואונגענער מיליטער־דינסט, א „דרעפט". די רעפּובליקאנער, וועלכע זיינען שטענדיג געווען געגען יעדען מיליטאריזם, האָבען איצט, צום ערשטען מאָל, אליין פאָרגעשלאָגען, אז אין אמעריקא זאָל איינגע־פירט ווערען א סיסטעם פון געצוואונגענער מיליטער־דינסט פאר דער גאנצער באפעלקערונג.

די רעפּובליקאנישע פירער אין קאָנגרעס האָבען מורא געהאט דעם פּלאַן פאָרצולייגען. זיי האָבען ארייגעטראָגען א פיל מילדע־רען פאָרשלאָג: אז די פעדעראלע רעגירונג זאָל מעגען „דרעפטען" די מיליץ־סאָלדאטען, וואָס די שטאטען האָבען. דער מילדערער פאָרשלאָג האָט ארויסגערופען א שטורמישע דעבאטע אין סענאט. דער פאָרשלאָג איז שארף אטאקירט געוואָרען אלס געצוואונגענע מיליטער־דינסט. די הויפט־געגנער זיינען, נאטיריליך, געווען די פעדעראליסטען, גראָד די וואָס האָבען געגלויבט אין ארמייען און אין מיליטאריזם. צוליב זייערע סימפּאטיען מיט ענגלאנד האָבען זיי גע'טענה'ט, אז געצוואונגענע מיליטער־דינסט, אפילו אין

מלחמה־צייט, איז געגען דער קאָנסטיטוציע, געגען גערעכטיגקייט און געגען פרייהייט.*)

דער פּראָיעקט איז דורכגעפאַלען, ווייל די צוויי הייזער האָבען זיך ניט געקענט אייניגען אויף געוויסע איינצעלהייטען.

די אָפּאָזיציע פון די ניו־ענגלאַנד שטאַטען האָט זיך אויסגע־דריקט ניט בלויז דערין, וואָס זיי האָבען ניט געבאָרגט קיין געלט דער רעגירונג און האָבען זיך אָנטזאָגט צו שיקען זייער מיליץ אין קריג. זיי האָבען נאָך ערגערס געטאָן: זיי האָבען צוגעשטעלט עסען און סחורות דער ענגלישער אַרמיי אין קאַנאַדע. די אַמעריי־קאַנער רעגירונג האָט געמוזט זוכען עצות ווי אַזוי צו באַשיצען זיך געגען ניו־ענגלאַנד, גראָדע אַזוי ווי ניו־ענגלאַנד וואָלט געווען ניט א טייל פון די פאראייניגטע שטאַטען, נאָר א פאַרבינדעטער פון ענגלאַנד.

דעם ערשטען יאָר פון דער מלחמה האָט ענגלאַנד געמאַכט א בלאָקאַדע אויף אַלע סאָוטה און מיטעל־שטאַטען. די האַפענס פון ניו־ענגלאַנד האָט זי אָבער געלאָזען אָפען. זי האָט עס געטאָן, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז ניו־ענגלאַנד איז פריינדליך צו איר. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די ניו־ענגלאַנד האַפענס האָבען געקראָ־גען דעם גאַנצען אויסלענדישען האַנדעל. דאָס האָט אַרויסגערופען ביטערע פּראָטעסטען, געשרייען און אייפערזוכט אין די אַנדערע שטאַטען. דערצו איז נאָך צוגעקומען די פאַרביטערונג געגען ניו־ענגלאַנד דערפאַר וואָס זי האָט פאַרקויפט מלחמה־מאַטעריאַלען דעם שונא. פּרעזידענט מעדיסאָן האָט זיך צום סוף יאָר 1813 געווענדעט צום קאָנגרעס מיט א פּאָרשלאַג צו פאַרווערען וועלכע עס איז שיפען אריינצופאָרען אָדער ארויסצופאָרען פון די אַמעריי־קאַנער האַפענס. דער פּאָרשלאַג איז געצילט געוואָרען געגען ניו־ענגלאַנד, און ער איז אָנגענומען געוואָרען.

לאַנג איז אָבער דער פאַרבאָט ניט פאַרבליבען אין קראַפט. עס האָבען זיך אויפגעהויבען פּראָטעסטען ניט בלויז אין ניו־

*) ווען דער „דרעפט־ביל" איז פאַרהאַנדעלט געוואָרען אין קאָנגרעס אין 1917, האָבען די געגנער ציטירט פון די רעדעס, וואָס זיינען גע־האַלטען געוואָרען געגען דעמזעלבען פּאָרשלאַג אין דער מלחמה פון 1812.

ענגלאנד, נאר אויך אין אנדערע טיילען פון לאנד. דאס געזעץ האט אוממעגליך געמאכט צו פירען סחורה פון איין האפען צו א צווייטען. דאס האט געגעבען די שמוגלער און די ספעקולאנטען א געלעגענהייט צו העכערען פרייזען. דער יקרות איז נאך פריער געווען גרויס גענוג, איצט איז ער געשטיגען נאך העכער. די קאנגרעס־לייט פון ניו־ענגלאנד האבען דאס געזעץ פארדאמט אלס ניט־קאנסטיטוציאנעל און טיראניש.

די אדמיניסטראציע האט ניט געקענט ביישטיין די פראטעסטען, און אין עטליכע מאנאטען שפעטער האט זי אליין פארגעלייגט קאנגרעס זאל אפשאפען דאס געזעץ, און עס איז אפגעשאפט געווארען.

די שטימונג אין די ניו־ענגלאנד שטאטען געגען דער מלחמה און געגען דער רעפובליקאנישע אדמיניסטראציע איז געווארען שארפער און ביטערער, וואס לענגער די מלחמה האט זיך פארצויגען. מען האט דארטען גערעדט וועגען שליסען א באזונדערען שלום מיט ענגלאנד, וועגען אפרייסען זיך פון די פאראייניגטע שטאטען. מיט דעם דאזיגען געדאנק האבען זיך ארומגעטראגען נאר די עקסטרימיסטען, אבער צווישען זיי האבען זיך געפונען די איינפלוסרייכסטע מענשען. אין די לעצטע מאנאטען פון 1814, ווען די מיליטערישע לאגע פון אמעריקא איז געווען אם טרויעריגסטען, איז פון דער שטימונג אין ניו־ענגלאנד ארויסגעוואקסען א באוועגונג, וואס איז באקאנט אין דער געשיכטע מיט'ן נאמען „די הארטפארד קאנווענשאן".

אין אקטאבער 1814 האט די לעדזשיסלייטשור פון מאסאטשוסעטס אנגענומען א רעזאלוציע, אז דער גאווערנאר זאל איינלאדען די שטאטען פון ניו ענגלאנד צו א קאנווענשאן אין הארטפארד. די דירעקטע סבה פון דער רעזאלוציע איז געווען פאלגענדע: ווען די ענגלישע ארמיי האט אריינגעדרונגען אין מעין (מעין איז דעמאלט געווען א טייל פון מאסאטשוסעטס), האט די פעדעראלע רעגירונג ניט געשיקט קיין ארמיי זי צו פארטיידיגען. די פעדעראלע רעגירונג האט אזוי געהאנדעלט דערפאר וואס מאסאטשוסעטס האט זיך אנטזאגט צו שטעלען אירע מיליץ־סאל־

דאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון די פעדעראַלע מיליטער־באַ־אַמטע. מאַסאַטשוסעטס האָט ביי דער קאָנפערענץ געוואָלט פאַר־איינינען אַלע אירע שכנ'ישע שטאַטען אין ניו־ענגלאַנד אין אַ מין זעלבסט־שוץ־פאַרבאַנד, וואָס זאָל אָרגאַניזירען אַן אַרמיי צו העלפען איינע די אַנדערע זיך צו פאַרטיידיגען געגען אַ שונא אין פאַל פון מלחמה.

דאָס איז געווען דער אָפיציעלער מאָטיוו, אָבער אַלע האָבען פאַרשטאַנען, אַז מען קען זיך ריכטען פון דער קאָנווענשאָן אויף ערנסטע רעזולטאַטען. די פעדעראַליסטישע פרעסע אין ניו־ענגלאַנד איז פול געווען מיט אַטאַקעס אויף דער וואַשינגטאָנער רעגירונג. זי האָט געפאָדערט אַ באַלדיגען פרידען מיט ענגלאַנד. זי האָט געסטראַשעט, אַז די ניו־ענגלאַנד שטאַטען וועלען אַליין שליסען פרידען מיט ענגלאַנד, אויב די נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט זיך איינשפאַרען און פאַרטזעצען די מלחמה. צווישען די פעדע־ראַליסטישע פירער אין מאַסאַטשוסעטס זיינען געווען צוויי פראַק־ציעס: איינע, אַ מעסיגע, האָט געוואָלט, אַז די קאָנווענשאָן זאָל ניט ריזיקירען מיט קיין בירגער־קריג; די צווייטע, אַן עקסטרע־מע, וועלכע איז געווען גרייט פאַר קיין זאַך זיך ניט אָפצושטעלען, אפילו זיך אָפצורייסען און גרינדען אַן אייגענע רעגירונג.

די דעלעגאַטען וואָס מאַסאַטשוסעטס האָט געשיקט צו דער קאָנווענשאָן האָבען געהערט צום מעסיגען פליגעל. עס איז מעג־ליך, אַז אפילו די מעסיגע וואָלטען אויך געוואַגט צו גיין גאַנץ ווייט, אָבער דער אויפרוף צו דער קאָנווענשאָן האָט ניט געהאַט יענעם ערפאָלג, וואָס מאַסאַטשוסעטס האָט דערוואַרט. בלויז די צוויי שטאַטען, קאָנעקטיקאָוט און ראָוד איילאַנד, האָבען אָפגע־ענטפערט מיט אַ באַשלוס צו שיקען דעלעגאַטען. ווערמאָנט האָט אָנטזאַגט זיך צו באַטייליגען אין דער קאָנווענשאָן. און ניו־העמשיר האָט אויך ניט געשיקט קיין דעלעגאַטען (בלויז צוויי דעלעגאַטען זיינען געקומען פון אַ קאָנפערענץ וואָס אַ געוויסע פראָווינץ אין ניו־העמשיר האָט אַליין פאַררופען).

די זיצונגען, הינטער פאַרשלאָסענע טירען, האָבען זיך אָנגע־פאַנגען אין מיטען דעצעמבער, און האָבען אָנגעהאַלטען דריי

וואָכען צייט. וועגען די פארהאַנדלונגען גופא וויים מען ווייניג, קיינע באַריכטען זיינען ניט ארויסגעגעבען געוואָרען. מען וויים נאָר די באַשלוסען וואָס די קאָנווענשאָן האָט אָנגענומען. און זיי זיינען געווען ווי פאָלגט:

ערשטענס, יעדער שטאַט זאָל האָבען אַן אייגענע ארמיי זיך צו פארטיידיגען.

צווייטענס, יעדער שטאַט זאָל האָבען אַ רעכט זיך צו פאַר־טיידיגען געגען אַ שונא, און אַז די נאַציאָנאַלע רעגירונג זאָל ערלויבען יעדען שטאַט אראָפּצונעמען אַ טייל פון די נאַציאָנאַלע שטייערען וואָס ווערען אין דעם שטאַט געזאַמעלט צו דעקען די הוצאות פון דער שטאַט־ארמיי.

דריטענס, עס זאָלען געמאַכט ווערען זיבען „אַמענדמענטס“ צו דער קאָנסטיטוציע, — אַמענדמענטס וועלכע זאָלען אָפּשוואַ־כען די מאַכט פון דער נאַציאָנאַלער רעגירונג בנוגע מלחמות. איינער פון די אַמענדמענטס זאָל זיין — אַז צו דערקלערען קריג איז נויטיג צוויי־דריטעל מאַיאָריטעט איןביידע הייזער פון קאָנ־גרעס. אַ צווייטער אַמענדמענט זאָל דערקלערען, אַז די רעגי־רונג טאָר ניט פארבאָטען האַנדעל מיט אויסלאַנד אויף לענגער ווי זעכציג טעג.

דער וויכטיגסטער באַשלוס איז געווען דער צווייטער, אַז די שטאַט־רעגירונגען זאָלען מעגען באַנוצען אַ טייל פון די נאַציאָנאַ־לע שטייערען פאר זייערע אייגענע ארמייען. די קאָנווענ־שאָן האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז אין פאַל די נאַציאָנאַלע רעגירונג וועט צוריקווייזען די פאָדערונג, זאָל אַ צווייטע קאָנ־ווענשאָן פאררופען ווערען דעם 15טען יוני אין באָסטאָן, און אַז דאָרטען זאָלען גענומען ווערען „יענע שריט וואָס די אומשטענ־דען אין דעם מאָמענט וועלען פאָדערען“.

אָבער די באַשלוסען אליין זיינען ניט דאָס וויכטיגסטע. די אַלגעמיינע דערקלערונגען זיינען געווען אַ סך שאַרפער ווי די באַשלוסען און די אַלגעמיינע דערקלערונגען זיינען געווען, ערשטענס, אַז די שטאַטען האָבען אַ רעכט זיך צו פארטיידיגען געגען נאַציאָנאַלע געזעצען, „וועלכע טרעטען איבער די גרעניצען

פון דער קאָנסטיטוציע״; צווייטענס, אַז עס איז דאָ אַ באַדערפֿעניש צו מאַכען אַן „ענדערונג אין לאַנד״. דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש, אַז די ניו־ענגלאַנד שטאַטען קלערען וועגען אָפּרייסען זיך פון דער רעגירונג. די דאָזיגע דערקלערונג גיט ווייטער אָנצוהערעניש, אַז ווען עס וואָלט געווען אַ רואיגע צייט, וואָלט מען וועגען אַזוינע שריט געקענט ערנסט טראַכטען.

די לעדזשיסלייטשור פון מאַסאַטשוסעטס האָט גוטגעהייסען דעם באַריכט פון אירע דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאָן. דאָסזעלבע האָט געטאָן די לעדזשיסלייטשור פון קאָנעקטיקאָוט. די צוויי שטאַטען האָבען דערוויילט דעלעגאַטען צו פאָרען קיין וואַשינגטאָן און פאָרלייגען די פאָדערונגען פאַר׳ן קאָנגרעס.

די דעלעגאַטען זיינען אַרויסגעפאָרען. זיי האָבען אָבער זייער שליחות ניט דורכגעפירט. אין אַ ניו יאָרקער צייטונג איז ענדע יאַנואַר 1815 געדרוקט געוואָרען די פאָלגענדע אַנאָנסע: „דריי שיינע פראַנגטוואָרטליכע הערען, וועלכע זיינען געווען אויפ׳ן וועג קיין וואַשינגטאָן, זיינען לעצטען מאָנאַט פלוצלינג פאַרשוואונדען געוואָרען אין באַלטימאָר.״ די אַנאָנסע איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ וויץ. די דעלעגאַטען זיינען טאַקע אויפ׳ן וועג „פאַרפאַלען געוואָרען״. זיי האָבען זיך אומגעקערט אַהיים אַזוי שנעל ווי זיי האָבען דערהערט, אַז דזשעקסאָן האָט געוואונען אַ גרויסען זיג אין לואיזיאַנאַ, אַז די מלחמה האָט זיך געענדיגט, און אַז פרידען איז אונטערגעשריבען געוואָרען. זיי האָבען געוואוסט, אַז נאָך אַזעלכע פאַסירונגען וועט מען זיך אין וואַשינגטאָן צו זיי ניט צוהערען, און אַז אפילו אין זייערע אייגענע שטאַטען וועט מען זיך מיט זייערע פאָדערונגען מער ניט אינטערעסירען. די ניו־ענגלאַנד שטאַטען האָבען זיך געבונטעוועט אַזוי לאַנג ווי די מלחמה האָט אָנגעהאַלטען און די איינוואוינער האָבען געליטען פון דער בלאָקאַדע, פון דעם יקרות און פון די ענגלישע אַטאַקעס. איצטער אָבער, אַז עס איז געוואָרען שלום, איז די אומצופרידענהייט שנעל פאַרשוואונדען.

קאפיטעל 35

## דער פרידען. — וואָס אמעריקע האָט געוואונען

וועגען שלום האָט מען נאָך אָנגעהויבען ריידען א פּאָר מאָ־נאַטען נאָכדעם ווי די מלחמה האָט אויסגעבראָכען. אין סעפּ־טעמבער 1812 האָט דער רוסישער צאַר פאָרגעשלאָגען דעם אמע־ריקאַנישען אמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע זיך אריינצולייגען אין א שלום. רוסלאַנד איז דעמאָלט געווען א פאַרבינדעטע פון ענג־לאַנד אין דער מלחמה געגען נאַפּאָלעאָנ׳ען און דער צאַר האָט געוואָלט באַפרייען ענגלאַנד פון איבעריגע שונאים. אמעריקע האָט דעם אָנבאָט אָנגענומען, ענגלאַנד אָבער האָט ניט געוואָלט. די דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען האָבען זיך געצויגען מאָנאַטען לאַנג. ענדליך האָט ענגלאַנד געלאָזט וויסען, אז זי איז גרייט צו ריידען וועגען שלום מיט אמעריקע דירעקט, אָן א דריטען צד. אין אייראָפּע זיינען שוין דעמאָלט געווען פינף אמעריקאַנער פאָרשטייער, וועלכע זיינען געשיקט געוואָרען אלס א פרידענס־קאָמיסיע. מיט זיי האָט ענגלאַנד גענומען אונטערהאַנדלען אין מיטען זומער פון 1814. די פאַרהאַנדלונגען זיינען פאָרגעקומען אין גענט, בעלגיען.

בעת די פאַרהאַנדלונגען האָבען זיך אָנגעפאַנגען איז ענג־לאַנד׳ס לאַגע אויף די שלאַכטפעלדער, סיי אין אמעריקע, סיי אין אייראָפּע, געווען א גלענצענדע. אין אמעריקע האָט זי ערשט גע־האַט פאַרברענט וואשינגטאָן און אָפּגעהאַלטען עטליכע נצחונות ביים קענעדער גרענעץ, אויסער דעם האָט זי געהאַלטען א שטיק פון דער אמעריקאַנער טעריטאָריע אין מעין. אין אייראָפּע איז זי געווען פולשטענדיג זיגרייך. נאַפּאָלעאָנ׳ס מאַכט איז געווען

געבראָכען. די ענגלישע דיפּלאָמאַטען האָבען געפילט, אַז זיי קענען איצט דיקטירען די תנאים פון שלום מיט אַמעריקע. אַ גרויסער טייל פון דער ענגלישער פּרעסע האָט געפאָדערט, אַז די פאַרהאַנדלונגען זאָלען אָפּגעבראָכען ווערען און די מלחמה זאָל פאָרטגעזעצט ווערען ביז אַ פולען נצחון. די ענגלישע פרידענס־דעלעגאַטען האָבען טאַקע געשטעלט אַזעלכע תנאים, וואָס אַמע־ריקע האָט בשום אופן ניט געקענט אָננעמען.

ענגלאַנד האָט געפאָדערט, אַז עס זאָל געשאַפען ווערען אַ נייטראַלע שטיק טעריטאָריע צווישען קענעדע און די פאַראייניג־טע שטאַטען. די טעריטאָריע זאָל געהערען צו די אינדיאַנער און זאָל שטיין אונטער דער אויפזיכט פון ענגלאַנד און אַמעריקע. זי האָט ווייטער געפאָדערט, אַז די פאַראייניגטע שטאַטען זאָל ניט טאָרען האָבען קיין קריגסשיפען און קיין פעסטונגען אויף די „לייקס", די וואַסערען וואָס ליגען צווישען קענעדע און די פאַר־אייניגטע שטאַטען; אָבער ענגלאַנד זאָל יאָ דאָרט מעגען האָבען אַ קריגספלאָטע. זי האָט אויך פאַרלאַנגט, אַז דאָס לאַנד, וואָס זי האָט פאַרנומען אין מעין, זאָל בלייבען ביי איר.

די אַמעריקאַנער דעלעגאַטען האָבען, פאַרשטייט זיך, די אַלע באַדינגונגען צוריקגעוויזען. עס האָט אויסגעזען, אַז די אונטער־האַנדלונגען וועלען מוזען אָפּגעבראָכען ווערען. דערווייל אָבער האָט זיך דאָס רעדעל גענומען דרייען אויף צוריק. די אַמעריקאַ־נער האָבען פאַרטריבען די ענגלישע פלאָטע פון באַלטימאָר, באַ־זיגט די ענגלישע פלאָטע ביי פלאַצבורג און צושלאָגען די ענגלישע אַרמיי אין קענעדע. אויך אין אייראָפּע האָבען זיך באַוויזען נייע יואָלקענס. נאַפּאָלעאָן איז ווידער געוואָרען טעטיג. די ענגלישע דיפּלאָמאַטען האָבען איצט געענדערט זייער טאָן. זיי האָבען גע־בעטען די אַמעריקאַנער דעלעגאַטען זיי זאָלען פאָרלייגען זייערע באַדינגונגען.

די אַמעריקאַנער האָבען געשטעלט באַדינגונגען, וועלכע זיי־נען געווען אַזוי עקסטרעם ווי די ענגלישע, און ענגלאַנד האָט זיי צוריקגעוויזען. מען איז זיך אָבער ניט פאַנאַנדערגעגאַנגען מען האָט וועגען יעדען פונקט דעבאַטירט. ענדליך האָט מען זיך גע־

איינינגט אויפ'ן „סטאטוס־קוואָ", וואָס האָט עקזיסטירט פאר דער מלחמה, ד. ה., אלץ זאָל בלייבען ווי עס איז געווען פריער. אלץ וואָס ביידע צדדים האָבען איינגענומען אין דער מלחמה זאָל מען זיך אָפּגעבען צוריק איינער דעם אנדערען. די צוויי פראגען, וואָס זיינען געווען די דירעקטע אורזאך פון דער מלחמה — דאָס אראָפּנעמען מאטראָזען פון די שיפען און די באשרענקונגען גע־גען דעם אמעריקאנישען האנדעל — אָט די הויפּט־פראגען האָט מען איינגאנצען אויסגעלאָזען פון דעם פרידענס־טראקטאט. עס איז אויך באשלאָסען געוואָרען אָפּצולייגען דעם דיספּוט וועגען דער גרענעץ צווישען קענעדע און די פאראייניגטע שטאטען און עס איבערגעבען צו א ספּעציעלער קאָמיסיע צו באשטימען. אמע־ריקע האָט אויך איינגעשטימט צו שענקען אמנעסטיע יענע אינ־דיאנישע שבטים וואָס האָבען זיך באטייליגט אין דער מלחמה אויף ענגלאנד'ס זייט, אָבער די אינדיאנישע טעריטאָריע איז ווי פריער געבליבען אונטער דער קאָנטראָל פון די פאראייניגטע שטאטען.

דער פרידענס־אָפּמאך איז אונטערגעשריבען געוואָרען אין גענט דעם 24טען אָקטאָבער 1814. איינער פון די פּונקטען אין דעם אָפּמאך איז געווען, אז וואפענשטילשטאנד ווערט דערקלערט אויף אזוי לאנג ביז וואנען די צוויי לענדער וועלען דעם אָפּמאך ענטוועדער אָננעמען אָדער צוריקווייזען. ווען אין 1814 וואָלט געווען א טעלעגראַף איבער'ן אטלאנטיק, וואָלט די שלאכט ביי ניו־אָרליענס ניט געפאָכטען געוואָרען. אָבער איידער די ידיעה וועגען דעם פרידענס־אָפּמאך און דעם וואפענשטילשטאנד איז אָנגעקומען קיין אמעריקע, איז שוין געווען אין מיטען יאנואר, און די שלאכט איז שוין געווען פאָראיבער.

די נייס וועגען דעם פרידען איז אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס פרייד. אמעריקע האָט, אמת, גאָרניט געוואונען, אָבער דער גרעסטער געווינס פאר'ן עולם איז געווען דאָס וואָס די מלחמה האָט אויפגעהערט.

פון א מיליטערישען שטאנדפּונקט איז די מלחמה געווען פון א קליינער באדייטונג. די אמעריקאנער ארמיי איז די אלע יאָ־

רען פון דער מלחמה באַשטאַנען פון אַ 30 טויזענט מאַן. אין די גרעסטע שלאַכטען האָבען זיך באַטייליגט ניט מער ווי אַ פיר טויזענט סאָלדאַטען. אין אַלע שלאַכטען צוזאַמען זיינען געווען 1,600 טויטע און 3,500 פאַרוואונדעטע.

דאָך האָט אַמעריקע אַ סך געוואונען פון דער מלחמה. ענג־לאַנד האָט איצט געקראָגען מער דרך־ארץ פאַר די פאַראייניגטע שטאַטען, זי האָט אייפגעהערט צו שטערען דעם אַמעריקאַנישען האַנדעל, אויפגעהערט צו טשעפען אַמעריקאַנער מאַטראָזען. אַמע־ריקע האָט דורך דער מלחמה געקראָגען אנער־קענונג אַלס אַ פול־שטענדיג אומאָפּהענגיג לאַנד, מיט אַלע רעכט און פרייהייטען, אַ לאַנד וואָס קען זיך פאַרטיידיגען און וואָס מוז רעספּעקטירט ווערען.

ניט אומזיסט ווערט די מלחמה פון 1812 באַצייכענט פון טייל היסטאָריקער אַלס דער צווייטער „קריג פון אומאָפּהענגיג־קייט״, דאָס הייסט, אַ צווייטע רעוואָלוציע געגען ענגלאַנד.

קאפיטל 36

# דער קריזיס נאָך דער מלחמה

דער צענדליג יאָר וואָס נאָך דער מלחמה, פון 1815 ביז 1825, ווערט באצייכענט אין דער געשיכטע פון אמעריקע אלס די „צייט פון גוטע געפילען" („אירא אָוו גוד פילינג"). פּאָליטיש איז דאָס לאנד אין יענעם צענדליג יאָר געווען רואיג. די פעדעראליסטישע פּארטיי האָט פּאקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירען אין דער נאציאָנאלער פּאָליטיק. דזשיימס מאנראָו, דער רעפּובליקאנישער קאנדידאט פאר פּרעזידענט, האָט אין די וואלען פון 1816 באקומען 183 עלעקטאָרישע שטימען, בשעת זיין געגענער האָט געקראָגען ניט מער ווי 34 שטימען. אין 1820 האָט שוין די פעדעראליסטישע פּארטיי גאָרניט ארויסגעשטעלט קיין געגען־קאנדידאט צו מאנראָו, און מאנראָו איז דערווייילט געוואָרען פּאקטיש איינשטימיג. בלויז איין־איינציגער עלעקטאָר האָט געשטימט געגען אים.

די רואיגקייט, די „גוטע געפילען", האָבען זיך אָבער באגרענעצט אויפ'ן פּאָליטישען לעבען. אין דער אינדוסטריע, אין האנדעל, אין דעם אלגעמיינעם אנטוויקלונגס־גאנג פון לאנד זיינען פאָרגעקומען גרויסע און וויכטיגע ענדערונגען. דאָס לאנד האָט אָנגעהויבען צו גיין אויף א נייעם וועג. אמעריקע האָט אָפּגעקערט איר פּנים פון אייראָפּע, אָן וועלכער זי איז ביז דעמאָלט געווען אָפּהענגיג אינדוסטריעל. זי האָט איצט גענומען טראכטען וועגען זעלבסטשטענדיגער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג, וועגען אויפבויען אייגענע פאבריקאציע, וועגען אויסשפּרייטען זיך אין

דער וועסט, וועגען מאכען אַמעריקע אומאָפּהענגיג אינדוסטריעל אַזוי ווי זי איז געװען אומאָפּהענגיג פּאָליטיש.

ביז דער מלחמה זיינען די צוויי וויכטיגסטע עקאָנאָמישע געביטען אין אַמעריקע געװען לאַנדווירטשאַפט און אויסלענדישער האַנדעל. די מלחמות אין אייראָפּע, וואָס האָבען זיך אָנגעהויבען מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבען געעפענט גרויסע



דזשיימס מאָנראָו

מערק פאַר אַמעריקאַנישע פּראָדוקטען. אייראָפּע האָט געקויפט ביי אַמעריקע ווייץ, קאָרן, פליייש און בוימוואָל. עס איז אויך געוואָרען אַ פעלד פאַר שיפּבוי און שיף־פאַרקער.

די לאַגע האָט זיך גענומען ענדערען אין די לעצטע יאָרען פון דזשעפערסאָנ׳ס אדמיניסטראַציע. די גזירות אויף נייטראַלע שיפען, וואָס ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען ארויסגעגעבען כדי

אויסצוהונגערען איינע די אנדערע, האבען ביסלאכווייז רואינירט דעם אמעריקאנעם אויסלענדישען האנדעל. און דאס וואס איז נאך פון די גזירות געבליבען האט די מלחמה פארענדיגט. פון אויסלאנד זיינען אהער מער קיין סחורות כמעט ניט אריינגע־בראכט געווארען. דאס געשעפט מיט שיפען איז פאראליזירט געווארען. און דעמאלט האט מען זיך דאס א נעם געטאן צו בויען אינדוסטריע אין אמעריקע גופא. דער קאפיטאל וואס איז פריער געגאנגען אויף בויען שיפען און פירען אויסלענדישען מסחר איז איצט אריינגעלייגט געווארען אין גרינדען פאבריקען און פאבריקאציע. עס זיינען אויפגעבויט געווארען טעקסטיל־פאבריקען אין די ניו־ענגלאנד שטאטען, עס האט זיך אנטוויקעלט אן אייזען־אינדוסטריע און א לעדער־אינדוסטריע. ארום און ארום האט דער קאפיטאל וואס איז געלעגען אין פאבריקאציע אין 1816 שוין באטראפען 900 מיליאן דאלאר.

גלייך ווי די מלחמה האט זיך געענדיגט האט אויסגעבראכען א קאמף צווישען די ענגלישע און אמעריקאנישע פאבריקאנטען איבער דעם אמעריקאנישען מארק. פאר ענגלאנד איז דער אמעריקאנישער מארק געוועזען פון גרויס וויכטיגקייט. די ענגלישע פאבריקאנטען האבען גענומען פארפלייצען דעם היגען מארק מיט זייערע סחורות. זיי האבען געשניטען די פרייזען אן רחמנות אין דעם קאנקורענץ־קאמף מיט די אמעריקאנישע פאבריקאנטען. די היגע פאבריקאנטען זיינען ניט געוועזען אזוי רייך ווי די ענגלישע, אזוי איינגעפונדעוועט, האבען די ענגלענדער געמיינט, אז עס וועט זיי געלינגען צו באזיגען די היגע פאבריקאנטען, „צו דערשטיקען די וואקסענדע פאבריקאציע אין אמעריקע אין וויגעלע”, ווי אן ענגלישע שטאטסמאן האט זיך אויסגעדריקט.

די היגע פאבריקאנטען, הויפטזעכליך פון טעקסטיל, האבען געמאכט קולות, אז די רעגירונג זאל זיי ראטעווען. זיי האבען אריינגעשיקט פעטיציעס צום קאנגרעס. פרעזידענט מעדיסאן האט אין זיין „מעסעדזש” צום קאנגרעס רעקאמענדירט, אז דער טאריף זאל געהעכערט ווערען. דער קאנגרעס האט די רעקא־

מענדאַציע אָנגענומען. דער טאַריף אויף טעקסיטלס און אַ סך אַנדערע סחורות איז פיל געהעכערט געוואָרען. אפילו טאָמאַס דזשעפערסאָן, וועלכער איז שטענדיג געווען געגען דערמוטיגען פאַבריקאַציע אין אַמעריקע, האָט איצט געענדערט זיין מיינונג און האָט געזאָגט, אַז „כדי צו זיין אומאָפּהענגיג מוזען מיר פאַבריציִרען פאַר'ן אייגענעם געברויך. מיר מוזען אַוועקשטעלען פאַבריקאַציע אויף דערזעלבער מדרגה ווי פאַרמעריי.”

אין דעם קאַמף, וואָס איז פאָרגעקומען אין קאָנגרעס איבער דער טאַריף־פראַגע האָט מען געקענט זען די נייע צוטיילונג פון קלאַסען־אינטערעסען. די פאַבריקאַנטען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין די ניו־ענגלאַנד און די מיטעלע שטאַטען, זיינען גע־ווען פאַר אַ טאַריף; די גרויסע פּלאַנטאַטאָרס פון דער סאַוט זיינען געווען געגען, ווייל דורך דער אָפּשאַפונג פון אייראָפּעאי־שער קאָנקורענץ וועלען זיי דאָך מוזען צאָלען העכערע פרייזען פאַר פאַבריציִרטע סחורות. די פאַרמער פון דער וועסט זיינען געווען פאַר אַ טאַריף. דער אונטערשיד צווישען זיי און די פאַר־מער פון דער סאַוט איז געווען דער: די פּלאַנטאַטאָרס פון דער סאַוט האָבען זייערע פּראָדוקטען, בוימוואָל און טאַבאַק, פאַר־קויפט אין אויסלאַנד. האָבען זיי דער עיקר אין זינען געהאַט די פרייזען וואָס זיי וועלען דאַרפען צאָלען פאַר פאַבריציִרטע סחורה. די פאַרמער פון דער וועסט האָבען זייערע פּראָדוקטען, ווייץ און קאָרן, אין אויסלאַנד ניט פאַרקויפט. זיי האָבען געדאַרפט אַ מאַרק פאַר זייערע פּראָדוקטען אין אַמעריקע גופא. זיי האָבען געוואוסט, אַז מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע אין דער איסט וועט די באַפעלקערונג דאָרט וואַקסען און וועט זיך נויטיגען אין זייערע פאַרם־פּראָדוקטען. דעריבער האָבען זיי געוואָלט דעם טאַריף. געגען דעם טאַריף זיינען אויך געווען די שיף־אייגענטי־מער אין דער איסט. פאַר זיי האָט זיך געלוינט עס זאָל זיין וואָס מער האַנדעל מיט אויסלאַנד, וואָס מער עקספּאָרט און אימפּאָרט.

דער טאַריף איז אָנגענומען געוואָרען. אָבער די לאַגע פון היגען פאַבריקאַנט איז ניט פיל בעסער געוואָרען. די ענגלישע

פאבריקאנטען האבען גאנץ גוט געקענט קאנקורירען מיט זיי, ווייל נאך די מלחמות האבען זיי געהאט זייער ביליגע ארבייט. די באפרייטע סאלדאטען, מיט וועלכע אלע לענדער אין איירָאפּע זיינען געווען פארפלייצט, זיינען וויליג געווען צו ארבייטען פאר א שטיקעל ברויט, אבי די נשמה צו דערהאלטען. אויסער דעם האבען די ענגלישע פאבריקאנטען דורך שווינדלערישע מעטאדען זיך איינגאנצען אויסגעדרייט פון דעם טאריף. זיי פלעגען אויך זייער סחורה פארקויפען דירעקט צו די פארברויכער. דאס האט זיי איינגעשפארט די פראפיטען פון די מיטעללייט.

דער סוף איז געווען, אז פאבריקען האבען זיך צוגעשלאסען און טויזענטער ארבייטער זיינען געבליבען אן ארבייט. אין די גרעסערע שטעדט זיינען מענשען פשוט געשטארבען פון הונגער. מען האט געמוזט עפענען פרייע קיכען, און וויפיל מען האט ניט געעפענט איז געווען צו־ווייניג. אין פילאדעלפיע האט איין קיך געשפייזט 1700 פערזאן. א צווייטע האט אויסגעהאלטען עטליכע טויזענט. אין ניו יארק איז די לאגע אויך ניט געווען בעסער. דער ווינטער פון 1817 איז פאר די ארבייטער איבעראל געווען א שרעקליכער.

די צווייטע וויכטיגע פראבלעמע וואס איז אויפגעשטאנען גלייך נאכ'ן קריג איז געווען א פינאנציעלע. ביז ערב דער מלחמה האט עקזיסטירט די רעגירונגס־באנק, וואס האמילטאן האט גע־גרינדעט אין 1791. די באנק האט ביז א געוויסען גראד קאנ־טראלירט דעם געלט־מארק. דורך דער באנק האט אויך די נא־ציאנאלע רעגירונג געפירט אירע פינאנציעלע געשעפטען. אין 1811 האט זיך געענדיגט דער טערמין פון דעם טשארטער וואס די באנק האט געהאט. האט זיך אויפגעהויבען די פראגע, צי דער קאנגרעס זאל באנייען דעם טשארטער אדער ניט. די אלטע פאליטיק פון דער רעפובליקאנער פארטיי איז געווען געגען א נא־ציאנאלער באנק. אין 1791 האט דזשעפערסאן און זיין פארטיי באקעמפט דעם באנק־פראיעקט. זייער טענה איז געווען, אז די נאציאנאלע רעגירונג דארף זיך ניט מישען אין פינאנציעלע ענינים. איצט אבער האבען א סך פראמינענטע רעפובליקאנישע

פירער, צווישען זיי דער פינאַנץ־מיניסטער גאלאטין, איינגעזען, אז א נאַציאָנאַלע באַנק איז וויכטיג. גאלאטין האָט אין זיין באריכט צום קאָנגרעס געראַטען, אז דער טשארטער זאָל באַנייט ווערען. זיין פאָרשלאַג איז אבער פארוואָרפען געווארען. דער אַלטער רעפּובליקאַנישער פּרינציפּ האָט געזיגט. די באַנק איז אין 1811 אויפגעלייזט געוואָרען.

דאָן איז אין לאַנד געוואָרען א געיעג צו גרינדען שטאַט־באַנקען. הונדערטער זיינען געבאָרען געוואָרען איבער נאַכט. יעדע באַנק האָט אַרויסגעלאָזט אייגענע געלט און דאָס געלט גע־ליען אַלערליי ספּעקולאַנטען. דאָן איז אָנגעקומען די מלחמה. די רעגירונג האָט זיך גענויטיג אין הלואות. זי האָט אויך גענר־מען אַרויסגעבען פּאַפּיר־געלט און וועקסלען. דאָס לאַנד איז פארפלייצט געוואָרען מיט אַלערליי פּאַפּיר־געלט. יעדער שטאַט האָט געהאַט זיין אייגען געלט, דאָס הייסט, געלט, וואָס זיינע באַנקען האָבען געדרוקט. ווען די צייטען זיינען צוליב דער מלחמה געוואָרען שלעכט, האָבען די באַנקען דערקלערט, אז זיי קענען זייער פּאַפּיר־געלט און זייערע וועקסלען ניט אויסלייזען, אז זיי וועלען ניט אַרויסגעבען דאָס גאָלד און זילבער, וואָס איז כלומר׳שט געוועזען איינגעלייגט פאַר דעם פּאַפּיר. אין אמת׳ן האָ־בען א סך פון די באַנקען קיין גאָלד און זילבער גאָרניט געהאַט. די איינציגע אויסנאַמען זיינען געוועזען די באַנקען פון ניו־ענג־לאַנד. זיי האָבען יאָ געצאָלט מיט גאָלד און זילבער. די אור־זאַך איז געוועזען די, וואָס א לאַנגע צייט האָט ענגלאַנד דערלויבט די האַפענס פון ניו־ענגלאַנד אָנצופירען האַנדעל, בשעת די האַ־פענס פון די אַנדערע שטאַטען זיינען געוועזען אונטער א בלאָקאַדע. דאָס גאַנצע לאַנד האָט געמוזט קויפען אימפּאָרטירטע סחורה פון ניו־ענגלאַנד. ניו־ענגלאַנד האָט אויף אַזא אופן אַריינגעקראָגען אין אירע באַנקען דאָס גאָלד און זילבער וואָס האָט זיך געפונען אין לאַנד.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיגט איז דער געלט־צושטאַנד פון לאַנד געוועזען אין אַן אמת׳ן תוהו ובוהו. קיינער האָט ניט גע־וואוסט וואָסער געלט איז גוט און וואָסער ניט. דאָסזעלבע געלט

איז אין איין שטאט ווערט געווען מער, אין א צווייטען ווייניגער. די נאציאנאלע רעגירונג האט ניט געקענט אריבערפירען אירע געזאמעלטע שטייערען פון איין טייל לאנד אין א צווייטען: די באנקען פון איין שטאט האבען ניט געוואלט אננעמען דאס געלט פון א צווייטען שטאט. דער דאזיגער צושטאנד האט פאראליזירט דעם האנדעל און דעם גאנצען קרעדיט-סיסטעם. די נאציאנאלע רעגירונג האט געליטען ניט ווייניגער ווי די פריוואט־געשעפטען און די פאבריקאנטען.

די פראגע איז אויפגעהויבען געווארען אין קאנגרעס. עס איז ווידער פארגעשלאגען געווארען דער אלטער פראיעקט פון א נאציאנאלער באנק. איצט האבען שוין די רעפובליקאנישע פירער, וועלכע האבען אין 1811 באקעמפט דעם פראיעקט, זיך אן אים אנגעכאפט. פרעזידענט מעדיסאן האט אים געשטיצט. דער „ספיקער” פון קאנגרעס, הענרי קלעי, וועלכער האט אין 1811 געהאלטען די שארפסטע רעדע געגען א נאציאנאלער באנק, האט איצט אגיטירט דערפאר. ער האט אפען דערקלערט, אז ער איז געצוואונגען צו ענדערען זיין מיינונג.

דער פלאן איז אנגענומען געווארען. עס איז באשלאסען געווארען צו גרינדען א נאציאנאלע באנק מיט א קאפיטאל פון 35 מיליאן דאלאר, פון וועלכע די רעגירונג זאל ארייגלייגען זיבען מיליאן און זאל באשטימען 5 פון די 25 דירעקטארען. אויף דער איבעריגער סומע זאלען פארקויפט ווערען אקציעס צום ברייטען עולם. די באנק האט געקראגען א טשארטער אויף צוואנציג יאר. פאר דעם טשארטער האט זי געדארפט באצאלען דער רעגירונג אנדערהאלבען מיליאן דאלאר. די באנק האט געקראגען דאס רעכט צו דרוקען געלט. זי האט אבער געמוזט גרייט זיין צו יעדער צייט דאס פאפיר אויסצולייזען מיט גאלד און זילבער.

גלייך ווי די באנק האט זיך געעפענט און איר געלט איז אריין אין צירקולאציע האט דער פינאנץ-מיניסטער געלאזט וויסען אלע שטאט־באנקען, אז ער גיט זיי צייט ביז פעברואר 1817 זיך איינצושאפען גענוג גאלד און זילבער און זיין גרייט צו צאלען מיט מעטאל פאר זייער פאפיר־געלט. די באנקירען הא־

בען פון אָנפאַנג פּראָטעסטירט, געפאָדערט די רעגירונג זאָל זיי געבען מער צייט, אָבער ענדליך האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען. די באנקען וועלכע האָבען די פאָדערונגען ניט געקענט נאָכקומען האָבען זיך געמוזט שליסען.

עס איז איצט גאָרניט געוועזען מער צו דערקענען די רע־פּובליקאַנישע פּאַרטיי. אַלע פּרינציפּען וואָס דזשעפערסאָן האָט אַוועקגעלייגט אַלס איר פונדאַמענט האָט זי אין די לעצטע יאָרען פאַרוואָרפען. די התחלה האָט געמאַכט דזשעפערסאָן אַליין מיט זיין אָפּקויפען די לואיזיאַנא טעריטאָריע. מעדיסאָן איז געגאַנ־גען ווייטער. ער האָט איינגעפירט אַ טאַריף און האָט געגרינדעט אַ נאַציאָנאַלע באַנק. ער האָט אונטערגעשריבען אַ געזעץ צו אָרגאַניזירען אַ שטענדיגע אַרמיי פון צען טויזענט מאַן און אָנצו־האַלטען אַ פלאָטע אַזוי גרויס ווי אין די מלחמה־יאָרען. די איצ־טיגע רעפּובליקאַנער האָבען איבערגענומען דאָס פּראָגראַם פון די אַמאָליגע פעדעראַליסטען, פון דעמזעלבען העמילטאָנ'ען, וועל־כען זיי האָבען מיט פופצען יאָר צוריק אַזוי באַקעמפט און אַזוי באַשימפּט. און די איראָניע פון שיקזאַל האָט נאָך אַזוי געבראַכט, אַז דוקא די פעדעראַליסטען, אָט די וואָס האָבען די ערשטע דאָס פּראָגראַם פאָרפאַסט, זיינען איצט געווען די איינציגע וואָס האָבען עס באַקעמפט. די פעדעראַליסטישע קאָנגרעסלייט און סענאַטאָ־רען פון ניו־ענגלאַנד האָבען ניט געוואָלט שטיצען די רעגירונג און זי דורכדעם שטאַרקען. זיי האָבען זיך געשטעלט געגען טאַריף, געגען אַרמיי, געגען באַנק.

קאפיטעל 37

# דער גלאַף נאָך דער וועסט

יעדער עקאָנאָמישער קריזיס האָט א שטויס געטאָן א נייע כוואַליע פון אויסוואַנדערונג צו דער וועסט. די שווערע צייט נאָך דער מלחמה, אין די יאָרען פון 1816—1818, האָט באַוואָגען א גרויסע צאָל פאַרמער אין די דערפער און ארבייטער אין די שטעט צו פאַרלאָזען זייערע אַלטע היימען אין דער איסט און זוכען פאַר זיך נייע היימען אין דער וועסט, וואו ערד איז געווען ביליג און שטייערען זיינען געווען נידעריג. זיי האָבען זיך באַזעצט אין אָהייאָ, אין אינדיאַנאַ, אין קענטאָקי, אין אילינאָי, אין מיזורי. אין 1810 האָט אָהייאָ געציילט א באַפעלקערונג פון 270 טויזענט, אין 1816 האָט זי געהאַט אַן ערך פון 400 טויזענט; אינדיאַנאַ איז אין דיזעלבע עטליכע יאָר אויסגעוואַקסען פון 24 טויזענט ביז 70 טויזענט. די וועסט איז געוואַקסען ווי דורך כשוף. איבער נאַכט זיינען ווילדערנישען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין דערפער און שטעטלאַך. אין אובארן, ניו יאָרק, האָט מען אין 1790 פאַרקויפט ערד פאַר זעקס שילינג אַן אַקער; אין 1816 האָט מען דאָרט באַצאָלט זיבען טויזענט דאָלאַר אַן אַקער. ווייטער אַביסעל, אין וואָטערלו, איז אין 1814 ניט געווען קיין סימן פון א ישוב, אין 1816 איז שוין דאָרט געווען א שטעטעל פון א 50 הייזער. ראָטשעסטער איז אין 1815 געווען א וואַלד, מיט א יאָר שפּעטער זיינען שוין דאָרט געווען הונדערט הייזער, א בוך־געשעפט און א דרוקעריי.

אויף די וועגען וואָס האָבען געפיהרט צו דער וועסט, האָבען זיך געצויגען לאַנגע שורות פוס-גייער, און פורען אָנגעלאָדענע

מיט פעק. די גאָר אָרימע האָבן זייערע בעבעכעס ארויפגעלייגט אויף וועגעלאַך, וועלכע זיי האָבן אַליין געשלעפּט אָדער האָבן זייערע זאַכן אפילו געטראָגן אויף די פּלייצעס. די רייכערע האָבן ענטוועדער געקויפט אַן אייגענעם פערד־און־וואָגן אָדער געדונגען אַ פור. און אַזוי האָבן זיי געוואַנדערט הונדערטער מיילן, איבער בערג און טאָלן, איבער טייכן און זומפּן, ביז זיי האָבן זיך דערשלעפּט ערגעץ אין אַ וואַלד אין דער ווייטער וועסט, אויף אַ פּלאַץ וואָס איז נאָך קיינמאָל פון אַ מענשליכער פוס ניט באַטראָטען געוואָרען. דאָרט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און גענומען אָפּרייניגען פאַר זיך אַ שטיקל פּלאַץ, בויען אַ הויז און פאַרזייען אַ פעלד, מאַכען פאַר זיך און דער פאַמיליע אַ היים.

אָט זיינען לעבעדיגע פאַקטען פון דער אויסוואַנדערונג, דערציילט פון מענשען וועלכע האָבן זיי אַליין בייגעוואָנט.

אַ פאַמיליע פון אַכט פאַרשוין האָט פאַרלאָזען מעין און האָט אוועקגעוואַנדערט צופוס אַזש קיין אינדיאַנאַ. זיי זיינען געגאַנגען פון איסטאָן, פענסילוויינאַ. דאָס איז געווען אין מאָנאַט פעברואַר. די קינדער און די בעבעכעס האָבן זיי געשלעפּט אויף אַ שטופּ־וועגעלע.

אַ שמיד פון ראָוד איילאַנד האָט אין מיטען ווינטער געבראַכט צו פירען קיין אָלבאַני אויף אַ „פּושקאַרט" (שטופּ־וועגעלע) צוויי קינדער, אַביסעל קליידער און עסענוואַרג. הינטער דעם פּושקאַרט האָט זיך געשלעפּט אַ מוטער מיט אַ ברוסט־קינד אין די אָרעמס און זיבען עלטערע קינדער. געשטופּט דעם וועגעלע האָבען דער פאָטער און זיין עלטסטער זון, אַ אינגעלע פון צוועלף יאָר.

פון ניו דזשוירזי האָט ארויסגעוואַנדערט צופוס אַ פאַמיליע פון זיבען נפשות. זיי זיינען געגאַנגען קיין אָהייאָ. אַן אַנדער פאַמיליע, אַ פּאָר־פאָלק און זיבען קינדער, איז געווען אַזוי אָרים, אַז דער פאָטער האָט דעם גאַנצען פאַרמעגען געטראָגען אין אַ פּאַק אויף די פּלייצעס.

אין פרילינג פון 1817 האבען זיך געלאזט אין וועג אריין טויזענטער פאמיליעס. אין די אלטע שטאטען איז ניט געווען כמעט קיין איין שטאט אדער שטעטעל פון וואנען גאנצע פאמי־ליעס זיינען ניט ארויסגעפארען. פון דארהעם, מעין, זיינען אוועק 16 פורען מיט 120 פארשוין. זיי זיינען געפארען גרינדען אן אייגענע שטעטעל אין אינדיאנא און האבען אפילו מיטגענומען אן אייגענעם גלח. אין איין מאנאט צייט זיינען דורך איסטאן, פענסילווייניא, דורכגעפארען פורען מיט דריי טויזענט פארשוין. אויף א געוויסען וועג אין פענסילווייניא זיינען פון מערץ ביז דעצעמבער 1817 דורכגעפארען 16 טויזענט מענער, פרויען און קינדער, וועלכע האבען זיך געצויגען צו דער וועסט. אין ניו יארק זיינען נעבען א געוויסער קרעטשמע אין איין טעג צייט פארבייגעפארען 260 בוידען געפאקט מיט פאסאזשירען נאך דער וועסט.

א סך שטעדטלאך אין דער איסט זיינען כמעט אינגאנצען אויסגעליידיגט געווארען. א סך שטעט האבען אויפגעהערט צו וואקסען. א גליק איז נאך געווען וואס אין דערזעלבער צייט ווען מען האט אין אמעריקא גענומען לויפען נאך דער וועסט, האט זיך פון אייראפע א לאז געטאן א גרויסער שטראם פון אימיגרא־ציע קיין אמעריקא. די עקאנאמישע לאגע אין ענגלאנד איז נאך די נאפאלעאנישע מלחמות געווען זייער א שווערע, און מענשען האבען גענומען מאסענווייז לויפען אין דער נייער וועלט. די איי־ראפעאישע אימיגראנטען האבען זיך מייסטענס אפגעשטעלט אין די אלטע שטאטען אין דער איסט און האבען פארנומען די פלע־צער פון יענע וואס זיינען אוועק אין דער וועסט. ענגלאנד איז געווען אומרואיג איבער דער אויסוואנדערונג און האט אנגענומען מיטלען זי אפצושטעלען. די רעגירונג האט פארשפרייט פאלשע באריכטען וועגען הונגער און נויט אין אמעריקא. זי האט אויך פארבאטען שיפען ארויפצונעמען מער ווי א באגרענעצטע צאל פאסאזשירען. אבער דאס אלץ האט ניט געהאלפען. אין יאר 1817 זיינען פון ענגלאנד און אירלאנד אנגעקומען אהער דרייסיג טויזענט אימיגראנטען און אן ענליכע צאל איז אנגעקומען מיט

אַ יאָר שפּעטער. די אָרימסטע צווישען זיי זיינען געווען די איירישע. אַזוי ווי די צייט איז אין אַמעריקע אויך געווען אַ שלעכטע האָבּע אַ סך פון זיי אין אָנפאַנג געליטען נויט. זייערע לאַנדסלייט, די עלטערע איירישע אימיגראַנטען וואָס האָבען דאָ געוואוינט פון פריער, האָבען אָרגאַניזירט הילפס-אָרגאַניזאַציעס צו העלפען די אימיגראַנטען. עס פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבען דעמאָלט, אַזוי ווי אימער, ניט געפעלט קיין „פּאַטריאָטען" וואָס האָבען געפאָדערט, אַז אַמעריקע זאָל ניט אריינלאָזען מער קיין אימיגראַנטען אין לאַנד. זיי האָבען באַנוצט די טענה, אַז די אימיגראַנטען וועלען זיך דאָ קיינמאָל ניט אַסימילירען, אַז זיי וועלען ניט פאַרשטיין די אַמעריקאַנישע איסטיטוציעס און וועלען זיין אַ סכנה פאַר'ן לאַנד. די אַגיטאַציע האָט קיין שום איינדרוק ניט געמאַכט. איבערהויפּט איז די וועסט געווען פריינדליך צו די אימיגראַנטען. די וועסט האָט, פאַרקערט, גערופען אימיגראַנטען פון אייראָפּע זיי זאָלען קומען אַהין און העלפען אַנטוויקלען דאָס לאַנד.

אין 1820 איז אָנגענומען געוואָרען אַ געזעץ צו פאַרלייכטע־רען דאָס קויפען רעגירונגס-לאַנד אין דער וועסט. ביז דאַן האָט די רעגירונג געפאָדערט אַ מינימום-פּרייז פון צוויי דאָלאַר אַן אַקער, און קויפען האָט מען געמוזט ניט ווייניגער ווי 160 אַקער אויף אַמאָל. דאָס נייע געזעץ האָט פאַרקלענערט דעם פּרייז און עס געמאַכט אַ דאָלאַר מיט אַ פערטעל אַן אַקער און די צאָל אַקער וואָס איז געווען אַ חוב צו קויפען — 80. מיט הונדערט דאָלאַר האָט איצט אַ קאָלאָניסט געקענט קויפען 80 אַקער לאַנד און זיך באַזעצען אין דער וועסט. אין איין פּרט אָבער איז דאָס נייע געזעץ געווען שווערער ווי דאָס אַלטע. די סומע האָט געמוזט באַצאָלט ווערען גלייך מיטאַמאָל. פריער האָט די רעגירונג דערלויבט דעם קויפער אויסצוצאָלען אין פאַרלויף פון פיר יאָר צייט. די דאָזיגע ענדערונג איז געמאַכט געוואָרען דערפאַר וואָס אַ סך האָבען די שפּעטערדיגע אָפּצאָלונגען ניט געמאַכט און די רעגירונג האָט געמוזט פאַרפירען פּראָצעסען געגען זיי.

אין דעם נייעם געזעץ איז געווען אַ פּונקט, וואָס איז אויס־

גענוצט געוואָרען פון לאַנד־ספּעקולאַנטען צו פאַרכאַפּען גרויסע שטרעקעס ערד און דערנאָך ארויפשרויפּען דעם פּרייז. רעגירונגס־לאַנד פלעגט פאַרקויפט ווערען דורך „אָקשענס". דער פּרייז איז, ווי געזאָגט, געווען אַ דאָלאַר און אַ פערטעל אַן אַקער, אָבער אויב אימיצער האָט אליין געוואָלט געבען מער, איז די רעגירונג געווען צופרידען צו נעמען. פלעגען די לאַנד־ספּעקולאַנטען מאַכען פאָלגענדע מאַנעוורע: זיי פלעגען אַוועקשיקען זייערע אַגענטען צו די „אָקשענס" און די אַגענטען פלעגען אָנבאָטען הויכע פּרייזען פאַר די גוטע ערד, העכערע אפילו ווי דאָס לאַנד איז באמת ווערט געווען. דערנאָך פלעגען די אַגענטען פאַרשווינדען, און ניט קומען באַצאָלען. אין אזא פאַל האָט שוין די רעגירונג ניט באַדאַרפט מאַכען קיין צווייטען עפענטליכען „אָקשען", נאָר פלעגט פאַרקויפען אויף א פּריוואטען אופן. די ספּעקולאַנטען פלעגען דאַן אונטערקומען און אָנבאָטען אַ פּרייז עטוואָס העכער פון דעם מינימום און באקומען דאָס לאַנד פאַר זיך. אויף אַזאַ אופן איז די ספּעקולאַנטען געלונגען צו פאַרטרייבען אנדערע קויפער און אריינצוכאַפּען אין זייערע הענט מאנכע פון די בעסטע שטרעקעס לאַנד אין דער וועסט.

דער רעזולטאַט פון דער גרויסער וואַנדערונג צו דער וועסט אין די יאָרען פון נאָך דער מלחמה איז געווען, אַז אַ גאַנצע ריי נייע שטאַטען איז געשאַפען געוואָרען. אינדיאַנאַ איז אַריינגעקומען אַלס שטאַט אין 1816, מיסיסיפּי—אין 1817, אילינאָי—אין 1818 און מיזורי—אין 1821.

קאפיטעל 38

# אמעריקע נעמט בויען שאָסייען, וועגען און קאַנאַלען

די גרויסע אויסוואַנדערונג צו דער וועסט האָט שאַרף אַרויס־גערוקט די פראַגע פון פאַרקער, די פראַגע פון שאָסייען, וועגען, טראַנספאָרט־מיטלען. די פראַגע איז געווען אַן אַלטע און איז געגאַנגען צוריק נאָך צום אָנפאַנג פון דער קאָלאָניזאַציע אין 17טען יאָרהונדערט. די פריערדיגע איינוואוינער פון לאַנד, די אינדיאַנער, האָבען זיך אין שאָסייען ניט גענויטיגט. זיי האָבען זיך ניט באַנוצט מיט קיין וועגענער, אפילו ניט מיט קיין פערד. וייער איינציג פאַרקער־מיטעל איז געווען קליינע שיפלאַך, געמאַכט פון קאָרע פון בוימער (די „קאַנו") אָדער פון האָלץ. אין געוויסע געגענדען זיינען יאָ געווען שמאָלע שטעגעלאַך וואָס די אינדיאַנער האָבען אויסגעטראָטען אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרען. די שטעגעלאַך האָבען זיך געצויגען פון איין טייך צום צווייטען, און זיינען געווען פון צוועלף ביז אַכצען אינטש די ברייט, גענוג פלאַץ פאַר איין מענש צו גיין צופוס.

די ערשטע קאָלאָניסטען האָבען נאָכגעטאָן דעם ביישפיל פון די אינדיאַנער. זיי האָבען זיך אויך באַנוצט מיט שיפלאַך און מיט די שמאָלע שטעגלאַך. מיט דער צייט זיינען געמאַכט גע־וואָרען אויסבעסערונגען. די שמאָלע שטעגלאַך זיינען אויסגע־ברייטערט געוואָרען. אויף טייל פון זיי זיינען שוין די ווייסע געפאָרען רייטענדיג אויף פערד, אויף טייל האָבען זיי שוין גע־קענט אפילו פאָרען מיט אַ פור. שפּעטער אַביסעל האָבען די קאָלאָניסטען גענומען בויען אייגענע וועגען צו פאַרבינדען שטעט־

לאך איינע מיט די אנדערע. אבער דאס אלץ איז געטאן געווא־רען אויף א גאנץ קליינעם מאסשטאב, און כמעט אויסשליסליך אין דער נארט, אין ניו־ענגלאנד און אין די מיטעלע קאלאניעס. אין דער סאוט איז אלץ פארבליבען כמעט ווי פריער, ווי די אינ־דיאנער האבען עס איבערגעלאזט.

ערנסטער צו טראכטען וועגען אויסבעסערען די פארקער־מיטלען האט מען אנגעהויבען ערשט נאך דער רעוואלוציע. אין ניו־ענגלאנד און אין די מיטעלע שטאטען האט מען אנגעהויבען צו בויען ברייטע שאסייען. געטאן האבען עס פריוואטע גע־זעלשאפטען, אלס געשעפטס־אונטערנעמונגען. די שטאט־רעגירונג פלעגט דער געזעלשאפט ארויסגעבען א טשארטער צו בויען א שאסיי אויף א געוויסער שטרעקע. דער שאסיי איז געווען דאס אייגענטום פון דער געזעלשאפט, און דורכגייער און דורכפארער פלעגען איר מוזען צאלען פאר'ן רעכט צו באנוצען דעם וועג. די פרייזען פלעגען באשטימט ווערען פון געזעץ. די ערשטע געזעלשאפט פון באדייטענדער וויכטיגקייט האט אין 1792 אויס־געבויט דעם שאסיי צווישען פילאדעלפיע און לענסטער, פענסיל־וויניא, און זי האט געמאכט גרויסע פראפיטען. די פרייזען זיינען געווען ווי פאלגט: פאר א קארעטע מיט צוויי פערד—25 סענט פאר יעדע צען מייל; פאר א רייטער אויף א פערד — פינף סענט פאר יעדע צען מייל; פאר א סטאדע פון צוואנציג בהמות— 25 סענט פאר צען מייל, און אזוי ווייטער.

אין אנפאנג פון נייצענטען יארהונדערט, ווען די אויס־וואנדערונג צו דער וועסט איז שוין געווען באדייטענד גרויס, האט מען גענומען ריידען, אז די פעדעראלע רעגירונג זאל בויען שאסייען צו פארבינדען די איסט מיט דער וועסט. פאר אזא אונטערנעמונג האט זיך געפאדערט א סך געלט, און דערצו האט מען שפעטער ניט געקענט זיכער זיין, אז דאס וועט ברענגען ריוח. האבען פריוואטע אונטערנעמער ניט געוואלט ריזיקירען. אין 1802 האט אהייא זיך געווענדעט צום קאנגרעס מיט דער בקשה אריינגענומען צו ווערען אלס שטאט (אהייא איז דעמאלט געווען די „ווייטע וועסט"). דער קאנגרעס האט דאן געמאכט דעם

ערשטען שריט וועגען א פארקער־פארבינדונג און האט פארגע־
שלאגען אהייא, אז א צוואנציגסטעל פונ'ם געלט, וואס וועט אריינ־
קומען פון דעם פארקויף פון קהל'שע ערד אין דעם שטאט, זאל
גיין אויף בויען א שאסיי „צו און דורך אהייא". אהייא האט
איינגעשטימט. דער קאנגרעס האט דאן אויסגעארבייט א פלאן,
אז דער שאסיי זאל זיך ציען פון קאמבערלענד, מערילענד, ביז
ווילינג, ווירדזשיניא. די דריי שטאטען, מערילענד, פענסילוויי־
ניא און ווירדזשיניא, וועלכע דער שאסיי האט געדארפט דורכ־
שניידען, האבען געגעבען זייער ערלויבעניש דערויף. די ארבייט
האט זיך אנגעפאנגען אין 1807 און דער שאסיי איז פארטיג
געווארען אין 1818. ווען אינדיאנא האט זיך אין 1816 געווענ־
דעט צום קאנגרעס ער זאל איר אריינגעמען אלס שטאט, האט
דער קאנגרעס איר געמאכט דעמזעלבען פארשלאג. אין 1818,
ווען אילינאי האט זיך געווענדעט צום קאנגרעס, האט פאסירט
דאסזעלבע. דערזעלבער שאסיי, וואס האט זיך געצויגען פון
קאמבערלאנד, איז איצט געצויגען געווארען ווייטער, דורך אהייא,
אינדיאנא, ביז אין מיטען פון אילינאי. עס האט געדויערט 31
יאר ביז ער איז אינגאנצען פארטיג געווארען.

דאס איז אבער געווען דער איינציגער שאסיי וואס די נא־
ציאנאלע רעגירונג האט געבויט. דזשעפערסאנ'ס אדמיניסטרא־
ציע האט אין 1807 אויסגעארבייט א פלאן פון בויען א גאנצע
קייט פון וועגען, שאסייען און קאנאלען וועלכע זאלען פארביג־
דען אלע טיילען פון לאנד. די פעדעראלע רעגירונג האט גע־
זאלט זיי אלע בויען. אבער איידער זי האט באוויזען אנצוהויבען
די ארבייט האבען זיך אנגעפאנגען די אינטערנאציאנאלע פלאנ־
טערס, וועלכע האבען אויסגעליידיגט די נאציאנאלע קאסע און
ענדליך אריינגעשטויסען דאס לאנד אין דער מלחמה. אין אזא לא־
גע האט מען וועגען אזא ריזיגער אונטערנעמונג ניט געקענט
קלערען און מען האט עס אפגעלייגט אויף א גינסטיגערער צייט.

נאך דער מלחמה איז די נויט אין שאסייען און קאנאלען,
און פון „אינערליכע אויסבעסערונגען" אין אלגעמיין, געווען פיל
שארפער ווי אין 1807. די נייע טענדענץ איז געווען אין דער

ריכטונג פון בויען, פון ענטוויקלען דאס לאנד. די פארשטעהער פון די אלטע און נייע שטאטען האבען אין קאנגרעס גענומען פאר־דערען אז דער פלאן פון 1807 זאל פארווירקליכט ווערען. אין 1816 האט א קאמיטע פון קאנגרעס אויסגעארבייט אלע איינצעל־הייטען ווי אזוי די ארבייט זאל געטאן ווערען. די קאמיטע האט פארגעשלאגען א געזעץ־פראיעקט דער קאנגרעס זאל באוויליגען די געוויסע סומען געלט פאר דעם צוועק. נאך א היציגער דע־באטע איז דער פראיעקט אנגענומען געווארען. מעדיסאן האט זיך אבער אנטזאגט אים אונטערצושרייבען, טראץ דעם וואס ער האט שטארק געגלויבט אז דאס לאנד נויטיגט זיך אין די אויסבעסערונגען. ער האט דערקלערט, אז די קאנסטיטוציע גיט ניט דער נאציאנאלער רעגירונג דאס רעכט צו בויען וועגען און קאנאלען. די ארבייט מוז דערפאר געטאן ווערען פון די באזונדערע שטאט־רעגירונגען אדער פון פריוואט פערזאנען.

פרעזידענט מעדיסאנ׳ס שטעלונג איז אויך אנגענומען גע־ווארען פון זיין נאכפאלגער, פרעזידענט מאנראו. מאנראו האט אויך ניט געוואלט אונטערשרייבען די געזעץפראיעקטען, אז די נאציאנאלע רעגירונג זאל בויען וועגען און קאנאלען. די איינ־ציגע שאסיי וואס די נאציאנאלע רעגירונג האט געבויט איז געווען די „קאמבערלענד ראוד" און דערפאר טראגט זי טאקע דעם נאמען „דער נאציאנאלער שליאך". אבער די ארבייט פון בויען איז געטאן געווארען פון פריוואטע אונטערנעמער און געזעלשאפ־טען וועלכע האבען באקומען טשארטערס פון די באזונדערע שטאט־רעגירונגען. פיל פון די פריוואט אונטערנעמער האבען פון די רעגירונגען באקומען סובסידיעס. באזונדערע שטעדט און שטעדטלאך, וועלכע האבען זיך גענויטיגט אין וועגען, האבען אויך געצאהלט סובסידיעס. פענסילווייניא האט ארויסגעהאל־פען די פריוואט אונטערנעמער מיט צוויי מיליאן דאלאר. די קאמפאניעס פלעגען אויך מאכען לאטערייען כדי צו שאפען געלט. צווישען די יארען 1810 און 1820 האבען זיי אויפגעבויט 1200 מייל שאסייען. ריווחים האבען זיי געמאכט בלויז די ערשטע צייט. שפעטער אז מען האט גענומען בויען באנען און קאנאלען האבען

זיך די שאָסייען מער ניט באצאָלט. די רעגירונג האָט זיי דאַן איבערגענומען.

די שאָסייען אַליין האָבען ניט געלייזט די פראַגע פון פארקער מיט דער וועסט. אויף צו פירען פאסאזשירען זיינען די שאָסייען געוועז מער אָדער וויינינגער צוגעפאסט. כאָטש די וועגענער און די קארעטען זיינען געוועז אזוי שלעכט געבויט אז פאָרענדיג אויף זיי פלעגט ארויסטרייסלען די נשמה. פאר'ן האנדעל איז אָבער וויכטיג געוועז די פראַגע פון פירען פראכט, און פראכט פירען איז מיט'ן וואסער געוועז א סך ביליגער ווי מיט וועגענער אפילו אויף גוטע שאָסייען. פאר די קאָלאָניסטען האָט זיך דערפאר בעסער געלוינט צו שיקען זייערע פראדוקטען אויף שיפלאך מיט'ן מיסיסיפּי טייך, און דעם גרעסערען מסחר באַטרייבען דורך דער האפען־שטאָדט ניו אָרליענס איידער די האפען־שטעדט ביים אטלאנטישען ברעג. די לעצטע האָבען פאר זיך דערזעהן א געפאר צו פארלירען דעם מסחר מיט דער וואקסענדער וועסט.

דער ערשטער שטאַט וואָס האָט זיך גענומען צו פארהיטען פון דער סכנה איז געוועז ניו יארק. אין 1817 האָט די לעדזשיסלייטשור אָנגענומען א געזעץ אַז די רעגירונג זאָל בויען א קאנאַל צו פארבינדען דעם האָדסאָן טייך מיט לעיק אירי. דעם פערטען יולי פון זעלבען יאָר האָט זיך די ארבייט אָנגעפאנגען. פאר יענער צייט איז די אונטערנעמונג געוועז א ריזיגע. דאָס גאנצע לאנד האָט מיט דעם טיפסטען אינטערעס נאָכגעפאָלגט יעדען שריט אין דער ארבייט. די צייטונגען פון אלע שטאטען האָבען געדרוקט נייעס וועגען דעם גאנג פון דער ארבייט. יעדעס מאָל ווען א טייל פון דעם קאנאַל איז פארטיג געוואָרען, האָט מען געפראוועט א יום־טוב. אלע שטעדטלאך און דערפער וואס זיינען געלעגען ביים ברעג פון דער אויסגעגראָבענער שטרעקע האָבען געמאכט פאראדען. דער קאנאַל איז אינגאנצען פארטיג געוואָרען אין 1825. ער האָט דורכגעשניטען די ברייט פון דעם שטאַט ניו יארק אויף א שטרעקע פון 363 מייל און ער האָט אָפּגעקאָסט קארגע דרייצען מיליאָן דאָלאַר צו בויען.

דעם 26טען אָקטאָבער, 1825, איז געפייערט געווארען דער גרויסער יום טוב פון דער דערעפענונג פון דעם גאנצען קאנאל. גענוואָרנאָר קלינטאָן איז יענעם טאָג ארויסגעפאָרען פון באפאלא אויף א שיף איבערן קאנאל. מיט אים זיינען מיטגעפאָרען די חשוב'ע בירגער פון שטאט. אויפ'ן גאנצען וועג ביז אלבאני איז געפראוועט געווארען דער יום־טוב. די שיף האָט זיך אָפּ־געשטעלט אויף פארשידענע פונקטען וואו זי איז באגריסט גע־ווארען מיט פייערווערק, גלאָקען, רעדעס. אין ניו יארק איז די שיף אָנגעקומען דעם 4טען נאָוועמבער. די גאנצע שטאָדט איז ארויס איר אנטקעגען. גאָווערנאָר קלינטאָן האָט אריינ־געגאָסען אין דעם ניו יארקער „בעי" א פלאַש וואסער, וואָס ער האָט ארויסגעשעפּט פון לייק אירי. דאָס איז געווען א צייכען אז דער אטלאנטישער ים האָט זיך פארבונדען מיט'ן לעיק אירי.

פון יעדען שטאנדפונקט איז דער קאנאל געווען א ריזיגער ערפאלג. אין 1826 האָט ער שוין אריינגעטראגען מער געלד ווי עס האָט געקאָסט אים אויסצוהאלטען. ביז 1838 האָט די הכנסה געדעקט ניט בלויז די פראצענטען אויף די צוועלף מיליאָן, נאָר עס איז נאָך געבליבען דריי און האלב מיליאָן צו באצאָלען א טייל פון דעם קרן.

אָבער נאָך וויכטיגער איז געווען דער גרויסער איינפלוס וואס דער קאנאל האָט געהאט אויף דער עקאָנאָמישער אנטוויקלונג פון לאנד. פריער האָט געקאָסט פירען א טאָן סחורה פון באַ־פאלא קיין ניו יארק א הונדערט דאָלאר און געדויערען פלעגט עס צוואנציג טעג. מיט'ן קאנאל האָט עס געקאָסט ניט מער ווי צען דאָלאר און געדויערט האָט עס ניט מער ווי אכט טעג. אָט דער ביליגער פארקער צווישען איסט און וועסט פון ניו יארק האָט געווירקט ווי א צויבער אויפצולעבען די גאנצע געגענד ארום די לעיקס. באפאלא, קליוולאנד און טאָלידאָ, וועלכע זיינען פריער געווען קליינע שטעדטלאך, האָבען אָנגעהויבען בליען. טויזענדער נייע קאָלאָניסטען האבען זיך אוועקגעלאָזען קיין אָהייאָ, אינדיאנאַ און מישיגען. די לעיקס זיינען געוואָרען וויכטיגע וואַסער־שליאכען.

דעם גרעסטען געווינס האָט געהאט דער שטאַט ניו יאָרק. דורכ'ן קאַנאַל האָט ער געוואונען פאר זיך דעם האַנדעל פון דער וועסט. ער האָט אפילו צוגענומען ביי פילאדעלפיא דעם האנדעל מיט פיטסבורג. עס איז געווען ביליגער צו פירען סחורה פון פיטסבורג קיין באפאלא און דערנאָך מיט'ן קאַנאַל קיין ניו יארק, איידער מיט דער יבשה פון פיטסבורג קיין פילאדעלפיא.

אנדערע שטאַטען האָבען נאָכגעטאָן ניו יארק און אויך געבויט קאַנאַלען. פענסילוועניא האָט אויפגעבויט א גאנצע רייע מיט קאַנאַלען אין פארשידענע טיילען פון שטאַט. ווירדזשיניא, ניו דזשוירזי, מערילענד האָבען געטאָן דאָס זעלבע. איבערהויפט האָבען זיך פילאדעלפיא און באַלטימאָר געסטאַרעט זיך צו פאר־בינדען מיט דער וועסט. די דאָזיגע צוויי שטעדט האָבען די גאנ־צע צייט קאָנקורירט מיט ניו יארק פאר דעם האַנדעל פון דער וועסט. זיי האָבען אָבער ניט געקענט בויען אזא קאַנאַל ווי דער אירי־קאַנאַל, צוליב קייטען בערג וואס זיינען געלעגען אין וועג. ניו יארק איז ארויס די זיגערין אין דער קאָנקורענץ מלחמה.

אין דיזעלבע יארען וואס דאָס לאַנד האָט אזוי טיכטיג זיך גענומען צו בויען שאָסייען און קאַנאַלען, האָט זיך אויך פאר־שפרייט דער געברויך פון דער דאמף שיף. די ערפינדונג פון דער דאמף־שיף איז געמאכט געווארען מיט עטליכע און צוואנ־ציג יאָר פריער. אָבער ערשט איצט, אז מען האָט זיך שטאַרק גענויטיגט אין שנעלע און לייכטע פארקער מיטלען מיט דער וועסט האָט מען זיך גענומען ערנסט צו בויען דאמף־שיפען, זיי אויסצובעסערען און זיי באַנוצען אויף אלע טייכען, וואו דאָס איז נאָר געווען פראַקטיש.

דער ערשטער דערפינדער פון דער דאמשיף איז געווען א פראנצויזישער וויסענשאַפטסמאַן מיט'ן נאָמען פאפין. אין 1707 האָט ער אויפגעבויט א מאָדעל־שיף און איז ארויסגעפאָרען אויף איר אויף א טייך אין דייטשלאַנד. די שיפלייט אין דער גע־גענד זיינען אים באפאלען און האָבען די שיף פארניכטעט. נאָך אים האָבען דערפינדער אין אנדערע לענדער אין איירָאפא גע־מאכט עטליכע פראבעס און אלע זיינען זיי דורכגעפאלען.

דער ערשטער דערפינדער פון דער דאמפשיף אין אמעריקא איז געווען א זייגערמאכער, דזשאן פיטש. די ערפינדונג האט אים רואינירט, עקאנאמיש און גייסטיג. צוליב איר האט ער דאס גאנצע לעבען געליטען ארימקייט, איז אויסגעלאכט און פארשפאטעט געווארען, ביז ער איז ענדליך געטריבען געווארען צו זעלבסטמארד. פיטש האט זיי ערפינדונג פארענדיגט אין 1785, און ביז 1798, ווען ער האט זיך גע'סמ'ט, האט ער גע־ארבייט מעשים צו קריגען דאס נויטיגע געלט צו איבערצייגען דאס לאנד די וויכטיגקייט פון זיין ערפינדונג. ער האט ניט געזוכט קיין נוצען פאר זיך אליין. ער איז געווען גרייט אוועק־צושענקען זיין ערפינדונג דער רעגירונג, דעם פאלק. ער איז ניט געווען קיין צוריקגעצויגענער, קיין שרעקעדיגער. פארקעהרט, ער האט זיך דערשלאגען צו די גרעסטע מענשען אין לאנד. ער האט זיך געזעהן מיט אזוינע פערזענליכקייטען ווי וואשינגטאן, בענ־דזשאמין פרענקלין, פעטריק הענרי, דזשיימס מעדיסאן. ער האט געקראגען רעקאמענדאציעס פון קאלעדזש־פרעזידענטען און וויסענ־שאפטסמענער. ער איז אויפגעטראטען פאר קאמיסיעס פון קאנ־גרעס און פון לעדזשיסלייטשורס אין פארשידענע שטאטען. אבער קיינער האט זיין דערפינדונג ניט גענומען ערנסט. מען האט איהם געהאלטען פאר א שטיקעל משוגע'נעם. ווען ער האט פארגעלייגט זיין דערפינדונג פאר בענדזשאמין פרענקלין, האט יענער, אלס ענטפער, אים גאר אנגעבאטען עטליכע דאלאר א נדבה.

בלויז אויף א קורצער צייט האט פאר אים די זון א שיין געטאן. אין 1788 איז אים געלונגען צו פאראינטערעסירען א גרופע מענשען, וועלכע האבען איהם געגעבען עטליכע הונדערט דאלאר און ער האט דערמיט אויפגעבויט די ערשטע דאמפשיף אין אמעריקא. ער איז אויף איר ארויסגעפארען אויף דעם דעלע־ווער טייך, פון פילאדעלפיא ביז בוירלינגטאן. מיט צוויי יאהר שפעטער האט ער אויפגעבויט א בעסערע שיף, וועלכע איז גע־שוואומען אכט מייל א שטונדע. א שטיקעל צייט איז ער מיט איר ארומגעפארען ארום פילאדעלפיא. באלד אבער איז די שיף

קאַליע געוואָרען. ער האָט זיך ווידער גענויטיגט אין געלד צו מאַכען אויסבעסערונגען, און האָט עס ניט געקענט קריגען.

זיין פאַמיליען לעבען איז אויך געווען טרויעריג. נאָך מיט יאָרען פריער איידער ער האָט די דערפינדונג געמאַכט איז ער זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען מיט זיין פרוי. „עס זיינען פאַראַן צוויי זאַכען אויף דער וועלט, וואָס קענען פאַרשאַפען דעם גרעסטען עגמת נפש, — האָט ער געשריבען מיט יאָרען שפּעטער, — דאָס זיינען, צו האָבען אַ ווייב אַן ארורה און צו בויען דאַמפּ־שיפען. מיט אַ ווייב אַן ארורה האָב איך געהאַט דערפאַרונג. איך האָב זיך באַצייטענס באַפרייט פון איר. ווען איך וואָלט געווען ביים זינען וואָלט איך דאָסזעלבע געטאָן מיט דער דאַמפשיף".

אין 1798 איז ער אַוועקגעפאָרען אין דער וועסט, אין קענ־טאָקי. דאָ פלעגט ער ביי אַ דאָקטאָר קריגען אָפּיום־פּילען צו קאָפּ־ווייטאָג. די פּילען האָט ער באַהאַלטען ביז עס האָט זיך אָנגעקליבען גענוג אויף צו פאַרגיפטען אַ מענשען און ער האָט זיך מיט זיי פאַרגיפטעט.

דער היסטאָריקער דאַנבאַר שרייבט: „פיטש איז געווען אַ זשעני, וועלכער איז געווען פאַרשאָלטען דערמיט וואָס ער האָט פאַרשטאַנען די וויכטיגקייט פון זיין דערפינדונג, אָבער אַלע אַנ־דערע האָבען זי אויסגעלאַכט. אַ מער טרויעריגער שיקזאַל איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ."

די פּאָליטיקער פון די פאַרשידענע שטאַטען האָבען ניט גע־וואָלט העלפען פיטש'ן פאַרפאָלקאָמען זיין דערפינדונג, אָבער זיי האָבען אים געוואָלט טאָן אַ „טובה" אויף אַן אַנדער אופן, און די דאָזיגע טובה האָט אין די שפּעטערע צייטען געבראַכט זייער אַ שווערע רעה. די לעדזשיסלייטשורס פון אַ גאַנצער ריי מיט שטאַטען, צווישען זיי ניו יאָרק, פּענסילווייניאַ און ווירדזשיניאַ, האָבען דורכגעפירט אַ געזעץ, וואָס האָט געגעבען פיטש'ן אַ מאָ־נאָפּאָל אויף דעם באַטריב פון דאַמפשיפען אין זייערע טייכען; דאָס הייסט, אויב עס וועט אים געלינגען אויסצובויען זיינע דאַמפּ־שיפען, זאָל קיין אַנדערער ניט טאָרען קאָנקורירען מיט איהם. מיט דער דאָזיגער „טובה" האָבען די רעגירונגען פון די שטאַטען

דערוויייל אוועקגעשטעלט דעם פרינציפ, אז מען קען מאכען א מאנאפאל אויף א טייך. דער דאזיגער פרינציפ האט געשטערט דער אנטוויקלונג פון דער דאמפשיף אין די שפעטערע יארען, ווען די דערפינדונג האט זיך ארויסגעוויזען פאר פראקטיש און אפילו נויטווענדיג. דאס זעלבע מאנאפאל־רעכט איז דאן אוועקגעגעבען געווארען צו אנדערע, און יענע האבען זיך מיט אים באנוצט און האבען באשרענקט דעם געברויך פון דאמפשיפען. עס האט געדויערט יארען איידער די דאזיגע שטערונג איז באזייטיגט געווארען דורך לאנגע פראצעסען אין געריכט.

דער מענש וואס האט פון פיטש'ס דערפינדונג געמאכט א פראקטישען ערפאלג איז געווען ראבערט פולטאן. ער איז געבארען געווארען אין 1765, אין א דארף אין פענסילוויניא. ווען ער איז אלט געווען צוואנציג יאר איז ער געווען א מאלער פון פארטרעטען און האט זיך מפרנס געווען דערמיט. ער האט דעמאלט געוואוינט אין פילאדעלפיא. דאן האט ער באשלאסען אוועקצופארען קיין ענגלאנד צו שטודירען ווייטער מאלעריי. דארטען האט ער זיך אבער אפגעגעבען מייסטענס מיט וויסענשאפט. ער האט געענדיגט אינזשעניר. אין 1797 איז ער אוועק קיין פאריז וואו ער האט זיך באקענט מיט'ן אמעריקאנישען אמבאסאדאר, ראבערט ליווינגסטאן.

דורך דער דאזיגער באקאנטשאפט האט פולטאן זיך גענומען פאראינטערעסירען מיט דאמפשיפען. ליווינגסטאן האט נאך מיט א צייט פריער געמאכט עקספערימענטען מיט דאמפשיפען. אזוי ווי פולטאן איז געווען אן אינדזשעניר, האבען זיי גענומען ארבייטען צוזאמען. זיי האבען אויסגעפארשט אלעס וואס די פריערדיגע דערפינדער פון שיף בויער האבען אנטדעקט. אין 1806 איז פולטאן געקומען קיין ניו יארק און אין אוגוסט, 1807, האט ער פארטיג געמאכט זיין דאמפשיף „קלערמאנט“. מיט דער „קלערמאנט“ האט ער געמאכט די ערשטע רייזע אויפ'ן האדסאן, פון ניו יארק ביז אלבאני און צוריק.

פולטאן איז געווען א שותף מיט ליווינגסטאנ'ען, איינער פון די רייכסטע און אנגעזעענסטע מענער פון ניו יארק. זיי הא־

בען געקראָגען א מאָנאָפּאָל אויף דעם האָדסאָן און אויף אַנדערע טייכען פון דעם שטאַט. זיי האָבען געבויט שיפען און פּערים.

פולטאָן האָט ניט געוואָלט דערלויבען אַנדערע שטאַטען זיך צו באַנוצען מיט זיין דערפינדונג סיידען מען וועט אים געבען א מאָנאָפּאָל אויף אַלע וואַסערען אין יענע שטאַטען. אייניגע



ראָבערט פולטאָן

שטאַטען האָבען די פאָדערונג נאָכגעגעבען, אָבער די בירגער האָבען ניט געוואָלט אנערקענען דעם מאָנאָפּאָל און האָבען אָרגאַניזירט אייגענע געזעלשאַפטען צו בויען דאַמפשיפען. פולטאָן און ליווינגסטאָן האָבען זיך פּראָצעסירט מיט יענע געזעלשאַפטען און ערשט אין 1825 איז די פראגע אַנטשידען געוואָרען. דאָס

געריכט האָט גע'פסק'נט אז אויף טייכען קען קיין שטאט ניט ארויסגעבען קיין מאָנאָפּאָל.

די דאמפשיף איז געווען א ריזיגע טרייב־קראפט אין דער אנטוויקלונג פון דער וועסט. גלייך ווי די שיפען האָבען זיך באַוויזען אויף די וואסערען פון דער וועסט איז דער פּרייז אויף פירען פראכט געפאלען אויף 25 פּראָצענט.

עס האָט אָבער פונדעסטוועגען געדויערט א לאַנגע צייט איידער מען האָט גענומען באַנוצען דאמפשיפען אויף א גרויסען מאסשטאב. די מאָנאָפּאָל־פראגע האָט געשטערט. דער עולם האָט אויך די ערשטע צייט געקוקט אויף די שיפען מיט חשד און מיט שרעק. כאָטש די דערפינדונג איז אין 1812 שוין אלט געווען עטליכע יאר, דאָך האָט מען זיך מיט איר ניט באַנוצט אין דער מלחמה. אלע שיפען וואָס האָבען זיך אין דער מלחמה באטייליגט זיינען געווען זעגעל אָדער רודער־שיפען. ערשט ארום 1820 האָט די דאמפשיף אָנגעהויבען פארנעמען א הערשענדען פּלאַץ אויף די טייכען, און ערשט אין 1838 האָט מען גענומען באַנוצען דאמפשיפען צו פיהרען פּאסאזשירען און פּראכט אויף דעם אטלאַנטישען ים צווישען אייראָפּא און אמעריקא.

קאפיטעל 39

# פלאָרידאַ. — דער „מאָנראָו דאָקטרין"

בשעת דזשעפערסאָן האָט אָפּגעקויפט ביי פראנקרייך לוּ־איזיאנא, האָט די פראווינץ פלארידא באלאנגט צו שפאניען. די פראווינץ איז געווען גרעסער ווי דער איצטיגער שטאט פלאָרידא, און האָט איינגעשלאָסען די טעריטאָריע ביים ברעג פון „גאָלף" ביז נאָהענט צום מיסיסיפּי. דעמאָלט, אין 1803, האָט זיך די פאראייניגטע שטאטען וויי־ניג געקימערט וואס דער גרויסער ברעג דאָרט געהערען צו א פרעמדער מדינה, וואָס זי האָט שפאניען פאר אַ שכנ'טע ביים גרענעץ פון דער סאוט און סאוט־וועסט.

באלד אָבער איז קלאָר געווארען אז שפאניען'ס הערשאפט אין פלאָרידא טויג פאר אמעריקא ניט. די אמעריקאנער קאָלאָ־ניסטען וואס האָבען זיך באזעצט אין דער סאוט־וועסט האָבען גע־זוכט א צוטריט צום ים און שפאניען איז זיי געשטאנען אין וועג. דערצו האָבען די קאָלאָניסטען געוואָלט האָבען די ערד פון פלאָ־רידא, די טעריטאָריע גופא. די איינוואוינער פון דזשאָרדזשיא און די דערבייאיגע שטאטען האָבען נאָך אויך געליטען דערפון וואָס זייערע נעגער־שקלאפען פלעגען אנטלויפען קיין פלאָרידא. אויך די אינדיאנישע שבטים, מיט וועלכע די אמעריקאנער זיינען געקומען אין צוזאמענשטויס, פלעגען געפינען אַן אנטרינונגס־פּלאַץ אין פלאָרידא. דארט פלעגען די אינדיאנער קריגען וואפען און ארויסגעהן אין קאמף געגען די ווייסע ביים גרענעץ.

צוליב אַ סך אורזאכען האָט זיך געלוינט פאר די פאראיי־ניגטע שטאטען צו קריגען פלאָרידא. אין 1810 האָט זי געמאכט אַ פארזוך דאָס צו טאָן. אין פלאָרידא איז דעמאָלט פארגעקו־

מען אן אויפשטאנד (געפירט פון אמעריקאנער). פרעזידענט מע־דיסאן האט זיך באנוצט מיט'ן אויסרייד אז די אונרוען שטע־רען די אינטערעסען פון די אמעריקאנער און האט אריינגעשיקט אן ארמיי צו „מאכען ארדנונג". די ארמיי האט פארנומען דעם וועסטליכען טייל פון פלארידא, און נישט קוקענדיג אויף שפא־ניען'ס פראטעסטען, איז די טעריטאריע געבליבען ביי די אמע־ריקאנער.

די צווייטע געלעגענהייט איז געקומען אין 1817. צווישען די אינדיאנער און די ווייסע זיינען דעמאלט פארגעקומען צוזא־מענשטויסען ביי דער פלארידא'ער גרענעץ. פרעזידענט מאנראו האט געשיקט גענעראל דזשעקסאן צו פארטרייבען די אינדיאנער, און אויב נויטיג זיי נאכיאגען איבער די גרענעצען פון פלארידא. דזשעקסאן האט דעם באפעל באטראכט אלס אן אנצוהערעניש צו פארכאפען פלארידא, און ער האט עס געטאן אויף זיין שטייגער. די אינדיאנער האט ער ניט געכאפט. ער האט אבער געכאפט א פאר אינדיאנישע פירער און צוויי ענגלישע סוחרים וואס האבען געהאנדעלט מיט די אינדיאנער. מיט די מענשען האט ער זיך אפגערעכענט. ער האט זיי אלעמען הינגעריכטעט. איינער פון די צוויי ענגלענדער איז לכל הדעות געווען אבסאלוט אומ־שולדיג פון וועלכער עס איז פארבינדונג מיט'ן שונא. דזשעק־סאן'ס אייגען קריגסגעריכט האט געבעטען דזשעקסאן'ען צו שענ־קען אים דאס לעבען, אבער ער האט ניט געוואלט הערען דער־פון. די איינציגע הנחה וואס ער האט געמאכט דעם פאר'משפט'ן איז געווען, אז אנשטאט הענגען זאל מען אים שיסען. ווען דער שפאנישער גאווערנאר פון פלארידא האט פראטעסטירט למאי דזשעקסאן האט זיך אריינגעריסען אין א פרעמד לאנד, האט דזשעקסאן דעם גאווערנאר ארויסגעטריבען און פארנומען אלע שפאנישע פעסטונגען.

דזשעקסאן'ס האנדלונג איז באגריסט געווארען מיט באגייס־טערונג צווישען די גרויסע מאסען, איבערהויפט די קאלאניסטען אין דער וועסט. אבער אין קאנגרעס זיינען אריינגעטראגען גע־ווארען א שארפע רעזאלוציע געגען אים. פרעזידענט מאנראו אליין

האָט לכתחילה אים אויך שטאַרק קריטיקירט. פּראָטעסט גאָטעס זיינען אָנגעקומען פון שפּאַניען און פון ענגלאַנד. דעם קאַמף געגען דזשעקסאָנ'ען אין קאָנגרעס האָט געפירט „ספּיקער" קלעי. זיין שטאַרקסטער פאַרטיידיגער איז געווען דער מיניסטער פון אויסערן, דזשאָן קווינסי עדעמס.

עס פאַרשטעהט זיך, אַז די רעזאָלוציע איז דורכגעפאַלען. מיט ענגלאַנד האָט מען זיך אויסגעגליכען. אויף שפּאַניען'ס פּראָטעסטען האָט דזשאָן קווינסי עדעמס געענטפערט מיט אַ מין אולטימאַטום: אַמעריקאַ וועט איר אָפּגעבען צוריק פלאָרידאַ אויב זי וועט זיך פאַרפליכטען דאָרט צו האַלטען אַ גרויסע אַרמיי, וועלכע זאָל באַוואַכען די אינדיאַנער און זיי ניט לאָזען אַנפאַלען אויף די אַמעריקאַנער שכנים. שפּאַניען איז דעמאָלט ניט אימ־שטאַנד געווען צו שיקען אַזאַ אַרמיי קיין אַמעריקאַ. עדעמ'ס צווייטער פאָרשלאַג איז געווען אַז שפּאַניען זאָל פאַרקויפען פלאָרי־דאַ צו אַמעריקאַ. שפּאַניען האָט קיין אַנדער ברירה ניט גע־האַט און דעם פאָרשלאַג אָנגענומען.

אין 1819 איז דער מסחר געשלאָסען געוואָרען. מען איז מושוה געוואָרען אויף פינף מיליאָן דאָלאַר, אָבער דאָס געלט האָט שפּאַניען ניט באַקומען. אַמעריקאַ האָט דאָס געלד אויסגעצאָלט צו אַמעריקאַנער בירגער וועלכע האָבען געהאַט פאַרשידענע תביעות געגען שפּאַניען.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז פאַר אַמעריקאַ אויפגעשוואָו־מען אַ פראַגע פון גרויסער אינטערנאַציאָנאַלער באַדייטונג. פּרע־זידענט מאָנראָו האָט דאַן אריינגעשיקט אַ „מעסעדזש" צום קאָנ־גרעס אין וועלכען ער האָט פאָרמולירט די באַציהונג פון אַמע־ריקאַ צו אייראָפּאַ. די דאָזיגע דעקלאַראַציע איז באַרימט אַלס די „מאָנראָו דאָקטרין" (מאָנראָו'ס לעהרע).

אין דער צייט פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות אין אייראָפּאַ האָבען אייניגע פון די שפּאַנישע קאָלאָניעס אין צענטראַל און אין זיד־אַמעריקאַ רעוואָלטירט געגען שפּאַניען און זיך דערקלערט אַלס אומאָפּהענגיגע רעפּובליקען. די פאַראייניגטע שטאַטען האָט זיי אַנערקענט. צווישען די באַפרייטע קאָלאָניעס זיינען געווען טשי־

לי, פערו, ארגענטינע, קאָלאָמביא, און ווענעזועלא. שפאניען איז דאן געווען הילפלאָז. זי האָט ניט געהאַט די כחות צו קעמפען גע־גען די רעוואָלוציעס. נאָכדעם ווי די נאפּאָלעאנישע מלחמות האָבען זיך געענדיגט האָט זיך אין אייראָפּע אָנגעפאנגען א שרעק־ליכע רעאקציע. דער רוסישער צאר, אַלעקסאנדער דער ערשטער, האָט אין 1815 אָרגאניזירט דעם „הייליגען פארבאנד" אין וועלכען אַלע געקרוינטע קעפּ פון אייראָפּא האָבען זיך אָנגעשלאָסען. די אויפגאבע פון פארבאנד איז כלומר'שט געווען צו פאראייניגען אַלע רעגירונגען אין א פרידליכען בונד. אין אמת'ן אָבער איז דער צוועק געווען אויפצוהאלטען דעם פּרינציפּ פון מאָנארכיזם און צו דערשטיקען רעוואָלוציעס. ענגלאנד האָט זיך אנטזאגט ארייןצוטרעטען אין דעם „הייליגען פארבאנד".

אין 1822 האָבען אין שפּאניען און איטאַליען זיך אָנגעהויבען בונטען פאר פּאָליטישע פרייהייט. דער צאר האָט פאר־רופען א קאָנפערענץ פון דעם „הייליגען פארבאנד", וועלכער האָט אָנגענומען א רעזאָלוציע אז „די רעגירונגען זאָלען אָפּשאפען פאָלקס־פארטרעטערשאפט דארט וואו דאָס עקזיסטירט שוין און ניט דערלאָזען אז די סיסטעם פון פאָלקס־פארטרעטערשאפט זאָל זיך פארשפּרייטען אין די לענדער וואו דאָס עקזיסטירט נאָך ניט". אין ענגלאנד און אין אַמעריקא איז דער באשלוס אויסגעטייטשט געוואָרען אלס אן אָנצוהערעניש אז דער „הייליגער פארבאנד" וועט העלפען שפּאניען דערשטיקען דעם אויפשטאנד ביי איר אין לאנד און וועט איר אויך העלפען אומצוגעווינען די רעפּובליקען אין אירע געוועזענע קאָלאָניעס אין אמעריקא.

די פאראייניגטע שטאטען האָט פאר זיך דערזען אן ערנסטע געפאר. רוסלאנד האָט דאן געהערשט איבער אלאסקא און האָט געהאט אמביציעס צו פארכאפּען דעם ברעג פון קאַליפאָרניע. פראנקרייך האָט געשארפט די ציין אויף מעקסיקא. ענגלאנד האָט געזוכט צו פארכאפּען קובא. ווען דער פּלאן פון דעם „הייליגען פארבאנד" וואָלט פארווירקליכט געוואָרען וואָלט די פאראייניגטע שטאטען געהאט אויף אַלע אירע גרענעצען שטארקע אייראָ־

פּעאישע שכנים און וואָלט געווען אין א שטענדיגער געפאר פאר־שלונגען צו ווערען.

צום גליק איז ענגלאנד געווען געגען די פּלענער פון דעם „הייליגען פארבאנד". פאר אירע עקאָנאָמישע אינטערעסען האט זיך געלוינט בעסער אז די קאָלאָניעס אין זיד און אין צענטראל אַמעריקא זאָלען זיין פריי, כדי זי זאָל דאָרט האָבען א פרייען מארק. כל־זמן יענע קאָלאָניעס האָבען געהערט צו שפּאניען זיינען די טירען געווען פארשלאָסען. שפּאניען האָט ניט גע־לאָזט אז קיין אנדער לאנד זאָל פיהרען מסחר מיט זיי. ענגלאנד האָט דערפאר פאָרגעשלאָגען אמעריקא אז די צוויי רעגירונגען זאָלען צוזאמען לאָזען וויסען דעם „הייליגען פארבאנד" דאס זיי װעלען ניט דערלויבען, ער זאָל זיך מישען אין אַמעריקאנישע אנ־געלעגענהייטען. דעם פּרעזידענט איז ענגלאנד׳ס פאָרשלאג געפע־לען געווארען. זיין מיניסטער פון אויסערן, דזשאָן קווינסי עדעמס, איז אָבער געווען געגען זוכען טובות און הילף ביי ענג־לאנד. זיין מיינונג איז געווען אז אַמעריקע זאָל אליין ארויס מיט א פּראָטעסט געגען דער אינטערווענציע פון אייראָפּעאישע לענדער אין אמעריקאנער אנגעלעגענהייטען. נאָך לאנגע דיס־קוסיעס און באראטונגען האָט מאָנראָו אָנגענומען עדעמס׳עס שטאנדפּונקט.

דעם צווייטען דעצעמבער האָט פּרעזידענט מאָנראָו אריינ־געשיקט זיין „מעסעדזש" צום קאָנגרעס אין וועלכען עס ווערט קלאָר און שארף פאָרמולירט דער פּרינציפּ וואס ווערט באצייכענט אלס „מאָנראָו׳ס דאָקטרין".

די „מאָנראָו דאָקטרין" באשטעהט פון דריי פּונקטען:

ערשטענס, אין אַמעריקא איז מער קיין פּלאץ ניטאָ פאר נייע קאָלאָניעס. קיין אייראָפּעאיש לאנד, הייסט דאָס, קען דאָ מער ניט פארנעמען קיין טעריטאָריע. (דער דאָזיגער פּונקט איז געצילט געווען הויפּטזעכליך געגען רוסלאנד, וועלכע האָט גע־זוכט צו פארכאפּען לאנד ביים פּאסיפישען ברעג).

צווייטענס, די אייראָפּעאישע רעגירונגען טאָרען זיך ניט מי־שען אין אמעריקאנישע אנגעלעגענהייטען.

דריטענס, אמעריקא וועט זיך ניט מישען אין די פּאָליטישע אנגעלעגענהייטען פון אייראָפּא.

דער „היילינער פארבאנד" האָט דאן אויפגעגעבען דעם פּלאַן צו שיקען אן ארמיי געגען די נייע רעפּובליקען אין אמעריקע.

קאַפּיטעל 40.

# דער ערשטער שטורם אין קאָנגרעס איבער שקלאַפעריי

דער ערשטער גרויסער צוזאמענשטויס צווישען נאָרטה און סאוטה איבער דער פראגע פון נעגער־שקלאַפעריי איז געשען אין יאָר 1820. געענדיגט האָט זיך יענער צוזאמענשטויס מיט א פּשרה, אָבער אין לאַנד איז געבליבען דאָס געפיל, אז דער קריג האָט זיך ערשט אָנגעהויבען און אז מיט פּשרות וועט מען ניט אָפּקומען. דזשאָן קווינסי עדעמס האָט אָנגערופען דעם צוזאַמענשטויס „בלויז א הקדמה, א פאָדערבלאַט צו א גרויסען טראַגישען בוך". טאָמאַס דזשעפערסאָן האָט דערקלערט: „ווי א גלאָק אין מיטען דער נאכט האָט מיך דער צוזאמענשטויס אויפגעוועקט, און מיין הארץ איז אָנגעפילט געווארען מיט שרעק. אויף א ווייַלע איז דער קריג איינגעשטילט, אָבער דאָס הייסט ניט אז ער האָט זיך געענדיגט. ער איז בלויז אפּגעלייגט אויף שפּעטער". אין קאָנגרעס, וואו דער קאַמף איז פאָרגעקומען, האָט א קאָנגרעסמאַן פון דזשאָרדזשיא אויסגעשריען צו א קאָנגרעסמאַן פון ניו יאָרק: „איר האָט אָנגעצונדען א פייער וואס דאָס גאַנצע וואַסער פון ים וועט ניט קענען אויסלעשען. בלויז ימים פון בלוט קענען דעם פייער דערשטיקען". די אַלע שטאַטלייט האָבען ריכטיג אָפּגעשאַצט די פּאַסירונג פון 1820. זיי האָבען אין איר געזען דעם ערשטען סימן פון דעם שווידערליכען בירגער־קריג, וואָס האָט געדאַרפט קומען מיט פערציג יאָר שפּעטער.

די אַלטע שטאַטען פון דער נאָרטה האָבען אַלע געהאַט אָפּגעשאַפט נעגער־שקלאַפעריי. אין 1819 האָט שוין דארט פאַקטיש

קיין שקלאַפעריי ניט עקזיסטירט. וואָס איז שייך די נייע שטאַ־טען פון דער נאָרטה, — אָהייאָ, אינדיאַנאַ, מישיגען, אילינאָי — האָט דאָ קיינמאָל קיין שקלאַפעריי ניט עקזיסטירט. נאָך אין 1787 האָט דער אַלטער קאָנגרעס אָנגענומען אַ געזעץ אַז אין דער נאָרטוועסט־טערטאַריע זאָל שקלאַפעריי זיין פאַרבאָטען, און די אַלע נייע שטאַטען זיינען געוועזן טיילען פון דער אַלטער נאָרטוועסט־טעריטאָריע. דעריבער זיינען די שטאַטען, וואס זיינען געלעגען צו צפון פון דעם טייך אָהייאָ, אַלע געווען „פרייע״.

אָבער אין די שטאַטען וואָס זיינען געלעגען צו דרום פון דעם טייך אָהייאָ און נידעריגער אראָפּ פון דעלעווער און פענסילווייניע, דארטען האָט זיך נעגער־שקלאַפעריי אין לעצטען צענדליג יאָר פיל פארשטאַרקט, סיי אין די אַלטע סיי אין די נייע שטאַטען. דאָס איז געווען צו פארדאנקען דער דערפינדונג פון דעם „קאטאן דזשין״ און די ערפינדונגען פון שפּין־ און וועב־מאשינען אין ענגלאנד. דורך יענע דערפינדונגען איז בוימוואָל (קאטאן) געוואָ־רען א וויכטיגער פּראָדוקט. די נאָכפראגע אויף קאטאן פאר וועבעריי איז געוואָרען אומגעהייער גרויס. די פּלאַנטאַטאָרס פון דער סאוט האָבען אויפגעקויפט מער און מער לאנד און עס פאר־וואנדעלט אין קאטאן־פעלדער. פאר דער ארבייט אויף די קאטאן־פעלדער האָבען זיי זיך גענויטיגט אין נעגערן. די ערד אין דער סאוט־וועסט, אין אַלאבאמא און מיסיסיפּי, האָט זיך ארויסגע־וויזען אלס בעסער צוגעפּאסט פאר קאטאן־פּלאַנצונג ווי די ערד אין די אַלטע שטאַטען פון דער סאוט. זיינען די רייכע פּלאַנטאַ־טאָרן אריינגעדרונגען אהין מיט זייערע שקלאַפען, און אזוי האָט זיך די שקלאַפען־סיסטעם פארשפּרייט איבער דער גאנצער סאוט, פון דעם אַטלאַנטישען ברעג ביז׳ן טייך מיסיסיפּי. ווען אַלאבאמא, מיסיסיפּי, טענעסי און קענטאָקי זיינען אריינגענומען געוואָרען אלס שטאַטען איז די פראגע פון שקלאפעריי גארניט אויפגעהויבען געוואָרען. זיי זיינען אָן שום קשיות אריינגעקומען אלס שקלאַפען־שטאַטען.

אָבער כאָטש ביים אריינעמען נייע שטאַטען האָט מען אין קאָנגרעס וועגען שקלאַפעריי ניט גערעדט, האָט מען אָבער וועגען

דעם שטארק געטראכט. יעדער צד האָט אכטונג געגעבען אז דער צווייטער צד זאָל ניט שטאַרקער ווערען. יעדעס מאָל וואָס עס איז ארייגענומען געוואָרען א נייער פרייער שטאַט איז לגבי איס אריינגענומען געוואָרען א נייער שקלאפען־שטאַט. אין 1820 זיינען געווען אין די פאראייניגטע שטאַטען צוויי און צוואנציג שטאַטען: עלף פרייע און עלף שקלאפען־שטאַטען. אמת, די ערשטע עלף האָבען געהאט א גרעסערע באַפעלקערונג ווי די




וואו שקלאַפעריי איז געווען ערלויבט און וואו פאַרבאָטען לויט דעם „מיזורי קאָמפּראָמיס“

אנדערע עלף: פינף מיליאָן 152 טויזענט געגען פיר מיליאָן 85 טויזענט, און אין דער האוז אוו רעפּרעזענטאַטיווס האָבען די פרייע שטאַטען דערפאר געהאט מער פארטרעטער: 105 געגען 81. אָבער אין סענאַט זיינען זיי געווען גלייך. יעדער צד האָט געהאט 22 סענאַטאָרען.

דער קאמף פון 1820, דער ערשטער גרויסער צוזאַמענשטויס,

איז פארגעקומען ווען די טעריטאריע, מיזורי, האט זיך געווענדט צום קאנגרעס מיט א פארלאנג מען זאל זי אריינגעמען אלס א שטאט. די פראגע איז אין דער „האוז אוו רעפרעזענטאטיווס" אויפגעהויבען געווארען אין פעברואר, 1819.

די מיזורי טעריטאריע איז געלעגען אויפ'ן מערב זייט פון דעם טייך מיסיסיפי, א טייל פון דעם שטיק לאנד, וואס דזשעפערסאן האט אין 1803 אפגעקויפט ביי נאפאלעאנ'ען. זי האט זיך געגרעניצט כמעט אינגאנצען מיט אילינאי, דאס הייסט, זי איז געלעגען אזוי הויך צו צפון צו ווי די פרייע שטאטען פון דער נארטוועסט טעריטאריע. דערפאר האט קאנגרעסמאן טאל-מעדזש פון ניו יארק געמאכט א פארשלאג, אז מיזורי זאל ארייג-גענומען ווערען אלס א פרייער שטאט. זיין פארשלאג איז געווען, אז מען זאל אהין ניט טארען אריינפירען קיין נייע שקלאפען, און אז די קינדער וואס וועלען דארטען געבארען ווערען פון די שקלאפען, וועלכע געפינען זיך דארטען פון פריער, זאלען ווערען פריי ווען זיי וועלען דערגרייכען דעם עלטער פון 25 יאר.

אט איבער דעם פארשלאג האט זיך עס אויפגעהויבען דער שטורם, וועלכער האט אויפגעטרייסעלט דאס גאנצע לאנד. דער שטורם האט אנגעהאלטען צוויי יאר צייט. די קאנגרעסלייט פון דער סאוט האבען גע'טענה'עט, אז דער קאנגרעס האט קיין רעכט ניט א דעה צו זאגען א נייעם שטאט צי ער זאל דערלאזען ביי זיך שקלאפעריי אדער ניט; דאס איז א פראגע, האבען זיי געזאגט, וואס יעדער שטאט האט א רעכט צו באשטימען פאר זיך, און אזוי ווי די איינוואוינער פון מיזורי האבען יא געוואלט שקלאפעריי, האבען זיי א רעכט דערויף. די קאנגרעסלייט פון דער נארט האבען גע'טענה'עט, אז מיזורי איז א טייל פון דער נארט, און אז אויב מען וועט איר ערלויבען צו האבען שקלאפעריי וועט עס הייסען אז די טירען פון דער גאנצער נייער וועסט וועלען זיך ברייט עפענען פאר שקלאפעריי.

די דעבאטען אין קאנגרעס האבען זיך געצויגען ביז'ן סוף פון דער סעסיע. אין נידעריגערען הויז, וואו די נארט האט געהאט א מאיאריטעט איז טאלמעדזש'עס פארשלאג דורכגעגאנגען, אבער

אין סענאַט איז ער דורכגעוואָרפען געוואָרען. די פראַגע איז געבליבען פאַר'ן נייעם קאָנגרעס, וועלכער האָט זיך געדאַרפט עפענען אין דעצעמבער.

דערווייל האָט דאָס לאַנד גענומען קאָכען מיט דער מיזורי־פראַגע. מאַסען־פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין אַלע גרויסע שטעט פון דער נאָרט, און שאַרפע רעזאָלוציעס געגען שקלאַפעריי אין די נייע שטאַטען זיינען דאָרט אָנגענומען געוואָרען, און די לעדזשיסלייטשורס פון דער נאָרט האָבען אויך אויפגעפאָדערט די פאָרשטייער פון זייערע שטאַטען אין וואַשינגטאָן זיי זאָלען זיך ניט אונטערגעבען. אין דער סאַוט זיינען אָנגענומען געוואָרען פאַרקערטע רעזאָלוציעס, וועלכע האָבען פאַרדאַמט דעם פאַרזוך צו באַגרענצען שקלאַפעריי, און זיי האָבען אויך אויפגעפאָדערט די פאָרשטייער פון די סאַוט שטאַטען אין וואַשינגטאָן צו שטיין פעסט און זיך ניט בויגען.

אין דעם נייעם קאָנגרעס איז די פראַגע ווידער אויפגעשוואומען. ווען עס איז געקומען צו אָפּשטימען זיינען די רעזולטאַטען געווען דיזעלבע וואָס אין פאַריגען קאָנגרעס: אין דער „האוז אָוו רעפּרעזענטאַטיווס" האָט געזיגט די נאָרט; אין סענאַט האָט געזיגט די סאַוט.

ענדליך איז געמאַכט געוואָרען א פשרה. גראָד האָט דעמאָלט מעין זיך געווענדט מען זאָל זי אריינעמען אלס שטאַט (ביז דאַן איז זי געווען א טייל פון מאַסאַטשוזעטס). איז געמאַכט געוואָרען די פשרה, אַז מיזורי זאָל אריינגענומען ווערען אלס א שקלאַפען־שטאַט. און מעין זאָל אין דערזעלבער צייט אריינגענומען ווערען אלס א פרייער שטאַט. דאָס האָט איבערגעלאָזט די פאַרטיילונג פון די קרעפטען אין קאָנגרעס אין דערזעלבער פּראָפּאָרציע וואָס פריער. עס איז אבער אויך באַשלאָסען געוואָרען, אַז אויף ווייטער זאָל אין דער טעריטאָריע אויפ'ן מערב זייט פון טייך מיסיסיפּי געצויגען ווערען א ליניע אומגעפער ביים פונקט וואו דער טייך אָהייאָ פאַלט אריין אין דעם מיסיסיפּי; די ליניע זאָל דורכשניידען די ברייט פון דער לאָויזיאַנאַ טעריטאָריע, און אין יענעם טייל פון דער טעריטאָריע, וואָס ליגט צו צפון פון דער ליניע, זאָל

שקלאפעריי זיין פארבאטען און אין דעם טייל, וואס ליגט אונטער יענער ליניע, זאל שקלאפעריי זיין דערלויבט (געאגראפיש ווערט די ליניע באצייכענט אלס נארט פאראלעל 36 גראד מיט 30 מינוטען).

די פשרה איז אין דער געשיכטע באקאנט אלס „די **מיזורי** קאמפראמאיז” אדער די פשרה פון 1820.

קאפיטעל 41.

# די גרויסע ענדערונגען אין דעם אינדוסטריעלען לעבען פון אמעריקע

די פופצען יאָר וואָס נאָך דער מלחמה, 1815-1830, האָבען געבראַכט ריזיגע ענדערונגען אין דעם עקאָנאָמישען לעבען פון לאַנד. עס איז פאָרגעקומען אַן אינדוסטריעלע רעוואָלוציע, וועלכע האָט זיך אויך אָפּגערופען אויף די סאָציאַלע און פּאָליטישע איינריכטונגען פון לאַנד. אין יענע פופצען יאָר האָט אַמעריקע צום ערשטען מאָל דערפילט אירע אייגענע כחות, איר אמת'ע נאַציאָנאַלע זעלבסטשטענדיגקייט. דערמאָלט איז אַמעריקע געקומען צום באוואוסטזיין, אַז איר הויפּט-אויפגאַבע דאַרף זיין צו אַנטוויקלען זיך אַליין, אירע אייגענע נאַציאָנאַלע אוצרות, און ס'איז דעמאָלט אין אַמעריקע געבאָרען געוואָרען דער דאָפּעלטער פאַרלאַנג צו ווערען אַליין גרויס און מעכטיג אין עקאָנאָמישען און פּאָליטישען זין, און אויך ווערען די פירערין פון דעם גאַנצען אַמעריקאַנישען וועלט-טייל.

אין פריערדיגע קאַפּיטלען איז שוין גערעדט געוואָרען פון די פאַרשידענע גרויסע דערגרייכונגען אין דער נייער ריכטונג: ווי אַזוי די פאַראייניגטע שטאַטען האָט אַריינגעקראָגען אין אירע הענט פלאָרידא און איז דורכדעם געוואָרען די הערשערין איבער דעם „גאָלף אָוו מעקסיקאָ"; ווי אַזוי זי האָט דורך דער „מאָנראָו דאָקטרין" זיך דערקלערט אַלס די באַשיצערין פון דעם גאַנצען אַמעריקאַנישען קאָנטינענט. עס איז אויך דערציילט געוואָרען וועגען דער גרויסער איבערקערעניש אין פאַרקער-מיטלען, וועגען דער אויפבויאונג פון קאַנאַלען, שאָסייען און דער אַנט-

וויקלונג פון דאמפשיפען. עס איז דערציילט געוואָרען וועגען דער איבערקערעניש אין די נאָרט־שטאַטען דורך דער אנטוויק־לונג פון פאבריקאציע, און אין די סאוט־שטאַטען דורך דער רי־זיגער פארשפרייטונג פון קאטען־פלאַנטאציעס. עס איז געשיל־דערט געוואָרען דאָס וואָס די מאָדערנע היסטאָריקער באטראכטען אַלס פיליייכט די סאַמע וויכטיגסטע געשעעניש פון יענער צייט — דער געלאַף אין דער וועסט.

אין 1830 האָט דאָס לאַנד געהאַט אַ גאַנץ אַנדער פּנים ווי אין 1812. לאָמיר דורכפירען אַ קליינעם פארגלייך פון יעדען טייל פון לאַנד באַזונדער אויף די דאָזיגע צוויי צייט־פונקטען:

צוערשט די ניו־ענגלאַנד שטאַטען: ביז דער מלחמה „זיינען די אינטערעסען פון ניו־ענגלאַנד געלעגען אויפ'ן ים". אירע וויכטיגסטע עקאָנאָמישע באטריבען זיינען געווען: שיפען, פיש־פאַנגעריי און האנדעל מיט אויסלאַנד. ניו־ענגלאַנד איז געווען אינגאַנצען אָפּגעשניטען פון דער וועסט. איר באַפעלקערונג איז געווען אַ ריין־ענגלישע. די פוריטאַנישע קירכע האָט געהאַט אַ ריזיגען איינפלוס אין פאָליטיק, אין בילדונג, איבער'ן גאַנצען גייסטיגען לעבען פון דער באַפעלקערונג. דאָס איז געווען אין 1812.

איצט, אין 1830, האָט זיך דאָס אַלץ געביטען. די מלחמה האָט גענעבען אַ שווערען קלאַפּ דעם פיש־פאַנג, דער שיפען־אינדוסטריע און דעם אויסלענדישען האנדעל. אָנשטאָט דעם האָבען זיך אין ניו־ענגלאַנד אָנגעהויבען אנטוויקלען די טעקסטיל־פאַבריקאציעס. עס איז אַנטשטאַנען אַן ארבייטער־קלאַס. פריער האָבען אין די פאַבריקען געארבייט די טעכטער פון די פארמער, שפּעטער האָבען אָנגעפאַנגען אריינקומען אַהין איירישע אימי־גראַנטען. דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג איז נאָך אַלץ באַשטאַנען פון פארמער. דאָך האָבען די ניו־ענגלאַנד שטאַ־טען אין 1830 שוין געמוזט אריינפירען קאָרן און מעל פון אַנ־דערע שטאַטען. זיי האָבען זיך שוין אַליין ניט געקענט דער־נערען. אַ סך פארמס אין ווערמאָנט און אין די בערקשיר־בערג האָבען זיך איצט אָפּגעגעבען מיט האָדעווען שעפּסען און בהמות.

די פעלדער זיינען באַנוצט געוואָרען פאַר פּאַשע, און אַ גרויסע צאָל פאַרמער האָבען פאַרקויפט זייערע קליינע שטיקלאַך ערד און אַוועקגעוואַנדערט אין דער וועסט, וואו די ערד איז געווען אַ סך ביליגער און אַ סך פרוכטבארער.

דורך די עקאָנאָמישע ענדערונגען האָט די אַלטע סאָציאַלע אָרדנונג צוזאַמענגעבראָכען. די קירכע האָט פארלאָרען איר מאַכט. די אָרימע קלאַסען האָבען געוואונען פּאָליטישע רעכט. די ניו־ענגלאַנד שטאַטען האָבען אויפגעהערט צו זיין אַזוי קאָנ־סערוואַטיוו אין דער פּאָליטיק ווי פריער.

נאָך גרעסער איז געווען די ענדערונג אין דער סאַוט.

די דערפינדונג פון דעם „קאטאָן דזשין" האָט אויף אַ ווייַלע אויפגעלעבט די אַלטע סאַוט, יענע שטאַטען פון דער סאַוט וואָס ליגען ביים ברעג ים. איידער די דערפינדונג איז געמאַכט גע־וואָרען האָט געקאָסט צו טייער צו רייניגען די קאַטאָן. די איינ־ציגע צוויי שטאַטען וואָס האָבען דאַן געפלאַנצט קאַטאָן זיינען געווען סאַוט קאַראָליינאַ און דזשאָרדזשיאַ, און צוזאַמען האָבען זיי אין 1791 אַראָפּגענומען פון די פעלדער 2 מיליאָן פונט. אין 1821 האָבען שוין די שטאַטען פון דער אַלטער סאַוט אַראָפּ־גענומען גאַנצע 117 מיליאָן פונט, און אין 1826—180 מיליאָן פונט. נעגערשקלאַפעריי, וואָס האָט צום סוף פון 18טען יאָר־הונדערט געהאַלטען ביים אונטערגיין אין דער סאַוט, האָט דורך דער דערפינדונג געקראָגען אַ ניי לעבען און זיך שטאַרק פאַנאַנ־דערגעוואַקסען.

די וויכטיגסטע ענדערונג איז אָבער פאָרגעקומען דורכדעם וואָס די קאטאָן־אינדוסטריע האָט זיך פארשפּרייט אין דער נייער טעריטאָריע פון דער וועסט (דער זידליכער טייל פון דער וועסט). די ערד איז דאָרטען געווען ביליג און אַ סך בעסער צוגעפּאַסט פאַר קאטאָן ווי די ערד אין דער אַלטער סאַוט. די דאָרטיגע פאַרמער האָבען גענומען קאָנקורירען מיט די פאַרמער פון די אַלטע שטאַטען. זיי האָבען געשניטען דעם פּרייז אויף קאַטאָן, און די אַריסטאָקראַטיע פון דער אַלטער סאַוט, וועלכע האָט גע־

יאווינט אין ווירדזשיניא און אין סאוט־קאראָליינא איז פאר־אָרימט געוואָרען.

הונדערטער יאָרען האָבען די אריסטאָקראטען אין ווירדזשי־ניא, סאוט־קאראָליינא און דזשאָרדזשיא געהאלטען פעסט די פּאָליטישע מאכט. זיי האָבען באפעסטיגט אזעלכע געזעצען וועגען שטימרעכט און וואלען, אז עס איז אוממעגליך געווען פאר די אָרימע איינוואוינער זיך צו באפרייען פון דער אריסטאָ־קראטישער קליקע. איצטער אָבער איז זייער מאכט טיילווייז געבראָכען געוואָרען. די נייע שטאטען אין דער וועסט, כאָטש זיי זיינען אויך געווען פון דעמזעלבען סאָרט ווי די שטאאטען פון דער אלטער סאוט, מיט גרויסע פּלאנטאציעס און נעגער־שקלאפען, דאָך זיינען זיי געווען ליבעראלער, און אונטער דעם איינפלוס פון יענע שטאטען זיינען אויך אין דער אלטער סאוט דורכגעפירט געוואָרען ליבעראלערע געזעצען. און דער עיקר איז, וואָס די אלטע אריסטאָקראטיע איז עקאָנאָמיש געבראָכען געוואָרען. אפילו אזוינע פּראָמינענטע פּערזענליכקייטען ווי דזשע־פערסאָן, מעדיסאָן, מאנראָו, זיינען אויף דער עלטער אָרים גע־וואָרען. מאנראָו האָט זיינע לעצטע יאָרען געוואוינט ביי זיינעם אן איידים אין ניו יאָרק.

און נאָך א גרויסע ענדערונג איז פאָרגעקומען אין דער סאוט: זי האָט זיך אליין מער ניט געקענט דערנערען. זי האָט געמוזט אימפּאָרטירען פלייש, פערד, אייזלען, היי און גרויפּען פון דער וועסט און פון דער נאָרט. זי האָט געלעבט הויפּטזעכ־ליך אויף איר קאטאָן־האנדעל מיט אייראָפּע.

די מיטעלע שטאטען, ניו יאָרק, פּענסילווייניא און ניו דזשוירזי, זיינען איצט געוואָרען די פּאָרמיטלער צווישען איסט און וועסט און צווישען נאָרט און סאוט. ניו יאָרק און פּענסיל־וויינאיא האָבען זיך געפונען אין א באזונדער גליקליכער לאגע. זייער טעריטאָריע האָט זיך אויסגעשפּרייט ווייט אין דער וועסט. ווען די עמיגראציע צו דער וועסט האָט זיך אָנגעפאנגען האָבען א סך קאָלאָניסטען זיך באזעצט אין דעם וועסטליכען טייל פון די שטאטען. זיי זיינען געוואָרען די פאָרמיטלער, אינדוסטריע־

און קאָמערציעל, צווישען די אַלע פאַרשידענע טיילען פון לאַנד. אין דיביידע שטאַטען האָט זיך איצט אויך אַנטוויקעלט די אייזען־אינדוסטריע.

צווישען די אַלע שטאַטען וואָס זיינען געלעגען ביים אַטלאַנטישען ברעג זיינען די מיטעלע געווען די ליבעראַלסטע, די דעמאָקראַטישסטע. און איינע פון די אורזאַכען איז געווען דאָס וואָס זיי האָבען אימער געהאַט אַ וועסטליכען טייל, און וואָס זייערע טירען זיינען געווען אָפען פאַר אימיגראַציע פון פאַרשידענע לענדער און פאַרשידענע ראַסען.

אָבער וויכטיגער פון אַלץ איז געווען די וועסט גופא. אָט דער געלאָף אין דער וועסט, איר ריזיגער וואוקס, האָט געלייגט דעם שטעמפעל אויף דער נייער עפּאָכע אין דער אַמעריקאַנער געשיכטע, די עפּאָכע וואָס הויבט זיך אָן מיט'ן יאָר 1830.

עס איז שוין אין אַ פּאָריגען קאַפּיטעל אָנגעוויזען געוואָרען דערויף, אַז די וועסט האָט געשאַפען אַ נייעם טיפּ אַמעריקאַנער, דעם אמת'ן דעמאָקראַט, וועלכער האָט ניט בלויז באַנומען מיט'ן קאָפּ, נאָר טאַקע געפילט מיט'ן האַרץ דעם ווערט פון אמת'ער פרייהייט און אמת'ער גלייכהייט. אין אָנהויב פון 19טען יאָרהונדערט האָט די וועסט נאָך ניט געגרייכט ווייט. זי האָט זיך געענדיגט ביי אָהייאָ, קענטאָקי און טענעסי. איצט אָבער האָט זי זיך אויסגעשפּרייט ביז'ן טייך מיסיסיפּי, און ערטערווייז איז זי אפילו אַריבער אויפ'ן אַנדערען זייט מיסיסיפּי. אין די צען יאָר פון 1820 ביז 1830 איז די באַפעלקערונג פון דער וועסט געוואַקסען פון 2 מיליאָן 217 טויזענט אויף 3 מיליאָן און 700 טויזענט, אַ צוּוואוקס פון אָנדערהאַלבען מיליאָן. דער שטאַט מיסיסיפּי איז אין די צען יאָר גרעסער געוואָרען אויף 80 פּראָצענט; אַלאַבאַמאַ אויף 142 פּראָצענט; אינדיאַנאַ אויף 133 פּראָצענט; אילינאָי אויף 185 פּראָצענט. אָהייאָ האָט איצט געהאַט מער מענשען ווי מאַסאַטשוסעטס און קאָנעקטיקאָוט צוזאַמענגענומען. די שטאַטען פון דער וועסט האָבען אין 1830 געהאַט 41 קאָנגרעסלייט (אינגאַנצען זיינען געווען 213), און 18 סענאַטאָרען (אינגאַנצען זיינען געווען 48).

מען מוז אָבער אָנצייגען אויף דעם העכסט וויכטיגען פאַקט, אַז שוין אין 1830 האָט דער דרום־טייל פון דער וועסט, דאָרט וואו עס האָט געהערשט נעגער־שקלאַפעריי, געטראָגען אַ גאַנץ אַנדערען כאַראַקטער ווי דער צפון־טייל: די נאָרט־וועסט איז געווען אַ לאַנד פון פאַרמער און שטעט־בויער, וועלכע האָבען געזוכט אַ מאַרק פאַר זייער תבואה און זייערע פי; די סאַוט־וועסט איז געווען אַ לאַנד פון קאטאן־פלאַנטאַציעס און נעגער־שקלאַפען. עקאָנאָמיש איז דער אונטערשיד געווען אַ שטאַרקער. די נאָרט־וועסט האָט זיך דערנענטערט אין אירע עקאָנאָמישע אינטערעסען צו די מיטעל־שטאַטען; די סאַוט־וועסט האָט זיך דערנענטערט צו די סאַוט־שטאַטען.

אין דער נאָרט־וועסט האָבען זיך באַזעצט אָרימע, אומצופרידענע, אונטערדריקטע מענשען וואָס האָבען ניט געקענט אויסהאַלטען דעם אינדוסטריעלען און סאָציאַלען דרוק פון דער איסט. אין דער סאַוט־וועסט האָבען זיך באַזעצט יענע, וואָס האָבען געזוכט מער לאַנד פאַר קאטאן־פעלדער, גרעסערע פלאַנטאַציעס, מער אַרבייט פאַר זייערע שקלאַפען, מער מעגליכקייטען רייך צו ווערען.

פּראָפעסאָר טוירנער שרייבט: „דער לוין פון אַרבייט אין די שטעט ביים טייך אָהייאָ און די נידעריגע פרייזען פון לעבענס־מיטעל האָבען געגעבען די מעגליכקייטען אפילו דעם אָרימען אַרבייטער פון דער איסט אָנצוזאַמלען דעם נויטיגען קאַפּיטאַל צו קויפען אַ שטיקעל ערד.“ און די וואָס האָבען קיין געלט ניט געהאַט האָבען זיך באַזעצט אויף לאַנד אָן אַ דערלויבעניש. אַזאַ קאָלאָניסט האָט געהאָפט, אַז פון דער פאַרנומענער פאַרם וועט ער קענען מאַכען גענוג ער זאָל דערנאָך קענען באַצאָלען פאַר איר. אָפט האָט עס פאַסירט, אַז אָט־דער ניט־געזעצליכער פאַרמער פלעגט אויסהאַקען די ביימער, אויפבויען אַ הויז, פאַרזייען פעלדער, און דערנאָך ערשט פלעגט אַן אַנדערער אָפּקויפען דאָס שטיקעל ערד ביי דער רעגירונג. אין אַזעלכע פאַלען פלעגט דער נייער קויפער באַצאָלען דעם אומגעזעצליכען פאַרמער פאַר די אויסבעסערונגען, און איבערנעמען די פאַרם

די ערשטע וואָס האָבען אַריינגעדרונגען אין דער ווילדערניש פון דער וועסט, די פּיאָנערען, זיינען געוועזן מענשען מיט אומרואיגע נאַטורען, מענשען וואָס האָבען ליב געהאַט די אוואַנטורע פון גיין אין די וועלדער און לעבען ווייט פון ציוויליזאַציע. זיי פּלעגען אויפבויען הייזער פון די געהילץ פון די וועלדער און פּלעגען זיך דערנערען מער פון יאַגד ווי פון פאַרמעריי. זיי האָבען געלעבט אין שמוץ, אָן שום בילדונג. זיי האָבען זיך ניט געקימערט פאַר די באַקוועמליכקייטען פון ציוויליזירטען לעבען. „דער דאָזיגער טיפּ", זאָגט פּראָפעסאָר טורנער, „האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם סאַמע ערשטען פראָנט פון דעם פאָרשריט פון ציוויליזאַציע."

דער באַרימטסטער פון די פּיאָנערען איז געוועזן דעניעל בון, וועלכער איז אַריינגעדרונגען אין קענטאָקי אין 1769. וועגען אים ווערען דערציילט וואונדער־געשיכטען. ער האָט אַ קיילעכדיג יאָר געלעבט איינער אַליין אין די וועלדער פון קענטאָקי, אין שטענדיגער סכנה געפאַנגען צו ווערען פון אינדיאַנער אָדער אויפגעפרעסען צו ווערען פון ווילדע חיות. שפּעטער האָט ער אַהין אַריבערגעבראַכט זיין פאַמיליע און אַ צאָל אַנדערע קאָלאָניסטען. זיי זיינען געוועזן די ערשטע וואָס האָבען זיך באַזעצט אין קענטאָקי.*)

נאָכ'ן אַוואַנטוריסט איז געקומען דער קאָלאָניסט, דער פאַרמער־פּיאָנער, וועלכער האָט שוין געהאַט אַביסעל געלט און האָט שוין געזוכט אויסצובויען פאַר זיך אַ היים. ער פּלעגט ביים ערשטען פּיאָנער אָפּקויפען זיין שטיקעל ערד. דער ערשטער פּיאָנער פּלעגט אַוועק ווייטער אין דער וועסט, דאָרטען וואו אַלץ איז נאָך געוועזן ווילד, און ער פּלעגט אָנהויבען איבער־אַ־נייס האַקען ביימער און בויען אַ הילצערנע כאַטקע פאַר זיך. אין זיין

*) מאָדערנע היסטאָריקער לייקענען, אַז בון איז געוועזן אַזאַ העלד און אַזאַ ליבהאָבער פון דער ווילדער נאַטור ווי ער איז פון די עלטערע שרייבער פאָרגעשטעלט געוואָרען. זייערע אויספאָרשונגען באַווייזען, אַז קענטאָקי איז אויסגעפאָרשט געוואָרען אַ סך פריער און אַז בון איז אַהינגעשיקט געוואָרען פון לאַנד־ספּעקולאַנטען.

פריערדיגער היים האָט זיין נאָכפאָלגער שוין געאַקערט און גע־זייט, געהאָדעוועט בהמות, געבויט מילען א. אז. וו. „און דאַן פלעגט שוין אונטערקומען אַ לאַנד־ספּעקולאַנט און נעמען פּאַר־קויפען קאָרנער־לאָטס פאַר אַ געפּלאַנטער שטעטעל", זאָגט פּראָפעסאָר טוירנער.

אין דער סאָוט־וועסט אָבער איז די אנטוויקלונג צוגעגאַנגען אַנדערש. די ערשטע פּיאָנערען זיינע דאָרטען אויך געווען פון זעלבען סאָרט ווי אין דער נאָרט, מענשען וואָס האָבען אויס־געהאַקט די וועלדער און באַלד די ערד פאַרקויפט צו אַנדערע. נאָך זיי אָבער זיינען געקומען פּלאַנטאַטאָרס מיט זייערע שקלאַ־פען. דער רייכער פּלאַנטאַטאָר האָט דאָ געקויפט ערד אין גרוי־סע שטרעקעס. דער פּיאָנער האָט ניט געקענט בלייבען אויף זיין קליינער פאַרם ווען ער וואָלט עס אפילו געוואָלט. ערשטענס, האָט ער ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון פון די הויכע פּרייזען וואָס דער רייכער פּלאַנטאַטאָר פלעגט אים אָנבאָטען; צווייטענס, האָט ער זיך ניט געקענט אריינפּאַסען געזעלשאַפטליך צווישען די רייכע פּלאַנטאַטאָרס מיט זייערע נעגער־שקלאַפען.

די פאַרמער־פּיאָנערען אין דער נאָרט־וועסט פלעגען אויפ־פּאַקען זייערע זאַכען אויף פערד־און־וואָגען אָדער זיי נעמען אויף די פּלייצעס און אַוועקוואַנדערען פון דער אַלטער היים אין דער נייער. דער פּלאַנטאַטאָר פון דער סאָוט פלעגט אַרויפזעצען זיין פאַמיליע אויף אַ קאַרעטע, פלעגט אַרויספאָרען אויף זיין נייע פּלאַנטאַציע אין דער סאָוט־וועסט מיט דער באַגלייטונג פון נעגער־שקלאַפען און יאַגד־הינט.

דאָס זיינען געווען צוויי באַזונדערע וועלטען.

קאַפּיטעל 42.

# די רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי ווערט צוריסען דורך אינערליכע אינטריגעס

דער וואַל־קאַמף פאַר פּרעזידענט אין 1824 האָט זיך אויס־געצייכענט אין צוויי פּרטים: ערשטענס, האָבען אַלע קאַנדי־דאַטען געהערט צו דערזעלבער פּאַרטיי; צווייטענס, האָבען אַלע קאַנדידאַטען אַרויסגעשטעלט דאָסזעלבע פּראָגראַם. דער קאַמף איז אַלזאָ געווען דורכאויס אַ קאַמף פון פּערזאָנען, און איז גע־פירט געוואָרען אויף דער ליניע פון פּערזענליכע אַטאַקעס, אינ־טריגעס און פאַרלוימדונגען. אין דעם פּרט איז ער געווען איינער פון די מיאוס'טע פּאָליטישע קאַמפּאַניעס אין דער געשיכטע פון לאַנד.

די איינציגע פּאַרטיי וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט איז געווען די רעפּובליקאַנישע, די פּאַרטיי וואָס איז אַריינגעטראָטען אין מאַכט אין 1801 און האָט פון דעמאָלט אָן געהאַלטען די רע־גירונג אין אירע הענט. די פעדעראַליסטישע פּאַרטיי האָט נאָך פונקציאָנירט אין איניגע געגענדען אַלס אַ לאָקאַלע פּאַרטיי, אָבער אין נאַציאָנאַלער פּאָליטיק האָט זי שוין קיין שום ראָלע ניט געשפּילט. און טאַקע ווייל עס איז איצט געווען בלויז איין פּאַרטיי, האָבען זיך אָנגעהויבען אין איר שפּאַלטונגען און ריי־סערייען. פריער פלעגט זיך פירען, אַז דער קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט פלעגט נאָמינירט ווערען ביי אַ קאָקוס־מיטינג פון די קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרען פון יעדער פּאַרטיי. די דאָזיגע סיסטעם איז שוין לאַנג פאַרדאַמט געוואָרען אַלס ניט־דעמאָקראַ־טיש. „די גדולים פון וואַשינגטאָן צווינגען אַרויף אַ קאַנדידאַט

אויף דער גאנצער פארטיי!״ האבען די מאסען פראטעסטירט. אבער כל־זמן די פארטייען זיינען געווען אינערליך אייניג, האט די אלטע סיסטעם אנגעהאלטען. איצט אבער, אז די פארטיי איז צוריסען געווארען אין פראקציעס און עס האט זיך אנגעהויבען אן אינערליכע מלחמה, איז דער ערשטער קרבן געפאלען די „קאקוס־נאמינאציע״. אין 1824 האט דער רעפובליקאנישער



דזשאן קווינסי עדעמס

„קאקוס״ אפילו יא נאמינירט א קאנדידאט, אבער די אנהענגער פון אנדערע קאנדידאטען האבען דעם „קאקוס״ איגנארירט. דאס האט דעם „קאקוס״ אינגאנצען געטויט.

פראקציעס זיינען געווען עטליכע, יעדע מיט אן אייגענעם פרעזידענט־קאנדידאט. אבער בלויז פיר פון זיי האבען זיך גע־

פילט שטאַרק געגנוג אַריינצוטרעטען אין דעם וואַל־קאַמף. די פיר קאַנדידאַטען זיינען געווען: דזשאָן קווינסי עדעמס, ענדרו דזשעק־סאָן, הענרי קלעי און וויליאַם העריס קראַופאָרד.

אין בילדונג און געניטקייט אַלס שטאַטסמאַן און פּאָלי־טיקער איז דזשאָן קווינסי עדעמס געשטאַנען מיט עטליכע קעפּ העכער פון אַלע זיינע געגנער. ער איז געווען דער זון פון דזשאָן עדעמס, דעם צווייטען פּרעזידענט, און האָט פון זיין פאָטער גע׳ירשנ׳ט זיינע פייאיגקייטען און זיין כאַראַקטער. ער איז געווען אַ צוריקגעצויגענער מענש, האָט געהאַט ווייניג פּערזענליכע פריינט, אַ קאַלטער, אַ שטרענגער, מיט פעסטע מיינונגען און פּרינציפּען. ווען ער איז אַלט געווען עלף יאָר האָט אים זיין פאָטער מיטגענומען קיין איירָאָפּאַ, וואוהין ער איז געפאָרען אויף אַ דיפּלאָמאַטישער שליחות. פון דעמאָלט אָן איז ער שטענ־דיג געבליבען פאַרבונדען מיט זיין פאָטער׳ס טעטיגקייט אויף פּאָליטישע און דיפּלאָמאַטישע געביטען. צו צוועלף יאָר האָט ער אָנגעהויבען צו פירען אַ טאַגעבוך און האָט אים געפירט דאָס גאַנצע לעבען (דאָס דאָזיגע ווערק וואָס פאַרנעמט צוועלף בענדער איז איינע פון די בעסטע קוועלען פאַר דער היסטאָריע פון יענער עפּאָכע). אין דעם טאַגעבוך האָט ער אָפט געשריבען וועגען זיינע אינערליכע איבערלעבונגען. ער האָט זיך אַליין גע׳מוסר׳ט, ער זאָל זיך האַלטען פעסט ביי די פּרינציפּען, ביי זיינע פליכטען, ביי דער מאָראַל. ער האָט ניט געזוכט קיין תענוגים, אים האָבען ניט אינטערעסירט קיינע צייט־פאַרטרייבונגען. ער איז געווען פריי פון זינדיגע ליידענשאַפטען. ער האָט שטענדיג געאַרבייט, שטענדיג געטאָן דאָס וואָס זיין געוויסען האָט אים דיקטירט. ער איז געווען דער אמת׳ער פּוריטאַנער.

די גרויסע מאַסען פון דער וועסט און סאַוט האָבען אויף עדעמס׳ן שטענדיג געקוקט מיט חשד. אמת, ער האָט זיך אין 1797 אָנגעשלאָסען אָן דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי און האָט טריי געדינט דער רעפּובליקאַנישער אַדמיניסטראַציע אַלס דיפּלאָ־מאַט אין אויסלאַנד און אַלס קאַבינעט־מיניסטער. דאָך האָבען די רעפּובליקאַנישע מאַסען אויף אים געקוקט מיט ווייניג צוטרוי:

פארט א זון פון דזשאן ערעמס, פארט א קינד פון אן אריסטאָ־קראטישער פאמיליע, א געשטודירער פון דעם אריסטאָקראטישען הארוואַרד קאלעדזש, ניט קיין פאָלקס־מענש. דערצו איז ער גע־קומען פון מאסאטשוסעטס, פון ניו־ענגלאנד, וואו דער אלטער גייסט פון פעדעראליזם האט נאך געהערשט גאנץ שטארק. ער האט געהאט ווייניג פערזענליכע פריינד און ווייניג פאָליטישע אנהענגער. זיין גאנצע שטארקייט איז געלעגען אין זיין לאנגער קאריערע אלס פאליטיקער און דיפלאמאט. אים האט אויך א סך געהאָלפען דאָס וואָס ער איז אין מאנראָו'ס אדמיניסטראציע געוועזן דער הויפט קאבינעט־מיניסטער, דער סעקרעטערי אָוו סטייט (אויסלאנדס־מיניסטער) און אין די פאָליטישע פארטייען האט דעמאָלט געהערשט א מין טראדיציע, אז דער סעקרעטערי אָוו סטייט דארף ירש'ענען דעם פרעזידענט־אמט.

דער צווייטער קאנדידאט, ענדרו דזשעקסאָן, איז אין אלע פּרטים געווען דער היפוך פון ערעמס'ן. אזוי ווי ערעמס איז געווען די פארקערפערונג פון שטרענגען, פארהארטעוועטען, ארי־סטאָקראטישען פוריטאניזם פון ניו־ענגלאנד, אזוי איז ענדרו דזשעקסאָן געווען די פארקערפערונג פון דער וואולגארער, פרייער, דעמאָקראטישער וועסט. קיין פאָליטישע דערפארונג האט ער כמעט ניט געהאט. קיין דיפלאָמאטישע אודאי ניט. ער איז געווען א רויער מענש, כמעט אָן בילדונג. דערפאר אָבער האט ער געהאט שטארקע, הייסע ליידענשאפטען. אלס גענעראל האט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין העלדישקייט, ענערגיע און ברוּ־טאליטעט. די גרויסע מאסען האבען אין אים געזען א העלד. די וועסט האט אים פארגעטערט אלס אירען א קינד, אלס איי־נער וואָס פארשטייט איר נשמה, אירע באדערפנישען, און דעם כאראקטער פון אירע מענשען.

א מיטעלע פּאזיציע צווישען די צוויי עקסטרעמען האט פארנומען הענרי קלעי. ער איז אויך געקומען פון דער וועסט, פון קענטאקי. ער האט אָבער א לאנגע צייט געוואוינט אין דער איסט, אין וואשינגטאָן. ער האט געקענט אלע טיילען פון לאנד. ער איז געווען א דעמאָקראטישער מענש, אָבער אין דערזעלבער

צייט אַ גייסטיגער אַריסטאָקראַט. ער איז ניט געווען אַזוי גע־בילדעט און קולטורעל ווי עדעמס, אָבער ער איז געשטאַנען ווייט העכער פון דזשעקסאָנ׳ען. ער איז געווען אַ וואונדערבאַרער רעדנער, געהאַט אַ מאַגנעטישע פּערזענליכקייט. ער האָט זיך אין קאָנגרעס אויסגעצייכענט מיט זיין פירערשאַפט. גלייך דעם ערשטען יאָר וואָס ער איז אַהין אַריינגעטראָטען, אין 1811, איז ער דערוויילט געוואָרען אַלס „ספּיקער", און ער האָט דעם אַמט געהאַלטען די גאַנצע צייט וואָס ער איז דאָרט געזעסען. עס איז די מיינונג פון היסטאָריקער, אַז ער איז געווען דער פייאיג־סטער „ספּיקער" וואָס דער קאָנגרעס האָט געהאַט. ער האָט טאַקע אויף אַן אמת דעם קאָנגרעס געפירט. ער האָט געהאַט אַ פּראָגראַם, וואָס ער האָט פּאַרטיידיגט, פאַר וועלכען ער האָט געקעמפט, און זיין איינפלוס איבער די קאָנגרעסלייט איז גע־ווען זייער אַ שטאַרקער. אַלע האָבען אים געליבט און רעספּעק־טירט. ער איז געווען אַ מענש פון בלוט און פלייש און געהאַט מענשליכע שוואַכקייטען. די „שטאַרקסטע שוואַכקייט" זיינע איז געווען קאָרטען־שפּילען. זיינע געגנער האָבען זיך באַנוצט דערמיט צו פאַרשפּרייטען וועגען אים אַלערליי מעשיות, אַז ער פאַרשפּילט גרויסע סומען געלט, אַז ער זיצט גאַנצע נעכט ביים קאָרטען־טיש.

הענרי קלעי איז געווען דער אָנפירער פון דער מלחמה־פּאַר־טיי אין 1811. נאָך דער מלחמה איז ער געוואָרען דער פאָרשטייער פון דער נייער אָריענטאַציע, וועלכער ער האָט אַ נאָמען געגעבען „די אַמעריקען סיסטעם". די אָריענטאַציע איז געווען אין דער ריכטונג פון זעלבסט־אַנטוויקלונג: די אויפבויאונג פון שאָסייען, קאַנאַלען און בריקען צו פאַרבינדען די איסט מיט דער וועסט. ער האָט פאַרשטאַנען דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג פון לאַנד און האָט זיין מאַכט אַלס פּאָליטיקער און שטאַטסמאַן אויסגענוצט צו העלפען דעם דאָזיגען אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, צו שטויסען דאָס לאַנד אין יענער ריכטונג.

וועגען דעם פערטען קאַנדידאַט, קראַופאָרד, איז ניטאָ פיל צו זאָגען. ער איז געווען הויפּטזעכליך אַ פּאָליטיקאַנט. זיינע

פייאינקייטען זיינען געווען גאנץ קליינע. ער האָט אָבער פאר זיך אויפגעבויט א מעכטיגע מאשין און דורך איר האָט ער געהאָפט צו פארווירקליכען זיין אמביציע צו ווערען פרעזידענט.

דער וואל־קאמף איז געווען א ביטערער. קלעי איז אטאקירט געוואָרען אָלס קאָרטען־שפּילער, דזשעקסאָן אָלס מערדער, עדעמס אָלס מאָנארכיסט, און קראופארד אָלס קאָרופּטער „פּאָליטישען". געענדיגט האָבען זיך די וואָלען דערמיט וואָס קיינער פון די קאנדידאטען האָט ניט באקומען די נויטיגע מאיאָריטעט פון די עלעקטאָר־שטימען. דזשעקסאָן האָט געקראָגען די העכסטע צאָל —99 שטימען, עדעמס—84, קראופארד—41, און קלעי—37.

לויט דער קאָנסטיטוציע האָט אין אזא פאל די „האוז אָוו רעפּרעזענטאטיווס" געדארפט אויסקלייבען איינעם פון די דריי העכסטע. קלעי איז אלזאָ ארויסגעפאלען. קראופארד האָט קיינע שאנסען ניט געהאט. די פראגע איז איצט געווען וועמען פון די איבערגעבליבענע צוויי וועט די „האוז אָוו רעפּרעזענטאטיווס" אויסקלייבען: דזשעקסאָנ'ען אָדער עדעמס'ן?

די לאגע איז איצט געלעגען אין קלעי'ס הענט. זיין איינ־פלוס איבער א גרויסער מאיאָריטעט פון קאָנגרעס איז געווען אזוי שטארק, אז אלע האָבען געוואוסט, אז ווי ער וועט הייסען אזוי וועט מען שטימען. דזשעקסאָנ'ס מענשען האָבען דזשעקסאָנ'ען צונויפגעפירט מיט קלעי'ן. קלעי האָט אים פריינדליך אויפגע־נומען, און ווי עס ווייזט אויס האָט דזשעקסאָן באקומען דעם איינדרוק, אז קלעי וועט אים שטיצען. אָבער ווען עס איז גע־קומען צו דער אָפּשטימונג אין קאָנגרעס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז דזשעקסאָן האָט געמאכט א טעות. קלעי איז געשטאנען פאר עדעמס'ן, און עדעמס איז אויסגעקליבען געוואָרען.

פון דעם טאָג וואָס דאָס איז געשען ביז די נעקסטע פּרעזי־דענט־וואָלען, אין 1828, האָט דאָס לאנד געקאָכט מיט פּאָליטישע אינטריגעס. דזשעקסאָן און זיינע אָנהענגער האָבען ניט געקענט מוחל זיין ניט קלעי'ן און ניט עדעמס'ן. זיי האָבען גלייך ארויס־געלאָזט א קלאנג, אז קלעי האָט זיך פארקויפט צו עדעמס'ן, אז עדעמס האָט אים דערפאר צוגעזאָגט צו מאכען פאר „סעקרעטערי

אָוו סטייט". עדעמס און קלעי האָבען דאָס אָפּגעלייקענט. קלעי האָט געפֿאָדערט באַווייזען, און קיינער פון די באַשולדיגער האָט די באַווייזען ניט געקענט ברענגען. ווען עדעמס איז איינגעשוואָרען געוואָרען האָט ער ווירקליך קלעי'ן אָנגעבאָטען די שטעלע פון סעקרעטערי אָוו סטייט. קלעי האָט זיך געשלאָגען מיט דער דעה צי ער זאָל אָננעמען אָדער ניט. ער האָט ענדליך באַשלאָסען, אַז ער טאָר זיך ניט לאָזען טעראָריזירען און האָט אָנגענומען. דאָס האָט געווירקט ווי אויל אויף פייער. דזשעקסאָן אַליין האָט איצטער קלעי'ן באַשולדיגט. קלעי האָט אים אויפגעפֿאָדערט ער זאָל זיין באַשולדיגונג באַווייזען. דזשעקסאָן האָט אָבער די באַווייזען ניט געקענט ליפערען.

עדעמס'עס אַדמיניסטראַציע איז דורך דער פּאָליטישער מלחמה אינגאַנצען פּאַראַליזירט געוואָרען. דער וויים-פּרעזידענט קאַלהון איז געווען דזשעקסאָנ'ס אַן אָנהענגער. אייניגע קאַבינעט-מיניסטאָרען און אַ גרויסע צאָל קאָנגרעסלייט און סענאַטאָרען זיינען געווען דזשעקסאָניאַנער. די קלענערע עמטער אין פּאַרשידענע אָפּטיילונגען אין דער אַדמיניסטראַציע זיינען פול געווען מיט דזשעקסאָנ'ס אָנהענגער. און זיי האָבען אַלע אויף שריט און טריט געשטערט דעם פּרעזידענט. ווען עדעמס האָט רעקאָמענדירט אַ געוויסען געזעץ, איז ווי וויכטיג און גוט דאָס געזעץ איז ניט געווען, האָבען די דזשעקסאָן-לייט עס באַקעמפט. קלעי האָט געראָטען דעם פּרעזידענט ער זאָל אויסרייניגען זיין קאַבינעט פון שונאים, ער זאָל אַרויסזעצען די שטערער פון די אַנדערע רעגירונגס-עמטער. עדעמס האָט אָבער דערפון ניט געוואָלט הערען. ער האָט געהאַלטען, אַז אַ פּרעזידענט האָט קיין רעכט ניט אַרויסצוזעצען באַאַמטע בלויז דערפאַר וואָס זיי זיינען זיינע פּאַרטיי-געגנער. אין די אַלע פיר יאָר וואָס עדעמס איז געווען פּרעזידענט, איז אים ניט געלונגען דורכצופירען קיין איין וויכטיגע זאַך. ער איז פון די דזשעקסאָן-לייט דערנידעריגט און באַליידיגט געוואָרען.

ביי די וואַלען פון 1828 איז עדעמס געלאָפען פאַר אַ צווייטען טערמין. געגען אים איז, פאַרשטייט זיך, געלאָפען ווידער

ענדרו דזשעקסאן. דאס מאל איז שוין מער קיין צווייפעל ניט געווען וועמען דאס פאלק וויל. דזשעקסאן האט באקומען די שטימען פון די אלע סטייטס אין דער סאוט און אין דער וועסט. ער האט געהאט 178 עלעקטארישע שטימען, און ערעמס האט געצויגען בלויז 83.

קאַפּיטעל 43.

# די קינדער־יאָרען פון קאַפּיטאַליזם אין אַמעריקע

דער נייער וועג אויף וועלכען אַמעריקע הויבט אָן צו גיין נאָך דער מלחמה פון 1812 פירט אין דער ריכטונג פון קאַפּיטאַליזם, פון דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. די יאָרען פון 1815 ביז 1830 ווערען פון היסטאָריקער באַצייכענט אַלס די „קינדער־יאָרען פון דעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם“. אין דער דאָזיגער צייט איז אַ גרויסער טייל פון דעם קאַפּיטאַל וואָס איז פריער געלעגען אין שיפען און אין אויסלענדישען האַנדעל אָפּגעווענדעט געוואָרען אויף בויען פאַבריקען און אַנטוויקלען די טעקסטיל, אייזען און אַנדערע אינדוסטריען. די צאָל פון אַרבייטער איז אומגעהויער פיל געוואַקסען. די אַלטע סיסטעם פון קליינע באַלעבאַטים וואָס פלעגען אַליין אַרבייטען מיט איינעם אָדער מער געזעלען, איז פאַרשוואונדען.

אין 1816 האָט אַ קאָנגרעס־קאָמיטע באַריכטעט, אַז אין די טעקסטיל־פאַבריקען זיינען דעמאָלט געווען באַשעפטיגט הונדערט טויזענט אַרבייטער. פון זיי זיינען בלויז צען טויזענט געווען מענער. זעקס־און־זעכציג טויזענט זיינען געווען „פרויען און קינדער פון ווייבליכען געשלעכט“, און דריי־און־צוואַנציג טויזענט זיינען געווען אינגלאַך. אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע איז שוין דעמאָלט געלעגען אַ קאַפּיטאַל פון פערציג מיליאָן. אין די שטעט און שטעטלאַך דרייסיג מייל אַרום פּראָווידענס זיינען געווען ניט ווייניגער ווי הונדערט־און־פערציג טעקסטיל־פאַבריקען.

עס האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אַן אַרבייטער־קלאַס און עס זיינען אויפגעשוואומען אַרבייטער־פראַגען. די לאַגע פון די

ארבייטער אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע און אין אנדערע קלע־
נערע אינדוסטריען איז געווען זייער א טרויעריגע. די ארבייטס־
שטונדען זיינען געווען לאנגע, פון זונען־אויפגאנג ביז זונען־אונ־
טערגאנג. דער ארבייטס־לוין איז געווען א קלעגליכער. אין די
טעקסטיל־פאבריקען האבען די יונגע מיידלאך באקומען אנדער־
האלבען דאלאר א וואך. אין פילאדעלפיע איז דער העכסטער
לוין (פאר אייזען־ארבייטער) געווען 11 דאלאר און 54 סענט
א וואך, און דער נידעריגסטער לוין (פאר פייפערהענגער) 2
דאלאר און 70 סענט א וואך. אין א שילדערונג פון דער ארביי־
טער־לאגע וואס איז געשריבען געווארען אין יענער צייט ווערט
געזאגט: טויזענטער פון אונזערע ארבייטער וואנדערען הונ־
דערטער מיילען און זוכען באשעפטיגונג ביי גראבען קאנאלען,
וואו מען צאלט פון 62 און א האלב סענט ביז 87 און א האלב
סענט א טאג. זיי קאסט פון אנדערהאלבען ביז צוויי דאלאר א
וואך קעסט. די פאמיליעס לאזען זיי איבער אין דער היים.
אפט ארבייטען זיי אין זומפען, וואו זיי פארלירען דאס געזונד.
קומען צוריק אהיים צו זייערע ארימע פאמיליעס מיט צובראכענע
הערצער און רואינירטע קערפערס, מיטברענגענדיג א טרויעריג־
קליינע סומע געלט וואס זיי האבען אזוי שווער פארדינט. זיי
לייגען זיך אריין אין בעט קראנקע און קענען מער גארניט טאן.
הונדערטע שטארבען אויס יעדען יאר. פילע לאזען איבער גרויסע,
הילפלאזע פאמיליעס. און כאטש דער שיקזאל פון די ארבייטער
איז אזא טרויעריגער, דאך ווערען זייערע פלעצער שנעל פארנומען
פון אנדערע. דער טויט שטייט זיי פאר די אויגען. הונדערטע
ארבייטען אומגעהויער שווער ביים בויען וועגען. זיי ארבייטען
פון פרי ביז ביינאכט און קריגען פון א האלבען ביז דריי־פערטעל
דאלאר א טאג. ווי שווער, ווי אפשטויסענד, ווי שלעכט באַ־
צאלט אן ארבייט זאל ניט זיין, געפינען זיך דאך גענוג בעלנים
אויף איר. אין א טעקסטיל־פאבריק אין פעטערסאן איז געווען
איינגעפירט: פרויען און קינדער מוזען קומען צו דער ארבייט
האלב נאך פיר אין דערפרי. זיי קריגען א האלבע שעה אויף
אנבייסען און דריי־פערטעל שעה אויף מיטאג. די ארבייט ענ־

דיגט זיך ווען עס ווערט פינסטער. אין טייל טעקסטיל־פאַבריקען ווערען די פרויען און קינדער באַהאַנדעלט ווי שקלאַפען. פאַר ניט ארבייטען פלייסיג גענוג שלאָגט מען דאָרט און מען שמייסט מיט רימענס. אין איין פאַל האָט א טויב־שטומער אינגעל באַקומען הונדערט שמיץ איבער'ן גאַנצען קערפּער, פון האַלז ביז די פיס. אין א צווייטען פאַל האָט א באַלעבאָס א וואָרף געטאָן א שטעקען אויף אַן עלף־יאָריגער מיידעלע און איר צובראָכען א פוס.

דער היסטאָריקער דזשיימס טראָסלאָוו עדעמס שרייבט:

„עס האָבען זיך אַנטוויקעלט גלייך פון אָנפאַנג צוויי סאָרטען פאַבריקען: די רהאָד־איילאַנד־סיסטעם און די וואַלטאַם־סיסטעם (אין מאַסאַטשוסעטס). אין רהאָד־איילאַנד האָבען די פאַבריקאַנטען קאָפּירט די איינריכטונגען פון די טעקסטיל־פאַבריקען אין ענגלאַנד. זיי פלעגען באַשעפטיגען גאַנצע פאַמיליעס, די קינדער אריינגערעכענט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין דעם שטאַט זיינען די טעקסטיל־שטעטלאַך געווען באַוואוינט פון פאַמיליעס וואָס האָבען געלעבט אינגאַנצען פון ארבייטען אין די פאַבריקען. אין אייניגע פאַלען האָבען די עלטערען געלעבט פון דער ארבייט פון די קליינע קינדער. אָפט האָבען די באַלעבאַטים אין די שטעטלאַך געהאַט אייגענע שפּייז־קראָמען און די ארבייטער פלעגען אָנשטאָט בארעם געלט אַלס לוין באַקומען אָנווייזונגען אויף די קראָמען. אין שלעכטע צייטען האָבען די פאַמיליעס ניט געהאַט קיין שום מיטלען אויף צום לעבען. זיי זיינען געווען אינגאַנצען אָנגעוויזען אויף זייערע באַלעבאַטים. אַנדערש איז עס געווען אין די מאַסאַטשוסעטס־פאַבריקען. דאָרטען פלעגט מען צאָלען מיט מזומן־געלט. די ארבייטער האָבען געוואוינט אין קוואַרטיראַנטען אָדער באָרדינג־הייזער. דער לוין האָט דאָרט געמוזט זיין העכער, ווייל די ארבייטער האָבען דאָך גע־מוזט קריגען גענוג צו צאָלען פאַר „באָרד”. און פאַר א בעסערען לוין האָט זיך דעם באַלעבאָס שוין געלוינט בעסער אָנצושטעלען דערוואַקסענע ארבייטער. א צענזוס פון 1820 צייגט, אַז אין די רהאָד־איילאַנד פאַבריקען האָבען געארבייט 55 פּראָצענט

קינדער, בשעת אין די מאסאטשוסעטס־פאבריקען האבען געאר־בט 43 פראצענט קינדער."

די ארבייטער זיינען קיינמאל ניט זיכער געווען מיט זייער לוין. עס איז ניט געווען קיין באשטימטע צייט צו צאלען דעם לוין, וועכענטליך אדער מאנאטליך. דער באלעבאס האט געצאלט ווען אים איז געווען באקוועם. גאנץ אפט פלעגט דער באלעבאס צאלען מיט פאלשע געלט אדער מיט אסיגנאציעס פון באנקראט־טירטע באנקען. דאס געזעץ האט דעם באשווינדעלטען ארבייטער ניט באשיצט.

אין דעם יאר 1819־1820 האט דאס לאנד איבערגעלעבט א שרעקליכען קריזיס. שולדיג איז געווען די ווילדע ספעקולאציע. אין אלע שטאטען זיינען אויפגעשוואומען באנקען ווי שוועמלאך נאך א רעגען. די שטאט־לעדזשיסלייטשורס האבען ארויסגעגע־בען טשארטערס צו אייגענע מענשען. הויכע באאמטע זיינען אליין געווען שותפים פון די אונטערנעמונגען. א סך אזעלכע באנקען האבען ניט געהאט קיין שום קאפיטאל. זיי האבען אבער געדרוקט געלט און דאס געלט אוועקגעבארגט צו ספעקולאנטען. מיט דעם געלט, וואס האט ניט געהאט קיין אמת'ן ווערט, האבען די ספעקולאנטען געקויפט לאנד אין דער וועסט, געבויט פאבריקען, אנגענומען קאנטראקטען צו בויען וועגען און קאנאלען. אלע אונטערנעמונגען זיינען געווען געבויט אויף זאמד.

דער קראך איז געקומען, ווען עס איז אוויפגעדעקט געווארען א סקאנדאל אין דער נאציאנאלער באנק, וואס איז געגרינדעט גע־ווארען פון דער רעגירונג נאך דער מלחמה. דער קאנגרעס האט געמכט אן אונטערזוכונג און האט אנטדעקט, אז א קליקע פון קא־פיטאליסטען און „פאליטישענס" האבען אריינגעכאפט אין זייערע הענט א גרויסע צאל אקציעס פון דער באנק און פאר זיי ניט באצאלט. דאס איז געטאן געווארען דורך א שווינדעל. איינער האט געקויפט א געוויסע צאל אקציעס, דערנאך האט ער אין דער באנק אויף די אקציעס געבארגט געלט און מיט'ן געלט געקויפט נאך אקציעס, אויף די נייע אקציעס האט ער ווידער געבארגט געלט און ווייטער געקויפט אקציעס. אזוי האט ער מיט עטליכע

דאָלאר איינגעקויפט א גאַנצע מאַסע מיט אַקציעס. ער האָט געהט די אַקציעס, אָבער די באַנק האָט קיין געלט פאר די אַקציעס ניט געהאַט. ווען דער סקאַנדאַל איז אויפגעדעקט געוואָרען אין 1819 איז דער ווערט פון די אַקציעס פון דער נאַציאָנאַל־באַנק געפאַלען פון 140 דאָלאר אַן אַקציע אויף 93 דאָלאר. דער פּרע־זידענט פון דער באַנק איז אַנטלאָפען. די נייע באַאַמטע פון דער באַנק האָבען גענומען פאָדערען, אַז די וואָס האָבען ביי איר גע־באָרגט געלט זאָלען גלייך באַצאָלען. די ספּעקולאַנטען האָבען אָבער דאָס געלט געהאַט אריינגעלייגט אין פארשידענע געשעפטען און ווערט־פּאַפּירען. זיי האָבען גענומען ארויסציען געלט וואו זיי זיי האָבען נאָר געקענט. פאַבריקען האָבען זיך גענומען שליסען. באַנקען האָבען זיך פארמאַכט. פארמער האָבען פארלאָרען זייערע פאַרמס. מיט איין וואָרט, אין לאַנד איז געוואָרען א קריזיס.

און געליטען האָבען מייסטענס די ארבייטער אין די שטעט. אין פילאַדעלפיא זיינען צוואַנציג טויזענט ארבייטער ארומגע־גאַנגען אין די גאַסען און געזוכט ארבייט. אין ניו יאָרק האָט די צאָל פון ארבייטסלאָזע דערגרייכט ביז 60 טויזענט.

קאפיטעל 44.

# דער אָנפאנג פון דער אַרבייטער־באַוועגונג

מען קען אויף זיכער ניט באַשטימען ווען און וואו עס האָט זיך געגרינדעט די ערשטע אמת'ע יוניאָן אין אַמעריקע. אין דער „געשיכטע פון אַרבייט אין די פאַראייניגטע שטאַטען" פון פּראָפעסאָר קאָמאָנס ווערט געזאָגט: „מיר שטעלען פעסט די ערשטע אמת'ע אָרגאַניזאַציע פון אַן איינצעלנעם פאַך און דעם ערשטען סטרייק פון לוין־אַרבייטער אין דעם יאָר 1786 אין דער שטאָט פילאַדעלפיא. אין יענעם יאָר האָבען די שריפטזעצער גע־סטרייקט פאַר אַ מינימום־לוין פון זעקס דאָלאַר אַ וואָך." מען ווייס אָבער ניט ווי לאַנג די יוניאָן האָט עקזיסטירט. וואַרשיינ־ליך איז זי אָרגאַניזירט געוואָרען בלויז פאַר יענעם קאַמף. אין 1792 האָבען זיך די שוסטער אין פילאַדעלפיא אָרגאַניזירט. די יוניאָן האָט געלעבט אַן ערך אַ יאָר. מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין 1794, האָבען זיך די פילאַדעלפיער שוסטער ווידער אָרגאַ־ניזירט. די אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט אַ יאָר צוועלף. אין 1799 האָט זי אָנגעפירט דעם ערשטען אָרגאַניזירטען סטרייק, וועלכער האָט געדויערט צען וואָכען. אין ניו יאָרק האָבען זיך די שריפטזעצער אָרגאַניזירט אין 1794 און די יוניאָן האָט געלעבט אַ האַלב יאָר. אין 1799 האָבען זיי זיך ווידער אָרגאַניזירט און דאָס מאָל האָט שוין די אָרגאַניזאַציע געלעבט פינף יאָר. די שוסטער און די זעצער זיינען געווען די איינציגע, וועלכע האָבען אין יענע יאָרען אויפגעהאַלטען זייערע יוניאָנס צווישען איין סטרייק און אַ צווייטען סטרייק. אַנדערע פאַכען פלעגען זיך אָרגאַניזירען בלויז פאַר אַ סטרייק און גלייך ווי דער סטרייק האָט

זיך געענדיגט, פלעגט די יוניאָן פאַנאַנדערפאַלען. עס זיינען פאַראַן דאָקומענטען וועגען דער עקזיסטענץ פון שריפטזעצער־יוניאָנס אין פילאַדעלפיא, ניו יאָרק, באָסטאָן, באַלטימאָר און פיטסבורג. אין 1810 האָבען זיך די שריפטזעצער אין ניו־אָרליענס אָרגאַניזירט. די שוסטער האָבען געהאַט יוניאָנס אויך אין ניו יאָרק, פילאַדעלפיא און באַלטימאָר.

די אַנדערע פאַכען ווי די שניידער, סטאָליער, שיף־אַרבייטער, האָבען אָנגעפירט קאַמפען אין פאַרשידענע שטעט. אָבער ערשט אַרום 1818 האָבען זיי אָנגעהויבען גרינדען פערמאַנענטע פעסטע יוניאָנס. פריער איז זייער גאַנצע טעטיגקייט באַשטאַנען אין פירען סטרייקס.

אין 1800 האָט די „פעדעראַל און יוניאָן סאָסייעטי אָוו דזשורנימען טיילאָרס" אין פילאַדעלפיא אַרויסגעגעבען אַ לאַנגען מאַניפעסט צום פובליקום, אין וועלכען די אַרבייטער באַקלאָגען זיך, אַז זיי קריגען קליינע וויידזשעס און אַז די באַלעבאַטים גיבען אַרויס די אַרבייט צו „פרויען און צו פאַרטאַטשעס", וועלכע זיינען וויליג צו אַרבייטען פאַר אַ קלענערען לוין. אין דעם מאַניפעסט ווערען אָנגעגעבען די נעמען פון די שלעכטע באַלעבאַטים און עס ווערט דערקלערט, אַז פאַר די שלעכטע באַלעבאַטים וועלען די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע מער ניט אַרבייטען.

אין 1806 זיינען די שוסטער אין פילאַדעלפיא אַרויס אין סטרייק פאַר אַ העכערען לוין. לויט די אַלטע פרייזען האָבען זיי ניט געקענט אויסאַרבייטען מער ווי עלף דאָלאַר אַ וואָך. די סטרייקער זיינען אַרעסטירט געוואָרען פאַר מאַכען אַ „פאַרשווערונג צו העכערען וויידזשעס" און זיינען געפונען געוואָרען שולדיג. אין 1809 האָבען די שוסטער אין ניו יאָרק געסטרייקט. די שוסטער־יוניאָן אין ניו יאָרק האָט געהאַט 186 מיטגלידער און האָט געהאַט אַ שטאַרקע קאָנטראָל איבער די שעפער. אַ יוניאָן־מאַן האָט ניט געטאָרט אַרבייטען מיט אַ ניט־יוניאָן־מאַן. די ניו יאָרקער באַלעבאַטים האָבען נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון די פילאַדעלפיער און אָנגעקלאָגט די סטרייקער אין קאָנספיראַציע.

דער פראצעס איז פארגעקומען פאר דעם סיטי־מעיאר (דער שטאט־„גאלאווא"). ער האט זיי געפונען שולדיג און באשטראפט יעדען מיט א דאלאר און געריכט־הוצאות.

מיט די צוויי פראצעסען פאנגט זיך אן א קאפיטעל פון געריכטליכע פארפאלגונגען געגען יוניאנס און סטרייקס, וועלכער האט זיך נאך ניט געענדיגט ביז היינטיגען טאג. אויפ'ן גורל פון די שוסטער איז עס אויסגעפאלען צו זיין די ערשטע קרבנות פון די פארפאלגונגען. אין משך פון צען יאר, צווישען 1806 און 1815, זיינען זעקס שוסטער־יוניאנס פראצעסירט געווארען אלס קאנספיראציעס: איינע אין פילאדעלפיא, איינע אין ניו יארק, צוויי אין באלטימאר, צוויי אין פיטסבורג. אין פיר פון די פראצעסען זיינען די יוניאנס געפונען געווארען שולדיג. אין איין פראצעס אין באלטימאר האט די יוניאן געוואונען. איין פראצעס אין פיטסבורג האט זיך געענדיגט מיט א פשרה, די סטרייקערס זיינען ניט באשטראפט געווארען, זיי האבען אבער איינגעוויליגט צו גיין צוריק צו דער ארבייט אויף די אלטע באדינגונגען. ביי צוויי פראצעסען, אין ניו יארק און אין פיטסבורג, איז באוויזען געווארען, אז די באלעבאטים האבען געדעקט א טייל פון די הוצאות פון דער אנקלאגע — דאס הייסט, אז די רעגירונג האט גענומען געלט ביי די באלעבאטים צו דעקען די קאסטען פון פארפאלגען די ארבייטער.

דער ערשטער פראצעס איז פארגעקומען אין פילאדעלפיא. די ארבייטער זיינען אנגעקלאגט געווארען אלס קאנספיראטארס, פארשווערער, דערפאר וואס זיי האבען זיך ארגאניזירט צו צווינגען די באלעבאטים צו העכערען זייער לוין. דער ריכטער, א איד מיט'ן נאמען מאזעס ליווי, האט געזאגט צו דער דזשורי פאלגענדעס: „א פארבינדונג פון ארבייטער צו קריגען העכערען לוין קען באטראכט ווערען פון צוויי שטאנדפונקטען. איין שטאנדפונקט איז, אז די ארבייטער זוכען פאר זיך עטוואס צו געווינען. דער צווייטער שטאנדפונקט איז, אז זיי זוכען די באלעבאטים צו שעדיגען. דאס געזעץ פארדאמט ביידע זאכען אלס א פארברעכען". די דזשורי האט ארויסגעטראגען דעם אורטייל: „מיר

געפינען די אַרבייטער שולדיג אין פאַראייניגען זיך צו הויבען זייער לוין."

דער אורטייל האָט ארויסגערופען שטאַרקע פּראָטעסטען ניט בלויז אין די אַרבייטער־קרייזען, נאָר אין דער גאַנצער דעמאָקראַ־טישער פּרעסע. אין די ווייטערדיגע פּראָצעסען זיינען שוין די ריכטער געווען מער פאָרזיכטיג. די אָנקלאַגע האָט זיך געשטיצט דורכאויס אויף דער טענה, אַז די סטרייקער „שעדיגען אַנדערע", דאָס וואָס זיי לאָזען ניט, אַז סקעבס זאָלען פאַרנעמען זייערע פּלעצער. יוניאָנס זיינען שוין איצטער אָנגעקלאָגט געוואָרען אַלס פאַרשווערונגען דערפאַר וואָס די מיטגלידער האָבען זיך אָנט־זאָגט צו אַרבייטען מיט ניט־יוניאָן־לייט און דערפאַר וואָס זיי האָבען באַשטראָפט די אַרבייטער, וועלכע האָבען ניט געפאָלגט די געזעצען פון דער יוניאָן. די יוניאָנס גופא זיינען שוין געווען כשר. בלויז זייערע מעטאָדען זיינען דערקלערט געוואָרען אַלס אומגעזעצליכע.

די ריכטער,איבערהויפּט אין פילאַדעלפיא און פּיטסבורג, זיינען געווען אויסגעשפּראָכען געגען די יוניאָנס. אין זייערע רעדעס צו די דזשורים האָבען די ריכטער פאַרדאַמט די יוניאָנס. זיי האָבען אָנגעוויזען דערויף, אַז די יוניאָנס ברענגען שאָדען ניט בלויז די באַלעבאַטים פון דעם פאַך, נאָר דעם גאַנצען מסחר פון דער שטאָט. אין די דזשורים זיינען קיין אַרבייטער ניט געזעסען. די רעדעס פון די ריכטער האָבען דעריבער ניט געקענט פאַרפעלען צו מאַכען דעם געווינשטען איינדרוק.

נאָכדעם ווי דער קריזיס פון 1819־1820 איז אַריבער און די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד איז געוואָרען גרינגער, האָט זיך צווישען די אַרבייטער באַנייט די באַוועגונג צו אָרגאַניזירען יוניאָנס. אין די צוואַנציגער יאָרען געפינען מיר שוין פעסטע יוניאָנס אין אַ סך פאַכען: הוט־מאַכער, שניידער, סטאָליער, פאַרבער, שטיינהאַקער, וועבער. עס באַווייזען זיך אויך דעמאָלט צום ערשטען מאָל „צענטראַל־פאַרבאַנדען", אין וועלכע די יוניאָנס פון עטליכע פאַכען אין דערזעלבער שטאָט פאַרבינדען זיך אין איין אָרגאַניזאַציע. אין דער דאָזיגער צייט פאַנגט זיך אויך

אָן א יוניאָן־טעטיגקייט צווישען די ארבייטער אין די פאבריקען (פריער האָבען זיך אָרגאניזירט בלויז האנדווערקער). אין 1824 באגעגענט מען צום ערשטען מאָל א פאל ווען פרויען־ארבייטער האָבען זיך באטייליגט אין אַן ארבייטער־אָרגאניזאציע. דאָס איז פאָרגעקומען אין פאטאקעט, רהאָד־אייַלאנד, וואו וועבערינס זייַנען ארויס צוזאמען מיט מענער אין א סטרייק, דערפאר וואָס די באלעבאטים האָבען געוואלט שניידען דעם לוין און פארלענגערען די ארבייטס־שטונדען.

איינע פון די טענות, מיט וועלכע די באלעבאטים האָבען זיך באנוצט צו אטאקירען די יוניאָנס, איז געווען, אז די יוניאָנס שטייען אונטער דעם איינפלוס פון אימיגראנטען און די פאָדערונגען וואָס זיי שטעלען, איבערהויפּט די פאָדערונג פון קירצערע ארבייטס־שטונדען, איז אַן אימפּאָרטאציע פון אויסלאנד. אָט איז א ביישפּיל פון דעם דאָזיגען מין אטאקעס: אין באָסטאָן האָבען די סטאָליערס געסטרייקט פאר א צען־שטונדיגען ארבייטס־טאָג. האָבען די באלעבאטים אין א דערקלערונג צום פאָלק געזאָגט פאָלגענדעס: „מיר קענען ניט גלויבען, אז דער פּראָיעקט צו פארקירצען די ארבייטס־צייט שטאמט פון די טרייע און ארבייטזאמע זין פון ניו־ענגלאנד. מיר זיינען געצוואונגען עס צו באטראכטען אלס אַן איבעל וואָס איז אויסגעוואקסען אויף פרעמדע ערד. מיר גלויבען און האָפען, אז אויף דער געבענשטער ערד פון מאססאטשוסעטס וועט די פלאנץ זיך ניט איינוואָרצלען.“ אין א צווייטער דערקלערונג פון די באלעבאטים ווערט געזאָגט: „די ארבייטער פון פרעמדע לענדער ברענגען אהער דעם גייסט פון אומצופרידענקייט און אומגעהאָרכזאמקייט, א גייסט וואָס איז פרעמד אונזערע ארבייטער.“

צווישען די יאָרען 1827 און 1833 האָט זיך די ארבייטער באוועגונג פארשפּרייט איבער׳ן גאנצען לאנד. די ארבייטער האָבען אָנגעפירט א שטארקע טעטיגקייט אי אויפ׳ן עקאָנאָמישען, אי אויפ׳ן פּאָליטישען פעלד. זיי האָבען אין אייניגע שטאטען אפילו אָרגאניזירט אייגענע פּאָליטישע פּארטייען, ארבייטער־פּארטייען. די פּארטייען האָבען אויף זייער פּראָגראם ארויפגע־

שטעלט אַ גאַנצע ריי פון העכסט וויכטיגע פאָדערונגען און האָבען באַנוצט אַ שטאַרקען דרוק אַז די רעפאָרמען זאָלען ענדליך דורכגעפירט ווערען.

די צוויי וויכטיגסטע רעפאָרמען פאַר וועלכע די אַרבייטער־באַוועגונג האָט אין יענע יאָרען געקעמפט זיינען געווען: קירצערע אַרבייטס־שטונדען און אַלגעמיינע פרייע שולען פאַר קינדער (פּאָבליק סקולס). אין די דאָזיגע פאָדערונגען וועלכע זיינען פון העכסטער באַדייטונג, האָבען זיי מיט דער צייט געהאַט אַ פאָל־שטענדיגען זיג.

ס'איז שוין פריער דערמאָנט געוואָרען, אַז די אַרבייטס־צייט אין יענע יאָרען איז געווען פון זונען־אויפגאַנג ביז זונען־אונטער־גאַנג. אין די טעקסטיל־פאַבריקען פון ניו ענגלאַנד פלעגען די פרויען און קינדער אַרבייטען 73 און אַ האַלב שטונדען אַ וואָך. אין מיטעל־ און סאַוט־שטאַטען פלעגט מען אַרבייטען 82 און אַ האַלב שטונדען אַ וואָך. דורכשניטליך דורכ'ן יאָר זיינען די אַרבייטס־שטונדען דאָרט געווען 78 און אַ האַלב.

די פראַגע פון שולען פאַר קינדער האָט ביי די אַרבייטער געשפּילט פיליכט אַ גרעסערע ראָלע ווי קירצערע אַרבייטס־צייט פאַר זיך. זיי האָבען פאַר דעם געקעמפט אַ סך שאַרפער. אין די ניו ענגלאַנד שטאַטען זיינען שוין פון לאַנג געווען פרייע שולען וואָס די רעגירונג האָט אויסגעהאַלטען. אָבער פאַרמעגליכע מענ־שען האָבען זייערע קינדער אַהין ניט געשיקט. די שולען זיינען באַטראַכט געוואָרען אַלס אַ מין צדקה־אַנשטאַלט, און אַלס אַזעלכע זיינען זיי טאַקע אַזוי געפירט געוואָרען. אין די אַנדערע שטאַטען זיינען גאָר קיין רעגירונגס־שולען ניט געווען. אין פּענסילווייניא האָט מען ניט אַריינגענומען קיין קינד אין אַ פרייער שול, סיידען די עלטערען האָבען געשוואָרען אַז זיי קענען ניט צאָלען. קינדער האָבען זיך געשעמט צו גיין אין די שולען, ווייל דערמיט זיינען זיי געשטעמפּעלט געוואָרען אַלס בעטלער־קינדער.

די פאָלגענדע ציפער וואַרפען אַ ליכט אויף דער לאַגע: אין 1829 זיינען אין דער שטאָט ניו יאָרק געווען 10,000 קינדער אין די פרייע שולען, 175,000 אין די פּריוואַטע שולען און 24,000

קינדער זיינען גארניט געגאנגען אין קיין שולען. אין 1833 זיינען אין די פאראייניגטע שטאטען געווען א מיליאן קינדער וועלכע האבען נייט באזוכט קיין שום שול.

די אנדערע, מער וויכטיגערע רעפארמען, פאר וועלכע די ארבייטער־יוניאנס און די ארבייטער־פארטייען האבען געקעמפט זיינען געווען פאלגענדע:

1. די אפשאפונג פון דעם מיליץ־געזעץ. דער געזעץ איז געווען, אז אלע געזונטע מענער, צווישען דער עלטער פון 18 און 45, מוזען זיך אנשליסען אן דער מיליץ און מוזען קומען זיך מושטירען געוויסע טעג אין יאר. פאר פארפעלען צו קומען צום מושטיר איז ארויפגעלייגט געווארען א געלט־שטראף פון עטליכע דאלאר. רייכע פלעגען די שטראף באצאלען און ניט קומען. ארימע ארבייטער און פארמער האבען אבער ניט געקענט באצאלען און זיי האבען געמוזט פארלירען טעג פון ארבייט אין פאבריק און אויפ'ן פעלד און קומען זיך מושטירען.

2. די דורכפירונג פון א געזעץ, אז ווען א האלעבאס באנק־ראטירט זאלען די ארבייטער קענען ארויפלייגען אן „אטאטש” אויף די סחורה און אויף די געצייג פון פאבריק כדי אויפצומאנען די שכירות וואס ער איז זיי געבליבען שולדיג.

3. די אפשאפונג פון דער באנק מאנאפאל. עס איז שוין אין א פאריגען קאפיטעל דערציילט געווארען ווי אזוי די ארבייטער זיינען באשווינדעלט געווארען דורכדעם וואס די באנקען פלעגען ארויסלאזען אייגענע געלט. מאנכע פון די בענק אסיגנאציעס האבען ניט געהאט דעם פולען יוערט, אנדערע זיינען געווען אין גאנצען ווערטלאז. די ארבייטער פלעגען אויך מוזען צאלען א געוויסען פראצענט פאר אויסבייטען די באנק אסיסגנאציעס אויף זיכערע געלט.

4. וויכטיגער ווי די אלע פאדערונגען איז געווען די פאדע־רונג וועגען בעלי־חובות. די ארבייטער האבען געפאדערט, אז פאר ניט באצאלען א חוב זאל מען ניט באשטראפען מיט זיצען אין געפענגניש.

די ערשטע ארבייטער־פארטיי האט זיך ארגאניזירט אין

פילאַדעלפיע, אין יולי, 1828. זי האָט זיך גערופען „די ארבייטער פארטיי". זי האָט ארויסגעשטעלט קאַנדידאַטען אין די שטאַט וואַלען וואָס זיינען פאָרגעקומען אין הערבסט פון יענעם יאָר. קיין גרויסע צאָל שטימען האָט זי ניט געצויגען. אָבער די ארבייטער האָבען געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועט די פארטיי מאַכען פאָרטשריט און זיי האָבען פאָרטגעזעצט זייער פּאָליטישע טעטיגקייט.

אין ניו יאָרק האָט זיך די ארבייטער פארטיי אָרגאַניזירט מיט צוויי יאָר שפּעטער. דאָרטען איז זי אָבער אין קורצען צו־שפּאַלטען געוואָרען דורך אינערליכע רייסערייען. איין פראַקציע איז געווען מער ראַדיקאַל און איז געשטאַנען אונטער דעם איינ־פלוס פון דעם אוטאָפּישען סאָציאַליסט ראָבערט אָוען. די אנדער פראַקציע איז געווען מער קאָנסערוואַטיוו און האָט ניט געוואָלט זיין פארבונדען מיט ראַדיקאַלען אין איין פארטיי. די שפּאַלטונג האָט אָפּגעשוואַכט ביידע גרופּען און די פארטיי האָט קיין פאָרט־שריט ניט געמאַכט.

פון פילאַדעלפיע און ניו יאָרק האָט די באַוועגונג זיך פאַר־שפּרייט אין אַנדערע שטאַטען און שטעט. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען אַרבייטער פארטייען אין מעין, ווערמאָנט, מאַסאַטשו־זעטס, ראָוד איילענד, קאָנעטיקוט, ניו דזשוירזי, דעלעווער און אָהייאָ.

קיין אמת'ער ערפאָלג איז די אַרבייטער־פארטיי אין ערגעץ ניט געוועזען. פאַרשידענע אורזאַכען זיינען געווען דערפאַר פאַר־אַנטוואָרטליך. די באַוועגונג האָט אָנגעהאַלטען אַ יאָר זיבען און איז ביכלאַכווייז צושמאָלצען געוואָרען. אָבער כאָטש זי האָט קיין פּאָליטישע נצחונות ניט געהאַט, האָט זי אָבער אַ סך געהאָל־פען, אַז אירע פאָדערונגען זאָלען פאַרווירקליכט ווערען. דער „ארבייטער אַדוואָקאַט", דער אָרגאַן פון דער ניו יאָרקער ארביי־טער־פארטיי, האָט צום סוף 1830 געשריבען: „אַ סך פון די רעפאָרמען, וואָס די אַרבייטער האָבען געפאָדערט ווערען איצט אנערקענט אַלס גערעכטע. אייניגע צייטונגען, וואָס שטיצען די אַנדערע פארטייען, אַגיטירען איצטער פאַר די זעלבע רעפאָרמען,

און עס איז כמעט זיכער אז די נעקסטע לעדזשיסלייטשור וועט באפרייען די ארבייטער פון א טייל פון דעם דריקענדען יאך." אזוי האט עס ווירקליך פאסירט. די אנדערע פארטייען האבען איבערגענומען די פאדערונגען פון דער ארבייטער־פארטיי און זיי ארויסגעשטעלט אלס זייערע אייגענע.

היסטאריקער גיבען צו, אז די פרייע שולען האבען מיר צו פארדאנקען דער ארבייטער־באוועגונג. מר. קארלטאן, אין זיין ווערק וועגען דער אנטוויקלונג פון די שולען אין אמעריקע, שרייבט: „די באוועגונג פאר פרייע שולען האט איר לעבענס־קראפט געצויגען פון דעם וואקסענדען קלאס פון לוין־ארבייטער." א צווייטער היסטאריקער שרייבט: „מיר האבען צו פארדאנקען דער ארבייטער־באוועגונג דאס וואס מיר האבען איצט פרייע שולען אין אמעריקא."

אין פענסילווייניא איז די „פאבליק סקול" סיסטעם, לויט דעם פראגראם פון די ארבייטער, איינגעפירט געווארען אין 1834. אין ניו יארק איז די סיסטעם איינגעפירט געווארען אין 1842. פון די צוויי שטעט האט זיך די באוועגונג פון גרינדען פאלקס־שולען פארשפרייט איבער'ן גאנצען לאנד.

די אפשאפונג פון תפיסה־שטראף פאר חובות איז אויך געווען דער רעזולטאט פון דער אגיטאציע פון די ארבייטער־פארטייען. אין דער וועסט איז דער אנפאנג געמאכט געווארען נאך איידער די ארבייטער זיינען אריין אין פאליטיק. קענטאקי האט דאס בארבארישען געזעץ אפגעשאפט אין 1821 און אהייא — אין 1828. אבער אין דער איסט איז די רעפארמע געקומען ערשט נאכדעם ווי די ארבייטער־יוניאנס און די ארבייטער־פארטייען האבען אויפגעהויבען א העפטיגען קאמף. ניו דזשוירזי און מערילענד האבען אפגעשאפט דאס געזעץ אין 1830. מאסאטשו־זעטס האט אין 1830 אנגענומען א געזעץ אז פרויען טאר מען פאר חובות גארניט ארעסטירען און אז מענער מעג מען ארעסטירען בלויז אויב דער חוב טרעפט אן מער ווי צען דאלער. ניו יארק האט אפגעשאפט תפיסה־שטראף פאר חובות אין 1832. קאנעק־

טיקוט — אין 1837; לואיזיאנא — אין 1840; מיזורי — אין 1841 און אַלאבאמא — אין 1848.

אָט איז א סך הכל וואָס פּראָפעסאָר קאמאנס מאכט וועגען די אויפטואונגען פון דער ארבייטער־באוועגונג צווישען די יאָרען 1827 און 1833:

„די ארבייטער־פארטייען — שרייבט ער — האָבען געהאט ווייניג דערפאָלג אין דערוויילען זייערע קאַנדידאטען צו עמטער. זיי האָבען אָבער געהאט דערפאָלג דערמיט וואס זיי האָבען ארויס־געדרוקט זייערע פאָדערונגען צום פאָדערגרונד פון דער עפענט־ליכער אויפמערקזאמקייט. מיט דער צייט זיינען די אלע צרות, אויף וועלכע זיי האָבען זיך באקלאָגט, אפּגעשאפט געווארען. אלע זייערע קאָנסטרוקטיווע פאָרשלאָגען זיינען אנגענומען געווארען. פאָלקס־שולען אָן דעם פלעק פון צדקה זיינען געגרינדעט געווארען אין גאנצען לאנד; דאָס געלט איז אוועקגעשטעלט געווארען אויף א געזונטען באָדען; תפיסה־שטראָף פאר חובות, געצוואונגענע מיליץ־דינסט, זיינען אפּגעשאפט געווארען. די טרייד יוניאָנס זיינען באפרייט געוואָרען פון דעם אַלטען געזעץ, וואָס האָט זיי פארדאמט אלס פארשווערונגען. די שטעט, די שטאַטען און די נאציאָנאלע רעגירונגען האָבען אָנגעהויבען צו באגרעניצען די ארבייטס־שטונדען פון רעגירונגס־אנגעשטעלטע. אין פּריוואטע פאבריקען האָט מען אויך אָנגעהויבען צו באגרעניצען די ארבייטס־שטונדען פון פרויען און קינדער און אין מאנכע פאלען אויך פון מענער־ארבייטער. די ארבייטער־פארטייען זיינען געווען א באַ־שטימטע קראפט וואָס האָט געשטויסען פאראויס אזוינע געזעצען, וואָס אפילו קאָנסערוואטאָרען גיבען צו, אז זיי זיינען געווען אין דער ריכטונג פון פּראָגרעס און אמת'ע דעמאָקראטיע.“

קאפיטעל 45.

# דער קאמף פאר אלגעמיינע שטימרעכט

אין א פאריגען קאפיטעל איז שוין אנגעוויזען געווארען אויף די באגרענצונגען פון שטימרעכט וואס האבען עקזיסטירט אין די פאראייניגטע שטאטען נאכדעם ווי די קאנסטיטוציע איז שוין געווען אנגענומען. בלויז אזעלכע וואס האבען פארמאגט אייגענטום און רעליגיעז־גלויביגע האבען געמעגט שטימען, און בלויז רייכע האבען געקענט לויפען פאר הויכע עמטער. אין די ערשטע צען יאר פון 19טען יארהונדערט האבען טייל שטאטען אפגעשאפט די באגרענצונגען. ניו דזשוירזי האט איינגעפירט אלגעמיינע שטימרעכט. דאסזעלבע האט געטאן מערילענד.

דער גרויסער שטוים צו אלגעמיינעם שטימרעכט איז אבער געקומען נאך דער מלחמה פון 1812, דורך די נייע שטאטען אין דער וועסט. צווישען 1810 און 1820 זיינען זיבען נייע שטאטען אריינגעקומען אין דער „יוניאן" (די פאראייניגטע שטאטען ווערען אפט באצייכענט מיט דעם פארקירצטען נאמען „יוניאן"). פינף פון די שטאטען האבען אריינגעשריבען אין זייערע קאנסטיטוציעס א פונקט, אז אלע ווייסע בירגער פון איבער 21 יאר האבען דאס רעכט צו שטימען. צוויי שטאטען האבען באגרענצט דאס שטימרעכט בלויז אויף ווייסע, וואס צאלען שטייערען (די באגרענצונג איז אבער געווען א לייכטערע ווי אין די אלטע שטאטען).

אין אייניגע שטאטען פון דער איסט זיינען פארגעקומען שטארקע קאמפען איידער די גרויסע מאסען האבען באקומען שטימרעכט. אין ניו יארק איז אין 1821 פארגעקומען א „קאנסטיטוציאנעלע קאנווענשאן". וועלכע האט פארהאנדעלט די

פראַגע. דאָס אַלטע געזעץ אין ניו יאָרק איז געווען אַזאַ, לויט וועלכען אפילו פאַרמערס, אין די צענדליגער טויזענטער, ערד־באַזיצער, האָבען ניט געקענט שטימען. די „קאָנווענשאָן" איז געווען אַ שטורמישע. די מאַכטהאָבער האָבען צוגעגעבען, אַז דאָס געזעץ מוז געמאַכט ווערען אַ סך מילדער, אָבער נאָכגעבען אינ־גאַנצען האָבען זיי ניט געוואָלט. זיי האָבען אויסגעפירט, אַז פאַר סענאַטאָרען פון שטאַט זאָלען מעגען לויפען בלויז אַזעלכע וואָס פאַרמאָגען ערד. שטימרעכט איז געגעבען געוואָרען צו אַלע די וואָס צאָלען שטייערען, אָדער וואָס דינען אין דער מיליץ. פאַר נעגער'ן איז געמאַכט געוואָרען נאָך אַ ווייטערע באַשרענקונג: בלויז אַזעלכע נעגערן וואָס פאַרמאָגען ערד אין ווערט פון ניט ווייניגער ווי 250 דאָלער האָבען געקראָגען שטימרעכט.

אַן ענליכע קאָנווענשאָן, אומגעפער אין דערזעלבער צייט, איז פאָרגעקומען אין מאַסאַטשוזעטס. דאָרט איז אויך געפירט געוואָרען אַ האַרטער קאַמף צו באַשיצען די הויכע עמטער, ווי גאָווערנאָר און סענאַטאָרען געגען די קבצנים. די טענה איז געווען, אַז די רעגירונג באַשטייט פון צוויי צווייגען, איין צווייג דאַרף באַשיצען דאָס פאָלק און דער אַנדערער — אייגענטום. די באַשיצער פון אייגענטום זיינען די סענאַטאָרען און דערפאַר מוזען די סענאַטאָרען אַליין זיין מענשען וואָס באַזיצען אייגענ־טום, לאַנד־באַזיצער. דעם דאָזיגען שטאַנדפּונקט האָט ביי דער קאָנווענשאָן פאַרטיידיגט דעניעל וועבסטער, וועלכער איז שפּעטער באַרימט געוואָרען אַלס איינער פון די גרעסטע שטאַטסלייט אין לאַנד.

וואָס איז שייך שטימרעכט, האָט די קאָנווענשאָן אָפּגעשאַפט אַלע באַגרענצונגען פון אייגענטום און רעליגיע. אַלע בירגער האָבען געקראָגען שטימרעכט. עס איז אָבער אַריינגעשריבען געוואָרען אין דער קאָנסטיטוציע, אַז „לויפען" פאַר גאָווערנאָר און פאַר סענאַטאָר מעגען בלויז רייכע, אייגענטום־באַזיצער.

אין איינעם פון די אַלטע שטאַטען, אין מערילענד, איז פאָרגעקומען אַ קאַמף איבער דעם, צי אידען זאָלען מעגען לויפען פאַר פּאָליטישע עמטער. דער קאַמף האָט זיך געצויגען צוואַנציג

יאר, און אין 1826 האט ער זיך גענדיגט מיט א זיג פאר די אידען. אין דער אלטער קאנסטיטוציע פון דעם שטאט איז געווען א פונקט, אז יעדער וואס ווערט דערוויילט אדער באשטימט צו א רעגירונגס־אמט מוז, ביים אריינטרעטען אין אמט, שווערען, אז ער גלויבט אין דער קריסטליכער רעליגיע. דער דאזיגער פונקט האט געמאכט אוממעגליך פאר א אידען צו האלטען וועלכען עס איז פאליטישען אמט. אן אנדער געזעץ אין דעם זעלבען שטאט האט אוממעגליך געמאכט פאר א אידען צו זיין אן אדוואקאט אדער דינען אין א דזשורי. א סך פרואווען זיינען געמאכט געווארען צו ענדערען דעם דאזיגען פונקט אין דער קאנסטיטוציע. אבער זיי האבען זיך ניט איינגעגעבען. אין 1825 איז אין דער לעדזשיסלייטשור אריינגעבראכט געווארען א פארשלאג, אז דאס געזעץ וועגען דער שבועה זאל אפגעשאפט ווערען. דער פארשלאג איז באצייכענט געווארען אלס דער „אידישער ביל”. דער הויפט־ארגומענט פון די, וואס האבען אים געשטיצט, איז געווען, אז די אידישע רעליגיע איז אויך א היילינע, ווייל יעזוס איז געווען א איד און ווייל אידען גלויבען אין דעם אלטען טעסטאמענט. נאך א לאנגען היציגען קאמף איז דער „ביל” (געזעץ־פראיעקט) ענדליך אנגענומען געווארען אין יאר 1926.

אין רהאוד איילענד האט דער קאמף פאר אלגעמיינעם שטימרעכט געפירט צו אן אויפשטאנד, וואס איז באקאנט אין דער געשיכטע אלס „דאר׳ס רעבעליאן”. יארען לאנג האבען די גרויסע מאסען אין דעם שטאט געפאדערט שטימרעכט, אבער דער הייפעל מאכטהאבער האבען ניט דערלאזט ענדערען דאס אלטע געזעץ, לויט וועלען עס האבען געמעגט שטימען בלויז אזעלכע בירגער, וואס באזיצען ערד אדער האבען א הויז וואס איז ווערט 134 דאלער. מיט דער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע איז די באפעלקערונג פון ארבייטער שטארק געוואקסען אין דעם שטאט. די ארבייטער האבען אנגעפירט א שטארקע באוועגונג פאר אלגעמיינעם שטימרעכט. עס זיינען אפגעהאלטען געווארען פאר־זאמלונגען, פעטיציעס צום לעדזשיסלייטשור זיינען געשיקט געווארען. אבער קיין רעזולטאטען האט עס ניט געבראכט.

ענדליך האָבען די אָנפירער פון דער באוועגונג פאררופען א פאָלקס־קאָנווענשאָן און אויסגעקליבען אן אייגענע רעגירונג. דער הויפט־אָנפירער איז געווען א לערער, טאָמאַס דאר. די קאָנווענשאָן האָט פארפאסט א קאָנסטיטוציע, אפּגעהאלטען וואלען פאר אלע רעגירונגס־עמטער. דאר איז ביי די וואלען דערווײלט געוואָרען אַלס גאָווערנאָר.

די אַלטע רעגירונג האָט פארדאמט די באוועגונג אלס פאר־ראַט. זי האָט ארויסגעגעבען א בעפעל, אז די אלע דערווײלטע באאמטע פון דער דאר־רעגירונג זאָלען ארעסטירט ווערען. א סך פון די בונטאָווּשטשיקעס האָבען זיך דערשראָקען און זיינען אנט־לאָפען. אָבער דאָר האָט געפּרואווט צונויפקלייבען אַן ארמיי און צו פארטיידיגען זיין רעגירונג מיט וואפען. דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבען. אין 1843 האָט אים די אלטע רעגירונג ארעס־טירט. ער איז פאר׳משפט געוואָרען צו געפענגניש אויפ׳ן גאנצען לעבען.

דאר׳ס אויפשטאנד איז טאקע דורכגעפאלען, ער האָט אָבער איבערצייגט דער אַלטער רעגירונג אז זי שפּילט זיך מיט פייער, און די רעגירונג האָט אליין געענדערט די רעאקציאָנערע שטימ־געזעצען. אלע בירגער וואָס צאָלען א קליינעם שטייער האָבען באקומען דאָס רעכט צו שטימען.

די צוויי לעצטע שטאַטען וואָס האָבען געגעבען אלגעמיינעם שטימרעכט זיינען געווען ווירדזשיניא און נאָרט קאראָליינא. ווירדזשיניא האָט אָפּגעשאפט די באגרענצונגען אין 1850 און נאָרט קאראליינא האָט נאָכגעטאָן איר ביישפּיל אין יאָר 1856.

אין משך פון דיזעלבע יאָרען זיינען אויך ביכלאכווייז אפּגע־שאפט געוואָרען די באגרענצונגען פאר רעגירונגס־אמטער. אלע בירגער, רייך און אָרים, רעליגיעזע און ניט־רעליגיעזע, האָבען באקומען דאָס רעכט צו לויפען פאר אלע עמטער, פון די נידריגסטע ביז די העכסטע.